L. OLICKI

# LUDZIE Z MOJEGO MIASTECZKA

Redaktor: D. SFARD

רעדאַקטאָר: ד. ספֿאַרד

Okładkę projektował: H. GLIKSZTOK

הילע געצייכנט: ה. גליקשטאָק

Printed in Poland

Wydawnictwo „Idisz Buch“ Warszawa, Nowogrodzka 5

Nakład 2500 egz. Ark. druk. 20,25. Ark. wyd. 18. Papier druk. sat. V kl. 61 × 86, 70 gr. Druk ukończono w grudniu 1958 r.
Druk. RSW „Prasa“, Warszawa, ul. Tarczyńska 8. Zam. 5850 — W-89

# א מצבה

פאר די קדושים און העלדן פון הייליקן אומקום,<br>
וואָס זייערע נעמען ווערן אין דעם בוך אָנגערופן,<br>
ווי אויך פאר די אלע קדושים און העלדן,<br>
וואָס זייערע נעמען זענען אין אים פארהוילן —<br>
**א מצבה**

פאר מיין היימשטעטל דאָס פארטיליקטע,<br>
פאר די שטעט און שטעטלעך די פארטיליקטע,<br>
וואָס זענען אין דעם בוך דערמאָנט,<br>
ווי אויך פאר די אלע,<br>
וואָס זענען אין דעם בוך נישט דערמאָנט,<br>
וואָס זענען דורות־לאנג היימען געווען<br>
פאר יידישע פריידן און ליידן —<br>
**א מצבה**

*

* *

**ס'איז נישט אויסגעלאָשן פאַר דער ערד נאָך יענער שטערן,<br>
וואָס דורך פינצטערניש זיין בלאָנדזשענדיקער שטראל נאָך שיינט:<br>
ס'וועלן שוין די טויטע לעבעדיק נישט ווערן —<br>
זיי לעבן ווייטער אין די לעבעדיקע היינט.**

געשטעלט אין ווארשע, אין יאָר תשי"ט

**פון דעם מחבר**

✡

✡ ✡

„מענטשן פון מיין שטעטל" איז אַ זאַמ־לונג פון זאַכן, געשריבענע אין פאַרשידע־נע צייטן, אָנהייבנדיק פון די 20־קער יאָרן און ענדיקנדיק אין די 50־קער.

טייל פון זיי — שוין דערשינענע אין בוכפאָרעם, ווי: „הונטמאַן", וואָס איז גע־דרוקט געוואָרן בויגנווייז אַלס וואָכנבייל אַגע צו דער וואַרשעווער „פאָלקס־צייטונג" און דערנאָך אין פאַרלאַג „קולטור־ליגע"; „זיי־דעס און אייניקלעך" און „קינדער פון נויט און פיין", געדרוקטע אין בוך „דער זון אַנטקעגן", אַרויסגעגעבן דורך דער ציש"אָ אין וואַרשע. טייל — געדרוקטע אין צייט־שריפטן. און גאָר אַ קליינער טייל — נאָך נישט געדרוקטע.

די זאַמלונג איז געסדרט, נישט לויט יאָרן פון זייער אַנטשטיין, נאָר לויטן גע־שיכטלעכן לעבנסגאַנג פון מיין געבוירנ־שטעטל, ווילנדיק אַזויאַרום געבן זיין פראַ־פיל אין משך פון דורות, ביז דער פאַשיזם האָט עס מיט פייער און בלוט אָפּגעווישט פון דער ערד, און ז יי ן, ווי געזאָגט, אַ מ צ ב ה.

אַ מצבה שטעלט יעדער לויט זיין יכולת: ווער פון מאַרמאָר, ווער פון גראַניט, און ווער — פון אַ פשוט הילצערן ברעטל. איך שטעל די מצבה לויט מיינע אָרעמע כוחות. און זאָל קיינער פון מיינע בני־עיר פון דעם רעשטל, וואָס איז לעבן געבליבן, אויף מיר קיין פאַריבל נישט האָבן.

ד ע ר  א ו י ט אָ ר

# טריסק

## 1

## אַ שטעטל, וואָס האָט זיך געלאָזט הערן

טריסק איז דער נאָמען פון דעם שטעטל. ס׳ליגט ביי די ברעגעס פון דעם טייכל טוריע. ס׳איז שוין אלט מער פון אכט הונדערט יאָר. זיין נאָמען איז אריין אין דעם יידישן קינדער־פאָלקלאָר מיטן באקאנטן ווערטל, איף וועלכן מע לערנט — נישט צו כאַפּן זיך אין די רייד: „פון טריסק ביז בריסק לויפט א פוקס און האַלט אַ ביקס אין פיסק“; אגו, פרוווט אקארשט איבערחזרן עס עטלעכע מאָל אויף גיך! דער צונג ווערט זיך אייך אין מויל פאַרדרייען.

טריסק ליגט צווישן דריי גרעסערע וואָלינער שטעט: קאָוולע, וואָס האָט אמאָל געשמט מיט איר „קאָוולער רב“, און לעצטנס — מיט איר גרויסער „תרבות“־גימנאזיע; לודמיר, וואָס האָט אמאָל נאָך מער געשמט מיט דער „לודמירער מויד“, וואָס האָט געטראָגן ציצית און געלייגט תפילין, ווי א מאַנצביל; און מאציעוו, וואָס איז באַקאַנט געווען מיט איר אַלמער הילצערנער שיל, מיט איר רב דעם מחבר פון צוויי רבנישע ספרים און מיט אירע... לאנגע נעז. אין טריסק האָט מען א מענטשן מיט אַ לאַנגער נאָז געזידלט: „מאציעווער נאָז“! פונקט ווי אין מאַציעוו האָט מען אַ מענטשן מיט א „לאנגער האנט“ גערופן „טריסקער גנב!“.

אין דער משכילישער וועלט איז טריסק וויל באַקאַנט געווען צוליבן גרויסן משכיל, דעם בארימטן דאָקטאָר משה מארקוזי, וועלכער האָט דאָ אַ געוויסע צייט געוווינט. ער איז געווען לייב־דאָקטאָר ביים היגן פוילישן

פריין און אינטער זיין פראַטעקטאָראַט האָט ער אָפּגעדרוקט אין לודמיר
זיין „ספר הרפואות“ — דאָס ערשטע מעדיציניישע בוך אויף יידיש לשון.

אין דער חסידישער וועלט ווידער איז טריסק ממש בארימט געווען,
ווייל דאָרט האָט זיך איינגעפלאַנצט א שפּראָץ פון דער רביישער טשערנאָ=
בילער דינאַסטיע — דער אדמור רב אברהמעלע, וועלכן מ׳האָט אָנגעהוי=
בן ריפן דער טריסקער מגיד. ער ווערט דערמאָנט, דער טריסקער מגיד, אין
פּרצעס „זכרונות“ און „פאָלקסטימלעכע געשיכטעס“. נאָך זיין פּטירה האָ=
בן זיינע מקורבים צונויפגעזאַמלט זיינע „תורות“, וואָס ער פלעגט זאָגן
פאַר די חסידים בעתן טיש=פראַווען, און זיי ארויסגעגעבן אין א ספר
„מגן=אברהם“. זיין הייליקע שטול האָט פאַרנומען — דער יינגסטער פון
זיינע דריי זין, יעקב לייבוניע, דער, וועלכער האָט אין זיינע יונגע יאָרן גע=
וואָלט אראָפּציען אויף זיך, דורך טויזנט מעת=לעת יומם=ולילה תורה=לער=
נען אין לאַנג=הדשימדיקע תעניתים, דעם רוח הנביאה. אים האָט מען גע=
ריפן דער טריסקער רבי. זיין התינה מיט אַ טאָכטער פון אַ צווייטער רביי=
שער דינאַסטיע איז באַשריבן געוואָרן אין דעם באַווּסטן העברעיישן זשור=
נאַל „השילוח“.

מ׳האָט געשמועסט, אז טריסק האָט א שטיקל צייט די זכיה געהאַט צו
האָבן פאַר א רב דעם איידעם פון דעם „תוספות יום=טוב“, וועלכער איז
געוועזן רב אין לודמיר.

צווישן די איבעריקע רבנים פון שטעטל האָט זיך, פאַרן מגידים לעבן,
קינה שם געווען, ביי יועמען לשבח און ביי וועמען לגנאי, זכריה, רב זכריה
ראָזנפעלד. ער איז געווען א דאָקטאָר און אויטאָדידאַקט און געהיילט קראַנ=
קע יידן און נישט=יידן, כאָטש קיין רעכט האָט ער אויף דעם נישט געהאַט,
ווייל ער איז נישט געווען קיין גענעדיקטער. ער פלעגט אליין גיין אין אַפּ=
טייק אריין און פאַרזאָגן רעצעפּטן; שרייבן האָט ער מורא געהאַט. מ׳ע
האָט אים געהאַלטן פאַר א גרויסן מומחה. אָבער שפּעטער פלעגן אים חסי=
דישע לייט אויסמיידן, ווי א הרמניק: ער פלעגט ביי זיך אין שטוב פראַווע=
מתנגדות קעגן מגיד אליין. און ער האָט זיך ארומגערינגלט מיט אונטער=
העלפערס. דעם מגידס „הויף“ האָט אים נישט פאַרטשעפּעט, כאָטש ער
איז געווען „דער וואָרעם, וואָס טאַטשעט די קערלעך אין סאמע האַרץ
פונעם עפּל“: מע האָט פאַר אים סיי מורא, סיי דרך=ארץ געהאַט. ער איז
געווען איינגעבינדן מיט דער קאָװלער נאַטשאַלסטווע און פלעגט אויסלייזן
יידישע יונגעלייט, תלמידי=חכמים פון קריסטלעכע העגט — באַפרייען
יידישע רעקרוטן פון מיליטער=דינסט. זיינע אויפטוען אין דעם פרט זענען

געגאַנגען בסוד פון אויער צו אויער און געבראַכט מענטשן צו פאַרוואונ־
דערונג. נאָר לסוף האָט ער זיך אין דעם ענין צופיל אריינגעלאָזט, איז ווייט
פאַרקראָכן, אָנגעהויבן באַפרייען שוין נישט בלויז ווייל־לערנער, און איז,
נעבעך, נכשל געוואָרן. נאָכן מגידס פטירה האָט זיך צווישן אים און דעם
שטאָט־מסור, אברהמציע פּאָטשטאַר, וועלכן ער פלעגט צאָלן וועכנטלעך
„לא יחרץ־געלט" געמאַכט א סיכסוך: יענער האָט געפאָדערט א הוספה.
רב זכריה איז נישט געווען פון די שרעקעוודיקע. האָט אים יענער אָפּגע־
מסרט אין דער גובערניע. איז געקומען צון א גרויס אומגליק און צון א
וויסטער חרפה פאר יידן. צענטליקער יונגעליים, באפרייטע דורכן רב פון
מיליטער־דינסט, זענען נאָכאמאָל גערופן געוואָרן, זענען זיי געקומען צו
לויפן אהער, ווער זיך אין עצה האַלטן, און ווער מיט קולות און געוואלטן. איז
דאָ האָט זיי שוין די פּאָליציי „אויסגעלאָזעט", ווי הינטשלעגער הינט.
ס'האָט גאָרנישט געקאָנט העלפן די קאָוולער נאַטשאַלסטווע, און דער רב
אליין איז אַרעסטירט געוואָרן. נסים, גוטע פריינד האָבן אים ארויסגענומען
ביזן געריכט אויף א גרויסער „קאַוציע", און ביגי־לביגי האָט ער עוקר
געווען קיין אמעריקע.

ער איז געווען דער ערשטער טריסקער ייד אין אמעריקע. דאָרט איז
ער געוואָרן רב אין סאנטלוים און האָט אָפּגעדרוקט א רבניש־ווינשאפטלעך
ספר וועגן דער כשרות פון מצות, וואָס ווערן געבאקן אויף מאַשינען. זיין
בסאַ־הרבנות אין טריסק האָט, מיט דער הסכמה פונעם רבין, פארנומען
זיין איידעם, רב שיע, אָבער שוין נישט ווי א רב, נאָר ווי אַ דיין, כאָטש
מע האָט געשמועסט, אז אין תורה איז ער שטארקער נאָך פון זיין שווער:
דאָרט ווו ס'איז דאָ א רבי, קאָן קיין רב נישט זיין... לעבן דער זון קאָן זיין
נאָר א לבנה.

מיט צענדליקער יאָרן שפּעטער, ווען דער געוועזענער רב און דאָק־
טאָר, רב זכריה ראָזנפעלד, איז שוין געליגן אויפן סאנטלויסער יידישן בית־
עולם, און זיין נאָמען איז שוין געווען אָפּגעקלונגען אין דעם געדעכעניש
פונעם שטעטל, האָבן זיך לייט שטארק פארחידושט אויף דער ידיעה:

— זיסקע וויינפערלעך דרוקט זיך אין אמעריקע אין די בלעטער!

— א יונגער שנעק נאָך איז ער אוועקגעפאָרן פון דאַנען.

— יאָ, נאָך דער מלחמה פון די בית־מדרש־בחורים מיט די „ביבליאָ־
טעטשיקעס". איר געדענקט, ווי מ'האָט אים בחרפתו פון בית־מדרש
ארויסגעוואָרפן?

— נאָך ווי אַזוי! אַ פייערדיקער שייגאַץ געווען.

— האָט ער זיך דערט, אין אַמעריקאַנישקע, מישנה־השם געווען, ווי אַ חולה־מסוכן, נישט־דאָ־געדאַכט. זישע וויינפּער הייסט ער היינט, איז אַ שרייבער געוואָרן, לידלעך שרייבט ער.

— האָט געכטן זיין מאַמע פון פּאָטשט דאָלאַרן אָפּגענומען מיט אַ שיין איינגעבונדן ביכל, מאַקע זיינס אַ ביכל, וואָס קאָסט גאַנצע צוויי דאָלאַר.

— קינדער באַ לייטן!

— וואָס דען? דאָ אין „טראַסקעווימש" קאָן אַ קינד אַ לייט ווערן!

„טראַסקעווימש" — דאָס איז דער שפּאַס־ און בימול־נאָמען פונעם שטעטל ביי די שטעטל־לייט גופא; זעלבסט־שפּאָט און זעלבסט־בימול; נאָר דער אָפּשפּעטער — עפּעס ווי ער וואָלט זיך מיט דעם איבערגענומען, ווי ער אַליין וואָלט נישט קיין „טראַסקעווימשער" זיין, כאָטש ער איז יאָ אַ „טראַסקעווימשער".

פאַר דער לעצטער צייט, צווישן ביידע וועלט־מלחמות, האָט זיך טריס־קער יידישיסטישע יוגנט איבערגענומען מיט די אייגענע דיכטער: מיט ז. וויינפּער אין אַמעריקע און די ברידער אָליצקי, לייבל און ברוך און מאַטעס אין פּוילן.

2

## טריסק און די טוריע

אין געאָגראַפישן שטח האָט טריסק פאַרנומען נישט קיין שפּאָר אָרט: א קליין שטעטל.

ס'איז געלעגן האלב אויף א הויכקייט און א העלפט אין א פלאך, איבער וועלכער עס פליסט, צווישן פאַרבאָרגן צווישן לעפּעכעס און כשערעטן, די טוריע — א שמאָל, רואיק טייכל.

פרילינג און זומער דוכט זיך, אז דער גאנצער באָדן דאָ ארום, א וואַסעריקער און שיטערער, פון וועלכן ס'הייבן זיך אָפּט אויף, פרימאָרגנס און פאַרנאכט, געדיכטע טריב-ווייסלעכע נעפּלען, איז אָנגעווימלט מיט פרעש. זייער שלעפעריק ברומען בייטאָג און דאָס וואַכיקע מונטערע איבעררופנדיקע קוואקען אין די אָוונטן מאַכט פּול דעם חלל פון דער וועלט ארום שטעטל אַזש ביזן הימל אַריין. דערפאַר שפּאַצירן זיך דאָ אום אויף די הויכע רויטע דאַרע פיס, אַזוי מיושבדיק-רואיק און נישט געהאַגהט, זייערע פאַרטיליקער, די באָטשאנעס: זיי זענען, נישקשה, באַזאָרגט מיט מזונות, פרעשנפלייש, אויף דור-דורות. און דערפאַר גרעגערן זיי אזוי פריילעך אויף די פּהעשם מפּלה איבער די רונדע נעסטן אויף שטרוי-דעכער פון שייערן:

— קליינוואַרג! באָטשאנדלעך!

אָפּט שניידט דאָ דורך די לופט א קווימש-געשריי פון ווילדע קאַטשקעס, וואָס הייבן זיך ארויף פון צווישן דעם ווילד-פאַרוואַקסעניש אויף די ברעגן פון טייך. און יעדן זומערדיקן אָוונט ביזן באגינען אריין לאָזט ערגעץ פון א קוסט הערן זיין מעלאָדיש געזאַנג דער סאָלאָוויי.

אויף איין אָרט אינמיטן די זומפּן האָרבעט זיך אַרויס אַ וויספּע, וועלכע מע רופט נאָך ביזן היינטיקן טאָג „דער זאַמעק“. דאָ איז אַמאָל

געשטאַנען, אומדערגרייכבאַר פאַר און איבערפאַלנדיקן שונא, דעם פּאַ-
ריצם שלאָס. אַ שמאָל וועגל בלויז, אויסבאַהאַלטן צווישן גראָזן, ליצ-
פּעבעס און משערעטן, האָט די ווינפּע פּאַראַיינקט מיטן פּעסטן באָדן;
דער מייך האָט עס ווי מיט אַ וואַסער-האַנט צעטיילט אויף צוויי, און
פּאַראַיינקט איז עס געווען דורך אַ בריק מיט שליוזן, וואָס בעת אַ
נייטפאַל מלחמה-צייט, האָט מען מיט זייער הילף געקאָנט פאַרהאַלטן
דעם וואַסער-שטראָם: דאָס וואַסער האָט דאַן אַ שפּאַר געטאָן איבער די
ברעגן, און דאָס וועגל האָט זיך פאַרבליגעט, איז דערטרונקען געוואָרן, קיין
זכר פון זיך נישט צו לאָזן. צום „זאַמעק“ האָט דעמלט געקאָנט צוקומען
בלויז אַ פויגל.

ווען און וויאַזוי דער ריטער-שלאָס איז חרוב געוואָרן, האָבן אַפילו
זקנים נישט געוויסט צו דערציילן. לאַנגע יאָרן האָבן פון באָדן אַרויס-
געשטעקט טיילן פון זיין דיקן און פעסטן פונדאַמענט, און מ'האָט
געשמועסט, אַז מע קאָן זיך נאָך אַריינבאַקומען אין זיינע פינצטערע
נאַבע קעלערן. נאָר וואָסערער בר-דעת וועט עס טאָן און איינשטעלן
דערביי דאָס לעבן, דאָרט וווינען דאָך שדים, לצים און רוחות! סיידן
מענטשן מיט בלוטיקע, פינצטערע נשמות וועלן זיך דאָרט איבערבאַהאַלטן,
אָדער באַהאַלטן זיך טאַקע אויס — מכשפות און גזלנים. פאַרנאַכט-צו
איז שוין דערפאַר אַ שרעק דאָרט פאַרבייצוגיין, אַפילו פאַרבייצופאָרן.
נאָך ביז צו דער ערשטער וועלט-מלחמה האָט דאָס אָרט געשפּייזט דאָס
שטעטל מיט איבערגלייבערישע גרויליקע מעשיות. אַ ווייבל, וואָס האָט
זיך אַמאָל געוואָלט פאַרשפּאָרן די טרחא צו גיין ווייט, און זיך אָפּגע-
שטעלט דאָ, ביים „זאַמעק“-טייכל, פראַמשן איר גרעט, איז פּלוצעם
פאַרציטערט געוואָרן: אַזעלכע הורכזיכטיקע, נאָר טונקעלע געשטאַלטן,
ווי מיטנהדיקע אומנעהייערע פייגל, האָבן אַרומגעפלאַטערט איבער די
וואַסערן און זומפּן. האָט זי שוין פאַרזאָגט און צעגנטן צו גיין אהין
נאָכאַמאָל! ביי איינער אַ ווייבל האָט זיך דער ליילעך, וואָס זי האָט
איבערגעשווענקט, אויסגעציגן איבערן וואַסער, זיך אָנגעהויבן קאָרטשען
און באַקומען אַ האַלב-מענטשלעך, האַלב-פייגליש געשטאַלט און פּליצעם
זיך אויפגעהויבן און אוועקגעפלייגן... זי איז, אָן אַ געשריי אפילו, געפאַלן
חלשות. גבים, זי איז נישט אַליין געווען. אַראָפּ-שטראָם, נישט ווייט,
האָט געשווענקט איר ווצש אַ צווייטע פרוי, אַ קריסטין, און ווען דער
שטראָם האָט איר צוגעבראַכט דעם ווייבלס ליילעך, האָט זי זיך געכאַפּט,
ציגעלאָפן און זי אָפּגעמינטערט. מ'האָט אַפילו דערציילט פון פאַלן, ווען

יונגע ווייבלעך, ערשט נאָך דער חתונה, האָבן נאָך אַזאַ מין געוועש ביים „זאַמעק“ מפּיל געווען די ערשטלינגען, רחמנא־ליצלן. פרעגט, וואָס זענען זיי גאָר אַהין געגאַנגען? דוכט זיך, מע ווייסט דאָך שוין מיט וואָס דאָס שמעקט!

אַרום דעם „זאַמעק“ איז די מוריע צעטיילט געוואָרן אויף דריי וואַסער־אַרבלען, וועלכע זענען זיך שפּעטער צוזאַמענגעקומען, בילדנדיק דאָס געשטאַלט פון אַ ריזיקן „שין“.

פונדאַנען שלענגלט זי זיך אַוועק פאַרביי דעם פּריצישן הויף, דורכגנבענענדיק זיך אונטער דער הילצערנער באַן־בריק, דורכשניידנדיק באַזוניקטע, מיט „צאַצקעס“ באַשפּרענקלטע לאָנקעס, הויך־ און געדיכט־ באַוואָקסענע תבואה־פעלדער, פאַרשווינדנדיק דאָ און דאָרט אין שאָטנדיקן וואַלד און ווידער זיך באַווייזנדיק שטיפעריש און צעלאַכט אויפן „זאמד“ הינטער קאָוולע. דאָרט שפּאַצירט זי זיך דורך באַשיידן דעם נידעריקן טייל פון שטאָט און לאָזט זיך אַוועק אָן רויש ווייטער, כדי אָנצוקומען ערגעץ אין פריפּעט אריין שוין אין אַ צווייטן קאַנט, אין פּאָלעסיע.

אַמאָל, האָבן דערציילט אַלטע לייט, וואָס זענען וואָס־א־יאָר אַלץ ווייניקער געוואָרן, איז די מוריע אַ היפּשער טייך געווען. אָפט פלעגט מען אין איר פאַרוואָרפן נעצן און אַרויסציען זיי שווערע, באַלאָדענע מיט אַ זיך־וואַרפנדיקע און צאַפּלענדיקע פיש־געדיכטעניש. ווען מע האָט זיי אויסגעליידיקט אויפן ברעג, פלעגט עס אַזש בליצן קעגן דער זון. אַרום פאר פסח־צייט פלעגט זיך גאָר ברייט צעגיסן די מוריע און מייל־ מאָל שרעקן דעם נידעריקן ראַנד פון שטעטל מיט פאַרפלייצונג. מיט שיפלעך פלעגט מען דעמלט צופאָרן צום „הויפּישן“ בית־מדרש, וועלכער איז געשטאַנען אויף פּאַליעס ביים ברעג טייך קעגנאיבער דער חורבה פונעם „זאַמעק“, און צו די אָרעמע הייזלעך ביים „קאָקליערס טייך“, ווו עס פלעגן זיך אַ גאַנצן זומער באָדן די „נשים“, און דעם צווייטן טאָג ראָש־השנה פלעגט גיין אַהין דאָס גאַנצע שטעטל צו „תשליך“, אויס־ צוטרייסלען פון די קעשענעס די ברעקלעך — „חטאים“ — אין וואַסער אריין.

בלויז די וואַלד־סוחרים, זייערע בראַקערעס און שאַפערעס פלעגן אויסנוצן איר בייז לטובתן געשעפטן: אויף אירע ברייטערע וואַסערן האָט מען דעמלט געטריבן די פּליטן אַזש „ביז דאַנציק“... אָבער די מוריע איז פונדעסטוועגן נישט געבליבן הינטערשטעליק אין איר בייז־ קייט: זי האָט זיך באַרויקט, איז געוואָרן גיזעצט, אַריין אין די ברעגן,

געלאָזן די פּישער פּאַרוואַרפן אין זיך געצן, זיך אויסגעוואַרעמט קענגן
דער זון, געלאָזט אויפזינגען אין אירע געמייזעכצן זשאַבע־כאָרן אין
— קוטט, קינד און קייט, זיך באָדן, לערנען זיך שווימען און אַרומשטיפן
אין מיר ווייפל דאָס האַרץ גאָר גלוסט!... — איז דאָך גוט און ווייל!?
גאָר פּליצעם — אַ געוואַלד, אַ געיאָמער, א בהלה אין שטעטל, אַ ווילד־
געלויף צום טייך:

— אַ דערטרונקענער!

— ווער?

— וועמעס? — —

ס'איז שוין געווען אַזאַ געזעץ ביי איר, ביי דער טוריע, ווי זי
וואָלט אַ בייזע מכשפה זיין: יאָר־איין, יאָר־אויס נעמט זי צו א קרבן
פון שטעטל. וועמען? אַ קריסט, צי, להבדיל, אַ ייִדן? ווי אַמאָל. אַמאָל
אַ קריסט, וואָס האָט אַ פּאַרזייפטער, צעשלאָגענער און צעבליטיקטער פּאַר־
לאָזט דעם יאַריד־מאַרק און איז געקומען אַהער זיך אָפּקילן די צעקאָכטע
זכע; אַמאָל א שטיפעריש ייִדיש ייִנגל, וואָס האָט זיך פון חדר פון הינטערן
טיש אַרייסגעגנבעט און איז אַהערגעקומען זיך לערנען שווימען אויף
אַ פּאָרל „קאַפּטשיקעס“*. דאָס דערטרינקענע ייִנגל, אַרויסגעצויגן שוין
פון וואַסער אויף איר רעכטן, גרין־גראָזיקן, אַדער לינקן, געל־זאַמדיקן,
ברעג, ליגט אַ בלויער, און אויפגעבלאָזענער, און זי — גאָרנישט, גלייך
זי ווייסט נישט פון גאָרנישט צו זאָגן, גלייך זי פילט נישט אויף זיך דעם
דערטרונקענעמס „קאַפּטשיקעס“, וואָס וויגן זיך, ווי הוילע שאַרבנס,
פאַרטשעפּעט פון אירע וואַסער־געוויקסן.

יעדעס יאָר האָט זי אַ קרבן צוגענומען, אויב — אויב עמעצער
פעדערט זיך נישט אין ס'קלעקט ביי אים האַרץ און ייִדישקייט צי כאַפּן
אַ קעצל, אָדער א הינטל, צובינדן דעם אַ שטריקל מיט א שווערן שטיין
צום העלדזל און טאָן עס אַ שמיץ אַריין דער טוריע אין פינצטערן שוים
אַריין. מיט דעם לייזט מען אויס ביי איר דעם קרבן. ייִדן האָבן געקוקט
אויף דעם גרייַלעך קרום. ס'איז עפּעס אַ געצנדינעריש „כפּרות־שלאָגן“.
די שטעטלדיקע „אויפגעקלערטע“ האָבן געמעגט פריי פון דעם „מנהג“
אָפּחוזקן, אָפּשפּעטן. אָבער — זיי האָבן זיך געקאָנט אויסלאַכן דעם
גאַנצן גאָרגל, געהאָלפן האָט דאָס מיטל. ס'איז געווען א סגולה־בדוקה.
והאָ־ראיה: שוין צוויי יאָר ווי דער טייך האָט קיינעם נישט צוגענומען

---

* פּענבערס.

— מסתם האָט עמעצער באַצייטנס אַהין א לעבעדיק באַשעפעניש אַריינגעוואָרפן...

מיט דרײַ הילצערנע בריקן איבערן „שין“ פון די טייך־אַרבלען האָט דער קאָוולער־לודמירער שאָסיי פאַראייניקט דאָס שטעטל מיט דער פער־שטאָט.

דעם ערשטן טייך־אַרבל האָט מען גערופן „דער ספּוסט“. אויף אים פלעגן דאָס גיין די פלייטן אזש „ביז דאַנציק“, און ביי זיין ברעג, ווייט פון דער בריק, האָבן זיך געבאָדן חוה־נאַקעט די ווייבער. דאָס וואַ־סער איז דאָרט געווען פלאַך און, אַפילו נישט קענענדיק שווימען, איז מען זיכער געווען מיטן לעבן. קענען שווימען איז פאַר יענע צייטן נישט געווען קיין ווייבערישער ענין. ס'האָט נישט געפּאַסט פאַר דער ווייבערי־שער צניעות. ביי יענעם ברעג האָט זיך אויך געבאָדן, בעת קיין ווייבער זענען נישט געווען, די רוסישע אינטעליגענץ, ווי, למשל, דער נאַטשאַל־ניק פון פּאָטשט, דער „זאַוויעדויושטשי“ פון דער שקאָלע און אַנדערע. אין מאַרק פלעגט מען אַמאָל רעדן מיט באַוואונדערונג און שפּאָט, אז דער „זאַוויעדויושטשי“ גייט אהין זיך באָדן צוזאַמען מיטן ווייב:

— וואָס מאַקע נאָר אן ערל קאָן!

— פו! — פלעגט אַ יידענע אויסשפּייען.

און ווען זייערס אַ „שיקסעלע“ איז דערטרונקען געוואָרן דאָרט — די מוטער האָט דעם גצלערנט שווימען, איז עס צו ווייט פאַרקראָכן — האָבן יידן געזען אין דעם אַ באַצאָלונג, כאָטש אַזוי איז ער הווקא א גאַנץ אָרנטלעכער קריסט, דער „זאַוויעדויושטשי“, און ער האָט אַפילו נישט פיינט קיין יידן.

ס'פלעגט אויך אַמאָל טרעפן אין אַ פרייטיק־פאַרנאַכט פאַר ליכט־בענטשן, ווען קיין ווייבער האָט מען שוין דאָרט נישט געזען, סע זאָל זיך הענדעם־פענדעם א לאָז טאָן אהין אַ כאַפּטע פארטאַזשעטע קאָוואַל־יונגען. זיי ווילן זיך איינשפּאָרן א שטיקל וועג. אויף צו שווימען איז שוין סיי־ווי קיין צייט נישטאָ. מע וויל בלויז אַראָפּזייפן פון זיך דעם ברודיקן שווייס און די „שדים־מאַסקע“ פון פּנים, און ווערן צוריק מענטשן־גלייך. און די רויטע זון, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ ביים האָריזאָנט אין פייער־טייך אָפּצובאָדן זיך לכבוד שבת, האָט געזען ווי שנעל זיי כאַפּן ארויף אויף זיך דאָס ריינע שבתדיקע וועש. פונעם ראַנד שטעטל ווינקען שוין אַהער די פייערלעך פון די שבת־ליכט.

ביים ברעג פון צווייטן טייך־אחבל, וואָס מ׳האָט אים גערופן סתם „דער טייך", ממש ביי דער בריק, ווו ס׳איז טיף, און מע מוז קענען שווימען, האָבן זיך געבאָדן די מאַנצבל, אויך אָדם־נאַקעט. טאָמער וועט פאַרבייגיין אַ יידענע דירך דער בריק? ווער הייסט איר קוקן? אָדער זאָל זי זיך פאַרקוקן אין דער צווייטער זייט, ווי אַ פוינל פליט. מ׳האָט געהאַט ציטרוי צו דער יידישער ווייבערישער צניעות. איי, טאָמער וועט קוקן אַ פויערטע? זאָל זי קוקן און זאָלן איר די אויגן ארויס! נאָר פונדעסט־וועגן פלעגט נישט זעלטן פונדאַנען זיך פאַרגנבענען אַ יונגער חוצפה־דיקער בליק אהין צום ווייבערישן טייך, ווו ס׳האָבן זיך דורכן גראָז געפלעקט לאַנגע פרויען העמדער... אַ מאַנצבל איז אַ חזיר.

ביי דער דריטער בריק איז געשטאַנען די וואַסער־מיל.

די דריי בריקן איבער דער טוריע האָבן געהאַט „זאַסטעווקעס" צו פאַרהאַלטן דאָס וואַסער. ווען דאָס געוויסער פלעגט זיך אָפּזעצן, זענען זיי אַראָפּגעלאָזט געוואָרן, אַז דאָס וואַסער, וואָס איז נייטיק צו טרייבן די מיל־רעדער, זאָל נישט ביז אַ טראָפּן אָפּלויפן. מיט דער הילף פון די „זאַסטעווקעס" האָט דער מילנער אַ גאַנץ יאָר רעגולירט דעם וואַסער־לויף.

די מיל האָט געהערט צום פריץ און פלעגט אָפּגעגעבן ווערן אַ ייִדן אין אַרענדע. דער ייִד האָט געהאַלטן אַ קריסטלעכן מילנער. בעת קיין ווינט איז נישט געווען, און די ווינטמילן, די שטאָטישע און די פערשטאָטישע, זענען געשטאַנען אויף זייערע בערגלעך מיט פאַרגלי־ווערטע וואָרמעדיקע פליגל, פלעגן צו איר פירן זייערע זעק ווייץ און קאָרן די טעשטשאַנעס און די פויערים פון די אַרומיקע דערפער. „מליווע" פלעגט מען צאָלן „פונעם טעסטל", דאָס הייסט נישט מיט געלט, נאָר מיט תבואה. ווען קיין פרישע תבואה איז נישט צוגעפירט געוואָרן, פלעגט מען איפשיטן אויפן שטיין די אייגענע „מעסטלעך". זעלטן האָט אויך אַ יידישער תבואה־הענדלער צוגעפירט אהער אַ ווענל תבואה. אָבער געוויינלעך איז די מיל געווען נישט קיין יידישער ענין, כאָטש איר באַלעבאָס איז אַ ייד.

דערפאַר אָבער פאַר פסח איז די מיל געוואָרן אויף עטלעכע וואָכן הורבייס אַ יידישער ענין, כאָטש דער מילנער איז אַ קריסט. מ׳האָט די מיל געכשרט אויף פסח.

ס׳איז געווען נאָר אַ גרויס געשעטעניש אין שטעטל דאָס. כשרן די מיל בעתן בייזיין פון דעם רבין, אונטער דער השגחה פונעם דיין. דאָס

איז פאַר דער קהילה געווען נישט פון קיין קלענערער וויכטיקייט, ווי פאַר אַ חתן הער כלהס טבילה פאַר דער חופּה.

נאָכן כשרן איז אהין צוגעפירט געוואָרן מיט אַ גרויסער וואַרע די „שמורה“, דער פּסהדיקער ווייץ, וואָס איז געשניטן געוואָרן — דורך פויערים, פאַרשטייט זיך — אונטער אַ ספּעציעלער יידישער השגחה, קיין צופעליקער רעגן זאָל, חלילה, אויף אים קיין שפּרענקל נישט מאַן, און נאָכן אויסמעלויצען איז ער אָפּגעפירט געוואָרן אין „הויפּישן“ בית-מדרש, וו ער איז אין זעק געהאַנגען, צוגעבונדן צו די באַלקעס אונטערן סופיט. אויפן „ערשטן שטיין“ איז געגאַנגען דעם רבינס „שמורה“, דערנאָך דעם דיינס, דערנאָך דעם רבינס גבאימס און דערנאָך ווייטער לויטן יחוס: ווער עלטער, דער קודם. פון יאָר צו יאָר פלעגן דערביי אויסברעכן מחלוקתן — מאַקע: ווער עלטער איז... געווען אַזעלכע מיוחסדיקע „שמורהניקעס“, וואָס יעדער פון זיי האָט געהאַלטן, אַז ער איז עס; זיין פלוניתטע וועט, נישט אַנדערש, אַזוי מעגהן אין הער חיים.

נאָר יידן בלייבן ייהן — צו שפּיכת-דמים קומט עס, חלילה, נישט. אדרבא. מע גלייכט זיך אויס, מע בעט זיך איבער, און מע גייט אריין אין מילנערס שטיבל, וואָס הענגט, ווי אַ קאַסטן, איבערן וואַסער, און מע מאַכט אַ „לחיים“; מע פאַרבייסט מיט אַ קאָרזשיק, און מע פאַרגעסט אויך נישט מכבד צו זיין מיט אַ גלעזעלע דעם קריסטלעכן מילנער, ער זאָל עוסק זיין באמונה, לאָזן דאָס וואַסער אין הער מאָס, אָנשטעלן ריכטיק די שטיינער, זיי זאָלן נישט מאָלן צו גראָב, און... ער זאָל, חלילה-וחס, נישט אונטערוואַרפן קיין בראָקן חמץ אין אַ וועלכן זעקל אַריין...

מע טרעט מאַקע נישט אָפּ פון אים אויף קיין רגע, פונעם מילנער, מע קוקט אים אויף די ידים, ווי ער וואָלט געטראָגן אין זיי אַ „זאראזע“, אָבער „פאַר אַ שטוביקן גנב איז שווער זיך אויסצוהיטן“. מע מוז אים דעריבער איבערהורשן מיטן גלעזעלע און מיט אַ גוטברודעריש הניפהלע. וואָס קאָן מען מאַן, אַז מע איז ביי אים אין די הענט!

וואָס אמת, מע פילט זיך דאָ בכלל נישט גאָר היימלעך, אין הער שטיבל. סע זאָגט נישט צו קיין גוטס דער שוואַרצער צלם, מיט קויל געשריבן, אויף דעם טירל, און סע שרעקט דער נאָך גרעסערער צלם, אויסגעריסט אויף דער סטעליע ממש איבערן קאָפּ, ווי אָט-אָט פאַלט ער אַראָפּ און צעפלעטט דיר דעם שאַרבן...

אין מע גיסט אָן נאָך אַ גלעזל און נאָך איינס, אָנצונעמען זיך מיט מ־ט. דאָס שטיבל ציטערט און טרייסלט זיך מחמתן לויף פון די רעדער אין דעם געדריי פון די שטיינער. מע הערט דאָס רוישן פונעם וואַסער, און מע זעט דורכן קליינעם פענצטערל דעם שוימענדיקן שטראָם. מע דערפילט זיך ווי נח אין דער תבה, בעתן מבול. נאָר נח איז דאָך געווען אַ צדיק, און אין דער תבה איז דאָך געווען אַ מזוזה, נישט, להבדיל אלף הבדלות, קיין צלמים. און ווי נאָר דאָס פלעשל איז אויסגעליידיקט, איילן זיך ייִדן אַרויסצוגיין פון דעם מילנערס שטיבל — ס'אַ סכנה!

פאַרענדיקט מיט דער יהוסדיקער „שמורה“, לאָזט מען ערשט צו דעם פּראָסטן פּסחדיקן ווייץ, וואָס וועט זיך אויסמאָלן פאַרן גאַנצן שטעטל, פאַר אַלע פּראָסטע ייִדן. ערשט פאָרעט זיך אין מיל בלויז דער ייִד, וואָס האָט „געדונגען די פּסחדיקע מעל“, דאָס הייסט, ער האָט פאַר אַ געוויסן סכום געלט גענומען ביי קהל אין אַרענדע איר אויסשליסלעכן פאַרקויף. — —

אזא איז די מוריע געווען אַמאָל.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה איז די וואַסער־מיל אָפּגעברענט געוואָרן, און נאָך דער מלחמה האָבן די לעווים, אָנשטאָט איר, אויפגע־בויט אַ דאַמף־מיל. די „זאַסטאַווקעס“ ביי די בריקן זענען מער נישט גיימיק געווען. קיין פליטן זענען שוין לאַנג אויפן „ספּוסט“ נישט געגאַנ־גען. דאָס געהילץ האָט מען געפירט מיט דער באַן. דאָס וואַסער איז אָפּ־געלאָפן, און די ברעגן זענען מיט גראָז אריינגעוואקסן אין וואַסער. די מוריע איז פון יאָר צו יאָר איינגעשרומפּענער געוואָרן. יונגט האָט זיך געזאָרגט, אַז אינגיכן וועט זי זיך פאַרוואַנדלען אין אַ „סדום־בעטל“ און, נישט נאָר ס'וועט נישט זיין ווו די הענט צו צעפירן, אַ קלאַפּטער צו לייגן, נאָר אייך נישט וווּ צו גיין „טריט־וואַסער“. איידעלע ייִדן האָבן זיך געוווּרטלט:

— נאָך אַ יאָר, נאָך אַ יאָר, און מע וועט שוין הי נישט קענען קיין גט שרייבן... וועט מען זיך מאַקע נישט גטן. און ס'וועלן זיין ביי ייִדן בלויז התונות און בריתן און אלערליי שמחות.

— אמן!

איצט האָט מען שוין פישנעצן געצויגן אין דער מוריע אפשר איין מאָל אין אַ יובל. בלויז זעלטן פלעגט מען אין איר מיט „סיטקעס“ כאַפּן פיש. אַ האַלב־פונטלדיקס, העכסטנס אַ פונטלדיקס. צוזאַמען מיטן וואַ־סער זענען אויך די פיש אוועק.

ליטווישע פיש האָבן אָפּגעטרעטן הינם פּאַרזומפּיקטן טייך די זשאַבעס.

יאָ, ווי אויך צו פאַרשענערן דעם פּייזאַזש, פלעגט אַמאָל דאָ אין דאָרט אויף איר ברעג שטיין, אָנגעלענט אויפן שטאַם פון אַן אַלטן ווערבע־בוים, אַן אָנהויטלדיק קריסטלער יינגל, אָדער גאָר זעלטן אַ יידיש יינגל מיט אַן אַראָפּגערוקטן דאַשעק איבער די אויגן, מיט אַ ווענטקע אין האַנט, שווייג־דיק, פאַרטייעט, מיטן בליק פאַרשטאָכן אין שווים־פעדער אויפן וואַסער. און אַז אַ פאַרבייגער אויף דער בריק איז נייגעריק געוואָרן און שטיינגע־בליבן, און געדולדיק אויסגעוואַרט, האָט ער זיך אַמאָל דערוואַרט: אַ דריבנע פישל מיט בליציק־זילבערן אַ שטרייך אַ האַלבן קרייז פונעם וואַ־סער־אויבערפלאַך אין דער לופט ביזן גראָז אויפן ברעג. דער פישפאַנגער האָט דערלבייַ אַ שמייכל געטאָן מיט הנאה און ערנסט, דער פאַרבייגייער — מיט גוטמוטיקן שפּאָט: דאָס קליינע פישל האָט איינגעשלונגען אַ צו גרויסע שטיק צייט!

די ווייבער האָבן שוין נישט געהאַט וווּ זיך צו באָדן. געבאָדן האָבן זיך בלויז די מאַנצבל. דעמלט איז עס געקומען די „גזירה“, אַז מע מוז בעתן באָדן זיך טראָגן באָד־הייזלעך, אנישט פאַרשרייבט פּאָליציי אַ פּראָ־טאָקאָל. האָבן עלטערע יידן בכלל אויפגעהערט זיך צו באָדן, און מ'האָט יוצא געווען, סיי ווינטער, סיי זומער, מיט דער באָד. דערפאַר אָבער האָט זיך שוין די יוגנט געבאָדן, אין באָד־הייזלעך און באָד־קאָסטיומען — יינגלעך און מיידלעך צוזאַמען. נייע צייטן.

אין בית־מדרש האָט מען מיט אומבאַהאָלפענע הענט געשמועסט וועגן דער אויסגעלאַזנקייט און דעם חילול־השם:

— ווי ביי די פּויערים, להבדיל!

און מ'האָט זיך דערמאָנט אין דעם „זאַוויעדוויושטשים“ טיצבטערל, וואָס דער טייך האָט מיט יאָרן צוריק צוגענומען צוליב איר טאַטע־מאַמעס זינד.

די יוגנט האָט געלאַכט:

— אין קיין לעפל וואַסער קאָן גאָט אליין קיין מענטשן נישט דער־טרינקען.

און ערשט האָט מען זיך ארומגעזען:

— מיט נאָר אַ קוק — פון דעם „זאַמעק“ איז דאָך שוין קיין זכר נישטאָ.

איבער זיינע קעלערן האָט „די ערד פאַרמאַכט איר מויל“.

די איבערגליבעריישע פורכט פארן „זאמעק“ איז פארשוונדן, כאָטש
די ווייספע איז פארבליבן ביי איר אלטן נאָמען — „דער זאמעק“.

א סברה, אז דעם לעצטן אנטשיידנדיקן קלאפ האָט דער פחד פארן
„זאַמעק“ געקריגן פון דער יידיש־וועלטלעכער שול: די לערער פלעגן אָפ־
טער מאכן אהין שפאצירן מיט די שול־קינדער, אמאָל צוליב פארשעריישע
צוועקן, אמאָל פשוט צו פארווײלן זיך דאָרט; די קינדער האָבן ארומגע־
שטיפט, געזונגען און געטאַנצט מיטן גאַנצן שקציישן ברען און סוף־כל־סוף
פארטריבן פון דאָרט אלע נישט־גוטע, שדים און רוחות, פארטריבן זיי צו
אלדי פינצטערע יאָרן. ס'האָט א סוף גענומען צום מפיל זיין קינדער צו־
ליבן וואשן גרעט אויפן „אומריינעם“ אָרט.

ס'האָבן שפעטער געטראָפן אנדערע פאלן: ווער וועמען האָט איבער־
געגעבן בסוד אויפן אויער וועגן א דריי־ אָדער פיר־חדשימדיקן ילד, וואָס
איז „אָפּגעטריבן“ געוואָרן דורך דער האַנט פון אן אקושער־דאָקטער. דאָס
איז שוין מיילוויז געווען א בייזע ירושה פון די הפקרדיקע אָקופאציע־יאָרן
בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה: די יוגנט האָט זיך דעמלט צו היים
געליבט, און מ'האָט געמיזט אוועקראמען די פרוכט פון זינד. מיילוויז
האָט זיך אין דעם ארויסגעוויזן די היינטוועלטיקייט פונעם פאָרויסגייענדיקן
קליינעם שטעטל: אפילו כשרע יונגע פאָרפעלקער, און נישט דווקא פון
באלעבאטישן גראד, האָבן אָנגעהויבן איינזעען דאָס באקוועמלעכקייט פון
דעם גרויסשטאָטישן איינקינדער־סיסטעם און זענען געוואָרן מאָדערן.

אלטע גאָטספאָרכטיקע יידענעם האָבן בייז מוסר געזאָגט, מיט טרו־
קענע לעפצן געביטערט, אז נאָך די טריט פון זינד קריכט נאָך, ווי א
ל יערנדיקע שלאנג, די פארדינטע שטראָף; אז דעם ריבונו־של־עולמס
צאָרן, דער אל־קנא־ונוקמס, וועט פון הימל, ווי א שטורעמווינט, אויסברע־
כן. און ער וועט, חלילה, „אָפּטרייבן“ אויך די נישט אָפּגעטריבענע קינ־
דער מיט זייערע טאַטע־מאַמעס צוזאַמען און „אָפּמעקן זייער געדעכעניש
פון פנים פון דער ערד“.

## 3

# דער „קאָוולער וועג"

הינטערן שטעטל, אויף זיין הויכער, געבערגלטער זייט, וואָס צו קאָוולע צו, איז אמאָליקע צייטן הער האָריזאָנט אויף מזרח געווען אונ־טערגעשפּארט מיט א טונקעלער וואנט פונעם פּריצם וועלדער, וועלכע האָט געשטערט צו זעען, סיי ווי דער הימל לאָזט זיך אראָפּ צו דער ערד, סיי ווי די זון הייבט זיך אויף אויפן הימל.

אהין, אין וואלד אריין, פלעגן אוועקשפּרייזן יידישע שקצישע ייִנגלעך אום ל"ג־בעומר, דאָרט אָפּצורוען און אָנצושמעקן זיך מיט פרישן צוויט פין ווילדע פרוכט־ביימער, און אום תשעה־באב, אָנצופּליקן פולע קעשע־ניעס און פאַזיכעס אומצייטיקע האָזענע ניסלעך, פאַרקניפּטע צו פיר און צו פינף אין זייער ווייס־גרינלעכער דרויסנדיקער שאָלעכץ, ווי הארציקע ברידערלעך. בעת דער האָזיקער עובדה איז מען געווען צעגליט און צע־קאָכט, און די הערצלעך האָבן געצאפּלט פון פרייד און שרעק גלייכצייטיק: ש... ש... ש... עס זאָל נאָר נישט אָנטראָגן דעם וואלד־וועכטערס הינט, ער זאָל זיך נישט אריינבייסן מיט די בייזע ציינער אין די קנעכל; אפילו אין שטעטל, אז מע דערזעט אים אמאָל באגלייטן דעם וואלד־וועכ־טער צום שענק, ווארפט ער אָן א פחד, כאָטש ער טראָגט א דראָטן שיידל אויפן פּיסק! ש... ש... ש... עס זאָל דער שווארציאָר נישט אָניאָגן, אויף א צעקאָכטן פערד רייטנדיק, אים אליין, דעם וואלד־וועכטער בכבודו־ובעצ־מו, מיטן פאווע־פעדערל אינעם גרינעם אָפּגעבליאקעוועטן קאפּעליושל, מיט דער שווערער ביקס איבער דער פּלייצע, מיטן לעדערנעם אראפּניקל אין דער אויסגעשטרעקטער האנט. זיין פּנים וועט זיין רויט־צעקאָכט און די אויגן וועלן זשאריען:

— שטיים, זשידעקלעך, פּשאקרעוו!

— אויסלײדיקן, איבערקערן אויף דער צװײטער זײט אלע קעשענ יעס!
— אראָפּנעמען די הימעלער פאַרן פּריץ! װאָס? איר זעט מיך נישט?
— אהער גיט זײ, די הימעלער!

ער װעט זײ צונעמען די הימעלער, אָדער פאר א שטראָף, אָדער פאר
א מישכון, אז מאָרגן זאָלן די זשידקעס, די מאמעס פון די װאלד=גנבים,
קומען צום עקאָנאָם באצאָלן פארן היזק, און אװעקרײטן מיט א צופרידן=
שפּאָטיש געלעכטער. זײ די „גנבלעך“ װעלן אים נאָכשרײען מיט געיאָ=
מער און געבעט, ער זאָל רחמנות האָבן און זײ אומקערן די הימעלעך
שײן איבן אָרט. נאָר עס׳טוט קאָפּ איז פארשטאָפּט, זײן הארץ פארשטאָקט,
און די אױערן פארװאָקסן מיט האָר, װי אין הומיש שטײט — „איש שער“...
א האָריקער מאן. ליבערשט װאלט ער זײ מיט שטײן פונעם אראפּניק גע=
יעגן אָנגעלערנט. איצט װעלן זײ מוזן אַרײנקומען אין שטעטל דורך אַ הינ=
טערגעסל, פארשטעלנדיק מיט די ארױפגעהױבענע הענט די אנטבלױזטע
קעפּ, װאָס מאכן זײ פאר אמתע שקצים... און װאָס סע װעט זיך נאָך
דערנאָך טאָן אין דרהיים!

דער קינדערײשער המיון איז צעשפּילט, די שרעק װאקסט אלץ גרע=
בער און גרעסער, צעװאָרצלט זיך אלץ טיפער און טיפער אָבער — די
תאװה אויסצוגליען זיך אין שטיפעריי און צו טאָן װאָס סע גלוסט זיך
איז גובר.

פון דאָזיקן װאלד האָט זיך ארױסגעװיקלט, װי א שמאָלע ליענטע,
דער „קאָװלער װעג“, װאָס איז געװאָרן פארן אויג, װאָס נענטער, אַלץ ברײ=
טער און ברײטער. אין זײנע בײדע זײטן, אויף די ראנדן פון די דערבײ=
איקע פעלדער, זענען געשטאנען רײען דיקע ברײט=צװײגיקע בײמער, אונ=
טער װעלכע דער יונגער עולם פון שטעטל פלעגט שבת און יאָנטעװ קו=
מען מישפּחהװײז, טײלמאָל מיטגענעמענדיק מיט זיך אפילו א דעקע מיט אַ
קישן, צו געניסן דאָ פון דער פרישער לופט און כאפּן א דרימל. פארנאכט=
צו איז אונטער די בײמער געװען דער שפּאציר=װעג פון דער יוגנט. צוליב
דעם װאַלד איז דער װעג געװען סודותדיק און צוזאָגנדיק.

אין די שפּעטערע יאָרן האָט דער פּריץ, װאָס האָט געהוליעט „זאַ=
גראניצע“ * און געפּטרט געלט אויף הפקרות, פארקויפט די װעלדער צו
יידישע װאלד=סוחרים. די װאלד=סוחרים האָבן זײ, מיט פויערישע הענט,
העק און זעגן, ביזן פּיען אויסגעהאקט און אויסגעשניטן. דעם פּריצס פאַ=

---

* אין אויסלאַנד.

ראָבקעס האָבן די פּניאָקעס אויסגעקאָרטשעוועט, עוקר מן השורש געווען,
און דעם באָדן צעאקערט אויף תבואה=פּארזיי, און פּארן „קאָוולער וועג“
האָט זיך געעפנט די ברייטע, ליכטיקע וועלט מיט איר זון=אויפגאנג בא=
גינען.

אין דער מזרחדיקער זייט פונעם וועג איז געלעגן דעם פּריצם מא=
יאנטעק, זיין הויף, די שפּייכלערס, מאגאזינען און שטאלן און די גרויס=
שטחדיקע פעלדער. אין דער מערבדיקער זייט — די צעשטיקלטע, קלינ=
ערטיקע פעלדער פון די מעשטשאנעס. בלויז דער וועג האָט זיי פאנאנדער=
געטיילט, ווי כדי דער פּארבייפאָרער און פארבייגייער זאָל גלייך זען בא=
שיימפּערלעך דעם אונטערשיד צווישן זיי. אויפן פּריצס ערד ארבעטן אויס=
געפּאשעטע, פעסטע, גלאנציקע פערד, און די תבואה אויף איר גייט אויף
געדיכט, הויך און פעט; אויף דער ערד פון די מעשטשאנעס, פּארקערט,
ארבעטן מאָגערע, שוואכע, ווי פּארשטויבטע, פערדלעך, און די תבואה
אויף איר גייט אויף שיטערלעך, נידעריק און מאָגערלעך.

אויף דער דאָזיקער זייט פון שטעטל, אויפן אקער=באָדן, גייט אָן
כסדר א לעבעדיקע באַוועגונג פון פּאַראָבקעס און פּויערים=מעשטשאנעס,
וואָס אקערן, באַראָנעווען און פארזייען.

די לארך טוקט זיך שווינדלענדיק אין הימל=בלוי, און סע שיטן זיך
פון איר פרייליך=קלינגענדיקע טרעלן, ווי זונגאָלדיקע מטבעות. ס'פּאליעט
זיך אונטערן ווינט א זאנגען=ים פון צייטנדיקער תבואה. אין די היציקע
הדשים שמעקט מיט מאנדל פון „גראמאָפאָנטשיק=בלימעלעך“, און די
לופט אליין בליט מיט קאָליריקע באבעלעך און זינגט מיט געזשום פון בי=
נען. אָנהייב חודש אָב לייגן די פולע גאָלדיקע זאנגען זייערע קעפּלעך צו
די פיס פון זייערע שניטערס, לאָזן זיך בינדן אין סנאָפּעס און אָפּפירן אין
די שייערן אריין מיט פרייליקן, פון הארצן ארויסגעריסענעם געזאנג.

און — אויסטערליש — הווקא דאָ האָבן זיך צום שוים פון דער ערד
צוגעטוליעט שטיקער אומעטיקע שטילקייט אויף דער זייט פון די מעש=
טשאנישע פעלדער.

ביים סאמע ראנד פון שטעטל אויף א בערגל — ארומגעצוימט מיט
אן איינגעהויקערטן ברעטער=פּארקאן, דאָס אלטע הייליקע אָרט, וואָס איז
שוין א פּאָר צענטליקער יאָרן פון באנוץ ארויס; מיטן מגידם געמויערטן
אוהל אין זיין סאַמע פּאָרנטיקן ווינקל, און דער רביצנס און זייער טאָכ=
טער מלכהניוס הילצערנע שטיבלעך דערלעבן; מיט זייגע מצבה=שטיינער,
וואָס האָבן זיך מחמת זקנה איינגעבויגן, זענען מיט מאָך פּארוואקסן גע=

וואָרן אין אין באָרן ביזן גאַרטל פאַרזונקען; מיט זײַנע ציונס, אײַב זײ זע־
נען נאָך בנימצא. אײַנגעבראָכענע, צעפאַלענע און גרין־ און געל־פאַרפויל־
טע; מיט זײַן גראָז אין ווילד־גראָז, קוסטעס און ביימער, וואָס פאַרהאַל־
טן אין אים שיטל־יקע פײַבטקײַט און פײַכטן שאָטן. דאָ פלעגן זקנים,
גרייבנדיק זיך, אָנוויזן מיט ציטערנדיקע הענט אויף אַ פאַרזונקענעם
שטיין, מיט מאָך ווי מיט א געדיכטער פעל באַוואָקסן, זײַן שווערער קאָפּ
מיט די אותיות „פ.נ.“ מיט צו דער ערד גענייגט — ווי אויף דער מצבה
פון דעם „תוספות־יום־טוב“ס מאַכטער; —

ווײַטער אַביסל, אין שכנית, פאַזע דעם וועג, וואָס פירט קיין מאַציעוו
— די פּראַוואָסלאַווגע „מאָלקעס“*, אַרומגעמויערטע מיט אַ נידעריקן
און לײַבטן ציגלנעם צוים, במעט אָן ביימער אינעווייניק, אָפן צו הימל און
וועלט מיט „פאַמיאַטניקעס“ און צלמים, וואָס יעדער פון זיי שטעלט
אַרויס נאַקעט די פײַן פון גאָטס זון; מיט באַגראָזטע און באַבלימלטע
קברים־בערגלעך, מיט געסדרטע, ריין־געהאַלטענע סטעשקעס; —

העכער אַרויף מיטן קאָולער וועג — דער אין־זיך־פאַרבאָרגענער קאַ־
טױלישער צמענטאַזש, אָפּגעזונדערט פון די אַרומיקע תבואה־פעלדער, ווי
אַ מיטלאַלטערלעכער שלאָס, מיט אַ הויכן דיק־וואַנטיקן און מויבן שטיי־
נערנעם פּאַרקאַן; דער צווינטער מיט די געדיכט־אָנגעשטעלטע ביימער,
וואָס פאַרשטעלן מיט די שטאַמען און פאַרשאָטענען מיט די קרוינען די
הויכע צלמים און לאָזן קוים זיך דורכזייען דאָס גאָלד פון דער זון און דאָס
זילבער פון דער מאָנשיין אויף די „פאָמניקעס“ און די גראָז־גרינע קברים־
בערגלעך, באַשפּרענקלטע מיט קווײַטלעך און אויסגעצירטע מיט בלומען;
און זײַן פּאַמע מיט — די געמײַערטע מאַסיווע קאַפּליצע, וואָס פון אירע
קעלער־געוועלבן הענגען אַראָפּ אויף זילבערנע קייטן די יהוסדיקע פּרומ־
נעט מיט בר־מינגס פון פוילישע בראַביעס און כראַבינײַעס; (דער באָדן
פון שטעטל און דער גאַנצער סביבה מיט אירע פעלדער און וועלדער, לאַנ־
קעס, אָזיערעס און די מוריע אליין, מילן, געבײַען און די הייזלעך מיט
זייערע פוילישע אָדער אוקראַאינישע באַווינער — דאָס אַלץ איז געווען
זייער פריוואַט־אייגנטום און איבערגעגאַנגען בירושה פון דור צו דור); —

אין אַנדערהאַלבן וויאָרסט פאַרטריבן פון שטעטל — דער נײַער
ייִדישער בית־עלמין, אַרומגעצוימט מיט אַ שיטערן הילצערנעם פּלויט.
אַ ההבית־דיקער, נאָך אַ לײַטיק־עקרהדיקער, פּוסטער פּלאַץ, ליגט ער וואַר־

---

* „מאָהילקעס“ — אוקראַאינישער צווינטער.

טנדיק צעלייגט, ווי ער וואָלט פארבעטן די יידן פון שטעטל: „— איר מעגט רואיק אויסהויבן אייערע יידישע כשרע נשמות. פאר אייערע בר־מינגס וועט ביי מיר ספּייען גענוג ליימיקע קרקע. ליים האָט מען אויך נישט געקארגט די לעבעדיקע יידישע מתים אין מצרים...“ — נאָר לעת־עתה איז בלויז איין ווינקל פונעם גרויסן בית־עלמין, דאָס העכסטע אָרט אויף דעם פּלאַץ, אָנגעהאָרבעט מיט ציונס און מצבות, געדיכט און צו־זאמענגעדריקט, ווי א טשערעדע שעפּסן אין פּחד פאר דער דראָענדיקער ביימע פונעם פאסטעך, וויל... אפילו דאָ טרעפט, אז פאר דער צייט פו־נעם אויסגראָבן דעם קבר ביזן באהאלטן אין אים ס'מת ווערט ער אָנגע־פילט מיט וואסער, און ס'קומט אוים אויסצושעפּן עס, כדי ס'מת זאָל, חלילה, נישט דערטרונקען ווערן. אַזאַ פּלאַץ, נישט קיין בעסערן, האָט די הייליקע קהילה אויסגעפּועלט ביים פּריץ פאר אירע מתים. מיט געשעפּטש אויפן אויער הערציילן אלטע ווייבער, מיט באדויערנדיקע, טרויעריקע קעפּ און פרום־דערשראָקענע פּנימלעך, אריבערציענדיק די קאָפּטיכלעך ני־דעריקער איבער די שטערנס, כדי אין שאָטן צו האַלטן די טריבע אויגן, אז:

— ווען מ'האָט אנומלט פארשפּעטיקט מיט דער קבורה פון בערל מורה־הוראהס ווייב, א כשרע יידענע געווען, זענען אויפן וואסער, וואָס איז אָנגעלאָפן אין איר קבר, ארומגעשווומען טויטע עכברים, רחמנא־לצלן!

— אַזאַ חילול־השם און בזיון־המת איז נאָך אויף דער וועלט נישט געהערט געוואָרן זינט זי שטייט!

איבער אָט דער געגנט לאָזט זיך לאַנגע הדשים הערן, פון ערגעץ אַ באהעלטעניש אויף א בוים, די אומרחמנותדיקע קוקאווקע, וואָס ציילט גלייכגילטיק, אַפילו מיט א שאָטן פון שפּאָט, עמעצנס יאָרן, סיי ער פרעגט ביי איר יאָ, סיי נישט; ס'איז דאָס קול פונעם קאלטן גורל...

די אַלטע ליבע חיה, די אַמאָליקע בעדערקע און הײנטיקע דרדקי־מלמדקע, פלעגט דערציילן, אז לויט זי האָט געהערט, ס'איז שוין נישט פאר איר געדענקען, איז ערגעץ אין וואלד, אינעם „זאפּוסט“ נעמלעך, גע־ווען אמאָל נאָך א גרעסערער יידישער בית־החיים, דער טריסקער ערשטער עלטסטער בית־עלמין.

— דעמלט איז נאָך טריסק געווען די מחוז־שטאָט, און קאָהלע, א קליין שטעטעלע, האָט צון איר געהערט. שטעט, ווי מענטשן — איינע לײַדט א ירידה, די צווייטע ווערט נתעלה. מע שמועסט, אז סימנים פונעם דאָזיקן הייליקן אָרט קאָן מ'צן נאָך געפינען ביז צום היינטיקן טאָג: אַ צענטליק קעפּ פון פארזונקענע מצבות שטארצן נאָך ארוים פון דרערד ביז

היינט דירך אָנגעהויפּטע קרייטעכצער און פּאַרדאַרטע בלעטער, ווי ציין — פון היהישע קינבאַקן... ביינאַכט האָבן קריכטן מורא דאָרט פאַרבייצופאָרן, צלמען זיך איבער. פּו! פּו! פּו!

ווען מ'האָט איר איינמאָל אויפגעקלערט, ליבע חיה די בעדערקע, אַז דער „זאַפּוסט" איז שוין אויסגעהאַקט און זיין באָדן פאַראַקערט, און אַז דאָרטן גייט פאַרביי די באַן־ליניע, האָט זי טיף און שווער אָפּגעזיפצט:

— אפילו נאָכן טויט גיט מען דעם יידן קיין רו נישט... אָך, מיר האָבן זיך שטאַרק פאַרזינדיקט אפנים... דער יונגער דור... ווייסן זיי נישט, די אור־אור־אייניקלעך, ווו דאָס געביין פון די הייליקע אבות איז אהינגעקומען.

מעסטנדיק לייט די בית־עלמינס, זעט מען באַשיימפערלעך, אַז די פריסקער יידן האָבן אריינגעלייגט א גרעסערן חלק פון די קריסטן אין דרערד אריין. צי די יידן זענען הי געשטאָרבן אין א גרעסערער צאָל, צי גאָר זיי האָבן זיך פריער פון אַנדערע באַזעצט אויפן היגן באָדן.

## 4

# דאָס פּנים פֿון שטעטל און די אײנװױנער

בריסק איז געװען א הילצערן, נידעריק און שטיל שטעטל. אן אײלנ־דיק־פֿארבײפֿאָרנדיקע פֿור פֿלעגט עס זעלטן א װעק טאָן מיטן קלאפּנדיקן דרײ פֿון אירע אײזערנע רעדער־רײפֿן און הײם פֿערדס פּידקאָװעס איבער די קעפּלעך פֿון די שאָסײ־שטײנער. גאָר שנעל איז דער טומל פֿאַרקלונ־גען, און די געװײנלעכע שטילקײט האָט זיך װידער אױסגעגלעטיקט, װי די אױבערפֿלאַך פֿון אַ שטײענדיק װאַסער נאָך אַן ארײנגעװאָרפֿענעם שטײן. אױף לענגערע שעהען פֿלעגט די שטילקײט צעשלאָגן װערן בלױז אין די יאַריד־טעג און אין די װאָכן פֿון די קריסטליכע הגאות, פֿון פּראַ־װאָסלאװנע פּראָצעסיעס און קאַטױלישע „אָטפּוסטן“, װען איבערן ערדי־שן געטומל אין שטעטל איז אױך דער הימל־קופּאָל פֿול געװען מיט קלױס־טערישן גלאָקן־קלאַנג און מעטאַלענעם געברום.

באַזונדערס פֿלעגט רױשיק זײן אין שטעטל בעת די יידישע ימים־טו־בים פֿאַר דער צײט פֿונעם מגיד, אײדער די באַן איז דאָ פֿארבײגעגאנגען, װען טױזנטער הסידים פֿלעגן קומען, װער מיט דער אקס און װער צופֿוס, און דאָס שטעטל האָט געמוזט אױסברײטערן זיך על־פּי־נס, װי פֿארצײטנס ירושלים, װען אַלע יידן האָבן אַהין עולה־רגל געװען אױף די שלוש רגלים; אױך שפּעטער — אום ב׳ תמוז, אױפֿן מגידס יאָרצײט.

אױסערן צײט־סדר פֿלעגט די שטילקײט פֿון שטעטל אױפֿגעריסן װע־רן סײדן בעת אַ שרפֿה־אױסבראָך, װען ס׳פֿלעגט אַליאַרמירט װערן — אַמאָליקע יאָרן, דורכן פֿײערלעך־יאָמערדיקן געקלונגערײ פֿון די קלױסטער־גלעקער אין שטעטל, אױך דער פֿאַרשטאָט און אפֿילו אין נאָענטן דערפֿל סטאװוקע; אין די שפּעטערע — דורכן שארפֿן װאָרנענדיקן טרומײטערן פֿון דער פּאָזשארנע־טרובע.

בעת א שרפה פאַרוואַנדלט זיך דאָס שטעטל אין געוואַלד און געשריי, אין קוויטש און געיאָמער, אין געלויף און טראָגעניש פון זאַכן און בעבעכעס. שרפה הייסט — האַבלאָזיקייט, נאַקעטקייט, וואָגלעניש און נויט, אָרעמקייט און שאַנד לאַנגע יאָרן נאָך איר. „גאַרישע" קוימען־שרפות און אפילו „ליטשיטשע" שרפות פון איינציקע הייזער ווערן פריער צי שפּעטער אָפּגעווישט פונעם שטעטלס זכרון, זעלטענע גרויסע שרפות אָבער זענען אַריין אין דער זכרון־געשיכטע פונעם שטעטל און טייל אויך פאַראייביקט געוואָרן אין שטאָט־פּנקס: „די ערשטע גרויסע שרפה", ווען ס'איז אָפּגעברענט געוואָרן די הילצערנע שיל, וואָס איז צוריק גיישט אויפגעבויט געוואָרן, איבערלאָזנדיק נאָך זיך אַ זכר בלויז דעם שיל־פּלאַץ; „די צווייטע גרויסע שרפה", אָדער „שעיה לייב דעם ברענערס שרפה"; „דער רביצנס שרפה"; „די מלחמה־שרפה" און „די הויפּישע שרפה".

דער צענטער פון שטעטל, דער נאָפּל, איז געווען דער גרויסער מאַרק־פּלאַץ פאַזע דעם קאָוולער־לודמירער טראַקט, וואָס מיט זיין שאָסיי־שטייגעריק ריקן האָרבעט זיך אַרויס לענגאויס דעם שטעטל און איז אָפּגעגרענעצט ביי זיינע מיטשפּעדיקע זייטן מיט ראָוועס. די ראָוועס מיט אַ נעץ פון שמעלערע ריוועטשיקעס איבערן גאַנצן שטעטל פלעגט אָפּפירן אַלע וואַסערן צו די זומפּן פון דער מוריע. וואָס אויסגעטריקנטער די מוריע איז מיט דער צייט געוואָרן, אַלץ מער האָט זיך איינגעשרומפּן די ראָוועס־נעץ, און זייערע דנאָען האָבן זיך אויפגעהויבן, כדי מיט דער צייט זיך פולשטענדיק אויסצוגלייכן מיטן באָדן.

אין מיטן מאַרקפּלאַץ זענען געשטאַנען די פיר געמויערטע קלייטן־רייען, וואָס דער פרייער רוים צווישן זיי האָט געבילדעט א שתי־וערב; דאָס זענען געווען גאָר אַלטע מויערן מיט שינדל־דעכער, דורכויס אַ לאַטע אויף א לאַטע: פרישע הילצערנע ווייסע לאַטעס, עלטערע גרויע, גאָר עלטערע שוואַרצע, און די עלטסטע — מאָכיקע, געל־גרינגע. די צייט האָט מיט אירע נעגל שיין לאַנג אָפּגעקאַלופּעט דעם דיקן שיכט זאַמד־און וואַפּנע־שטוקאַטור פון זייערע ווענט און זיך אָנגעזעצט אויף זיי מיט איר גאַנצער שווערקייט, אַזש ערטערווייז האָבן זיך אין זיי שפּאַלטן באַקומען, און זייערע אַמאָליקע גרויסע ציגל שיטן אָפּ פון זיך אַ רויטלעכן מעליקן שטויב.

פון אַנטקעגנאיבער, פון דער צווייטער זייט שאָסיי, האָבן אויפן מאַרקפּלאַץ געהאַט אַן אויג די צוויי עלטסטע און שטאַרקסטע מויערן אין שטעטל: פון איבער אַ נידעריקן געווייסטן מויער־פּאַרקאַן, געדעקט מיט גרין־געפאַרבט בלעך — דער ווייסער, פריילעכער פּראַוואָסלאַווער

קלויסטער מיט די פּירקאַנטיקע גרויסע פענצטער, מיטן בלעכענעם גריי-נעם דאַך און קופּאָלן-דעכלעך, מיטן גלעקער-טורעמל אויף די אַקסלען, וועלכע האָבן אין די צאַרישע צייטן כמעט אַלע טאָג אונטערגעטראָגן דעם הימל איבערן שטעטל מיט זייערע גלין-גלאָנען, און זייער מעטאַלענער געזשום האָט וויברירט אין דער לופט און איז אויסגעגאַנגען הינטערן סאַמע האָריזאָנט. (די ערשטע וועלט-מלחמה האָט ביים קלויסטער צוגענומען די קופּערנע גלעקער אויף קוילן, און צו זיין צעקלונגענער דערהויבנקייט איז אים שוין נישט באַשערט געווען מער זיך אומצוקערן); —

אָנגעלענט אויפן קלויסטערס פּאַרקאַן — „די משיינע". אַ נייער בנין, וואָס ס'האָבן, אין דער צייט פון דעם ביילים-פּראָצעס, אויפגעשטעלט די אָרטיקע שוואַרץ-מאהניקעס, אונטערגעהעצט דורך אַ באַרוועסן גלח פון דער פּאַטשייעווער לאַווּרע (דער בנין האָט געזאָלט זיין זייער קלוב, וווהין ס'וועלן צונויפגערופן אַנטיסעמיטישע „סבאָדקעס". דאָ האָט אויך געזאָלט זיין אַ כלי-בו-קראָם, אַ קריסטלעכע, כדי אַרויסצורייסן דורך קאָנקורענץ דעם ביסן ברויט ביי יידישע קרעמער. דער דאָזיקער שוואַר-צער פּרוים איז טאַקע דערפילט געוואָרן, נאָר ערשט אין אַ צייט אַרום, פאַר דער סאַנאַטאָרישער פּוילישער הערשאַפט); —

אין שכנות מיטן פּראוואָסלאַוונעם קלויסטער — דער אָנגעשטרענגט-בייזלעכער קאַטוילישער קאָשטשאָל מיט הויכע בלינדע ווענט און שמאָלע אויסגעצויגענע פאַרשפּיצטע פענצטער, מיט אַ בלעכענעם טונקל-ברוינעם דאַך, אַרומגעגאַרטלט מיט הויכע גרוילעכע געמויערטע פּאַרקאַן-ווענט. לעבן אים, אָפּגעזונדערט, שטייט אויסגעצויגן זיין שמאָלער הויכפּאַר-שפּיצטער גלאָקן-טורעם, ווי אַ וועכטער, ציט זיך צו אים אַרויף און קאָן צו זיינע אַקסל נישט דערגרייכן. אינעם פאָרנטיקן דריי-עק פון דעם קאָשטשאָל-דאַך, איבערן קאַרניז, שטעקט אַ דיסק פון אַ גרויסן זייגערישן ציפערבלאַט מיט פאַרגליווערטע ווייזערס, ווי זיי וואָלטן מיטלען פאַר דער קאַטוילישער וועלט, אַז די צייט שטייט און רירט זיך נישט פון אָרט. אונטער אים איז דער קאַרניז אָפּט באַזעצט מיט אַ שורה ווילדע טויבן, וועלכע האַלטן זיך אויף אויפן סאַמע קאָשטשאָל-בוידעם; —

אַרייגנגעקוועטשט אין אַ ווינקל צווישן דעם קאָשטשאָלס פּאַרקאַן-ווענט — אַ נידעריק, דיק און פייכט געביי אין געדיכטן שאָטן פון הויכע טאָפּאָלן אינעווייניק אין פּאַרקאַן, ווי א קעלער, וואָס האָט זיך פון דער ערד אַרויסגעהויבן. (דאָ איז געווען דער אַפּטייק, אין וועלכן רב זכריה ראָזנפעלד פלעגט נאָך באַשטעלן בעל-פה די רעצעפּטן; די ערשטע

וועלט=מלחמה האָט אים הרוב געמאַכט, געלאָזט אים שטיין צטלעבע
יאָר הרוב מיט איינגעהאַקטע שויבן; ווען דער קישאָנדז האָט זיך נאָך דער
מלחמה אומגעקערט, אין דער הערגידעריקטער קאָפּיטשאָל איז אונטער
־ער פּוילישער הערשאַפט איינגעריכט געוואָרן, האָט ער אים מער נישט
געוואָלט פאַרדינגען אויף אַן אַפּטייק, ווייל דער ניי=געקומענער אַפּטייקער
איז געווען אַ ייד; דאָרט האָט איצט געוווינט הינטער ווייסע פירהאַנגלעך
אויף די פענצטער זיין יינגע בלוט=אין=מילכדיקע גאָספּאָדיניע; יונגע
ווייבלעך פלעגן זי אָפּט טרעפן אין וואַרטע=צימער ביים קאָוולער פרויען=
דאָקטאָר יאַוואָרסקי, וועלכער פלעגט זי מיט אַ ליבנסווירדיקן שמייכל
איינעמען איבער דער ריי אין לאָזן זיי, די וואַרטנדיקע ווייבלעך, שטילן
זייער נערעכטן פאַריבל מיט אַן איינגענומענעם שמועס מכוח דער
גאָספּאָדיניעס „בראָנגיישער קראַנקהייט“ און דעם דאָקטאָרס קונסט „אָפּ=
צוטרייבן“; הוין דעם איז זי דווקא געווען זייער אַ צניעותדיקע, די גאָס=
פּאָדיניע — אויפן שפּאַציר האָט מען זי קיינמאָל נישט געזען, אַפילו אין
די יידישע קלייטן איז זי זעלטן געקומען).

פון דאַנען זענען זיך צעגאַנגען די גאַסן פון שטעטל.

די הויפּט=גאַס האָט מען גערופן „דער שאָסיי“: ער ווינט אויפן
שאָסיי, — האָט מען געזאָגט. זי האָט זיך אָנגעהייבן ביי איין שטעטל=
ראַנד פונעם „קאָוולער=וועג“ און זיך פאַרענדיקט מיטן צווייטן שטעטל=
ראַנד ביים „לודמירער=וועג“. דאָס איז געווען, אַזוי צו זאָגן, די
שפּיגל=גאַס.

די צווייטע גרויסע גאַס איז געווען די „מאָנאַסטירער=גאַס“, וואָס
איך נישט=ברוקירטער, מיט „באַוירעס“ פולער, בלאָטיקער וועג האָט
געפירט צום גאָענטסטן דערפל סמאַווקע, און פאַזע אים, צווישן שטעטל
און דערפל, הינטער אַ שטאַכעטן=פלויט און צווישן ביימער באַזעצטע
מיט קראָען=נעסטן, האָט זיך געטוליעט אַ פּראַוואָסלאַווער מאָנאַסטיר.
אַמאָל האָבן אין אים געוווינט מאָנאַשקעס. די מאָנאַשקעס — געקליידט
אין שוואַרצע לאַנג=געפאַלדעוועטע און ברייט=אַרבלדיקע ריאַסעס מיט
שוואַרצע קאַפּיטשאַנעס ביז איבער די אויגן, מיט ווייסע ביינערנע צלמים
אויף זילבערנע קייטלעך איבער די ברוסטן. זיי פלעגן אַרומשלייכן מיט
געמאָסטענע שטילע טריט איבערן מאַרק בעת אַ יאַריד, אָדער אַרום
קלויסטער אין אַ חגא און, האַלטנדיק אין איין האַנט אַ תפילה=בוך און
מיט דער צווייטער קלינגענדיק איבער אים מיט אַ קליין=זילבערן גלעקעלע,
זאַמלען נדבות ביי די גלויביקע. שפּעטער אָבער האָט דער מאָנאַסטיר גע=

פוסטעוועט, און מע פלעגט אין שטעטל שמועסן, אז דער דיאק ניצט אים אוים אין פינצטערע נעכט אויף מיאוסע ליבע־שפּילערייען, און זיינע זינד פאַרקראַקען די קראָען אויף די ביימער.

די דריטע גרויסע גאַס — די „מאַציעווער גאַס", וואָס האָט אַרויס־געפירט צום „מאַציעווער וועג" הינטערן אַלטן בית־עולם.

פון די דאָזיקע גרויסע גאַסן האָבן זיך אָפּגעצווייגט:

די „בית־מדרש" אָדער „שיל־גאַס", פון וועלכער ס'האָבן זיך ווידער אָפּגעצווייגט:

דאָס „קאָוולער־געסל", וואָס האָט צוריק אַרויסגעפירט צום שאָסיי אויפן „קאָוולער וועג", און דאָס „קרומע געסל", וואָס האָט מיט אַ קרו־מער ליניע אַרויסגעפירט אויפן „לודמירער וועג"; —

„איצע אישענערס געסל", וואָס האָט צוגעפירט צום „קאָקליערס טייך".

דאָס דאָזיקע געסל איז אייגנטלעך באַזעצט געווען פון קריסטן, און פונדעסטוועגן האָט עס געטראָגן אַ יידישן נאָמען. איציע אישענער, וועלכער האָט געוווינט אין דעם געסל, האָט זוכה געווען נאָך פאַר זיין לעבן אַזאַ כבוד מצד דער יידישער באַפעלקערונג, און ער האָט פון דעם כבוד לאַנג גענאָסן, ווייל ער האָט געהאַט אריכת־ימים. ער איז געווען אַ שם־דבר. געווען דער ערשטער קעכער אין רביינס הויף נאָך פאַרן מגידס לעבן, און וועגן זיינע קאָך־קונצן זענען דערציילט געוואָרן חידושים. איז אויך געווען דער גערטנער פון דער רביצנס סעדל, אין וועלכן ער האָט געפלאַנצט יונגע ביימלעך און אַלערליי בלומען. אויך אין דעם האָט ער אַרויסגעוויזן קונץ־שטיק. ס'איז אפילו אויסגעקומען אמאָל אין „הויף" צו פאַרווישן זיינעם אַן אויפטו, וואָס איז עלול געווען צו ברענגען אַ הרפּה אויפן צדיקס הויז: ער האָט מרכיב געווען אַ צווייגל פון אַ באַרנ־ביימל אין אַן עפּל־בוים, און אויף איין צווייג האָבן זיך, צום גרויסן וואונדער און שרעק, באַוויזן צווייערליי פירות. דער בוים איז, פאַרשטייט זיך, גלייך נעלם געוואָרן, ווי אַ שיינער בייזער חלום. איציען האָט דער רבי געוואָלט אַרויסטרייבן, נאָר די רביצן האָט זיך פאַר אים איינגעשטעלט, און פון דעמלט אָן, אַ כּבֿרא, האָט מען אים אָנגעהויבן רופן „איציע דער רביצנס". „אישענער" ווידער איז נישט געווען, ווי ס'קאָן זיך אין פּלוג דאַכטן, זיין פאַמיליע־נאָמען (דעמלט האָט מען נאָך אין שטעטל קיינעם ביים פאַמיליע־נאָמען נישט גערופן), נאָר זיינער אַ צונאָמען פונעם וואָרט „אשה"; צי דאָס האָט געמיינט אַ געווינלעכע אשה,

מיט וועלכע איציע „אישענער“ זאָל האָבן עפּעס געהאַט א קוצעניו־מו־צעניו, צי די „אשה“ האָט פאַרמאַסקירט די רביצן אַליין, — דאָס האָט פאַרשוויגן אַפילו די שטעטלדיקע לשון־הרע, אויף וויפל זי איז צו די שפּעטערע דורות דערגאַנגען; —

דאָס „באָד־געסל“, וואָס אַזוי האָט מען עס גערופן אַפילו אין די יאָרן, ווען די אָפּגעברענטע שטאָט־באָד איז נאָכנישט צוריק אויפגעבויט געוואָרן, און שטאָט האָט זיך באַנוצט מיטן „רבינס בעדל“, ביז ס'איז אַוועק מיטן פייער פון „דער רביצנס שרפה“ צוגלייך מיט דער רביצנס בעדל („אַ פלאַם צוליב א גראָס, — האָט זיך געוועלט לוי שמעון הערשלעכעס: מיט דער רביצנס סעדל איז אראָפּ דעם רבינס בעדל“)

שוין. דאָס זענען די גאַסן און געסלעך פון מריסק מיט זייערע יידישע נעמען. אַנדערע נעמען, אָפיציעלע, האָבן זיי באַקומען שפּעטער, דייטשע — פאַר דער דייטשער אָקופּאַציע־הערשאַפט, און פּוילישע — פאַר דער פּוילישער הערשאַפט. אָבער די דאָזיקע אַרויפגעצוווּנגענע נעמען האָבן זיך נישט אָנגענומען, זענען דעם שטעטל פרעמד געבליבן, אַזוי אַז נישט איינער האָט אַליין נישט געוווּסט אויף וואָסער גאַס ער וווינט לויט איר אַפיציעלן נאָמען.

יאָ, די הייזער אין שטעטל זענען געשטאַנען אָפּגעטרעטן איינס פון ס'אַנדערע, און דער דאָזיקער אָפּשטאַנד האָט זיך אויך גערופן „געסל“; אַזאַ געסל פלעגט מען רופן אויפן נאָמען פון די באַלעבאַטים פון די הייזער, וואָס דאָס געסל האָט פאַנאַנדערגעטיילט. אַזעלכע געסלעך, זענען, פאַרשטייט זיך, געווען אַ סך: אויב, לאָמיר זאָגן, דאָס שטעטל האָט זיך צוזאַמענגעשטעלט פון בערך פיר הונדערט הייזער, זענען אויך געווען כמעט אַזויפיל געסעלעך.

טייל יידישע הייזער האָבן אויך געהאַט גערטנער פאַר גרינוואַרג און שטאַלן פאַר קי. (אין די פריערדיקע צייטן זענען אין שטעטל געווען א סך ציגן, וועלכע זענען אָפט געגאַנגען אין שאָדן, ביז מ'האָט סוף־כל־סוף פאַרווערט די יידן זיי צו האַלטן — „גזירת־הציגן“).

* * *

די שטעטלדיקע באַפעלקערונג איז געווען אַ יידישע און אַן אוקראַיני־שע. פּאָליאַקן זענען דאָ געווען ווייניק: פאַר דער צאַרישער הערשאַפט — בלויז זיי אויף די פינגער צו ציילן, דאָס גלהות מיט זיין דינערשאַפט;

פאַר דער פּוילישער הערשאַפט — אויך נישט קיין סך מער. ס'זענען צוגעקומען די פּאָטשט־גמינע־ און באַן־באַאַמטע און דער פּעדאַגאָגישער פּערסאָנאַל פון דער „פּאָווּשעכנער" שול, ווו ס'האָבן געלערנט אַלץ אוק־ראַינישע און א קליינע צאָל פּוילישע און יידישע קינדער.

פון יידן איז באַוווינט געווען דער צענטער פון שטעטל מיט די ערשטע העלפטן פון די גאַסן, די צווייטע העלפטן פון די גאַסן — פון קריסטן. אָט די דאָזיקע גאַסן־העלפטן האָבן זיך אויסגעטיילט מיט זייער ריינקייט, כאָטש פון שטעלעכלעך האָבן דאָרט אַרויסגעסאָפּעט, אַרויס־געברומעט און אַרויסגעקוויטשעט חזירים מיט חזירימלעך. די הייזלעך דאָ זענען געווען ווייס־געקאַלכטע, נידעריקע, מיט קליינע פענצטערלעך, איבער וועלכע ס'האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט קומשמעס פון שטרויענע דע־כער. דורך זייערע שימערירנדיקע שייבעלעך האָבן אַרויסגעקוקט וואַזאָ־נעלעך, וואָס האָבן זיך מיט זייער בלאַסלעכן גרינס און פאַרשידנפאַרביקע קווייטלעך איבערגעוועבט מיטן זאַפטיקן גרינס און די בלימלעך פון די שמאָלע גערטנדלעך פאַר זיי. הינטער די הייזלעך האָבן זיך געצויגן היפּשע גרינוואַרג־גערטנער, אָפט פאַרענדיקטע מיט פרוכטן־סעדלעך. זו־מערצייט, בעת די יידישע שטיבער זענען געשטאַנען נאַקעט אויפן גרויען באָדן, וואָס האָט פון טרוקנקייט אַזש געפּלאַצט און געלאָזט אַ ליאַדע שטיפעריש ווינטל אויפהייבן פון זיך אַ שטויב קעגן דער זון, האָבן זיך די קריסטלעכע ווי געטונקען אין גרינס...

אין די פּעריפעריעס פון שטעטל זענען אויך געווען אַ פּאָר גרעסע־רע פרוכט־סעדער, פאַרדונגענע צו יידישע סאַדאָווניקעס:

דעם דיאַקס סאַד אין דער „מאָנאַסטיר־גאַס" (דער דאָזיקער סאַד איז באַוווּסט געווען צווישן יידישע חדר־יינגלעך הערמיט, וואָס עס וואַקסן אין אים אַפילו וועלשענע ניס! אז מע רייסט זיי אָפּ מיט די בלויזע הענט, ווערט די הויט רויט, ווי פון יאָדינע. הוץ דעם וואַקסן דאָרט צוויי ביימ־לעך מיט אַזעלכע עפּעלעך מיט רויטע בעקעלעך. עפּעלעך — ליאַלקעלעך. קליינינקע, אָבער ציטיקע, מיט שוואַרצע יאָדערלעך אין די קליינע הערצעלעך. עפּעלעך — קאַרליקלעך. ארץ־ישראל־עפּעלעך. שוין איינמאָל עפּעלעך! מאַקע גאָר קיין ארץ־ישראל צו פאָרן, ווו ס'וואַקסן טייטלען און פייגן מיט באָקסערן, כדי אַזעלכע עפּעלעך איינצוהאַנדלען! דער דאָ־זיקער סאַד איז אויך אין זכרון פון די דערוואַקסענע פאַרצייכנט געווען — מיט בלוט. געשמועסט וועגן דעם האָט מען זעלטן און אויסמייַדנדיק, עפּעס ווי מע וואָלט אַליין אין דעם שולדיק געווען: איינמאָל, רייסנדיק

עפל, איז דאָרט פון אַ בוים אַראָפּגעפאַלן משה גיילים עלטערער בחור און פאַרבליבן אַ קאַליעקע; אַ צווייט מאָל איז, רחמנא־ליצלן, אַראָפּגעפאַלן פון זיין העכסטן בוים ניסל גרשון מלמדס, אָט דער גבר, וואָס — ווי קומט גאָר אַזעלכער צו אַ יידישן מלמד?! — וואָס פלעגט אָפט נאָך אַ יאריד אַזוי צעקיילן די פאַרזויפטע פויערים, וואָס האָבן זיך אַרומגע־וואַלגערט לעבן זייער שכנותדיקן טראקטיר, אז „אין דרהיים וועט אים שוין זיין אייגן ווייבערו נישט דערקאָנען!“. ער האָט אזוי טראסק געטאָן איף דרערה, ניסל גרשון מלמדס, אַז מע האָט אים שוין אַ גוסס אויפ־געהויבן); —

דעם קיטאָגדזוב סאָד הינטערן קאָשטשאָל, אין שכנות צו דער צפונדיקער זייט פון שטאָט־בית־מדרש. אויף זיינע פוסטע ביימער זענען געזען מער קראָען, ווי פרוכטן אויף זיינע פרוכט־ביימער. צוליב זיי האָבי די צפונדיקע פענצטער פון בית־מדרש געמוזט זיין תמיד פאַרמאַכט, ווייל זיי פלעגן, ווי אויף צו־להכעים, פארקראקען די יידישע תפילות; —

און — ווי זאָל נישט דערמאָנט ווערן שרה ליבעס סאָד! אמת נישט אַזאַ גרויסער, אָבער אַ וונדער־סאָד: אַ יידישער סאָד, וואָס גייט איבער בירושה פון דור צו דור. דער האָזיקער סאָד מיט זיינע געציילטע קרענקלעכע פרוכט־ביימער, וואָס האָבן אויך געבוירן קרענקלעכע פירות, פלעגט אויפגיין, אין די שפעטערע יאָרן, פאַר די אויגן פון די שילער פון דער יידיש־וועלטלעכער שול, ווען זיי האָבן געלערנט אָדער דעקלאַ־מירט משה לייב האַלפּערינס ליד „אונדזער גאָרטן“.... „וואָס דען, נישט אונדזער גאָרטן?“... שרה ליבעס גאָרטן. וויפל די אַלטע שרה ליבע, פון די נשים צדקניות, האָט זיך עס אָנגעליטן פון איר סאָד! יידישע קינדער רייסן פירות פון אירע ביימער אום שבת! מילא, די גזלה איז זי זיי מוחל, זי איז די פירות לכתחילה מפקיר פאַר זייערטוועגן, אָבער דעם הילול־שבת ווער וועט זיי מוחל זיין?!

די קריסטלעכע באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון: מלוכה־ און קאָמונאַלע באַאַמטע, קלויסטער־ און קאָשטשאָל־גלחות מיט זייער דינער־שאַפט, פון מעשטשאַנעס רייכע, מיטעלע און אָרעמע, וואָס האָבן באארבעט זייערע גערטנער און פעלדער, געקאָסעט דאָס היי פון די די קהלשע לאָנקעס און באַזאָרגט זיך מיט בוי־געהילץ און ברען־האָלץ פון די קהלשע וועלדער.

קריסטלעכע באַלמעלאָכעס זענען געווען געציילטע: איין קאָוואל, איין מילנער, אַ שוסטער און אַ באָנדער, וועלכע האָבן געוווינט אין דער

„קרומער גאַס“, און דער „באָד“ אָדער „שבת-גוי“, מיטריפאַן. אויך קיין קריסטלעכע קרעמער זענען נישט געווען, אויסער דעם איינעם פון דער „סאָיוזנער לאַווקע“ אין דער געמוירעטער „משיינע“. סיידן מע זאָל פאַר אַזעלכע פאַררעכענען די קאַלבאַסניקעס. זיי פלעגן זיצן לעבן די יידישע קראָמען ביי אַ ריי אָפענע שטעלעס — טישן מיט שטאַלנס, מיט לייוונטענע דעכלעך. אונטער די דעכלעך זענען אויף אַ הילצערנעם שטענגל געהאַנגען פארפעטסטע רויט-ברוינע און ברוין-שוואַרצע וורשט-רעדער, און אויפן שמוציק-דורכגעפעטסטן טישל — בלאַמען שפעק, וואָס האָבן געגלאַנצט קעגן דער ליכט פון טאָג מיט באַזאַלצענער צעשמאָלצנקייט, בערגלעך שליימיקע אינגעווייידן, פארשידנערליי וורשטן און קאַשניקעס מיט שוואַרץ-ברוינעם חזיר-בלוט. יידן פלעגן זיי פאַרביי-גיין, זיך האַלטנדיק מן-הצד, זיך פאַרקוקנדיק, ווייל „די גרינע גאַל קערט זיך דערפון איבער“. איבערהויפט האָבן פאַר די שטעלעס געהיט זייערע אייגן און נעז יידישע ווייבלעך אויף דער צייט, ס'זאָל זיי, חלילה נישט אָנ-באַפּן קיין נישט-גוטקייט צום הלשן... ס'קאָן נאָך, גאָט באַהיט, געבוירן ווערן אַ חזירישער פּרצוף!

די יידישע באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון: כלי-קודש און מלמדים; אַ קליינע צאָל וואַלד-סוחרים, צווישן זיי, שפעטער, די מיל-באַלעבאַטים; פּי- און תבואה-הענדלער; אַ פּאָר שענקערס, דאָרפס-גייער און קליינהענדלער מיט אייער, פעל, חזיר-האָר און אנדערע זאַכן; אַ היפּ-שע צאָל קרעמער און קצבים; באַלעגאָלעס און לערער. דער גרעסטער טייל אָבער פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט באַלמעלאָכעס, אָדער, ווי מ'האָט זיי נאָך דער וועלט-מלחמה אָנגעהויבן רופן מיט דער צייטונגס-שפּראַך,האַנטווערקער, מיט זייערע געזעלן — אייגענע קינדער אָדער פרעמדע: שוסטערס, שניידערס, סטעלמאַכעס, קאָ-וואַלעס, מעסליערעס, מעבל-מאַכערס פאַר עקספּאָרט און אַנדערע. אַפילו דער איינציקער רימער אין שטעטל איז געווען אַ ייד. געווען אויך אַזעלכע, וואָס חוץ זייער גרונט-באַשעפטיקונג האָבן זיי נאָך געהאַט דערנעבנדיקע: אַ מלמד איז גלייכצייטיק געווען אַ שדכן, בעת זיין ווייב האָט אַרומגע-טראָגן פאַרקויפן מילך; אַ קליינהענדלער — אַ סאַדאָווניק, בעת זיין ווייב האָט פאַרקויפט די פרוכטן פון אַ שטעלע אין מאַרק, און אַזוי ווייטער. בקיצור: אַ סך מלאכות און וויניק ברכות.

## 5

# טריסקער גנבים

דאָס איז געווען אַ גאַנץ היפּשע באַנדע, אָנגעפירט פון אַ ראָש, וואָס מ'האָט אים גערופן „דער רבי". די דאָזיקע באַנדע האָט בעיקר געאַרבעט אין „אויסלאַנד", ס'הייסט, אויסער די גרענעצן פון שטעטל. אדרבא, אַ דאנק איר האָט זיך דאָס שטעטל געפילט זיכער אפילו קעגן גנבים פון דרויסן. קיינער וועט זיך נישט דערוועגן אריינצוגיין אין דעם גבול פון די היגע גנבים. אויך גנבים האָבן זיך זייער "שולחן־ערוך", וואָס מ'צ מעג און וואָס מע טאָר נישט. דאָס צוזאמענהויזן פון די ביידע רבים, דעם חסידישן רבין און דעם „רבין" פון די גנבים, אין דעם מתנגדישן און גנבהשן שטעטל, האָט באוויזן באַשיימפּערלעך, אַז ווו ס'איז קדושה, דאָרט איז אויך טומאה, און ווו ס'איז צדקות, דאָרט איז אויך פאראַן רשעות...

אויסטערליש איז געווען דאָס, וואָס מיטשקע באַלעגאָלע, דער לעצטער „רבי" פון די גנבים, האָט געכאַפּט דעם אָנבליק פונעם רבין רב יעקב לייבוניע. דאָס האָט מען געזען, אפילו ווען דער רבי האָט שוין אין טריסק נישט געוווינט, לויט דעם רבינס פאָטאָגראַפיע, וואָס איז געהאָנגען אין פארשיידענע שטיבער. מעטשקע האָט געהאַט אריכת־ימים און מיט אַ סך יאָר איבערגעלעבט סיי דעם טריסקער רבין, סיי זיין אייגענע גנבים־באַנדע. ער איז געווען „דער לעצטער מאָהיקאַנער". בעת דער גרויסער וועלט־מלחמה איז אונטערגעגאנגען דער גנבים־פאַך, און ס'איז אויפגעקומען דער שמוגלער־פאַך, און דעמלט איז ער ווי אַן איבעריקער מענטש, געשטאָרבן. קיין גרויסע „שבחים" האָט מ'צן נאָך זיין מיתה נישט נאָכדערציילט. ער האָט אפּנים פאר דער צייט פון זיין גנבהשער „רעגירונג" קיין גרויסע זאכן, קיין „מופתים" נישט באוויזן אויפצוטאָן. די ידיעת

וועגן זיין טויט איז זיך צעגאנגען איבערן שטעטל מיטן ווערטלדיקן נוסח פון לוי-שמעון הערשעלעכעס.

— דער לעצטער טריסקער „רבי“ איז נסתלק געוואָרן. מיט זיינע „לאנגע הענט“ זאָל ער דעם גן-עדן דערלאנגען!

מ'האָט צוגעשמייכלט. דער קברן האָט אים באגראָבן, און דאָס שטעטל האָט אים פארגעסן.

דערפאר אָבער האָבן זיך אין שטעטל לאנגע יאָרן דערהאלטן וווּנדער-מעשיות וועגן איינעם א פריערדיקן „רבין“, ווען די גנבים-באנדע איז נאָך געווען אין איר גאנצן גלאנץ. משה קאַטאַזשאַן האָט מען אים געזאָגט. א יינגערער ברודער פון דעם דרדקי-מלמד מאיר לייב מיטן געברעכניש. ווי שיקט זיך צום אזעלכע צוויי ברידער? מילא, אמאי יעקב מיט עשון. געווען איז ער באמת נישט מעה ווי אַ גנב, נאָר ס'איז געשען אַזוי, אַז מ'האָט אים באַשולדיקט אַזש אין אַ מאָרד, און ער איז אומשולדיק פאַר-שיקט געוואָרן אויף קאַטאָרגע. אָבער ער אליין האָט דאָך געוווּסט, אז ער איז גאָט די נשמה שולדיק, אַז ער איז אזוי שולדיק אין מאָרד, ווי ייִדן אין עלילת-דם — וואָס זשע וועט ער דאָ גיין אויסזיצן די קאַטאָרגע פאר פרעמדע חטאים?! — האָט ער גענומען און צעריסן די קייטן (ווייל אַ גבר איז דאָס געווען — שמשון הגבור!), און איז אַנטלאָפן אין געקומען אהיים, קיין טריסק.

די ערשטע צייט האָט ער זיך אויסבאהאלטן אין די קעלערן פונעם „זאמעק“, וואָרום וואָס? ער האָט געזאָלט מורא האָבן פאר די שדים? אַז די שדים האָבן גאָר, א סברא, מורא געהאט פאר אים!

דערנאָך איז ער פונדאנען אוועק. וווהין? ווער ווייסט? און צי איז ער גאָר בכלל אוועק? א סברא טאקע, אז ער פלעגט אָפּזיצן גאנצע חדשים דאָ אין שטעטל, און פאָליציע האָט געוווּסט הערפון, נאָר זי האָט מורא געהאט אים צו כאַפּן: וואָס וועט זי טאָן מיט אים? אין קייטן פאַרקאָ-וועט? אז משה קאַטאַזשאַן האָט אַזא מין שם-המפורשל צווישן די „לאנגע פינגער“ — ווי נאָר ער טוט מיט זיי א קוועטש און אַ דריי, איז אראָפּ איין רינגעלע, און נאָך א רינגעלע, און נאָך א רינגעלע, און — שוין! אויס קייטן! אָבער אז פון צייט צו צייט פלעגט ער אראָפּקומען אהער און אפילו איבערנעכטיקן ביים ברודער דעם דרדקי-מלמד, דאָס איז זיכער. מיט זיין חדר איז מאיר לייב מיטן געברעכניש געווען פעלץ: ווער וועט זיך עס איינשטעלן אָפּצוזאָגן אים צו געבן א קינד אין חדר אריין, אַז ער האָט אַזאַ ברודער?!

אימת־מות האָט מען פֿאַר אים געציטערט, דעם קאַטאַזשאַן. מ׳האָט זיך אָבער מיט אים אויך גרויס געהאַלטן: „אַ יידישער גזלן“! אי קיין גזלן איז ער, חלילה, נישט, אי ער טוט דיר אַ פֿאַרשטעק דעם גרעסטן אמתן גויאישן גזלן אונטערן ברודערס גאַרטל...

מ׳האָט אים אַפֿילו ליב געהאַט אויך. אַז גנבים פֿון דער פֿרעמד האָבן אַהער פֿאַרבלאָנדזשעט אין אַ פֿינצטערער נאַכט און אַ היגן באַלעבאָס אָנגעפּאַסקודיעט, האָט נישט לאַנג געדויערט, און מישה קאַטאַזשאַן האָט אָן אַ גראָשן געלט מודיע געווען דורך זיין ברודער: דאָ־און־דאָ ליגט די גנבה, גייט און נעמט זיך אָפּ אייערס און, למען־השם, קיין גראָשן אייסקייף־געלט נישט געבן... מע טאָר קיין פֿרעמדן גנב קיין וועג נישט וויזן.

— כל־זמן איך, מישה קאַטאַזשאַן, בין אין דער היגער „פּראַכוויע“, — האָט ער זיך איינמאָל אַ באָבע געטאָן מיטן קילאַק אין האַרץ אריין — זאָגט איך, מיינע טריסקער יידן, קיין האָר פֿון דער באָרד וועט קיינעם נישט געמינערט ווערן.

פּלוצעם האָט מען זיך געכאַפּט, אַז עפּעס הערט מען שוין נישט קיין לענגערע צייט וועגן מישה קאַטאַזשאַן. ווי ער וואָלט ערגעץ אין וואַלד אין דרערד אַריין... מע זאָל אים האָבן פֿאַרט געכאַפּט און פֿאַרשיקט אויף אייביקער תפֿיסה שוין? שיקט זיך נישט צו זאָגן: פֿאַרוואָס אַנטלויפֿט ער נישט נאָכאַמאָל? ער זאָל ווידער האָבן געשטאָרבן מיטן אייגענעם טויט? איז ער נאָך צו יונג — אַ יונג, אַ דעמב פֿון אַ יאָר פֿערציק. סיידן אַ קויל פֿון ווייטן האָט אים אַוועקגעלייגט, אָדער, חלילה, ער האָט זיך פֿאַרקילט. סיי־ווי, ס׳איז אַ גרויסער שאָד, וואָס זיין ברודער, מאיר לייב מיטן געבראָכענעם, האָט אפֿילו נישט געוווּסט נאָך אים שבֿעה צו זיצן און קדיש צו זאָגן. אַ ריר צו טאָן זיך מיט די קייטן אויף יענער וועלט אָן אַ קדיש איז אַוודאי נישט פֿון די גרינגע זאַכן.

די גנבים־באַנדע איז נישט באַשטאַנען דורכויס פֿון יידן; געווען צווישן זיי אויך קריסטן. אמת, קיין נישט־יידישער גנבים־„רבי“ איז נישט געווען. דערצו זענען שוין ווייניק די בלויזע „לאַנגע הענט און פֿיס“. מע מיז דערצו האָבן אויך אַ יידישן קאָפּ אויף די פּלייצעס.

לאַנגע יאָרן איז צווישן הדר־יינגלעך אַרומגעגאַנגען אַ זידל־וואָרט „קאַליעניק“. דאָס איז געווען דער נאָמען פֿון איינעם אַ חבֿרה־מאַן פֿון דער גנבים־באַנדע. אַ פּאָליאַק איז ער געווען. אַ יונגער, שלאַנקער, בלאָנדער בחור. אַן איידעלער, מיט בלויע אויגן, ווי אַ פּאַננע. אַ קראַ־

באַוועג. ער פלעגט זיך טאַקע טײלמאָל פאַרשטעלן אין פרויען־אָנטאָן־
דין און בייגעוודיק איז ער געווען, ווי אַ גרינגער טשערעט; רירעוודיק
און שווימקע, ווי אַ מײזל; שלענגלדיק און גליטשיק, ווי אַ וויון — כאַפּ
אַזעלכעס! שיט אים זאַלץ אויפן עק! האָט זיך טאַקע פּאָליציע כסדר
געיאָגט נאָך אים — אָט, אָט! און ער — אַ ווינט אין פעלד האָט שוין
ווער געכאַפּט פאַר אַ פּאָלע?! נאָר איינמאָל האָט מען אים אַזוי אַריינ־
געשבנט, אז ראכט זיך — שוין! פאַרן געקראַטעוועטן פענצטער א
שומר מיט אן אָנגעלאָדענער ביקס, און הינטער דער טיר מיטן קוק־
פענצטערל — אַ צווייטער, און ער אינעווייניק — מיט גאָלע הענט.
איז שוין דאָ אַ רייד פון אַנטלויפן? ער, קאלעניק, האָט זיך פאַריאושט,
נאָר רואיק געלייגט אויף דער באַנק, געשלאָפן אפנים, און זיינע
שומרים האָבן איינגיבן טאַקע דערהערט — הער פויגל אין שטייג
שנאָרכט. און פונדעסטוועגן איז מיטן טאָג גלייך דאָס תפיסה־קעמערל
געווען ליידיק. אַ רעטעניש פאַרן סטארשינא פונעם וואָלאָסט און דעם
אוריאדניק פון שטעטל. אַ קאָפּברעכעניש!
דעם זעלבן טאָג איז געווען אַ יאריד אין שטעטל, און סע זענען
אויף אים אויסגעפירט געוואָרן עטלעכע קליינע גנבהלעך מיט אַזאַ
פלינקייט און ספּריט, וואָס האָבן עדות געזאָגט, אַז קאַלעניק האָט שוין
אויך תלמידים. איז דאָך עס געגוג אַ שיינע מעשה, אַ? איז אויפן צווייטן
טאָג קלאָר געוואָרן נאָך עפּעס שענערס: ס'איז טאַקע געווען די האַנט־
מלאכה פון קאלעניקן בכבודו ובעצמו. פון תפיסה־קעמערל האָט ער זיך
ארויסגעקריגן נישט־מער און נישט־ווייניקער ווי דורכן קוימען. שוין
נישט מיט קיין בלאָנדער, נאָר מיט אַ שוואַרצער טשופּרינע איז ער זיך
פראנק און פריי ארומגעגאַנגען אויפן יאריד־מארק צווישן די וועגענער
מיט די אויפגעשטעלטע האָלאָבלעס, האָט זיך אונטערגעפייפט און געטאָן
דערביי מיט די פלינקע הענט זיין פלינקע כישוף־מלאכה.
געווען נאָך אַ באַרימטער גנב: אַ קליין אוקראַאיניש בעטלערל. ער
האָט אויסגעזען ווי אַ מענטשעלע אויסגעשטאָפּט פון וואַטע. הענט און
פיס זענען אים געווען אַרומגעוויקלט מיט שמאַטעס און האָבן אויסגעזען
ווי קליינע דיקע וואַליקלעך. דאָס פּנים ברענדיק רויט, ווי מיט מוכאָמאָ־
רעס באַוואַקסן, און פון דער טיף פון אונטערן שטערן האָבן אַרויסגעבליקט
צעיאַטערטע טריבע בעטלענדיקע אויגן:
— שענקט אַ נדבה, יידעלעך, טאַטעלעך, מאַמעלעך! — פלעגט ער
בעטלען אויף יידיש, אויסשטרעקנדיק אַ האַנט־וואַליקל.

יידן פלעגן צוישמייכלען אויף זיין יידיש־לשון פון א שטומען צונג אין אויף נאָך עפּעס, און דערלאַנגען אים וואָס.

— ברענט קיישקעס, געדערעס, — פלעגט ער זיך ווי גלייכגילטיק קלאָגן — גי זאָווערמילך.... לעשן פייער...

אנדריימשיק גנב האָט מען אים גערופן. ער איז געווען דער לעצטער פון די „טריסקער גנבים“ — א קליין־גנב, אַזוי צו זאָגן. ער האָט איבער־געלעבט מעשקע באַלעגאָלע, דעם „רבין“ פון די גנבים. אונטער דער הדרכה פון מעשקען, האָבן יידן געגלייבט, וואָלט אים נישט געווען טרעפן דאָס ווייסטע טרעפעניש, וואָס האָט אים, פאַר קיין גנב געדאַכט, געטראָפן:

איינמאָל האָבן אים דאָרפס־פּויערים געפּאַקט אין קלויסטער ביים באַטע אַראָפּגנבענען אַ שטיקל צירונג פון „גאָטס מאַמע“. האָבן זיי אים אין הייליקן צאָרן געבונדן הענט און פיס און, ווי א סנאָפּ, אַרויפגעוואָרפן אויפן סמויג היי, וואָס איז געשטאַנען דאָ מאַקע אויפן קלויסטער־געדנדל, און אים אונטערגעצונדן... דערביי איז געהאַלטן געוואָרן דאָס בילד פון „גאָטסמאַמע“, זי זאָל צוזעען מיט אירע אייגענע ליכטיקע אויגן, ווי די הייליקע דאָרף־טשערעדע נעמט נקמה פאַר איר שענדונג... עפּעס מיט נסים האָט ער זיך אַרויסגעראַטשקעוועט פונעם פייער, אנדריימשיק, און איז קוים מיטן לעבן אַנטרונען.

נאָך אנדריימשיקן איז שוין די „טריסקער גנבים־באַנדע“ פאַרבליבן בלויז לעגענדע. די יידן פון שטעטל האָבן פאַרדינט זייער אויסקומעניש ווער — שוסטער, ווער — לייכטער, ווער — ערלעך, ווער — ווייניקער ערלעך, אָבער קיין קלויסטער האָט קיינער פון זיי נישט באַגנבעט און נישט געשענדעט....

נאָך איין געשיכטע פון די גנבים־געשיכטעס פון שטעטל. ווי צווישן פון א פאַרצייטיקן קאָלירטן בגד האָבן זיי זיך, די געשיכטעס, פאַרוואַל־גערט אין דעם פאַרשטייבטן האָב און גוטס פון זקנים, וואָס האָבן דערלעבט זייערע לעצטע יאָרן:

געווען אַמאָל א היגער תושב מיטן נאָמען מאיר ריוועס. א גליד פון אַ חשובער משפּחה. אַ פּשוטער ייד, אָבער אַן ערלעכער. נישט קיין בן־תורה, נאָר איבער אַ פּרק משניות איז ער שטענדיק געזעסן. ער פלעגט איינקויפן אויפן דאָרף „שטיקלעך“; אַליין קיין קצב איז ער נישט געווען. מאַכט זיך איינמאָל אַזאַ געשיכטע: אין אָבעניזש, א דאָרף, וואָס געהערט צו טריסק, האָט מען אין א מיטנאַכט באַרויבט דעם דאָרטיקן

אַלטן גלח — מענטשן אין מאסקעס. צוגענומען פון שטוב ביז איין פּאָ־
דעם. דער אַלטער גלח איז פאַרבליבן פשוטו־כמשמעו אָן אַ העמד אויפן
לייב, כאָטש נעם אים אַ לעבעדיקן און לייג אים אַריין, אַזויווי די מאַמע
האָט אים געהאַט, אין אַ טרומנע און פיר אים אַוועק אויף די „מאָלקעס".
גלייך אויף דער ערשטער אויספאָרשונג האָט דער אַלטער גלח דערקלערט
בישט מער און נישט ווייניקער, אַז צווישן די רויבער האָט ער דערקענט
מאיר ריוועס, וועלכער האָט ביי אים דעם זעלבן טאָג אַ קעלבל געקויפט
און אויסגעקוקט ביי אים די שטוב און די שטאַל. איין וואָרט —
„באַטיושקאַ" — האָט ער אים געזאָגט, מאיר ריוועס, דער רויבער אין
דער רויטער מאַסקע (אַ מאַסקע, ווי ס'טראָגן די יידן אום פורים), — האָט
ער אים גלייך דערקענט. ווען מאיר ריוועס, דער רויבער אין דער רויטער
מאַסקע, וואָלט נישט געווען האַלטן קיין פּיסטויל איבער זיין ווייסן קאָפּ,
וואָלט ער געווען צו אים אַ געשריי געטאָן:

— דו, מאיר, אַזאַ אָרנטלעך יידל, זאָלסט אַזעלכעס טאָן? אין דער
יידישער תורה שטייט דאָך אויך, אַז מע טאָר נישט רויבן!

דאָס גאַנצע שטעטל וואָלט פאַר מאיר ריוועס יידישקייט און
ערלעכקייט געגאַנגען שווערן ביי אַ רייניקייט פאַר שוואַרצע ליכט.

נאָר דער אַלטער גלח — געווען דווקא אַן ערלעכער און פרומער
מאַן, און קיין יידן נישט פיינט געהאַט — האָט זיך איינגעקשנט, ווי אַ
יונגער לאָשעק דאָס ערשטע מאָל אין שפאַן, אַז נאָר מאיר ריוועס, נאָר
מאיר ריוועס איז עס געווען דער רויבער אין דער רויטער מאַסקע. בלויז
איין וואָרט האָט ער אים געזאָגט: „באַטיושקאַ" — און ער האָט אים
דערקאָנט.

די שאַנד איז גרויס געווען. נישט נאָר פאַר מאיר ריוועס לייטישער
משפחה, נאָר פאַרן גאַנצן שטעטל יידן. האָט קהל געשיקט צום אים,
צום אַלטן גלח, אַ מענטשן, ער זאָל אים באַין־ברירה אונטערקויפן מיט
געלט — ער זאָל מוחל זיין, ער זאָל אויפן געריכט אַ דריי טאָן אויף
צוריק מיט דער צונג.

האָט ער אַ שפּיי געטאָן אויפן געלט, דער אַלטער גלח, זיך איבער־
געצלמט און אוועקגעשליכט:

— אַן אַנדער יידן וואָלט ער אפשר מוחל געווען, מאירן, אַ היימישן
יידן — נישט. אַ פּיסטויל איבער זיין קאָפּ האָט ער געהאַלטן, זאָל ער
אָפּקומען פאַר זיינע זינד, ווי ער האָט זיך עס פאַרדינט.

האָט קהל אונטערגעשטירט גאַטשאַלקסהויז: ס'איז דאָך געגאַנגען אינעם גוטן ייִדישן נאָמען. פֿון אַזאַ זאַך קאָן נאָך אַמאָל אַרויסקומען, חלילה, אַ פּאָגראָם. הײַנט דעם — עפּעס אַ קלײניקײט „פּדיון־שבויים“!

איבן געריבט האָט מען זיי, מאיר ריװעס און, להבדיל, דעם אַלטן גלח, נעשטעלט אויף אין „אָפּשנע סטאַװקע“, אויג אויף אויג. האָט זיך דער אַלטער גלח צעוויינט:

— איך האָב אויף דיר רחמנות, מאיר. אַ שאָד אַן אָרנטלעך ייִדל. איבן קעלבל האָסטו מיר מאַקע דעמאַלט נישט אָפּגענאַרט. נאָר איך שווער בײַ אָט דער שוואַרצער ריאסע און מײַן ווײַסער באָרד, אַז דו ביסט עס געווען, נישט קיין אַנדערער, דער רויבער אין דער רויטער פּורים־מאַסקע. געדענקסט, ווי דו האָסט מיר אַזוי אַ זאָג געטאָן „באַ־טיושקאַ“? אַזוי האָב איך דיר גלײַך דערקענט, ווי אַן אײגענעם טאַטן... דער שטן האָט דיך אַיוהאי אויף די הערנער גענומען און צו מיר אין שטוב אַרײַן פֿאַרפֿירט... דאַרפֿסטו, נעבעך, אָפּקומען פֿאַר די זינד. אַז דײַן גאָט וועט דיר מוחל זײַן, אַז יעזוס וועט דיר מוחל זײַן, וועל איך דיר אויך מוחל זײַן...

— און איבן צלם וועסטו איך שווערן, באַטיושקאַ? — האָט אים מאיר ריוועס אַ פֿרעג געטאָן, ווײַס ווי לײַם.

— און איבן צלם וועל איך איך שווערן! אָט האָסטו, ווי דעמאָלט, אַ זאָג געטאָן „באַטיושקאַ“!....

דער אַלטער גלח איז אַפּנים פֿון שרעק און יענער נאַכט עובר־בטל געוואָרן, די געדאַנקען האָבן זיך אים צעמישט.

— שווער נישט פּאַ...! — האָט מאיר ריוועס אַ כריפּע געטאָן, און די אַנדערע העלפֿט פֿון דעם וואָרט „פּאַליש“ איז אים שטעקנגעבליבן אין קעל.

אין דעם מאָמענט האָט דער ריכטער דערקלערט, אַז די „אָפּשנע סטאַווקע“ איז פֿאַרענדיקט.

מאיר ריוועס לעצטער געשריי איז אויסגעטײַטשט געוואָרן, אַז ס'איז איבעריק דעם „באַטיושקאַס“ שבועה אויפֿן צלם, אַז ער, מאיר ריוועס, איז זיך אַליין מודה אין זײַן פֿאַרברעכן, און ער איז פֿאַרמשפּט און פֿאַרשיקט געוואָרן אויף קאַטאָרזשנע אַרבעט קיין סיביר.

דעם טאָג, ווען מ'האָט אים, אַ געקאָוועטן אין קייטן, אַוועקגעפֿירט, איז געווען אַ צווייטער תּשעה־באָב אין שטעטל.

מער האָט דאָס שטעטל זיין ערלעך פּנים שוין נישט אָנגעזוען, אַפּנים, ס'איז געווען אַזוי דעם אייבערשטנס ווילן.

לאַנגע יאָרן נאָך, ווען נאָר ס'איז אויסגעקומען צו דערמאָנען מאיר ריוועס אומשולדיקן בראָך, האָבן די, וואָס האָבן אים געדענקט, געזיפצט אויף אים. בלויז זיינע אייגענע משפּחה־לייט האָט מען קיינמאָל נישט געהערט זיפצן אויף אים. זיין נאָמען האָבן זיי צווישן לייטן נישט דערמאָנט. נישט, הלילה, עמעצער פון זיי זאָל צווייפלען אין זיין ערלעכ־קייט און אומשולד, נאָר זיי האָבן געוואָלט, אז זיין נאָמען זאָל וואָס פריער פאַרגעסן ווערן: ס'איז דאָך זיי געווען אַ חרפּה און א שאַנד — אַ קלייניקייט עפּעס — אַ קאַטאָרזשניק אין דער משפּחה איז נישט בעסער פון קיין משומד...

## 6

# טריסקער קהל און דער ראַדאָוויטשער פּריץ

קענגאיבער די קליימן־רייען, פאַנאַנדערגעשיידט פונעם אַלטן אפּטייק מיט אַ שמאָל געסעלע אָן אַ נאָמען, זענען געשטאַנען „די מויערן", אָדער „שעיה לייבס מויער". דאָס איז געווען איין לאַנגער מויער, אָן שטאָקן, מיט גרויסע ברייטע אַריינפאָר־טייערן, מיט פייער־ווענט פון ביידע זייטן, מיט אַ שינדלענעם דאַך פון איין גאָס ביז דעם טשערעפּיצענעם רויטן דאַך אויף שעיה לייבס מויער — אַ רויטער, ווי זיין באַלעבאָס.

הויז שעיה לייבן האָבן אין דעם מויער געוווינט אַ האַלבער מנין יידן נגידים.

דער האָזיקער מויער, וואָס איז אַלט ערשט אַ פּאָר צענדליק יאָר, שטייט ווי אַן אָנדענק לדורות נאָך „דער צווייטער גרויסער שרפה", מיט וועלכער ס'אז אַראָפּ אַ שטיק שטעטל צוזאמען מיטן הילצערנעם שטאָטישן בית־מדרש.

פאַר דעם שולדיקן אין דער שרפה האָט מען געהאַלטן אויף זיכער ישעיה־לייבן (אברהמציע פּאָנטשטאַרס, דעם שטאָט מוכרס, יינגסטן ברודער), וואָס האָט נאָך דער גרויליקער שרפה געקריגן דעם צונאָמען: „דער ברענער".

דאָס איז געווען אַ הויכער ייד מיט אַ רויט פּנים, רויטן האַלדז און נאקן און פלאַמיק־רויטער באָרד, ווי ער וואָלט זיך בעת דער גרויסער שרפה אליין אונטערגעצינדן און שוין שטענדיק געברענט. אין דער „תורה", וואָס דער רבי האָט יענע וואָך צום שבתדיקן טיש געזאָגט, האָט ער וועגן אים מרמז געווען און אים אָנגערופן „דער עמוד־האש פון דער סטרא־אחרא, רחמנא־ליצלן!". אַנדערע האָבן פאַר דעם באמת שולדיקן געהאַלטן זיין ווייב, שעיה לייבעכע, וואָס האָט אים אוודאי

דערויף אַרויפגעפירט; זי האָט געהאַט א פייערדיק צינגל, און די שאַרפע רדרייש פון אירע נייו מאָס רייד האָבן געשניטן און געמאַכט ברענען א פייער אין די אויערן. ס'זענען געווען בפירושע באַווייזן, אַז זיי אַליין האָבן עס געמאַכט „בורא מאורי האש“ איבער זייער אַלטער הילצערנער שטוב, כדי אָפּצונעמען דאָס גרויסע אַסעקוראַציע־געלט. און ס'איז א סבֿ־רא, אַז דאָס איז אפילו געמאַכט געוואָרן מיטן וויסן פון אַסעקוראַציע־אַגענט. און... מע זעט דאָך: די ערשטע האָבן זיי אויפגעשטעלט דעם מויער מיט דער פייער־וואַנט, און דערצו נאָך אָפּגעדעקט אים מיטן ערשטן רוימן טשערעפּיצענעם דאַך אין שטעטל — באַוואָרנט זיך פאַר אַ שרפה, באַהיט גאָט, פון אַלע זייטן.

— אַז אַ שרפה און א ברענגעניש זאָל זיי דער אייבערשטער אַראָפּשיקן פון הימל גלייך אין די געדערעם אריין, ווי זיי האָבן פאַר־ברענט און פאַראומגליקלעכט אָרעמע לייט, נעבעך!... וואָרן מ'עט דאָך נישט גיין אָפּמסרן אַ פאָרפאָלק, מע זאָל זיי פאַרשיקן אויף קאַטאָרזשנע ראבאָטעס, און פאריתומען אַ כאָפּטע קליינע קינדער. זאָל דער אבי־יתומים אַליין טאָן צו זיי לויט זיין הייליקן רצון.

אַפילו אין שטאָט־פּנקס איז די מעשה־נבלה נישט פאַרשריבן געוואָרן לזכרון, אַז איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר זאָל מען זיי, די אונטערצינדערס, אויף דער צווייטער זייט צוים באַגראָבן: ער האָט זיך געפונען דעמלט, דער פּנקס, אין רשות פונעם גבאי־ראשון, א חשובער שטאָט־באַלעבאָס, אַ ייד אַ גביר, און — „אַ האַנט וואַשט אַ האַנט“...

עטלעכע הייזלעך פון אָרעמע לייט הינטערן בית־מדרש, צווישן זיי דעם אַלטן שוחטס, זענען שוין טאַקע אויף לאַנגע יאָרן צוריק נישט אָפּגעבויט געוואָרן; אויף זייערע ערד־בערגלעך מיטן גאַנצן פּלאַץ אַרום זענען אויפגעגאַנגען הויכע ווילדע גראָזן, קרייטעכצער און באָדיקעס, און אָט דאָס אָרט, וווהין סע זענען אויך אַרויסגעגאַנגען די הינטערשטע שטאַל־מויערן פון שעיה לייב „דעם ברענערס“ מויער, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אן אָפענעם קהלשן בית־הכסא: הזירים פלעגן קומען אַהין פון די אָפּגעלייגטסטע קריסטלעכע גאַסן, כדי הנאה צו האָבן פון יידישן מענטשלעכן גנאָד און אויסצוקראַצן אַ ביסל אין די באָדיקעס די פאַר־בלאָטיקטע אויסגעטרוקנטע בייכער און הינטנס, צו קאָנען זיך בערנייס פאראומרייניקן.

— יאָ, די נויאישע הזירים און די יידישע נגידים האָבן צו דער שרפה נישט דערלייגט.

מיט דער הילף פון דעם אַסעקוראַציע־געלט האָבן זיי זיך אַלע אָפּגעבויט נאָך שענער ווי פריער, און אין האַרצן אַוודאי געזאָגט אַ יישר־כוח שעיה לייבן „דעם ברענער" פאַר דער „הבדלה", מיט וועלכער ער האָט אַלעמען מציא געווען. די עטלעכע שעה שרעק פון בעת דער שׂרפה און די עטלעכע חדשים אָפּקומעניש פון אַרומוואַלגערן זיך אין פרעמדע דירות האָט זיך זיי, גיכער, געלוינט, די רייכע באַלעבאַטים, ס'איז זיי באַצאָלט געוואָרן מיט אַ גוטן פּראָצענט.

ני, און אויך קהל, וואָס איז אַרויס פון דער שׂרפה אָן דעם הילצער־נעם שטאָטישן בית־מדרש און קיין אַסעקוראַציע־געלט אויך נישט אָפּגענומען, איז פון דעם אומגליק אַרויס מיט פאַרדינסט.

...קהל האָט באַשלאָסן: יעדער ייד באַזונדער איז אָרעם, אָבער קהל איז, ברוך־השם, רייך, און יידן פון דער גאָרער וועלט אַ פּשיטא. מיט גאָטס הילף וועט מען אויפשטעלן אויפן אָרט פונעם אַלטן הילצער־נעם אַ גרעסערן, העכערן און שענערן און מאַסיו געמויערטן בית־מדרש. נאָך ווייניקער גערעדט, און מער געטאָן. די קהל־לייט זענען געוואָרן זייער רירעוודיק. צי האָבן זיי זיך אָנגענומען בלויז דעם ריבונו־של־עולמס קרוודע, צי אויך די קרוודע פון זייערע אייגענע קעשענעס? וועגן דעם האָט מען געמורמלט און די הינטערגעסלעך, און דער באַדגאַס שטילערהייט:

— ס'איז שוין אַזוי דער זכות פון יאַמקע־הינט, אַז פון יעדער שׂחיטה זאָלן זיי אָפּלעקן אַ ביינדל...

ס'זענען צונויפגעשטעלט געוואָרן זאַמלער־גרופּעס און פאָרלעך פון די כלי־קודש, פון דעם רבינס גבאים, פון גלאַט נאָמספּאָרב־מיקע יידן תלמידי־חכמים, און מ'האָט באַוואָפנט זייערע בוזעמס מיט בריוו־כרוזים פונעם רבין שליט"א און די טובי־העיר מיטן דיין בראש, געחתמעטע און געשטעמפּלטע, אַז יידן, רחמנים־בני־רחמנים, זאָלן נישט פאַרשליסן זייערע הערצער־ביימלען און געלט־ביימלען, און איטלעכער זאָל, כפי זיין יכולת, מנדר זיין אויפצושטעלן גאָטס הרוב הויז פון אַ קהילה־קדישא, וואָס איז מפורסם...

און די שליחים האָבן זיך אַרויסגעלאָזט איבער די דערפער פון דער גאַנצער סביבה, ווו נאָר ס'וווינט אַ רייכער יידישער רענדאַר, און די שכני־שע שטעט און שטעטלעך; קאָוולע, לודמיר, מאַציעוו, ליבעוונע און אַנ־דערע, און אויסגעשטרעקט אַ האַנט, פאַרדעקט מיט אַ צעעפנטער רויטער נאָז־פאַרטשיילע. יידן — אַז מע מאָנט זיי, געבן זיי. עזותדיקערע שליחים האָבן זיך געדונגען, געפאָדערט מער:

— מיר בעטלען נישט, חלילה, קיין נדבה פאַר זיך.

נו, מ'האָט געזאַמלט געלט אויך אין שטעטל גופא. ס'האָט זיך נישט אָפּגעזאָגט קיינער, פונעם רייכסטן ביזן אָרעמסטן. מ'האָט באַצייטנס פאַר־קויפט „שטעט" אין בית־מדרש און אין דער ווייבער־שיל. אפילו דעם רבין, באַמש זייער, זייער אַ קאַרגער גוטער־ייִד, ווייל, ווי זאָגט דאָס שפּריכ־וואָרט „און... עמער איז נישט קיין געבער", האָט זיך דאָס מאָל נישט איינגעגעבן ארויסצודרייען זיך און אָפּקומען בלויז מיטן אונטערשרייבן די ברייוו־כרוזים.

א דעלעגאציע פון עטלעכע גאָר חשובע יידן, בתוכם דער רייכער ראַ־דאָוויטשער רענדאר משה מרדכי, האָט געהאַט דעם כבוד און די שרע־קעוודיקייט פאַרצושטיין פאַרן געזיכט פונעם ראדאָוויטשער פּריץ, כראביע לעשטשינסקי, און בעטן ביי אים א געשאנק פאַרן אויפבוי פונעם יידישן בית־מדרש. דער ראדאָוויטשער כראביע האָט געהאט א נאָמען פאַר אַן אוהב־ישראל. מ'האָט אפילו דערציילט, ער זאָל האָבן איינמאָל געשיקט, פּאַקע דורך משה מרדכין, א קוויטל מיט א פּדיון צום טריסקער צדיק, ער זאָל בעטן פאַר זיין געזונט — ער האָט געליטן פון א צוקער־קראנק־הייט, דער כראביע.

משה מרדכי האָט זיך ארויסגעשלייכט פון כראביעס „פּאָקאָיעס" און, שוועבנדיק אויף די שפּיץ־פינגער, ווי דער כראביע וואָלט געשלאָפן און ס'איז א מורא אים אויפצוועקן, חלילה־וחס, האָט ער זיי געפירט הינטער זיך פון איין „פּאָקאָי" אין צווייטן.

משה מרדכי איז נאָך דעמלט געווען גאָר א יונגערמאנטשיקל, אין אַ שווארץ אלפּאגן געשפּאָלטן קאפּאָטקעלע, וואָס מאכט לאנג און שמאָל, א מאָגערס און רירעוודיקס, ווי א וויוגדל. זיין רוקן איז געווען לייכט איינ־געבויגן, און דאָס קעפּל, אין א שווארץ יידיש היטעלע, מיט א שוואכן בערדל־שפּראָץ — פארשטעקט צווישן די אויפגעהויבענע אקסעלעך, ווי ס'וויל זיך אויסבאהאלטן פאַר א זידל־וואָרט און אפשר פאַר א קלאפּ. א מה־יפית־יידעלע. אין כראביעס „פּאלייען", וווּ מע טאָר נישט גיין מיט קיין צוגעדעקטן קאָפּ, האָט אויף משה מרדכים קעפּל געשטעקט א קליין סאמעטן שווארץ יארמלקעלע.

פאַר דער טיר פון כראביעס קאבינעט האָבן זיי, אויף משה מרדכים זונק מיט הענט און אויגן, אראָפּגענומען און אוועקגעלייגט די היטלען אויף דער פּאָדלאָגע, וואָס גלאנצט און שימערירט ווי א שפּיגל, און אין די בלויזע יארמלקעס אריבערגעטראָטן די שוועל.

אויפֿן בלאַסן געזיכט פֿונעם כראַביע לעשטשינסקי, וועלכער איז גע־
זיצן אין א רחבֿותדיקן פֿאָטעל מיט בלאַנק־ווייס איבערציִעכץ, האָט א
שפּיל געטאָן א שמייכל, ווען דער קליינער ייִדישער כאָר, דירעגירט דורך
משה מרדכין, האָט אים אויף א קאָמיישן פּויליש טיטולירט און באַגריסט.
זיינע גרויסע גרוי־בלויע אויגן האָבן זיי א באַפֿעל געטאָן, זיך זעצן ארום
טיש. זיי האָבן מבֿולבל געפֿאָלגט, צו גיך. בלויז משה ברדכי איז אַן איינ־
געשרומפּענער שטיינגעבליבן לעבן אים. דער גרויסער שאָטנדיקער קאַבי־
נעט מיט זיין ווייס מעבל איז געווען אָנגעשטאָפּט מיט שפּילשוויינעניש
און אומהיימלעכקייט, מיט צוקער־קראַנקהייט און ערבֿ־טויט. ביי קיינעם
פֿון דער חשובֿער דעלעגאַציע האָט זיך דאָס מויל נישט געעפֿנט, ווי
ב'וואָלט זיי אלעמען דער אָטעם פֿאַרשפּאַרט.
דעם כראַביעס איידעלער בלאַסער שטערן אונטער בלאָנד־באַזילבער־
טע געדיכטע האָר־לאָקן האָט זיך אָנגעוואָלקנט, די אויגן זענען פֿאַרצויגן
געוואָרן מיט א שאָטן, און ס'האָט זיך פֿאַרטונקלט דאָס גאָלד פֿון זיינע
היפּשע וואָנצעס. אזעלכע וואָנצעס קאָנען זיין נאָר ביי א כראַביע. ער האָט
ארויפֿגעהויבן צו זיי, צו די וואָנצעס, א בלאַסע דורכזיכטיקע האַנט מיט
בלויע אָדערן, אַ ווייבערישע האַנט, און גענומען זיי קרייזלען, ווי ער וואָלט,
אונטערברומענדיק, ארויסזייען פֿון זיי א מחשבֿה:
— אייער צדיק איז א הייליקער מאַן, נייסט אמת? דאָס איז מיר באַ־
זיסט. כאָטש צו מיין מחלה קאָן ער גאָרנישט העלפֿן, נישט אמת? און
דער פּאַן גאָט האָט אים באַשענקט מיט גרויס עשירות, נישט אמת? דאָס
איז מיר אויך באַוווּסט. איז וואָס וואָלט געווען, פֿרעג איך אייך, ייִדעלעך,
ווען ס'וואָלט, באַהיט גאָט, קאַפּויער געשען און מיטן פּייער וואָלט אראָפּ
אונדזער הייליקער קאָשטשאָל? נישט אמת? וויפֿל וואָלט אייער הייל־
קער צדיק מנדבֿ געווען אים אויפֿצובויען. אמת?
די ייִדישע דעלעגאַציע פֿון חשובֿע לייט איז געזיצן געליימט. און דאָ
דער כראַביע — וואַרט מיט א מאָנענדיקן בליק, אז ביי איינעם כאָטש
זאָל ארויס א וואָרט פֿון מויל.
טוט זיך פֿאַר אים א בייג ביז צו זיינע קני משה מרדכי:
— יאַשניע וויעלמאָזשנע כראַביע! מיר פֿראָסטע ייִדעלעך, נישטיקע
לייט, האָבן נישט די חוצפּה צו ענטפֿערן פֿאַר אונדזער צדיק... ער אליין
נאָר וואָלט געקאָנט באַשיידן דאָס טיפֿע רעטעניש פֿונעם ליכטיקן כראַ־
ביע... ס'איז א טיפֿער ענין.
— המם... גוט, מיין מאָשקאָ מאָרדקאָ... ביסט אפֿשר גערעכט, —

האָבן ווידער א לייכט געטאָן דעם כראַביעס אויגן — איז זאָגט־זשע מיר, ייד׳עלער, וויפל האָט שוין מנדב געווען אייער צדיק אויף אייער אָפּ־געברענטן הייליקן הויז. דאָס זענט איר דאָך שוין יאָ מחויב צו וויסן, נישט אמת?

צו ענטפערן אויף דער דאָזיקער פראַגע איז געווען נישט לייכטער: דער רבי האָט דערוויילע געהאט געגעבן נישט מער ווי ח״י זהובים... ביי די חשובע יידן האָבן זיך געעפנט שמועס מיילער, ווי ביי פיש אויף דער יבשה, און נסים, וואָס ווידער האָט זיך א בייג איין געטאָן און נישט אינ־גאנצן זיך צוריק אויסגעגלייכט משה מרדכי מיט דער רירעווודיקייט און צאפלדיקייט פון א ווייונדל:

— יאשני׳ע וויעלמאָזשנע כראַביע! מע שטרעקט אויס א האנט נאָך הילף אפילו צוו א פרעמדן ערלעכן מענטשן, א מענטשן־פריינד; א פּאַ־מער — ווארט מען מיט געדולד ביז ער וועט מיט דער הילף אליין קומען...

— המם... גוט, — האָט פוילבלער געזאָגט דער כראַביע — געבן א געשאנק וועל איך, פארשטייט זיך, געבן. וואָס און וויפל, וועל איך שוין באפעלן דיר, מאָשקא מאָרדקאָ, המם... ווען דו וועסט מיר מיט־טיילן וויפל אייער צדיק האָט געשאָנקען.

איבער זיין פּנים האָט זיך גענומען פארוועבן א דרימל, ער האָט שוואך א מאך געטאָן מיט דער האנט אָפּצולאָזן די דעלעגאציע, און זיינע אויגן האָבן זיך געשלאָסן.

די דעלעגאטן האָבן זיך אויפגעהויבן פון די שטולן, ווי וואַטענע ל׳אלקעס מיט פאָרצעליי׳ענע גלאנציקע און רויטע בעקלעך, די אויגן פאר־דעקט מיט די אראָפּגעלאָזטע וויעס און זיך שטיל ארויסגעשלייכט. הינטער זיי האָט נאָכגעשוועבט משה מרדכי אויף די שפּיץ־פינגער:

— ש־ש־ש!

נאָך דער מעשה איז שוין דעם טריסקער רבין קיין ברירה נישט גע־בליבן. צוליב „מה יאמרו הגויים“ האָט ער מנדב געווען צען אלפים ציגל פארן פונדאמענט פון בית־מדרש.

אין א יאָר ארום, ווען די וועגט פונעם אויפגעמויערטן בית־מדרש האָבן דערגרייכט די פולע הייך פון אלע פיר זייטן און זיך געבעטן א דאך איבער די פלייצעס, האָט משה מרדכי ראדאָוויטשער, אויפן כראַביעס באפעל, צוגעפירט באלקעס און ברעטער פאר דער גאנצער סטעליע, און דעם גראפס מעשה־צדקה איז פארשריבן געוואָרן לזכרון־עולם אין דעם שטאָט־פּנקס.

אויפֿן דריטן יאָר פֿון זײַן בזיונג איז דער נײַער געמויערטער שטאָט־בית־מדרש מיט זײַן נײַעם שינדלענעם דאך און צוויי קוימענדלעך גע־שטאַנען אין דער ארומרינגלונג פֿון די הילצערנע יידישע וואָכעדיקע הײַ־זער, ווי א צירונג און א באַשײַנונג פֿארן שטעטל

אין צען יאָר ארום איז דעם ראדאָווימשער פֿריץ, דער כראביע לעש־טשינסקי, זײַן מעשׂה־צדקה אנטקעגנגעקומען. קהל פֿארגעסט נישט זײַנע ווילמיער. אויף דעם איז דאָ אַ פּנקס, וואָס זאָל דערמאָנען. נאָר אין איצ־טיקן פֿאל איז דער פּנקס גאָר נישט נייטיק געווען. דעם כראביעס גרוי־סער צדקה־אקט איז נאָך געווען אײַנגעקריצט אינעם לעבעדיקן זכרון פֿון די שטעטלדיקע יידן.

אײַנמאָל אין א ווינטערדיקן פֿארנאַכט האָט זיך אומגעריכט אין שטאָט־בית־מדרש ארײַנגעקלונגען, דורך די פֿון פֿראָסט אָפּגעייענדיקע שויבן, אן אומעטיקער קלויסטערישער גלאָקן־קלאנג. ווער ס'איז אויף דעם גלאָקנקלאנג נאָר אויפמערקזאם געוואָרן, דעם האָט ער שטארק פֿארוווּנ־דערט. ס'איז דאָך הײַנט א סאמע וואָכעדיקער טאָג סײַ פֿאר יידן, סײַ, להבדיל, פֿאר קריסטן! דער חזן האָט געזאָגט די מנחהדיקע שמונה־עשׂרה. יוי פּלוצעם האָט זיך די שווערע בית־מדרש־טיר פֿון דער מערב־וואנט א פֿראל אויף געטאָן, און צוזאַמען מיטן פֿראָסטיקן נעפּל האָט זיך, ווי א ווינט, א דרײַ ארײַן געטאָן צווישן דעם עולם א רירעוודיק געשטאלט און איז צו צו דער מזרח־וואנט. עפּעס איז דאָ פֿאָרגעקומען אומגעווײַנ־לעכס, א געשעפּטש איז דורך איבערן בית־מדרש:

— משה מרדכי ראדאָווימשער! משה מרדכי ראדאָווימשער! וואָס? וואָס איז געשען? א?

דער חזן האָט זיך אָנגעהויבן וואַרגן מיט די ווערטער און אָפּגעכאַפּט די שמונה־עשׂרה, און ווי נאָר דער עולם האָט אויסגעשפּיגן צו „עלינו“, האָט שאַמע שמש באוויזן זיך אויף דער בימה. ער האָט א פּאטש געטאָן אויפֿן באלעמער־טיש מיט דער פֿעסטקייט און זיכערקייט פֿון זײַנעם א קלאפּטער־לייגן איבער דער טוריע, און אז דער הילך האָט זיך אָפּגעזוצט איבער דער גליווערנדיקער נײַגעריקער שטילקייט פֿונעם עולם, וואָס ער, דער שמש, שטייט איבער אים מיט צען קעפּ העכער, האָט ער א קערווע געטאָן אהין און צוריק זײַן יונגן שטאָלץ־אויפגעהויבענעם קאָפּ, א קאָפּ נישט פֿון קיין שמש, נאָר פֿון א מושל, און זײַנע גרויע אויגן האָבן גע־פֿאָרשט און געדרייצט דערמיט, וואָס ער ווייסט שוין און אנדערע נאָכנישט:

—בפקודת הדיין! דער ראדאָוויטשער פּריץ, דער כראביע לעשטשינ־סקי, האָט פּלוצעם געמתט. וועגן דעם האָט נאָר־וואָס אָנגעזאָגט רב משה מרדכי ראדאָוויטשער. באלד קומט פאָר די לוויה פון דער תיפלה. ס׳איז אַ מצווה, אז יידן זאָלן אים אָפּגעבן כבוד און מלווה זיין צום צווינטער. קומטס, יידן!

די געשפּאנטע שטילקייט איז מיטאמאָל אויפגעריסן געוואָרן, און דער גאנצער הלל פון בית־מדרש — איין שטיק טומל. יידן האָבן זיך א לאָז געטאָן צו דער טיר. ביסלעכווייז האָט זיך דער בית־מדרש פולשטענדיק אויסגעליידיקט. בלויז מענער פון דעם גלאָקן־קלינגעריי האָט ארומגעבלאָנ־דזשעט אין זיין ווארעמען שטום־געוואָרענעם הלל.

אין שיין פון לבנה, רויטלעכע לאמטערנעס און בלויליכן שניי איז לאנגזאם געשוואומען דעם כראביעס טרומנע אונטער פארגליווערטע פליגל פון קלויסטער־פאָנען און יצזוס־בילדער. קלאנג און געברום פון גלעקער. אומעטיק־פייערלעך געזאנג פונעם קשאָנדז מיט א כאָר פון קליינע מיידע־לעך אין ווייסן. ס׳זענען נאָכגעפאָרן פאַרפּוצטע שליטלעך מיט באַפּוי־מערטע פריצים און פריצטעס. ס׳זענען נאָכגעגאנגען אָקאָמענעס, שליאכ־טישיטשעס און פּשוטע פּאָליאקן, וואָס האָבן אין א שיטערער צאָל געוווינט אין דער סביבה.

מיטאמאָל איז דאָס אלץ שטיינגעבליבן: אויפן בריקל, וואָס פירט פון דער שיל־גאס ארויף אויפן שאָסיי איז געדיכט געשטאנען די יידישע עדה אין דערוואַרטונג. מיט אומעטיקע און פריינדלעכע בליקן האָט א וועלכער פּאָליאק אַ קוק געטאָן אויף די זשיד־קעס, וואָס זענען מכיר־טובה... דאָס האָט געדויערט אן אויגנבליק.

און אז די גאנצע פּראָצעסיע איז אריבער, איז די יידישע עדה נאָכ־געגאנגען פון הינטן, געפירט פון משה מרדכי ראדאָוויטשער, וואָס האָט פון צייט צו צייט געשלוכצט... ווי זיין אייגענער טאטע, להבדיל, וואָלט אים געשטאָרבן. ער האָט געהאט אויף וואָס צו וויינען, משה מרדכי: ער האָט געוווסט, אז דעם פארשטאָרבענעם כראביעס ברודער, וועלכער וועט ירשענען די ראדאָוויטשער גיטער, און ער, משה מרדכי, וועט אים דארפן דינען, איז שוין ווייט נישט קיין אוהב־ישראל.

נאָר אומגעריכט און אויסטערליש האָט זיך דערהערט דאָס באקאנטע אומעטיק־פייערלעכע הייזעריקע קול פון יויזיפ שוסטער, דעם קברן, וועל־כער האָט, ווי אויף אן אמתער יידישער לוויה, ארומגעשמייעט צווישן דעם

יידישן עולם מיט זיין פארזשאווערטער בלעכערנער פושקע און געפאָכעט מיט איר:

— צדקה תציל ל... מות! צדקה תציל ל... מות!

משה מרדכי ראַדאָוויטשער האָט אריינגעוואָרפן איין קופּערנעם צע־נער נאָכן צווייטן, און די פּושקע האָט זיך לעבעדיקער צעקלונגען:

— צדקה תציל ל... מות! צדקה תציל ל... מות!

אויפן צווייטן טאָג איז די ראָזיקע אויסטערלישע לוויה, אויף משה מרדכים בקשה מיטן צולאָג פון א פינגעם „בעבור שנדר לצדקה“, פאר־צייכנט געוואָרן מיט א סופרישער פעדער „לזכרון נצח“ אין שטאָט־פּנקס, ווו דער כראַביע דער מנוח איז באַטיטלט געוואָרן מיטן נאָמען „איינער פון די חסידי־אומות־עולם“...

7

## דער רוגז צווישן רבין און קהל

אין שטעטל איז צוגעקומען נאָך א מויערל — „דאָס קאַמערטשעסקי שטיבל“ אויפן שיל־פּלאַץ לעבן בית־מדרש.

דער אויפבוי פון דער דאָזיקער קלויז האָט אַזאַ געשיכטע: אין די אימרואיקע רעוואָלוציע־יאָרן, נאָך דער רוסיש־יאפּאנישער מלחמה, פלעגן אין די גרעסטע שטעט פּאָרקומען אנארכיסטישע עקספּראָפּריאציעס, ביינאכטיקע און נישט זעלטן אפילו איגמיטנהעלנטאָגיקע איבערפאלן אויף רייכע לייט אין נאָמען פון יושר און גערעכטיקייט, כדי אויסצוגלייכן די קרומע וועלט.

איינמאָל האָט זיך אין רבינס „הויף“ געמאָלדן א געהיימניספולער גאַסט, געקליידט דייטש, און געבעטן „אן אודיענץ“ ביים רבין אונטער פיר אויגן: „אַז נישט, וועט באַנג טאָן“. דער רבי האָט מסכים געווען... דעם זעלבן טאָג נאָך האָט דעם רבינס גבאי־ראשון בסוד ארויסגעפירט אַ סך גאָלד און שמוק אין דער וואַרשעווער באַנק אריין, ווו דער רבי האָט שוין געהאַט ליגן א צוויי הונדערט טויזנט רובל בארעם געלט. און אויף ביינאכט האָט מען ארויסגעשטעלט אויף דער ווארטע דעם הויכן טראַכימען, דעם רבינס „משאָלנט־גוי“. צי דער הויכער, דעמבענער טראָכים האָט געוואָרפן אַזאַ מורא אויף די רויבער, צי די גאַנצע מעשה איז געווען אן אויסטראכטעניש פון דעם דייטשל, כדי צו קריגן א פּאָר רובל פאר זיין וואָרענען, — נאָר דאָס לעבן אין „הויף“ איז ווייטער אוועק כשורה. דעם רבין איז שוין אפילו אַ שאָד געווען די פּאָר רובל, וואָס דאָס דייטשל האָט אויסגענארט:

— זיי וועלן נישט האָבן די העזה צו מיר צו קומען, — האָט דער רבי איבערגעחזרט די זעלבע ווערטער, וואָס ער האָט געזאָגט דעם דייטשל אליין, און ער איז סוף־כל־סוף רואיק ארויסגעפאָרן מיט די גבאים אין וועג אריין.

איינמאָל, אין א ווינטערדיקן פרייטיק־צו־נאַכטסעדיקן חצות, ווען אין דרויסן האָט אַ שניי־בערע „געקערעוועט־וועלטן“, ווי אַלע שדים און רוחות פּונקט „זאַמעק“ וואָלטן אַרויס אין אַ ווילטן טאַנץ, האָט אַ ריזיקער זאַק זיך געטאָן א לאָז אראָפּ איבער טראָכימען און אים איינגעשלונגען ווי גרייס ער איז; ער האָט דערפילט, ווי שדים וואָלטן אים פונדאנען אוועק־געטראָגן, און פאר פחד האָט ער אפילו קיין פּיפּס נישט געטאָן.

ווי דורך א כישוף האָבן זיך איפּגעקיילט די טירן פון דעם רבינס „פּאָקאָיעס“, און אין זייער טונקלקייט האָבן זיך פאר אויגן פון שלאָף־אייפּגעריסענע באוויזן מענטשן מיט מאסקעס אויף די פּנימער און רע־וואָלווערן אין די אויסגעשטרעקטע הענט.

די גאנצע רינגרישאפט איז געוואָרן געבונדן, ווי די סקאָפּעס, מיט די הענט אריבער און אוועקגעלייגט אויף דער פּאָדלאָגע אויף די בייכער, מיט די פּנימער אין קישנס אריין. אומגעבונדן איז געבליבן בלויז די רביצין אליין. פאַרקערט, ווען זי האָט זיך געקליבן פאר שרעק צו חלשן, האָט איר איינער זייער איידל אונטערגעטראָגן א פלעשעלע יום־כיפּורדיקע חל־שות־טראָפּנס אונטער דער נאָז און זי פריינדלעך בארואיקט, אז ס׳וועט איר, חלילה, קיין איינציקע האָר פון שייטל נישט געמינערט ווערן. ער האָט געגעדט צו איר יידיש. דערנאָך האָט ער איינעם געהייסן אויף גוי־איש צוטראָגן איר די קופּערנע קוואָרט מיט וואסער מיט א מעדניצע צום באַמע בעט, זי זאָל די נעגל אָפּגיסן. און אליין האָט ער איר א תהילימל דערלאנגט, זי זאָל זיך מיט א קאפּיטל תהילים־זאָגן דאָס שווערע געמיט פארלייכטערן. די רביצין האָט געטאָן, וואָס מ׳האָט איר געהייסן. און דער־וייל האָט מען געגישטערט און אויסגעראָיעט אלע שאפעס, קאָמאָדעס, קיפערטס און קאסטנס, צונויפגעשארט, אין זעק געפּאקט און ארויסגע־טראָגן.

לסוף האָט ווידער דער יידישער באנדיט צוגעטראָגן צו דער רביצין דאָס פּיטשינקעלע ספר־תורהלע, מיט וועלכן דער רבי פלעגט טאנצן שמחת־תורה צו הקפות, און צוזאמען מיט איר געשוווירן, אז קיינער דאָ פון די שטוביקע וועט זיך ביזן ווייסן טאָג פון אָרט נישט רירן און קיין געוואלד אינדרויסן נישט מאכן. ווייל — זיי לאָזן איבער הינטער די טירן אַ באַוואָפנטע שמירה, וואָס וועט ביים ערשטן פּיפּס א קנאל טאָן.

ערשט ווען די זון האָט אריינגעשיינט דורך די שפּארונעס פון די פארהאקטע לאָדנס, און ס׳האָבן זיך דערהערט די טריט פון די, וואָס קו־

מען דאָ אין „סאליע“ דאווענען, האָט די רביצן אָנגעהויבן חלשן, און ס'איז געוואָרן א געוואלד.

דאָס שטעטל האָט אויפגעקאָכט.

דאָס מתנגדישע שטעטל האָט זיך מיטן „אומגליק“ אין הויף נישט איבערגענומען. מ'האָט זיך נאָך געוווערטלט:

— דער רבי האָט טאקע באוויזן א מופת, וואָס... ער איז באצייטנס אַוועקגעפאָרן: וואָלט ער געווען הי, וואָלט דער עסק זיכער נישט אריבער טרוקן; ע ר, דער נעמער, וואָלט זיכער קיין גאָלד און זילבער נישט געגעבן — זאָלן זיי פרהיון שיסן! און בלוט וואָלט זיך טאַקע געגאָסן... אזוי פאָרט ער זיך ארום מיט דער סוויטע גבאים איבער זיינע שטעט און שטעטלעך, זשויבט געלט און איז ממלא דעם חסרון...

דעם קומענדיקן מאָנטיק איז הער רבי אויף א דעפעשע צוריקגעקומען פון דער נסיעה. און דאָס מתנגדישע שטעטל האָט נאָך מער אָפּגעלאכט.

— ער האָט אויסגעהערט בפרוטרוט ווי דאָס „אומגליק“ איז געשען. מיטאמאָל האָט ער זיך פון צאָרן געטאָן א צינד אָן, ווי אן „עמוד־האש“. מיטן שטארק פארשנורעוועטן גרינגן געמזענעם קאמאש, וואָס ער טראָגט צוליב דער פאָדאגרע, האָט ער געטופעט אויף דער רביצן, וואָס איז געלעגן אין בעט און געמאכט זיך קראנק:

— ס'הייסט? ס'מיימיש?! א י ך וואָלט זיי קיין דאָס, קיין „שרוד־נעל“ *, נישט געגעבן, אַ דאָס, א תאנה־גדולה! ** ווי דאָסט מען עס אַזוי־אָ גרינג אָפּ, מיט א גרינגן דאָס, דאָס דאָס מיטן דאָס?!

— וואָס זשע הייסט עס, דאָס, דאָס? כא־כא־כא! — פרעגט עמעץ איבער פון געלעכטער ארויס.

— וואָס ד אָ ס הייסט? טאקע נאָר די רביצן האָט עס פאר־שטאַנען. און יצחק דער שווארצער, דעם רבינס לייב־גוואַרדייער, האָט עס פארטייטשט אויף אונדזער לשון:

— ווי גיט מען עס אזוי־אָ גרינג אָפּ מיט א גרינג הארץ דאָס זיל־בער מיטן גאָלד?!

אין „הויף“ ווידער האָט מען מיט פארביטערונג גערעדט וועגן דעם שטעטל:

---

* אַ שוך־בענדל.

** אָ גרויסע פייג.

— וואָס פאַר אַן אַנאַרכיסטן! וואָס פאַר אַ רעוואָלוציאָנערן! וואָס פאַר אַ רויבער! דאָס איז געווען די אייגענע טריסקער גנבים־באַנדע!

די רביצן, האָט מען געשמועסט, זאָל אַפילו האָבן געזאָגט בסוד, אַז זי האָט איינעם פון די באַנדיטן דערקענט. לויטן קול האָט זי דערקענט, ווי אַמאָל דער עובר־בטל־דיקער גלח, דעם פאַרמאַסקירטן פאַרשוין, וואָס האָט מיט איר געשמועסט ביים ספר־תורה־לע. און ער האָט דאָך, ווי דער ראש, אָנגעפירט מיט אַלץ! דאָס איז אַ היגער פיינער יונגערמאַן, טאַקע פון די שטענדיקע מתפללים אין הויפּטן בית־מדרש. אַ היגער שניט־קרעמער, וואָס האָט זיך אַרויפגעאַרבעט אויף אַ גאַנץ פיינעם מעמד־פרנסה מיט אַן ערשטן אין צווייטן אָנזעץ. און די חוצפה זיינע! אינדערפרי דערמלט איז ער געקומען צום דאַווענען גלייך מיט אַלעמען. צוגלייך מיט נאָך עטלעכע מתפללים איז ער אַריינגעקומען צו דער רביצן גוט־שבת־ביטן און האָט זיך אויסגעפרעגט, ווי דאָס אומגליק איז געשען, ווי ער וואָלט גאָט די נשמה געווען שולדיק. נו, ווען ער זאָגט זיינע גלייכווערטלעך און טרייבט קאַטאָוועסלעך, טוט ער אויך קיינמאָל קיין שמייכל נישט.

מע רופט אים נישט אָן ביים נאָמען, נאָר אַלע פאַרשטייען ווען מע מיינט: לוי, שמעון הערשעלעכעס. מע גלייבט עס קוים, פאַרשטייט זיך: אַ אָנזעצער איז נאָך נישט קיין גנב און קיין רויבער אוודאי נישט. נאָר, צוריקגערעדט, ווער ווייסט? היינטיקע צייטן...

פון דעמלט אָן האָט זיך אָנגעהויבן דעם רבינס גרויסער רוגז מיטן שטעטל: ער וויל נישט וווינען אין אַ שטעטל, וואָס האָט זיך נאָך פאַרן טאַטן, זכרונו צדיק לברכה, געלאָזט מדריך זיין פון אַ רב אַ דאָקטער, פון זכריהן... מער וויל ער צווישן די גנבים, צווישן די רויבער נישט וווינען: בקהלם אל תחד כבודי! * ער וועט זיך אַרויסציען פונדאַנען, און זאָל עס צו גרונט גיין, דאָס שטעטל!

אינגיכן האָט אין קאַוולע אָנגעהויבן אויפשטייגן דעם רבינס צוויי־שטאָקיקער מויער, אויך ביים ברעג פון דער טוריע. און דאָס מתנגדות פונעם שטעטל האָט זיך אָנגענומען מיט פאַרביטערטקייט און שנאה:

— ס'טייטש! אַ גויאישער פריץ, להבדיל, וואָלט דאָך אַזאַ אומרעכט נישט באַגאַנגען! היתכן? ער באַרעכנט גאָרנישט, אַז דאָס שטעטל, וואָס האָט געלעבט אין אָרעמקייט און געצויגן זיין היונה בצימצום פונעם

---

* ביקהאָלאָם אַל טייכאַד קאָווידי — זאָל מיין כבוד צווישן זיי נישט זיין.

„הויף“ און פון די חסידים, וואָס פאָרן שוין אַזוי אויך אַהער פון יאָר צו יאָר אַלץ שוואכער אויף די יום־טובים, — איז דאָס שטעטל וועט דאָך מאַקע אינדעראמתן צו גרונט גיין! טריסק האָט חזקה אויף אים! מען האַרף אים שטעלן לדין!... נישט מער וועלכער רב וועט עס קאָנען אים מעיז זיין?

און איינמאָל אום שבת־בראשית, ווען די גבאים פון שטאָט־בית־מדרש פלעגן לויט אַן אַלטן מנהג, אייַנגעשטעלט נאָך מימי דעם מגיד, זצ"ל *, גיין פאַרבעטן צו זיך דעם רבין צום דאַווענען, און ער, לויט זיין מנהג, פלעגט לאָזן וואַרטן אויף זיך לאַנגע שעהען, — איז אפילו ביי די דערשלאָגענע, ביי די אונטערשטע פונעם שטייסל, ביי די באַלמעלאָכעס אָנגעוואָקסן די חוצפה, ווי בריעבץ:

— גענוג דאָס אומזיסטיקע קנעכטשאַפט! נישט גיין אים בעטן! אַז מיר האָבן נישט קיין חזקה אויף אים, האָט ער נישט קיין חזקה אויף אונדז! מ'עט זיך באַגיין אָן אים!

נאָר דערצו האָט נישט דערלאָזן דער דיין, רב זכריה ראָזענפעלדס אייַדעם, הגם ער איז מתנגדיש אייַנגעשטעלט, טראָגט א שנאה אויפן רבין, סיי פאַרן שווער, סיי פאַר זיך אַליין, און איז אין תוך צופרידן, וואָס זיין עמך־שער־און־אייזן בונטעוועט זיך. ער האָט פאַרן רבין מורא געהאַט: דער „גונב דעת הבריות“ ** וועט נישט דערלאָזן צון אים קיין דין־תורות פון דער פרעמד, וואָס דאָס איז געווען א גרויסער אונטער־שפּאַר פאַר זיין שוואַכן מעמד־פרנסה.

דערפאַר אָבער האָבן זיך צוזאַמענגערעדט די באַלעבאַטישע לייט, מאַקע פון די, וואָס האָבן געדאַוונט אין רבינס בית־מדרש, אַז אויב ער וואַרפט זיך מיטן שטעטל (אַז וואַרפן זאָל עס מיט די ייִדישע שונאים!...), וועלן זיי זיך וואַרפן מיט אים: מע וועט אויפהערן צו דאַווענען אין זיין בית־מדרש, און זאָל דאָ ווערן א פוסטקע! אַז מע וועט אַרויסטראָגן פון דאָרט די הייליקייטן מיט די ספרים, וועלן אַהין די שדים און רוחות פונעם „זאַמעק“ זיך קומען באַזעצן... אַז פאַר אים איז רעכט... נאָר ווו זאָל מען דאַווענען? אין שטאָטישן בית־מדרש? עס שיקט זיך נישט פאַר

---

* זיכרונו צדיק לוורבא — זאָל געבענטשט זיין דער אָנדענק פונעם צדיק.

** גוינעוו דאַאַס האָבריעס — וואָס באַגנבעט דאָס וויסן פון מענטשן.

לייטישע יידן, סוחרים און קרעמער, יידן וואָס זיצן נאָך אמאָל איבער אַ זשיטאָמירער אָדער ווילנער ש״ס־גמרא, זיך צונויפצוקומען מיט די שניידערס און שוסטערס. דאַרט דאַווענען דאָך אפילו די טראַטשעס. אפילו יויזיפ דער באַגרעבער!

די שפּלדיקסטע פון דעם צמך־שער־און־אייזן האָבן עס אליין פאַר־שטאַנען:

— אַז דו ווערסט דאָס איי מיט קיין לעפל נישט צעשלאָגן, וועט זיך דאָס גאָלדענע געלעכל מיטן סמאַרקאַטע ווייסל נישט אויסמישן...

די חוצפּהניקעס צווישן זיי, ווי למשל דאָדיע קאָוואַל, האָבן זיך גענאַר־זשעט פאַרביטערט:

— פאַרשטייט זיך, אַז די תפילות פון די אייד׳עלע לייט וועלן זיך, חלילה, אויסמישן מיט געבעטעכץ פון די גראָבע לייט און אזוי צוזאַמען דערגרייכן צום ריבונו־של־עולם, — וועט ער דאָס קול פון זיינע „גאַנס־גנבים“ נישט דערקענען! .

האָבן די באַלעבאַטים באַשלאָסן: קיין אָרט אויפן שיל־פּלאַץ פעלט נישט — וועט מען זיך שטעלן מויערן אַ נייע קלויז.

אָנגעפירט מיט דעם באַלעבאַטישן בונט האָט לוי, שמעון הער־שעלעבעס, מאַקע דער וועגן וועלכן מ׳האָט זיך געסודעט, אַז די רביצן זאָגט, אַז זי האָט אין אים דערקענט איר „מערדער“.

— וואָס־זשע, — האָט מען געשמועסט וועגן זיין „איצטיק שטיקל אַרבעט“ — דאָס איז אויך נישט קיין שלעכט געשעפט. ערשטנס, וויל ער אַרויסשטיפן אַ ביסל אלפים ציגל פון זיין ציגעלניע; צווייטנס, ווי וועט אים נישט אַ ראַיעט בלייבן צוויי שפּיגל־שטעט פאַר זיך מיטן ווייב; דריטנס, טוט ער עס מאַקע אַ ביסל מחמת שנאה צום רבין און נאָך מער מחמת כעס אויף דער רביצן פאַרן בילבול, וואָס זי האָט אויף אים גע־מאַכט; און פערטנס, אויב דער בילבול איז קיין בילבול נישט — מאַקע כדי אויסצוקויפן זיך די זינד ביים ריבונו־של־עולם: אויפשטעלן אַ מקום־קדוש איז נישט קיין קלייניקייט!

דער חנוכת־הבית פונעם רבינס מויער אין קאָהלע איז, פאַרשטייט זיך, געפראַוועט געוואָרן פריער, איידער מ׳האָט פאַרענדיקט די קלויז אויף אזויפיל כאָטש, מע זאָל אין איר קאָנען דאַווענען: דער רבי האָט אַרויסגענומען געלט פון באַנק, און דאָ האָט מען באַהאַפט אַרויסנעמען פון די אייגענע קעשענעס, און דער איצטיקער ראַדאָווימשער כראַביע,

יוען מ'איז געקומען צו אים בעטן געהילף פאַר דער קלויז, האָט אָנגע־רייצט אויף די יידישע פאַרשטייער די הינט, ימח שמו ושמם*!

דער רבי האָט שון לאַנג געוווינט אין קאָוולע; זיינע זין און טעכטער מיט זייערע פאַמיליעס — אויך. בלויז זיין עלטסטער זון, רב משהלע, וואָס איז שוין ארומגעפאָרן אויף דער וועלט און געפּראַוועט רבישאַפט פאַרן טאַטנס לעבן, איז דערהוייל געזיצן הי און אָפּגעצויגן מיטן ארויס־פאָרן. מ'האָט אָנגעהויבן נאָכדענקען, צי שטעקט נישט דערין עפּעס אַ כוונה? צי טראַכט נישט אמאָל רב משהלע טאַקע דאָ צו פאַרבלייבן, ווו זיין טאַטע האָט געפירט די מלוכה און וו ס'שטייט דאָס אוהל פון זיין גרויסן זיידן, דעם טריסקער מגיד? אפשר האָט ער בדעה דווקא דאָ אין טריסק ווייטער צו ציען די גאָלדענע קייט פון דער טריסקער דינאַסטיע? אויב אזוי איז דאָך גאָר אן אנדערע מעשה...

און דערפאַר זענען דעם ערשטן שבת, ווען מ'האָט באניייט די קלויז, געגאַנגען עטלעכע באַלעבאַטים פאַרבעטן רב משהלען צום דאַווענען. מע דאַרף גיין אויפן וועג פון שלום; איצט, כל־זמן דער אַלטער לעבט, איז ער, רב משהלע, קליין, אָבער איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר... ער איז דאָך דער בכור!

רב משהלע האָט פיין אויפגענומען די באַלעבאַטים און מיט הנאה אויסגעהערט זייער בקשה. נאָר באַלד איז ער געוואָרן ערנסט און גענומען שפּילן גוטער־הייד. ער האָט ארייַנגעשטעקט איין שפּיצל פון זיין קליין בערדל צווישן די ציין און עס פאַרביסן. דערנאָך האָט ער פרום אראָפּגע־לאָזט די אויגנלעפּלעך איבער די אויגן און, שאָקלענדיק מיטן צוועלף־שפּיציקן שטריימל, ווי בעתן „תורה"־זאָגן צום טיש, א זאָג געטאָן האָ־פערדיק:

— איך קאָן צון אייך גיין, באַלעבאַטים. נאָר... המם... מיט איין תנאי. מע שמועסט, אַז אַברהם דעם יתומים בחור (אברהם דער יתום איז אויך פון די קלויז־באַלעבאַטים, א?) גאָלט זיך די מאָרדע. אין איין קהל מיט גילוחים וויל איך נישט זיין. איך טאָר נישט פוגם זיין דעם כבוד פון מיין זיידן דעם מגיד, זכרון צדיק לברכה... איז גייט לשלום און קומט צוריק מיט אַ תשובה, אַז מ'האָט דעם גילוח פון קלויז אַרויסגעוואָרפן, וועל איך מיטן אייבערשטנס הסכמה גיין מיט אייך.

---

* יימאך שעמוי אושמאָם — אויסגעמעקט זאָל ווערן זיין נאָמען און זייער נאָמען.

נאָך די שליחים האָבן זיך שוין צוריק נישט אומגעקערט. ס'איז שוין דערפֿילט נישט די צייט געווען פֿון וואַרפֿן פֿון בית־מדרש.

— ווער סע וועט נאָך פּרווון וואַרפֿן, דעם וועט די ניכפּה וואַרפֿן! — האָט געוואָרנט א קול.

דער בחור, דער גילוח, איז געשטאַנען א בלאַסער, ווי אן אָפּגעפּגערטער, און זיך פֿון אָרט נישט גערירט. די האַנט האָט אים געשטעקט אין הייזנקעשענע — ווער ווייסט, צי ער האַלט דאָרט נישט קיין מעסער אין פּייטש?! קיינער האָט זיך נישט דערוועגט צו אים צוצורירן.

לוי, שמעון הערשעלעכעס, שוין אינעם טלית מיט דער זילבערנער עטרה, האָט א קלאַפּ געטאָן אין עמוד און, אויסגעדרייט זיך מיטן פּנים צום עולם, א זאָג געטאָן:

— ער האָט זיך פֿאַרגאַלאָפּירט, משהלע, ווי א פּריצישע פֿערד נאָך א פעטן אָבריק.

עמעצער האָט זיך צעלאַכט. דער גילוח האָט א שמייכל געטאָן, און ער, לוי, שמעון הערשעלעכעס, האָט זיך אויסגעדרייט צום „שיוויתי":

— „הודו לי"י, קראו בשמו, הודיעו בעמים עלילותיו!"

דער עולם האָט מיט חשק א דאַוון געטאָן.

* * *

די שנאה צום „הויף" האָט אין שטעטל אָנגעהאַלטן לאַנגע יאָרן. וועגן רבין און זיינע „קינדער" פֿלעגט גערעדט ווערן פֿריער מיט פֿאַר־ביטערונג, שפּעטער מיט שפּאָט און לייכטן אָפּהווזקן, און לסוף זענען זיי פֿאַרגעסן געוואָרן. בלויז עטלעכע עלטערע יידענעס צעשטויסן זיך אמאָל אין דערמאָנען דעם „הויף" מיט בענקשאַפֿט און באַדויערן, פֿאַרגלאָצנדיק די טריבע אויגן צו די דעכעלעך פֿון די אייגענע שאַלן:

— דאָס שטעטל האָט זיך פֿאַרזינדיקט... ס'איז שוין גאָרנישט דאָס, וואָס געווען.

און מ'האָט זיך געטרייסט דערמיט, וואָס רב יעקב לייבוניע, זכר צדיק לברכה, האָט אמאָל געזאָגט — „ווי זינדיק דאָס שטעטל זאָל נישט זיין, איז כל־זמן סע וועט אין מאַטנס אוהל ברענען דער נר־תמיד, וועט יעדער גזר־דין, וואָס וועט הענגען איבער דעם, איבערגעריסן ווערן, ווי אַ פֿוילער דרים".

דער האך פֿון מגידס געמויערטן אוהל איז געדעקט געווען מיט בלעך,

וואָס איז מיט דער צייט טונקל־רויט געוואָרן פון זשאווער. ער האָט שוין אפילו ערטערהווייז געגומען הורכנעצן. פארוואָס האָבן דעם מגידס זין, די אדמו"רים, רב יעקב לייבעניו דער טריסקער רבי, און רב מאָטעלע דער קיזמירער רבי, דער עקר, ביידע גבירים אַדירים, נישט געזאָרגט, אַז דער דאך זאָל פאַרריכט און איבערגעפאַרבט ווערן? ווען דעם האָט זיך דאָס שטעטל געוויצלט:

— אז כל ימיהם האָבן זיי געלעבט אין מחלוקת, די ברידער, האָט יעדער איינער געוואָלט, אז דער צווייטער זאָל זיך אויסברענגען אויפן טאַטן.

— ווען דער דריטער ברודער, רב נחומציע (דער, וואָס האָט אין זיינע בחור־יאָרן געהאָדעוועט ביי זיך אין שטוב אַן אָדלער, און מ'האָט געשמועסט, אז איינס פון זיינע הדרים האָט א פאָדלאָגע פון זילבערנע ברעטער), ווען ער וואָלט נישט געווען יונגערמאנווייז נאָך נסתלק ווערן — ער וואָלט יאָ געווען... אויסגעפוצט דאָס אוהל, ווי א ליאלקע.

אָבער די אלטע ליבע חיה, די אמאָליקע בעדערקע און הייניטיקע דרדקי־מלמדקע האָט עס אויסגעטייטשט אזוי:

— דער דאך פונעם אוהל איז הייליק, ווי דער דאך פונעם משכן, און חלילה־וחס, אז א בשר־ודם זאָל אויף אים טרעטן אפילו מיט די באָרוועסע פיס! ער וואָלט אוודאי נענש געוואָרן. געליבט זאָל זיין השם־יתברך! — פון זינט אָן דער דאך זשאווערט אליין, און מע זעט נאָך אליין נישט, אז כאָטש א טראָפן רעגנוואסער זאָל, באהיט גאָט, א קאפע טאָן אויפן ציון..

די פענצטער פון אוהל זענען געווען פארקראטעוועט, ווייל די ערשטע יארן נאָכן מגידס הסתלקות פלעגט זיך אויפן יאָרצייט, ב' תמוז, צונויפ־פאָרן און צונויפזאמלען צופוס אַזאַ גרויסער עולם, אז ס'איז געווען אַ סכנה, די הסידישע מאַסע זאָל זיך נישט אין איר ווילדער התלהבות אריינ־רייסן דורך זיי און ס'זאָל נישט קומען, חלילה, צו קיין אומגליק: דאָס אוהל איז אזוי אויך אָנגעפראָפט געוואָרן מיט מתפללים, מיט היץ פון ברענעדיקע און ריסנדיקע בוימל־קנייטלעך, פון חלבנע און וואַקסענע ליכט, ביז חלשות, ביז דערשטיקט צו ווערן. און אויב ס'איז נישט גע־שען קיינמאָל קיין אומגליק, איז עס טאקע געווען נאָר אין זכות פונעם „מגן־אברהם" *, וועלכער האָט אויף אלעמען מגין געווען.

* געמיינט דעם מגיד, לויט זיין ספר „מגן אברהם" — אברהמס פאַנצער.

צוליב די קראַטעס האָט דאָס אוהל געמאַכט דעם איינדרוק ניכער
פון אַ תפיסה. און ווען דער דייטש האָט עס בעת דער ערשטער וועלט־
מלחמה נישט פאַרוואַנדלט אין קיין אמתער תפיסה, האָבן עס גאָטס־
פאָרכטיקע ווייבער ווידער געהאַלטן פאַר אַ מופת.

אין די אָוונטן, ווען דורך די קראַטעס פון אוהל פלעגט זיך אַדורכ־
זייען די טריבע ציטעריקע שיין פון זיין נר־תמיד אונטערן סופיט — אַ
הינגעגנדיקער קאַלירטער לאַמטערן, אין וועלכן ס'האָט געברענט אַ קנייטל
אויף בוימל — פלעגט עס אויף פאַרבייגייער פאַרליבטע פאַר־
לעך אָנוואַרפן אַ אומהיימלעכקייט, און זיי פלעגן זיך שטאַרקער צודריקן
צו אײנאַנדער... קעגן דעם טאָג־ליכט אָבער פלעגט די טריבע נר־תמיד־
שיין פאַרבלאַסט און צונישט ווערן, און די טויטע שטילקייט פונעם אלטן
הייליקן אָרט טיטן מגידים אוהל איז פאַרשלונגען געוואָרן דורכן הילך פון
די קוזניעס, וואָס זענען געשטאַנען אין שכנות. דאָס ריטמישע זינגענדיקע
קלאַפן פון די האַמערס איבער די קאָוואַדלעס פלעגט אַריינהילכן אין
שטעטל, ווי פון אַ דופק, וואָס שלאָגט צווישן הימל און ערד.

---

## זיידעס און אייניקלעך

1

די מומע, מיין מאַמעס ייִנגערע שוועסטער, איז שטענדיק ערנסט געווען. אין גאַס פּלעגט זי זעלטן אַרויסגיין. פון צייט צו צייט בלויז פּלעגן חברטעס, געציילטע, קומען און רעדעוודיק מאַכן אירע שטומע ווענט. אָבער געוויינטלעך פּלעגט מען פון איר חדר בלויז אַ לייענען-ברומען אָדער אַ בלעטל-שאָרך הערן.

טאָג ווי נאַכט האָט זי געלייענט די ביכלעך מיט די קאָלירט-געצאַצקעטע שער-בלעטלעך, וואָס דער ברוומרעגער פּלעגט ברענגען גאַנצע שטויסן. רוסישע ביכלעך. מיר פּלעגט אויסקומען, אַז די שוואַרצע אותיות, וואָס אירע אויגן זאַפּן כסדר איין, ווי קלעק-פּאַפּיר טינט, האָבן זיי שוואַרץ געמאַכט. סע פּלעגט בלויז אַ פּלא זיין: ווי האָבן זיי דעם גלאַנץ באַקומען? דעם פלאַם? סע איז דאָך פּשוט אַ וווּנדער, פאַרוואָס פאַרנאַכט ווען די דינסט, רוסיע, באַווייזט אַמאָל ניִשט אַזוי גיך דעם לאָמפּ אָנצוצינדן, און די מומע פירט צו די אויגן האַרט צום ביכל, — פאַרוואָס עס ציִגדן זיך ניִשט די בלעטלעך אָן?

מיר האָבן זי דערפאַר גערופן די מומע „אויגן". און עד-היום, ווען איך טראַכט וועגן איר, הייסט זי ניִשט אַנדערש ווי — די מומע „אויגן".

2

סע האָט זיך אָנגעהויבן טומלען ביי אונדז אין שטוב. שוין אַ יאָר אַז די מומע איז אַ כלה געוואָרן, און איצט האָט מען זיך געגרייט צו דער חתונה. וואָס אַ טאָג, האָט זיך דער טומל געגרעבערט. דער זיידע ברוך איז געווען דער נגיד פון שטעטל, די מומע — זיין יונגסטע טאָכ-טער, און אַ חתן האָט ער געקריגן אַ גרויסן יחסן און ווויל-לערנער, —

האָט ער געוואָלט פּראַווען אַ חתונה אַ גרויסאַרטיקע. לאַנג און לייט זאָלן האָבן נסים־ונפלאות צו דערציילן.

ווי־זשע ווערט אונדזער שטוב אַריינגענומען אַזאַ גרויסע חתונה? האָט מען צון איר מזרח־וואַנט געגומען צושטעלן אַ גרויסן ברעטערנעם שאַ־לאַש. דאָ, אין שאַלאַש, וועט מען פּראַווען די סעודה פֿאַר די נישט־חשו־בע שטאָטלייט: פֿאַרן קרעמער און קצב, פֿאַר די שניידער מיט די גע־זעלן, וואָס נייען די התונה־הלבישה, פֿאַר פֿישל א ו נ ־ ז ע ר שוסטער מיט זיינע בני־בית, פֿאַרן וואַסערטרעגער און קוימעניאַר*, און אַזוי ווייטער פֿאַר די אַלע, וואָס האָבן נאָר אַ שייכות צו דער שטוב. און אויך פֿאַר די דורכגייענדיקע אָרעמעלייט און בעטלער.

— פֿרעגן, צו וואָס נאָך גרייטן אַ סעודה פֿאַר פֿרעמדע שלעפּער?!

— האָט די באָבע, אָפּגעקערט פֿון זיידן, אַ מרוק געטאָן.

— אַזוי וויל א י ך! — האָט דער זיידע קורין צוגעוואָרפֿן, און זיינע דיקע טונקל־רויטע ליפּן, וואָס האָבן זאַפּטיק אַרויסגעקוקט פֿון זיין גאָלדיקער האָריקייט, ווי „מאַרעלן“ **, האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט טערפּ־קעקייט.

און אַז דער זיידע וו י ל, מוז אַזוי זיין. צי האָט ער עס געטאָן צוליב גוטהאַרציקייט און פֿרומקייט וועגן? — זאָלן, הייסט עס, אָרעמע־לייט, שלעפּער, אויך פֿאַרזוכן אַמאָל אַ גוט שטיקל חלה מיט פֿיש! — צי צוליב באַרימערישקייט און אָנגעבלאָזנקייט, ווי דער שטייגער פֿון נגידים איז? — האָב איך דעמלט נאָך נישט געקענט אונטערשיידן און פֿאַרשטיין.

סיי־ווי, דער שאַלאַש איז געוואָקסן. הוילע, נאַקעטע ווענט און דאַך, ווי סע פּאַסט פֿאַר אָרעמעלייט. אָבער ער האָט געשמעקט מיט פֿריש האָלץ און איז געווען גאָלדיק, סענקעוואַטע־בוימלדיק, ווי די פֿרישע אייער־קיכלעך אויף דער התונה. מ'האָט געשמועסט, אַז אָרעמעלייט פֿון נאָענט און ווייט זענען וועגן דער חתונה דערגאַנגען, און האָבן שוין אָנגעהויבן קומען גרופּעסווייז אין שטעטל אַריין (צופֿיל פֿאַרן שטעטל! נאָר ברוך נגיד וועט זיי דאָך נישט נעמען שוין באַצייטנס אויף זיינע קעפּט!...).

דער האַרמידער אַרום די צוגרייטונגען איז געשטיגן. אַפֿילו אויף אונדז, די קינדער, אויף מיר מיטן עלטערן ברודערל שאולקע, איז קיין צייט

---

* קוימענקערער.

** אַזעלכע גרויסע רויטע ווייַנשל.

נישט געווען זיך אומצוקוקן. פאַר אונדז איז דאָס דווקא געווען אַ גרויס געווינס. ראשית, האָבן מיר געקענט נישט דערטרינקען די זיסע קאַקאַאָ און נישט דערעסן די פעטע אייערקיכלעך, וואָס זענען אונדז מחמת גרויס זאַפטקייט שווין פון האַלדז געקראָכן (ס'איז אַזוי נישט גוט צו זיין אַ נגי־דיש אייניקל!); און, שנית, זענען מיר געווען פריי. געקענט אַרויסלויפן אינדרויסן, ווען סע האָט זיך אונדז פאַרוואָלט, און זיך צוקוקן צו אַלץ, וואָס אונדז געפעלט. אָ, ס'איז געווען אַן אינטערעסאַנטע צייט! וואָס, באמת, האָט געקענט זיין אינטערעסאַנטער פון צוקוקן ווי עס וואַקסט ביי די באַלמעלאָכעס אונטער די הענט די גרויסע־גרויסע סוכה — דער שאַ־לאַש! מיר קענען זיך פלאָנטערן זיי פאַר די פיס וויפל מיר ווילן! וואָסער באַלמעלאָכע וועט זיך עס עפּעס דערוועגן צו פאַרטשעפּען ברוך נגידס אַן אייניקל?!

אַך! און וויפל איז ווערט געווען זיך צוצוקוקן צו דער אַרבעט פון איציע דער רביצינס?! אין איין טאָג האָט ער הינטער דער כלהס פענצ־טער באַשאַפן אַ גערטנדל פול מיט סאַמעטענע בלימעלעך! ער האָט זיי איבערגעזעצט פון רבינס הויפישן גאָרטן. אָט די דאָזיקע קאָלירטע באַ־שעפענישלעך, מיט דינע שטריקעלעך צו דער ערד צוגעבונדענע פלאַ־טערלעך, האָב איך דעמלט צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן דערזען: — פייגעלעך! בלימעלעך!

יאָ. נאָר אין גערטל אַריין, פונקט ווי שטענדיק אין דער מומעס צי־מערל, האָט מען אונדז נישט אַריינגעלאָזט. כאָטש מיר האָבן געהאַט אַ ברענענדיקן חשק דערצו. ס'איז שטאַרק־שטאַרק פאַרדריסלעך. אָבער, דעם אמת איצט מודה צו זיין, האָבן די „גרויסע" גוט געטאָן: איך האָב חשק געהאַט דעמלט, שטאַרק חשק געהאַט, צו נעמען פון שטוב אַ שערל און אָפּשערן פון די שטריקלעך די קרעץ־פייגעליך *, די בלימעלעך הייסט עס, און זאָלן זיי אַוועקפליען...

## .3

די כלה האָבן מיר איצט פאַר די אויגן נישט געזען. בלויז אַ האַלבן שאָטן פון איר געשטאַלט און דעם גלי פון אירע אויגן דורך דער ווייסער נעץ פון דעם אָראָפּגעלאָזטן פאָרהאַנג איבער איר פענצטער אין גערטל

---

* פלאַטערלעך.

אַריין. און גאַס איז ז׳ אינגאַנצן נישט אַרויסגעגאַנגען. פון אירע חברטעס פלעגן קומען צו איר בלויז די נאָענטסטע. צוויי. און אפילו ווען זיי איז מען אויך און שטוב עפּעס נישט צופרידן געווען. פאַרוואָס?...

דאָ האָט אונדז, קינדער, אַ גרויס גייעס נאָכמער פאַראינטערעסירט מיט דער כלהס צימער: דער זיידע האָט אָנגעהויבן אָפּט אהין אריינצוגיין. ער פלעגט זיך דאָרט לאַנג זאָמען. אַמאָל זיך עפּעס בייזערן דאָרט. איינמאָל האָבן מיר געהערט דורך דעם ברום פון זיין געבייזער אויפקלינגען דער מומעס געוויין. און שטוב איז מען געגאַנגען אויף די פינגערשפּיצן, און מ׳האָט זיך געסודעט. וואָס איז דאָ?.. וואָס קומט פאָר?.. מיר האָבן נישט פאַרשטאַנען. זיך בלויז מינקל געשמועסן, אַז נישט אַנדערש די כלה וויל נישט די התונה. פאַרוואָס?... איין מאָל אָבער איז דעם זיידנס ברום איבערגעגאַנגען אין אַ האַרב קול. מיר האָבן דערהערט קלאָרע דיבורים:

— אַז ע ר געפעלט דיר נישט, איז ווער־זשע דען? ווען אויסזוכן פונדיינעטוועגן, אַ? אפשר... כאַ — כאַ — כאַ... אונדזער פּיישל שוסטערס בחור? אָט דעם אָדעבער שוסטערוק וואָס קומט וואָך־איין וואָך־אויס די התונה־שיך דיר מעסטן? אַ שוסטער־בחור! אַ?

אַלע ווערטער זיינע זענען ווי וואָרעם־לייב אַריינגעקראָכן אין דעם וואָרט „שוסטער־בחור“. און דאָס וואָרט איז פיל געוואָרן מיט עקל, פאַראַכטונג און דראָנג. ס׳איז אויסגעקומען, אַז אַ שוסטער־בחור איז אַזאַ מין נידעריק, עקלדיק און אפילו שרעקלעך באַשעפעניש, וואָס באַדאַרף אָנוואַרפן אַזאַ פחד אויף דער מומען, ווי אויף קליינע קינדער: — „אַ בוציבאָר וועט קומען!...“*

אויף דעם איז דאָרט שטיל געוואָרן. ווי דאָס שרעקלעכע וואָרט האָט מאַקע געווירקט, און די מומע איז פאַרגליווערט געוואָרן. אָבער גלייך האָט זיך דערהערט איר קול, אַ טרוקנס אַזאַ, אַ דורכגעברעכטס, נאָר אַן אַנטשלאָסנס:

— זאָל זיין אַ שוסטער־בחור! מאַקע פּיישל שוסטערס י י נ ג ל וויל איך!...

דער זיידע האָט געלאַכט „מיט יאַשטשערקעס“ און געזאָגט:

— וואָ־אָ־ס?! ביסט משוגע געוואָרן? דעם „גאָלים“, וואָס האָט פורים געשפּילט אין דער פורים־שפּיל?

— ער האָט געשפּילט נישט פאַר זיך. פאַר אָרעמע פאַמיליעס!... —

---

* אַ וואַלד־גזלן (זבויצאַ באָרו).

האָט זיך די מומע ווידער געענטפערט עקשנותדיק אין מרוקן, ווי פון אַ ראָ־רענער קעל אַרויס.

— מער זאָל ער דאָ די שוועל נישט אַריבערטרעטן!

האָבן מיר, קינדער, אָנגעהויבן זיך אָנשטויסן עפּעס אומגליקלעכס. דער „גאָלים" האָט אונדז אויך אימפּאָנירט. דער אָטעם האָט זיך אונדז פאַרשאַרפט אין די ברוסטלעך. אויך דאָרט אין צימער איז געווען שטיל, ווי אונטער אַ פּרעס. מיר האָבן געהערט דעם זיידנס סאַפּען און דער מו־מעס אָטעמען. הערנאָך — דעם זיידנס אַ געדעמפּטער געבייזער: ה... מ...ם!... ווי פון אַ קאַץ, ווען זי שלעפּט אַוועק דרויב. דערנאָך — אַ קלאַנג פון אַ הילכיקן פּאַטש.

די טיר האָט זיך אַ פראַל אויף געטאָן. מיר האָבן דערזען דעם זיידנס פעסטע דעספּאָטישע טריט. די שטיוולדיקע הויכע אָפּצאַסן האָבן געקלאַפּט אין דער פּאָדלאָגע, ווי האַמערס. זיין פאַרקיילעכיקטע פיגור — שטייף און אַרויפגעריסן. דורך זיינע בייז־אַראָפּגעלאָזטע ברעמען האָט געשפּריצט פייער, ווי פון בלאָז־זעקעלעך. פון די נאָזלעכער דורך די אונטערגעשוירע־נע האַרטע וואָנצעס האָט געזוצט אַ פּאַרע. זיין געלהאָריקייט האָט באַקו־מען רויטלעכן גלאַנץ.

אין מיינע אויגן האָט ער אויסגעזען, ווי אַן אויפגעזאָטענער סאַמאָ־וואַר, וואָס האָט באַקומען פיס, און איז אין סאַמע מיטן פון שטוב אַנטלאָפן. דאָס איז געווען אַזוי קאָמיש, אַז איך האָב גאָר פאַרגעסן אין דעם שרע־קעוודיקן דרך־ארץ פאַרן זיידן, און נאָכגעשאָסן אַ געלעכטער דעם אויס־גייענדיקן האַמער־קלאַנג פון זיינע אָפּצאַסן. אָנגעשטאָכן פון מיר, האָט זיך אויך שאולקע זאַפּטיק צעלאַכט. אָבער באַלד האָט עפּעס פאַרשפּאַרט אין קעל און דערוואָרגן דאָס געלעכטער: פון דער מומעס צימער האָט אומגעריכט, ווי גאָר אָן אַ פאַרוואָס, אַ שנייד געטאָן — נישט אַ קוויטש, נישט אַ יאָמערגעשריי, נאָר יענפאַלס אַזאַ דולער קלאַנג, וואָס מאַכט גליווערן די געבליטן.

די גאַנצע שטוב האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם. קיין פליג האָט נישט געזשומעט. אין קיך האָט אַ פלאַץ געטאָן אַראָפּגעפאַלן געפעס. און די באָבע טוט אַ שווים אַריין אין דער מומעס אָפענער טיר:

— געוואַלד!

די שטוב טוט זיך אַ וויג. אַ שרעקלעכער האַרמידער:

— די כלה הלשט! — וואַסער! — דעם דאָקטער! דעם דאָקטער!...

מ'האָט געקלאַפּט אַ דעפּעש. מ'האָט געשמועסט, אַז מאָרגן־איבער־מאָרגן וועלן קומען דער פעטער בעריש מיט דער מומע צירל פון דובנע. און זייער קומען האָט געזאָלט אַלין גוט מאַכן. די מומע צירל, אַ קרובה אַ יתומה, איז אַמאָל דערצויגן געוואָרן ביים זיידן אין שטוב. זי איז געווען דער מומעס אַ חברטע. ערשט נישט לאַנג צוריק האָט זי חתונה געהאַט. האָט זי מיט איר מאַן באַדאָרפן ווירקן אויף דער כלה, באַרואיקן זי:

— זיי זענען דאָך א ו י ך הייבטוועלטיקע... גרויסשטעטישע...

אויפן דריטן טאָג זענען זיי טאַקע געקומען. זיי האָבן זיך גלייך פאַרקליבן צו דער מומען, און זענען זעלטן פון דאָרט אַרויסגעקומען. האָבן צוזאַמען מיט איר אַפילו געגעסן און געטרונקען. מיר פלעגן אַמאָל אויפכאַפּן איבער־געריסענע שורות פון זייערע שמועסן. דאָס זענען געווען איינרעדנדיקע און איבעררעדנדיקע רייד. אַזעלכע גלעטנדיקע און חניפהדיקע. אָבער די מומע פלעגט אומרואיק שפּאַנען איבערן צימער, ווי אין אַ שטייג, און קיין וואָרט נישט ענטפערן. מיר האָבן זיך אויסגעטייטשט, אַז די מומע מוז ליידן פון אַזאַ מין קראַנקהייט, וואָס מע קאָן מיט איר אַרומגיין און מע מוז נישט דווקא ליגן צו בעט.

ווען עס פלעגט זיך עפענען די טיר פון איר צימערל, האָבן מיר דאָרט קיין ענדערונג נישט דערבליקט. ס'האָט בלויז אויסגעזען ווייסער און בלענדנדיקער; איר געלאָקטער, שוואַרץ־גלאַנציקער קאָפּ האָט געשוואַרצט ווי אַ קראָ אין אַ שנייאיקן דרויסן, און אירע אויגן — שוואַרצער און ברענענדיקער נאָך.

איינמאָל איז מיר דערביי אויפגעקומען אַ שרעקלעכער געדאַנק, און כ'האָב אַ שוידער געטאָן ביי דער פאָרשטעלונג: — דאָס ווייסע צימערל הייבט זיך פּלוצעם אָן סמאַליען אונטערן פלאַקער פון דער מומע „אויגנס“ אויגן, און עס ברענט אויס אַ שרפה... אָבער גלייך איז מיין אויפמערק־זאַמקייט צוגעשמידט געוואָרן צו גאָר אַן אַנדער זאַך. עס האָט זיך גע־עפנט די טיר און אַריינגעלאָזן פישל שוסטער. ער האָט אונדז אָפּגעבראַכט נייע שיכלעך ספּעציעל אויף דער חתונה. נו, צו נייע שיכלעך זענען מיר שוין געוווינט געווען, און עס האָט מיר נישט שטאַרק פאַראינטערעסירט. אָבער איך בין פאַרכאַפּט געוואָרן פון פישל שוסטער אַליין. ער איז, ווייזט אויס, געקומען אַהער איילנדיק גלייך פון דער אַרבעט. אויף זיין שמאָלער ביינערנער נאָז, וואָס אויף איר שפּיץ האָט שטענדיק געשפּילט אַ בימער

שמייכעלע, האָבן נאָך געריטן די גלאַנציק־גלאָציקע ברילן־גלעזער, וואָס ער פלעגט טראָגן ביים וואַרשטאַט. און אָנגעטאָן — אין דער שוואַרצער, געשפּאָלטענער שבתדיקער קאַפּאָטע! אויסגעפּוצט זיך צוליבן יום־טוב פון ערב־התתונה ביי אונדז אין שטוב... (ער וועט דאָך זיין אַ פאַרבעטענער, א ו נ ד ז ע ר פישל...) אָבער זיין פּנים און באָרד זענען געווען גרוי, ווי איינגעטונקען אין שטויב. די אויגן הינטער די ברילן־גלעזער האָבן אַרויסגעקוקט מאַט און הויל, ווי שוואַרצע לעכער. עס האָט געשמעקט פון אים מיט לעדער און מיט נאָך עפּעס זויערס. ווען ער האָט זיך אַראָפּ־געזעצט און, געבויגן אין דרייען, געמאָסטן אונדז די שיכלעך, האָט ער צוגעברומט אַ ניגונדל, אַ פאַרקלערטס אַזאַ און פול מיט ביטערניש, ווי דער שפּיץ פון זיין נאָז.

ערשט איצט, איבער דעם רעדל פון זיין שוואַרצן רוקן, האָב איך דערזען זיין אייניקל טייבל. זי האָט זיך אומבאמערקט אריינגעשלייכט. אַ שוואַך גופל, ווי פון לייב פון וואַסער־געוויקס. אַ בלאַס פּנימל. גרויסע פרעגנדיקע אויגן, און שטרוי־קאָלירענע האָר אין צעפּעלעך פאַרפלאָכטן. ס'איז געווען א רחמנות צו קוקן אויף איר... איר טאַטע איז געשטאָרבן פון עפּעס אַ לונגפעלער.

פישל שוסטער האָט זיך אויפגעהויבן, און זי פאַרשטעלט.

— ס'איז גוט און ס'איז שיין, — האָט ער געזאָגט צו מיין מאַמען, וואָס האָט באַטאַפּט די שיכלעך, צי זיי זענען נישט ענג — מיין בחור אליין האָט זיי געמאַכט. פון אלף ביז תיו. אַן אַדעסער שוסטער, פאַרגעסט נישט, איז ער... המם...

א שמייכל האָט זיך אוממעכטיק געוואָלט ארויסהייבן פון שטויב פון זיין פּנים, און האָט זיך פּלוצעם אויסגעלאָשן.

דאָ איז מיר אויפן זינען געקומען דאָס לעצטע געקריג צווישן זיידן און דער מומע „אויגן“. כ'האָב זיך דערמאָנט, אז דער זיידע האָט באַליי־דיקט איר פעטער „גאָלים“, און ביי זייער ארויסגיין בין איך זיי נאָכגע־גאַנגען. אויפן לעצטן טרעפּל פון אונדזער גאַניק־בריקל האָב איך עפּעס גאָר אומגעריכט ארויסגעצויגן פון קעשענע מיינס א צעשעדיקט פּושקעלע מיט אַן אויסגעמאָלן אָפּגעקראָכן קעצעלע אין דעם, און א שטופּ געטאָן עס טייבעלען אין הענטל אריין:

— נא דיר א מתּנה... א קעצעלע...

זי האָט עס גענומען, מיט הידוש אויף מיר א קוק געטאָן, ראָז גע־וואָרן, און א שמייכל געטאָן.

— א דאנק!

אָבער באלד האָט זי באטראכט די מתנה אליין. זי האָט זיך פארקרימט און א שמייץ געטאָן זי אין דרערד אריין:

— סא פאַרשטונקען קעצל! כ'דאַרף עס איף כפרות!

זי איז געוועזן געשלאָגן. איך האָב זיך דערפילט שולדיק און פארשעמט. איך בין רויט געוואָרן. די אויגן זענען מיר פאַרלאָפן געוואָרן מיט ביטערע טרערן. איך האָב פארביסן דאָס אונטערשטע ליפּל, און דערפילט אין מויל א טעם פון בלוט.

.5

אינמיטן גאָרן חתונה-טומל האָט זיך אַריינגעריסן נייעס פון שטעטל: „ציגיינער זענען דאָ! קאָמעדיאַנטן! ווייזן קונצן אויפן רבינס הויף“. דאָס נייעס האָט אונדז, מיר מיט שאילקען, אויפגעוועקט פון אונדזער אומעטיקער און שלעכט פאָרפילנדיקער פאַרטראַכטקייט.

מ'האָט געערדט אין שטוב, אז מ'עט דאַרפן איצט שטארק געהיט זיין מיטן „זילבער“ איף דער חתונה. וואָרן א ציגיינער, ווי דו זייסט אים נישט, דאַרט וואַקסט ער. די קאָמעדיאנטן ווידער (דערביי אונדז געוואָרנט מיט א פינגער) כאַפּן איף קינדער, ברעכן זיי אויס די ביינדלעך, באָדן זיי אין מילך, פון וואָס די ביינדלעך ווערן ווייך ווי כראָמסקע, און מאכן זיי אויך פאר קאָמעדיאנטן. דער עיקר אָבער דאַרף מען געהיט זיין מאקע מיטן „זילבער“! (פארוואָס? „זילבער“ איז השיבער פון קינדער?...). זיי האָבן לאַנגע און קלעפּיקע הענט, די ציגיינער. מע טאָר זיי איבער קיין שוועל נישט אריינלאָזן.

דעם זיידנס לאנגע ברעמען זענען געוואָרן אָנגעשטאָלט און האָבן איינגעזען ווי קופּערנע קעמעלעך, ווען ער האָט געערדט וועגן דעם. זיי האָבן אים עפּעס ווי געשטערט די חתונה. זיינע אויגן האָבן זיך פארבאָרגן אונטער די ברעמען, ווי אָנגענאָדלטע יעזשיקעס. האָבן אונדזערע הערצלעך געפלאַטערט פון שרעק וועגן די ציגיינער און די קאָמעדיאנטן, און דווקא האָט שטארק געצויגן צו זיי. און ארום האלבן טאָג האָבן מיר זיך געטאַכט האַרץ, אַרויסגעגנבעט זיך פון שטוב, און זענען אַוועק צום רבינס הויף.

אויפן פּלאַץ, ווו דער רבי טאַנצט אַמאָל אין אַ ראָד פון חסידים, איז איצט געשטאַנען אַ געדיכטע ראָד פון מענטשן, מאַנסלייט, ווייבער און קינדער. אינעווייניק, אין דער ראָד, האָבן געזאָלט זיין, אָנשטאָט דעם רבין,

די קאָמעדיאַנטן. ווו האָבן זיך ביי אונדז דערנומען כוחות זיך דורכצו־שטופּן? דורכגענומען אינגאַנצן פון דעם געפיל פון נייגיריקייט, וואָס האָט אונדז געביסן ווי קרעץ, האָבן מיר זיך געשטיקט אין שטאַרקער היץ פון זון און מענטשן־לייב. מיר זענען געהאָנגען אויף פּרעמדע אַקסלען און רוקנס, געשטאַנען אויף די פינגערשפּיצן, זיך אויסגעצויגן אַרויף, ווי ווערעם, און צוגעקוקט.

דאָס זענען באמת געווען ווונדערבאַרע קונצן (אַ כּפּרה דעם רבינס טאַנצן מיט זיינע העוויות!). שטעלט אייך פאָר: עס שטייען פינף טישן איינער אויפן אַנדערן, די טישן פון רבינס בית־מדרש, און אָט פון דער דאַזיקער הייך קערט זיך אַ קאָמעדיאַנט איבער מיטן קאָפּ אַראָפּ אויף דר׳ערד. ער דרייט זיך עטלעכע מאָל איבער אין דער לופט און בלייבט שטיין גלייך אויף די פיס, ווי אַ מעלעגראַף־סלופּ. דאָס איז אַ יונגער צי־גיינער, הויך און שלאַנק, ווי „גלית״, פישל שוסטערס בחור. ער איז אָנ־געטאָן אין אַ זאַמדיק־געלן טריקאָט, און זעט אויס, זיך דרייענדיק אין דער לופט, ווי אַ שלאַנג. דערנאָך באַווייזט זיך אויפן טיש אַ קאָמעדיאַנטקע. אַ ציגיינערין. אויך אַ שלאַנקע, נאָר אַ מאָגערע, נידעריק און דריבנע. אין גרינעם טריקאָט, מיט אַ גרינעם בערעט אויפן קאָפּ, זעט זי אויס ווי אַ ריזיקער פראָש. דער קאָמעדיאַנט, וואָס שטייט איצט אויף דר׳ערד, שטעלט איר אונטער אַ קאָזאַקישע שפּיז אונטער די ציין, און אַזוי הייבט ער זי אַראָפּ פון טיש און טראָגט זי אַרום אַ קרייז. אַ רגע טוט זי זיך אַ וואָרף אָפּ פון דער שפּיז, און עס באַקומט זיך אַ פּלאַטערנדיקע קלויז־סטער־„שמאַטע״ *. אַ רגע ווידער באַוועגט זי זיך נישט, פיס און הענט צעשפּרייט, און זעט אויס ווי אַ טויטער פראָש. דערנאָך טוט זי אַ פאַל אויף אים, און — אַ שלאַנג מיט אַ פראָש ראַנגלען זיך אויף דר׳ערד...

נאָך קונצן האָבן זיי באַוויזן. און אַלץ איז געווען ווונדערלעך. עס האָט זיך אַזש געגלוסט פון דער אייגענער הויט אַרויסקריכן. מיר האָבן אונטערגעהאַלטן דעם עולמס קולות און אַנטציקונג. שוין אָפּגערעדט, אַז מיר האָבן פאַרגעסן אַהיימצוגיין מיטיק עסן (רייכע קינדער קענען זיך פאַרגינען דעם פאַרגעניגן, לאָזן אַ געגרייטן טיש מיט כּל־טוב אונטער־וואַרטן). און ווידער, מיר זענען געווען אַזוי איינגעפּרעסט, אַזוי אויסגע־מאַטערט, אַז מיר וואָלטן זיך מיט אונדזערע שוואַכע כוחות גאָרנישט גע־ווען געקענט אַרויסקריגן פון דעם „געדרושעכץ״. א ו נ ד ז ע ר רוסיע,

* קלויסטער־פאָן.

די דינסט, האָט אונדז סוף־כל־סוף דערפֿאַקט, און מיט אַלע כּוחות אַרויסגעשלעפּט.

— וואַרטס! איר וועט שוין כאַפּן פֿונעם זיידן! — האָט זי געסטראַשעט, שלעפּנדיק אַהיים פֿאַר די הענטלעך.

איינגעלאָזט האָט זיך, אַז מיר האָבן דאָס מאָל נישט געכאַפּט. ס'איז קיין צייט אין קיין קאָפּ נישט געווען מיט אונדז זיך אָפּצורעכענען. די שטיב האָט זיך געוויגט אין דעם הו־הא פֿון ערבֿ־חתונה. זי איז פֿול געווען מיט ריחות פֿון מאכלים, געבעקסן און געווירצן, אַזש עס האָט פֿאַרטשאַדעט אין דעם רעשט אַפּעטיט צוגענומען. ביי די מאַנסלייט זענען קרום אַרומגעפּאָרן די קאַשקעטלעך אויף די קעפּ, און ביי די ווייבער — די צעשייבערטע פּאַרוקן און מטפּחות. און מיר האָבן זיך געקענט גאַנץ אומגעשטערט ווייטער זיצן, אַיים געווינטשאַפֿט, הינטער דער מומע „אייגנס" מיר און נאָכאַמאָל איבערלעבן אין שמועסן די געזעענע וווּנדער. מיר האָבן שיער אין דער מומען מיט דער גאַנצער חתונה פֿאַרגעסן.

די לאַנגע הייסע זומער־שעהען זענען שנעל אַרויסגעקראָכן פֿון שטוב. אין אונדזער מונקל ווינקל האָבן מיר בלויז געזען אייגער דעם אַנדערנס אויגנגלאַנץ אויפֿן פֿלעק פֿון אַ באַגייסטערט פּנימל, און אומבאַמערקט האָט זיך, ווי אַ ציגיינערטע, אַריינגעשלייכט דער זומערדיקער אָוונט אין שטוב אַריין.

6

ביימאָג שוין זענען געקומען די קלעזמער. אַזש צוויי קאַפּעליעס. מאָרגן אינדערפֿרי פֿאָרט מען אַרויס קעגן חתן. דער טומל פֿון די צוגרייטונגען האָט זיך שוין אָפּגעזעצט. אַלע זענען איצט געווען פֿאַרפֿאָרעט בלויז אין קיך. אין דער פֿאָדערשטוב איז חוץ אונדז קיינער נישט געווען. מיר האָבן געקוקט דורך דער אָפֿענער דרויסנטיר אין אָוונט אַריין.

אין דער טיר־רעם האָט זיך אויסגעשאָטנט אַ ציגיינערין. זי האָט געמאַכט עטלעכע טריט. באָרוועסע. אויפֿן רוקן, פֿאַרבונדן אַרום האַלדז אין אַ לייכטער געבלימטער שאַל, האָט זיך איר נאָכגעהאָנגען עפּעס, וואָס האָט באַדאַרפֿט זיין אַ לעבעדיק באַשעפֿעניש. אין איר אויסגעשטרעקטער האַנט — אַ טעשל קאָרטן. זי איז געבליבן שטיין. זיך אַרומגעקוקט.

— הערקענסט? — האָט מיר שאולקע אַ שטאָרך געטאָן מיטן עלנבויגן.

— וואָס? — האָב איך נישט פאַרשטאַנען.
— ס'איז דאָך די קאָמעדיאַנטקע! דער פּראָש!...
— יאָ־אָ־אָ, — האָב איך אויך פּאַמעלעך דערקענט.

איר בליק האָט געברענט לעבלעך אין דער טיר פון דער כלהס צי־מער. זי איז צוגעגאַנגען און אָנגעקלאַפּט. די כלה האָט געעפנט און אַ קוק געטאָן. די ציגיינערין האָט עפּעס גערעדט צו איר אויף גויאיש לשון, אָנ־געוויזן אויף איר פּעקל פון הינטן, און מיט אַ בעטנדיק קול געטאַשט די קאָרטן. די כלה האָט איר מיט אַ קאָפּ־שאָקל אַריינגעבעטן.

מיר האָבן זיך דאָס מאָל בגנבה אַריינגעשלייכט הינטער דער ציגיי־נערין. די כלה, אין אַ קלייד פון ווייסע געדיכט־אָנגעפּוישטע שפּיצן — ווי אַ בוים אין פריידיקן בליעכץ. אָבער אין דער שוואַרצער שימערנדי־קער האָריקער רעם, איז איר פּנים ווייס, ווי אַ מאַסקע פון ווייס פּאַפּיר. און די אויגן, שוואַרץ מיט רויט־גליענדיקע דרעמלעך, פלאַקערן קעגן דער ציגיינערינס.

די ציגיינערין האָט פונאַנדערגעלייגט די קאָרטן. איר פּנים איז דער־ביי ערנסט געווען, ווי דעם זיידנס, ווען ער זוכט פרייטיק פאַרנאַכט אין לוח די צייט פון ליכט־בענטשן; ס'איז אָט־אַ־פּנים וויכטיק. נאָר דער פּע־טער בעריש און די מומע צירל, ביים אָפענעם פענצטער, האָבן שפּאָ־מיש צוגעשמייכלט. דערפאַר דער מומע „אויגנס" אויגן, האָבן מיט שוואַרצע צינגעלעך געלעקט די ברודיקע דורכגעפעצטע קאָרטן. די ברע־מען האָבן קיין צוק נישט געטאָן. איר פּנים איז פאַראַמאָל רויט געוואָרן, ווי הינטער דער הויט וואָלטן זיך געבלאָזן גליענדיקע קוילן. מיך האָט פון שרעק אַרומגעכאַפּט אַ קעלט: אָט־אָט באַלד וועט דער כלהס קאָפּ מאַכן אַ שרפה!...

די ציגיינערין האָט איר געהייסן אָפּדעקן אַ קאָרט. די מומע האָט געפאָלגט מיט אַ ציטעריקער האַנט און צוקנדיקע פינגער. די נעגל זענען ווייס געווען ווי ליים.

אין דער רגע איז ווי פון דער פּאָדלאָגע אַרויסגעוואָקסן די באָבע. רויט און שוויצנדיק־פאַרריסט. געראָוואָס פון אויוון אַוועק. פלאַקער און זידנדיק פעטס האָט אַרויסגעזועצט פון איר פּנים און אויגן. אַ רגע האָט זי געקוקט געפּלעפט, און פאַראַמאָל אַ ריס געטאָן דער ציגיינערין פאַרן פּעקל אויף דעם רוקן. דער קנופּ פון דער שאַל האָט נאָכגעלאָזט, און ס'האָט זיך עפּעס פון איר אַ גליטש אַרויס געטאָן. ס'האָט טויב, ווי גו־מע, אַ קלאַפּ געטאָן אין דער פּאָדלאָגע. אַ קוויטשעדיק קינדעריש קולעכל

איז אַרויסגערינגען איבערן צימער. די ציגײַנערין האָט זיך אַ בייג געטאָן ווי אַ קאַץ, אַ כאַפּ געטאָן דאָס קינד, זיך אויסגעגלייכט, און אַרײַנגעשטאָכן צענדליקער שפּיזעלעך, בייזע, גיפטיקע, אין דער באָבעס פּנים:

— וואָס האָסטו געטאָן, מכשפה?! (אַזוי האָב איך מיר אויסגעטײַטשט איר גויאישן אויסגעשריי).

די באָבע אָבער האָט געהאַלטן אין איין פאַרקוויטשען דאָס געשעענגע. געטײַטלט באַפעלעריש צו דער טיר:

— וואָן, וואָן.

אויף דער ציגײַנערינס ליפּנווינקלען איז אַרויס אַ ווייסער שוים, ווי עס וואָלט אין איר מויל געזאָטן. די באָבע האָט מיט צעפלויגענע הענט און געקאָרטשעטע פינגער, ווי רויבערישע קראַלן, צונויפגעקליבן די קאָרטן. זי האָט זיי געטאָן אַ שמײַס אַרויס דורכן פענצטער אין בלומען־גערטל אַרײַן. איז צו מיט אַ פויסט צו דער ציגײַנערינס פּנים. אַ נס, די מומע „אויגן" האָט זיך זיי געשטעלט צעווישן.

די ציגײַנערין איז אַלײן געשטאַנען אומבאַוועגלעך: אַ שוואַרצע הבדלה מיט צוויי אָנגעצונדענע פלאַקערנדיקע קנײטלעך פון דער באָבען איז פּליוצעם אָפּגענומען געוואָרן דאָס לשון. זי איז געוואָרן געל.

די ציגײַנערין האָט זיך אַוועקגעדרייט און געוויזן אַ גלייכן שטרענגן רוקן. איז שטיל, באַדענקט נעגאַנגען צו דער דרויסנטיר. דאָס קינד האָט זי לייכט פאַרוויגט אויף די הענט. ס'איז געווען רואיק. ווי טויט. און מיר זענען איר אַלע נאָכגעגאַנגען, ווי נאָך אַ לוויה.

האַרט ביי דער שוועל האָט זי זיך צוריק אויסגעדרייט, איז געבליבן שטיין און פאַרוואָרפן דאָס קינד אויפן רוקן. איר פּנים האָט איצט געגליט, געמיגיעט ווייס און רויט, ווי אַן אָנגעגליטער שטיין. די אויגן האָבן געברענט טיף הינטערן שטערן. פון אונטער איר געבלימט טיכל זענען אַפּערגעקראָכן שוואַרצע געקרייזלטע האָר, ווי רויך־פּאַסמעס. זי האָט דראָענדיק אַ טײַט געטאָן מיטן פינגער קעגן דער כלה, און זיך צעאָרנדיק צעשריגן. איך האָב פאַרשטאַנען בלויז, אַז זי זאָגט פּאָר אומגליקן, און שעלט. שעלט און שעלט. אירע קללות זענען אַרומגעפלויגן, ווי קראָען, איבער דער שטוב, האָבן זיך געדרייט אַרום אונדזערע קעפּ, און מיר זענען געווען פאַרגליווערט און טויב. מיט אַ שוואַרצער קללה, פאַרביסן צווישן די ווייסע קריצנדיקע ציין, האָט זי זיך ווידער אַ קער געטאָן, און אַ שפּאַן אין דרויסן אַרײַן. איר רוקן מיטן קינד זענען אײַנגעשלונגען געוואָרן פון דער נאַכט.

די כלה איז געשטאַנען ווי אַ גולם פון ליים. בלויז די אויגן האָבן גע־ברענט אין זייערע הוילונגען, ווי בוימל־קנייטלעך אין לײמענע שיסעלעך. די אונטערשטע ליפּ האָט ווייטיקלעך געצוקט, און אָט באַלד פאַלט זי אַראָפּ ווי אַ ליימען שערבל. ס'איז מיר באַפאַלן אַ פּחד. ענג געוואָרן אין ברוסטל, ווי אין שטוב וואָלט לופט אויסגעפעלט. אַרום — טונקל, שווינ־דלדיק, שוואַרץ. ס'האָט זיך מיר געגאָסן שוואַרצער וואַרעמער טינט דורך די אויערן און אויגן אין שאַרבן אַריין — — —

איך האָב דערפילט — עס פּראָשעט אויף מיר אַ קילער רעגן. כ'האָב געעפנט די אויגן.

— אַ־אַ חלשות! — האָט די מאַמע געזאָגט, גלעטנדיק מיין נאַסן קאָפּ — אויף איר קאָפּ און אויף אירע הענט און פּיס!...

...וועמען שעלט זי? — טראַכט איך — די ציגיינערין, צי די באָבע?...

7

ווייזט אויס, אַז נאָך דעם גאַנצן ערב־חתונה־טאָג בין איך געווען צעמישט. פון דעם טאָג געדענקט זיך עפּעס גאָרנישט. בלויז טומל, איי־לעניש, טאַראַראַם, הו־האַ און מוזיק. כ'הערמאָן זיך קוים שטיקלעך פון דעם חופּה־אָוונט גופא: מוזיק, געסט, מחותנים, און טענץ; פּילקאָלירי־קייט פון ווייבער־קליידער; גלאַנץ פון פרייליכע אויגן, זיידנס און סאַ־טינדעליאָן; צוגעברענט־וואַרעמער שמעק פון בראָנפן, ריח פון ווײנען, און דער קוים־צו־דערשפּירן זיסלעכער אַראָמאַט פון צוקער־ און האָניק־לעקעך.

קלאָר, גענוי שטייט מיר נאָך היינט פאַר די אויגן אָט דאָס בילד:

..בליצלאָמפּן ברענען רויטלעך־פאַרשוויצט אין אַ הייסן נעפּל. איך שטיי אויף אַ טיש. צוויי שורות אײנע אַנטקעגן די אַנדערע פאַרפּוצטע מיידע־לעך מיט קאָלירטע, באַבלימלטע ברענענדיקע הבדלות איז די הענט. צווישן די שורות א „שמאָל געסעלע“, מיט אַ טעפּיך פאַרשפּרייט. אויבנאָן שליסן זיך די שורות ביי די פאַרענטשעס פון א ווייס־באַפּוצטער פאָטער־שטול, באַ־זוימט מיט אַ גרויסן רויטן רויזנקראַנץ (דעם זיידנס פאָטערטול). זי שטייט אויף אַ הויכקייט, מיט טרעפּלעך אַרויפצוגיין. אינגאַנצן אין ווייסן, אין אַ ווייסער באַבלימטער „גאַליאָנדרע“ *, דאָס פּנים פאַרבאַהאַלטן אין אַ ווייס

* וועלאָן מיט אַ גירלאַנדע.

מיכל, — זיצט אין איר פאַרזונקען די כלה. אַלע ווייל הערט זיך פון מיכל אַרויס אַ שלוכץ. די כלה וויינט! מע באַזעצט איר... אַ בדחן, וואָס שטייט אין אַ קרייז פון די קלעזמער, אויף אַ טיש אָנטקעגנאיבער מיר, זאָגט עפּעס זינגענדיק און געגראַמט מיט אַ פייערלעך־טרויעריק קול, און די מיזיק שפּילט אים צו. ס'איז זייער שיין. נאָר מיר בייגט דער שלאָף אַלע־מאָל אונטער די קני, און איך טו זיך אַ זעץ אַראָפּ. און — — — עס וועקט מיך אויף אַן אומגעוויינטלעכער טומל.

...מע פירט צו דער חופּה, און איך ליג שוין אין בעט! — איז מיין ערשטער געדאַנק. איך קוק זיך אַרום נאָך מיין אָנטאָן. ס'איז נישטאָ. איך ליג נאָך אין היבשעס בעט! עס ברענט נישט קיין לאָמפּ אין צימער. פונ־דעסטוועגן איז ליכטיק! אַ ראָזע שיין קוועלט אַרויס פון אַלץ. פון דרויסן דערגייען קולות, געשרייען, אַ ווייט און זעלטן שאלן פון אַ טרומייט.

ווי יונג איך בין נישט געווען, האָב איך גלייך פאַרשטאַנען: סע ברענט!... און קיינער איז נישטאָ! ווו איז אַהינגעקומען די חתונה?! עס חלומט זיך מיר?....

אַ צימער־שרויט זיפּט זיך הורך מיין גאַנץ גוף. די פיסלעך, פון די קניעלעך אָן, שוידערן. די קניעלעך אַליין זענען ווי שעלעכלעך מיט אייז. עס שוידערט מיך אַרויס פון געלעגער. איך וויל שרייען, אָבער דער צונג ליגט ווי אַ שטיקל טרוקן קרייד אין מויל.

איך בין אַריינגעלאָפן אין פאָדערשטוב. קיינער נישטאָ. אַלץ צע־וואָרפן. די טישן וואָכעדיק, אָן טישטעכער. געפעס־שאַרבנס וואַלגערן זיך געמישט מיט ביינער אויף דער פּאָדלאָגע. דער כלהס פאָטער־שטול שטאַרצט מיט די פיסלעך אַרויף, און דער פאַרוויאַנעטער רויזנקראַנץ ליגט צעטרייבערט, ווי אַ שטרוי־גאַרטל צעטרעטן און צעמורשט פון אַ הזיר פאַר אַ רעגן. און אַלץ ווייקט זיך אין אַ רויטלעכער שיין, ווי אין וואַסער פון אַ ווייקשאַף...

פאַרגאַפט זיך צוקוקנדיק צו דעם אַלעמען, האָט זיך די שרעק פון מיר אויסגעוועפּט. איך האָב בלויז געפילט אַן אומענדלעכן אומעט, וואָס איך שטיי דאָ אַליין, און זע דאָס אַלץ איינינקער אַליין. מיין פּנים האָט זיך צוזאַמענגעשרומפּן, פאַרקרומט צו וויינען. אָבער קיין טרערן זענען נישט אַרויס.

ס'איז מיר איינגעפאַלן: אויב איך, מוז דאָך דאָ אויך זיין שאולקע־לע. און כ'האָב אים אָנגעהויבן שטום צו זוכן. כ'האָב נאָך אים געניש־טערט אין אַלע פון בעטגעוועגט אויסגעליידיקטע בעטן. נישטאָ! כ'האָב נאָך

געמאָן אַ לויף אַריין צו דער מומע „אויגן" אין צימער. די אייגענע בלענ־דיקייט און ציכטיקייט וואָס שטענדיק, נאָר ראָזלעד. איך האָב זיך דער־מאָנט אין בלומענגערטל מיט די בלימעלעך־פייגעלעך — זענען זיי נאָך דאָ? כ׳בין צוגעלאָפן צום אָפּענעם פענצטער. אויפן אושאַק — דער כלהם „געליאַנדרע". אָט ליגן צווישן די בייטלעך די קאָרטן, וואָס די באָבע האָט געכטן אַרויסגעוואָרפן. פּלוצעם... ס׳האָבן זיך מיר אונטערגעבויגן די קני, און כ׳האָב זיך אַראָפּגעזעצט אויף דער פּאָדלאָגע... ניין. עס איז נישט קיין אויסהוכטעניש: אויסגעבאַהאַלטן אין שאָטן פון דער שאַלאַש־וואַנט האָט זיך אַהער בגנבה געשלייכט, איינגעבויגן, מיטן קינד אויפן רוקן, די געכטיקע ציגיינערין.

איך בין אַרויסגעקראָכן פון צימער, ווי אַ חיהלע אויף אַלע פיר, און זיך געפרעגט: וואָס איז זי געקומען? די קאָרטן אויפקלייבן?...

ערשט דאָ האָט עס מיך געמאָן אַ שטעל אויף און אַ וואָרף אַרויס פון פאָדערשטוב. מיין העמדל האָט זיך צעפלאַטערט. איך האָב אויסגע־זען ווי אַן אויפגעשראָקענע פליענדיקע ווייסע גאַנדז. איך האָב גענומען לויפן. געשוועבט אין גאַס. און זיך געבאָדן אין שיין פון ברענענדיקע היי־זער. זיי האָבן געפלאַקערט שורותווייז. אָפּגעדעקטע קראָקוועס זענען געשטאַנען איבער דעכער, ווי ריפּן פון סקעלעטן. אַנטפּלעקטע קוימענס האָבן אויסגעשטרעקט שוואַרצע העלדזער און שטיל געבעטן רחמים מע זאָל זיי ראַטעווען, אַ טרונק געבן. אין דער הייך האָבן זיך שוואַרצע שאָטנס פון רויך געמיניעט שוואַרץ, קופּער און גאָלד אין מייכן רויטע שיינען. אַ געדעמפּטער רעש און געשריי האָט זיך אויסגעמישט מיט אַ שטילן אויפפּלאַצן פון ברענענדיקן געהילץ; ס׳האָט פון בראַנד אַרויס געזיפצט און געקרעכצט. סע זענען פאַרבייגעלאָפן שאָטנס און מענטשן. אַנדערע האָבן געטראָגן אויף די פּלייצעס אַזעלכע גרויסע פּעק, אַז זיי אַליין האָט מען נישט אַרויסגעזען. ווי אין פּחד וואָלט די פּעק קליינע פיסלעך אָנגעוואַקסן, מיט וועלכע זיי אַנטלויפן, זיך ראַטעווענדיק. קישנס, בעטן, סאַמאָוואַרן, איבערבעטן, מירן־פענצטער, קאָלדערעס, קופערטעס, שאַפעס, און נאָך און נאָך — אַלץ לויפט, שפּרינגט, פליט אין דער וועלט אַריין. אָט פליט פאַרביי אַ פייערלעשער־הימל, ווי אַ מעשענער פויגל. אָט טראַסקעט פאַרביי אַ פעסל וואַסער. אָט שפּרינגט פאַרביי אַ רויטגעפאַרב־טער מאַשין מיט פּאָמפּע־הענט, ווי פליגל; עס שלעפּן זיך אים נאָך גומע־קישקעס, ווי פון האַסטיקן טראַסקען איבערן שאָסיי האָבן זיך אים אין בויך די קישקעס איבערגעדרייט און זיך אַרויסגעקערט.

איך בין געלאָפֿן צעמישט גאַס-איין גאַס-אויס, אָן אַ ציל, געטריבן פֿון אַ בלינדן פּחד. איך האָב געהאַט דאָס געפֿיל ווי אַ שוואַרצע בײַטש פֿאַלט אַלעמאָל אויף מײַן רוקן און יאָגט מיך ווײַטער צו לויפֿן. איך האָב גיישט געפּרוווט אַפֿילו אויפֿהייבן אַ קול, ווי איך וואָלט זײַן שטום. מײַן האַלדז איז אַ לײַמענער. און אָט האָב איך זיך דערזען הינטערן שטעטל. צווישן שטעטל און פֿאָרשטאָט. דאָ האָט זיך אָפּגעדעקט פֿאַר מיר אַ נײַ בילד, וואָס האָט מיך צוגעשמידט צו זיך. כ'האָב אָנגעהויבן גיין פּאַמעלע-כעו' און קוקן מיט נייגיר: —

בײַם טײַך-ברעג קעגנאיבער דעם פּריצישן שלאָס, דאָרט ווו סע באָדן זיך די ווײַבער — אַ לאַנגער פֿון בוידן, וועגענער מיט פֿאַרריסענע דישלעס, געפּענטעטע זיך פֿאַשעגדיקע פֿערדלעך, און אַרומשטייענדיקע מענטשן-שאָטנס... אַהאַ! — שטוים איך זיך גלײַך אָן — די ציגײַנער... איבערן לאַנער — אַ פֿליגל פֿון שײַן, אונטער אים - - מאָל אין שאָטן. נאָר קלײַנע, מליענדיקע בלויז, שייטערלעך ברענגען דאָ און דאָרט, ווי רויטע ווונדן. איבערן שמאָלן לאָנקע-שטעגל, וואָס פֿירט דורך אַ קוסטעס-שורה פֿאַרבײַ דעם שלאָס און שטעטל אַריין, — אַן אײַלנדיקע באַוועגונג הין און צוריק. אַהין — מענטשן ליידיקע, צוריק מיט פּעק... זיי ראַטעווען דאָס שטעטל, די ציגײַנער? זענען דאָך גנבים?!... און איך האָב אויף מײַן פֿראַגע קיין ענטפֿער גיישט געהאַט. אַזוי נאַריש בין איך נאָך דעמאָלט געווען.

כ'האָב זיך האַסטיק אַ לאָז געטאָן צו דער בריק. פֿון דאָרט, פֿון דער הייך אַראָפּ, וועל איך בעסער קאָנען זעען. אַרויפֿגעקומען, דערבליק איך אין שאָטן פֿון צווייגהאַפֿטיקן בוים בײַם טײַך-ברעג אַ גרופּע מענטשן. איך האָב זיי נאָכנישט דערקענט. אָבער מײַן האַרץ האָט אָנגעהויבן פֿלאַטערן, ווי אַ פֿויגל אין געצווייג פֿון אַן אונטערגעזעגטן בוים... אַך! פֿאַר-פּוצטע לײַט! מחותנים! אונדזערע!

איך האָב זיך פֿאַרבאַהאַלטן הינטער אַ צווײַטן בוים און אָפּגעגע-קוקט. זיי האָבן זיך דערגענטערט. ס'איז אויף זיי געפֿאַלן אַן אָפּשײַן: — דער זיידע! דאָס פּנים ערנסט און שטום. די קופּער-רויטלעכע באָרד — ווייס, מעליק-ווייס, ווי געקומען פֿון דער וואַסער-מיל. אַזוי האָט זי אויס-געזען ערב-פּסח, ווען ער האָט זיך אומגעקערט מאַקע פֿון דער מיל מיט דער' מצה-שמורה-מעל. דעמאָלט איז ער געווען אויפֿגעלייגט. אָבער איצט איז זײַן געשטאַלט און אָנבליק רוי, ווי אויסגעהאַקט פֿון שטיין; — די באָבע! פֿאַרבראָכענע הענט. דער רוקן געבויגן אונטערן גלאַנץ פֿון סאַמיגן-

דעליאָנענעם קלייד. עס האַלטן זי אונטער די אָרעמס דער פעטער בעריש מיט דער מומע צירל; — און הינטער זיי — „גלית“! פישל שוסטערס בחור! ווי קומט ער?! ער פירט מיט אַ נאָבלאָזיקן אָרעם, זיכער אַז מע וועט אים נאָכגיין, די מומע „אויגן“! איר קליידונג — צעדרייט, צע־מורשט, ערטערווייז מיט גוואַלד־ריסן; דאָס פנים — לײמיק־געל; די אוי־גן — טויטע קוילן מיט אַ טויטלעכן גלאַנץ; די ווייסאַפּלען — רויט, ווי רוי פלייש; איבער לײמיקייט פון פנים און צעבראָסטעטער ברוסט העגגען פון צעשויבערטן קאָפּ אַראָפּ שוואַרצע האָר־פּאַסמעס.

קיינער האָט מיך, פאַרשטייט זיך, נישט באַמערקט. און איך בין זיי נאָכגעגאַנגען, ווי אַ קעלבל געשלעפּט פאַר אַ שטריקל. גאָר פּלוצעם איז פון ראָוו ביים שאָכויי אַרויסגעוואָקסן מיין מאַמע. אין די יום־טובדיקע מלבושים, נאָר מיטן בלויזן קאָפּ. הינטער איר — רוסיע. ער האָט שווער אויסגעסאַפּעט:

— איז זי שוין דאָ?!

— האָט זיך פון פייער אין וואַסער געוואָלט וואַרפן! — האָט די באָבע אַ קוויטש געטאָן, ווי אַ ווילדע קאַטשקע, אין דער שרפה־נאַכט אַריין.

— און דאָס קינד האָב איך שוין אין אַלע ציגיינערישע בוידן איבער־געזוכט, — האָט זיך דער טאַטע פאַרצווייפלט געקראַצט אין הוילן קאָפּ.

פון רוסיעס האַלדז האָט געריזלט אַ יאָמערלעך געוויין, ווי פון נאָס האָלץ אין פייער:

— לאָמיר גיין די קאָמעדיאַנטן אויפזוכן...

איך האָב אויסגעפּלאַצט אַ געוויין. רוסיע האָט מיך אַ כאַפּ געטאָן אויף די הענט און געטאַנצט מיט אַ קושנדיק מויל איבער מיין פּנימל. איר בוזעם איז געווען הייס און פייכט, און איר האַרץ האָט שטאַרק, גיך געקלאַפּט. זי האָט מיך מיט ליבשאַפט געדריקט צו זיך. איך האָב זיך אין איר שטאַרק אַריינגעטוליעט, און ס'איז מיר פאַראַמאָל געוואָרן ווונ־דערלעך גוט. איך האָב צוזאַמענגעקוועטשט די אויגן. איר הויךענדיקער גאַנג האָט מיך פאַרוויגט. איך בין שוין מער נישט נייגיריק געווען. רעכט געווען פאַר מיר, אַז אַלץ, וואָס כ'האָב געזען, געהערט, געשפּירט און איבערגעלעבט, איז טאַקע נישט מער ווי אַ חלום ביי רוסיען אין בעט. איך האָב מיך אָנגעהויבן איינצודרימלען. אָבער אין די אויערן האָט נאָך לאַנג געריזלט דער באָבעס יאָמערן:

— מ'האָט זי אַליין געלאָזן... אַליין... אַ כלה אין דער חופּה־נאַכט אַליין... האָבן איר די „גישט־גוטע" פון וועג אַראָפּגעבלאָנדזשעט... אַ בראָך איז צו דער מאַמען!..

.8

...איך כאַפּ זיך אויף און דערפיל זיך אין אַ פרעמד געלעגער. כ'זעץ זיך אויף און קוק זיך פאַרשלאָפן אַרום. אַ פרעמדע שטוב, ווייס־גרויל־עכע פרעמדע ווענט. אויף אַ קאָמאָד ביים פענצטער, פאַרמאַכט מיט אַ לאָדן, אַ פרעמד אַריינגעדרייט לעמפּל. עס קוקט אויף מיר רויט־בייזלער, ווי דער מומע „אויגנס" רויטע היים־אפּלען. ס'ווערט מיר ענג אויפן געמיט. איך קאָרטשע זיך צוזאַמען, וואָס ווייניקער פּלאַץ אין דער פרעמד צו פאַרנעמען, און רוק זיך אַרונטער טיפער אונטער דער דעקע. מיינע זוילן שלאָגן זיך אָן אין אַ פּאָר פיסלעך. איך פאַרשטיי גלייך: שאולקעלע! זעץ איך מיר ווידער אויף און קוק אויף אים פונוויטן. ער ליגט אין שאָטן פון בעט־פאָרענטיש... ער ליגט אויך דאָ... ברודערל!.. עלנט זענען מיר... אָבער ס'גייט אויף אין מיר אַ פאַרכאָרגענער נחת, אַ בענקשאַפט. אַזאַ גאָנגנדיקע און זיסע.

איך האָב זיך באַמעלעך, שטיל אונטערגעהויבן, אים נישט אויפצו־וועקן, און זיך אַריבערגעבויגן צו זיין פּנים. מחמת פאַרגעניגן האָב איך די אויגן אזש געהאַלטן צוגעמאַכט. און פול מיט ליבשאַפט, וואָס האָט געמאַכט זיך צעגיין מיין האַרץ, ווי האָניק, אים אַ קוש געטאָן. כ'האָב געטראָפן אין זיין האַלב־אָפענעם וואַרעמען מויל אַריין. שלאָפנדיקע, האָבן זיינע ליפּן קוים־קוים, מיט אַ לייכטן צוק מיר אָפּגעענטפערט. אויף מיין צעשמייכלטן פּנים האָבן זיך ברייט צעעפנט די אויגן, נאָכאַמאָל אויף אים אַ קוק צו טאָן.

— אַך! — האָב איך זיך צוריקגעכאַפּט, ווי אַ האַנט פון קראָפּעווע.

איך געדענק שוין היינט נישט וואָס אַזוינס איך האָב דעמלט דער־גילט. צי אַ שעמעדיקייט אַזאַ פאַרן שלאָפנדיקן, פאַר זיך אַליין, פאַרן רויטן אויג פון לאָמפּ, און אויך אפילו פאַרן קוימיקן געלעגער מיט די פרעמדע ווענט? צי גאָר דאָס, וואָס גרויסע מענטשן רופן אַנטוישונג?... סיווי. פאַר מיר איז געלעגן נישט דאָס קעפּל פון מיין ברודערל שאולקע, נאָר פון אַ פרעמד מיידעלע? אַך!.. ס'איז דאָך טייבל! פישל שוסטערס אייניקל!

איך האָב זיך מיט התמדה געקראַצט מיין געלאָקט קעפּל און לסוף פאַרשטאַנען: רוסיע האָט מיר אַהער אַריינגעטראָגן. אַ שטוב ביים „קאָק-ליערק“ * מייך, וויט פון דער שרפה.

מייבל איז געשלאָפן רואיק... זי ווייסט אפילו נישט וועגן דער שרפה! — האָב איך אַ טראַכט געטאָן, מיט שטאָלץ פאַר זיך און באַדויערן פאַר איר. איך מאָגער, געל-און-גרינגלעך פּגימל, אַ ביסל אויפגערויטלט, איז געלעגן אין די ווייס-פלאַקסענע האָר-פּעטלעכעס, ווי אום סוכות מיין זיידנס אתרוג אין דער ווייכער קליאָמשע. נישט מער, דער אתרוג מיט דער קליאַמשע איז געווען אין אַ זילבערנער אתרוג-פּושקע, און נישט אין קיין ברודיקער זויערער קישן. כ'האָב זיך גענומען צון איר געבויגן. איר שטילער, רואיקער אָטעם האָט געשמעקט. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז זי שפּירט מיך. אירע גרויע קעצישע אויגן קוקן ערנסט, ווי ברוגז, הורך די געשלאָסענע אויגן-לעפּלעך אין ברעמען-שאָטן. האָב איך איר דאָך ערשט נישט לאַנג באַליידיקט מיט מיין מתנה, מיטן מויזן קעצעלע... און גלייך איז אויפגעגאַנגען אַ רוגז אין מיר: מיר, מיר, דעם זיידנס אייניקל, האָט מען אַריינגעלייגט אין איין בעט מיט פּישל שוסטערס אייניקל!.. אוי! ווען די מאַמע זאָל זיך דערוויסן, אַז איך האָב זי נאָך אַ קוש געטאָן! „אַ קינד פון פּראָסטן נאַראָד“!.. וואָס בין איך שולדיק? איך האָב דאָך נישט געוווסט. געמיינט...

פונדעסטוועגן האָב איך נישט אַראָפּגעלאָזט קיין אויג פון אירע ליפּעלעך. זיי זענען געווען פריש, פּייכט, און שמעקעדיק, ווי מאַראַנצן-שאָלעכץ. ...האָט זי, דאָס אָרעמע קינד, שוין פאַרזוכט אַמאָל אַ שטיקל מאַראַנץ? — האָב איך אומגעריכט באַקומען רחמנות אויף א י ר, וואָס זי איז אַזוי אָרעם, און אויף ז י ך, וואָס איך בין שוין גלייך מיט איר...

טרערן האָבן אָנגעקוואָלן הינטער מיינע אויגנלעפּלעך. די אויגן זענען אַרומגעשווומען אין אַ נעץ. די ווייעס — פּייכט און שווער געוואָרן, האָבן געפּינטלט און אַראָפּגעטרייסלט שווערע טרערן-טראָפּנס. הינטערן האַרץ-לעפּעלע האָט געציטערט און זיך געשטיקט אַ כליפּ. מייבל איז מיר געוואָרן היימיש, לייבלעך. און כ'האָב זיך ווידער אַריבערגעבויגן איבער איר, שטיל געמורמלט:

— שוועסטערל!.. שוועסטערל מיינס!..

---

* פאַרגרייזט פון — קאָטליערס.

מיטאמאָל האָב איך איר גאָבאמאָל שטאַרק אַ קוש געטאָן אין די ליפּן, אין זיך צוריקגעצויגן, איר ווידער אָנצוקוקן מיט ליבשאַפט און מיט פּחד מאָמער האָט זי זיך אויפגעכאַפּט.

צי מחמתן קיץ, צי מחמת מיינע אַ שווערע טרער, וואָס האָט אַ פאַל געטאָן אויף איר טאַמע ברעם, — אירע אייגלעפּלעך האָבן זיך מאַקע אייפגעעפנט. און ס'האָבן אויף מיר גרויס און פאַרוווּנדערט געקוקט גרויע פינקלדיקע אויגן.

— די שטאָט איז פאַרברענט געוואָרן, ווייסט? — האָב איך איר פרעגנדיק מידיע געווען מיט אַ היימיש איינטהרענדיק קול — איך האָב שוין נישט קיין היים...

אָן פאַרוווּנדערונג, מיט ליבשאַפט אין די אויגן, האָט זי מיר צוריק-געפרעגט אַזוי פּשוט, ווי איך וואָלט אַן אויסגעטראַכטע מעשהלע דער-ציילט:

— נו, און דיין מומעס התונה? דער פעטער האָט מיר צוגעזאָגט איינצוזוען צו דער חופּה. האָב איך געוואַרט און געוואַרט...

— די התונה איז אויך פאַרברענט געוואָרן! — האָב איך גאַנץ זי-כער אין (מאָרגנע!) אָן ווייטיק געענטפערט, ווי דאָס וואָלט גאָר קיין אומ-גליק נישט געווען.

מייבל האָט זיך פאַרטראַכט, און איך האָב ווייטער געצויגן:

— דער התן איז אויך פאַרברענט געוואָרן... די כלה האָט סייווי די התונה נישט געוואָלט. כ'האָב אַליין געהערט. זי האָט געזאָגט. אָבער זי איז פון פייער אַרויסגעשפּרונגען. די כלה מאַקע. אירע אויגן האָבן שוין געברענט אפילו...

מייבלס אויגן זענען גרויס און פיל געוואָרן מיט האַלב פאַרוווּנדערונג, האַלב-שרעק. זי האָט שוין קענטיק אָנגעהויבן גלייבן.

— כ'האָב אַליין געזען! — האָב איך באַרימעריש באַפעסטיקט מיי-נע רייד.

איך האָב נישט געפילט, אַז איך דערצייל ליגנט. און אויך, אַז איך פאַרשאַף מייבלען צער. אדרבא, ס'איז מיר אויסגעקומען, אַז מיט מיין דערציילן גיב איך איר ע פּ ע ס, וואָס זי האָט נישט.

איך בין אַ ווייל שטיינגעבליבן. אָבער אין שווייגעניש האָבן מיר זיך געפילט פרעמדער. האָב איך ווידער אָנגעכאַפּט דעם פאָדעם פון שמועס:

— דו ווייסט, ווער סע איז שולדיק אין דער שרפה, מייבל?

זי האָט זיך אויפגעזעצט. איצט זענען מיר שוין געזיצן האַרט איי־
נער לעם אַנדערן. בלויז די איינגעפאַלדעוועטע דעקע האָט אונדז פונאַנדער־
געטיילט. זי האָט געקוקט אויף מיין פעכלדיק־ווייסן העמדל, וואָס האָט ווי
געלאַכט פון אירן, דאָס ציצענע און ברודיקע, און געשוויגן.

— איך וועל דיר אויסזאָגן, ווער עס איז שולדיק. נאָר זאָלסט
שווייגן. אַ?

— כ'וועל שווייגן.

— מיין באָבע איז שולדיק! זי האָט נישט געלאָזן דער ציגיינערין...
ווייסט? די קאָמענדיאַנטקע וואָס איז געווען אַ פראָש... האָסט געזען?

— געזען.

— האָט די באָבע איר נישט געלאָזן דער מומען קאָרטן וואַרפן.
פאַרשטייסט?

— כ'פאַרשטיי.

— האָט איר געשלאָגן. איר קינד דורכן פענצטער אַרויסגעוואָרפן.
נו, האָט איר די ציגיינערין פאַרשאָלטן. אַ פראָש שעלט, אַז מע שלאָגט
איר...

— מאַקע אמת? — האָט טייבל געפרעגט שוין דערשראָקן, ווייל
זי האָט שוין געגלייבט.

— יאָ־יאָ. זי האָט אונדזער שטוב כישוף אָפּגעטאָן. פאַרשאָלט...
איך האָב דערשראָקן אָפּגעהאַקט. טייבל איז געווען בלאַס־ווייס. ווי
די ווייסע פאַרצעלייענע ליאַלקע וואָס כ'האָב אַמאָל געהאַט: הינטער דער
הויט פון אירע בעקלעך האָבן זיך אָנגעצויגן גרויע פעדעם, און דאָס פנימל
האָט זיך ווייטיקלעך איינגעשרומפּן און צעקרימט. די אויגן זענען פול
געוואָרן מיט פייכטן שאָטן, אין זי האָט זיך פאַראַמאָל צעוויינט:

— דו ביסט פאַרשאָלטן!.. איך האָב מורא פאַר דיר... גיי!..

איך האָב אַ צאַפּל געטאָן, זיך געשטאַרקט נישט צו וויינען, און גע־
זאָגט זיכער:

— ניין. איך נישט. מיר האָט זי נישט געמיינט, די ציגיינערין. איך
האָב אויף איר רחמנות געהאַט. אירע צעוואָרפענע קאָרטן צוזאַמענ־
געקליבן.

מיין האַלב־אמת האַלב־ליגן, וואָס כ'האָב געזאָגט, אַליין גלייבנדיק אין
דעם, האָט געהאַט אַ פעולה. טייבלס אויגן האָבן זיך געטריקנט אונטער
מיינע ווערטער, ווי נעפּל אונטער זונשטראַלן. און זי האָט זיך גערן איינ־
געהערט צו מיין ווייטערן דערציילן — — — —

סע האָט אַ פלייץ געטאָן אויף אונדז שיין. די אויגן האָבן זיך אונ־דז אויפגעעריסן. דער לאָדן איז אָפן. דאָס לאָמפּ־אויג אויפן קאָמאָד — בלאַס. אינדרויסן שטייט שוין ווייס־גאָלדיקער גרויסער טאָג.

— לאָמיר זיך אָנטאָן, — האָט טייבל אַ זאָג געטאָן — לאָמיר גיין זעען די שׂרפה.

— די שׂרפה איז שוין אוודאי פאַרברענט געוואָרן, — האָב איך גע־זאָגט מיט באַדויערן, וואָס טייבל וועט שוין גאָרנישט זעען.

איך האָב גענומען אַרויפציען די הייזלעך (ווער האָט דאָס דאָ אָנטאָן אָנגעגרייט? רוסיע? אָבער דאָס הימל איז גישטאָ?! זאָל זיין. הלמאי דער טאַטע דאָרט ביים טייך...).

אָנגעטאָן זיך, זענען מיר אַרויס אינדרויסן דורכן פענצטער, און דורכן גאָרטן אין גאַס. אפּנים, עמעצער זאָל אונדז נישט דערזעען און שטערן. אין מיין שטוב האָב איך אינגאַנצן פאַרגעסן. אפילו שאולקע איז מיר פון זינען אַרויס.

מיר האָבן זיך אַרומגעשפּאַצירט העגטל פאַר העגטל צווישן די שׂרפה־חורבות, זיך צוגעקוקט צום גרויסן חורבן און קליינע בלויע רויכע־לעך, וואָס האָבן זיך, ווי באהאַלטן פון די חסידישע יינגלעך, וואָס קומען צים רבין, אַרויסגעקרייזלט פון שוואַרצע, טיף־געשפּאָלטענע גלאַנציקע האָלאָוועשקעס אַרויס. מיר האָבן אויף שותּפות אויפגעקליבן איבערגע־ברענטע גלאָז־שטיקלעך, ווי פּערלמוטער.

— פון אַזאַ גלאָז מאַכט מען פּערל און פּערלמוטערנע קנעפּלעך, — האָב איך אויפגעקלערט טייבלען.

פון צייט צו צייט האָבן מיר געהערט יאָמערנדיקע קולות. אַ יאָמערנ־דיק קול פון אַ באַשאַלטער יידענע, וואָס אָט נישטערט זי דאָ דאַלעבן אינטערן גרוז פון אַ שׂרפה־חורבה, און שלעפּט אַרויס אַן איבערגעברענטן דרייפוס. אָבער ס'איז אָן איינדרוק אויסגערונען פון אונדזערע אויערן און אויגן. אונדז איז געווען גוט. מיר זענען געווען פאַרטאָן מיט זיך אַליין. פאַרשפּילט. אפילו צו עסן האָבן מיר זיך נישט דערמאָנט. ערשט ווען אין סאַמע מיטן הימל איז אַ לאָך געוואָרן, און ס'האָט זיך געגאָסן זון איבערן קאָפּ, האָב איך דערפילט אַ חולשה אונטערן הערצל.

— קום, לאָמיר גיין עסן, — האָב איך אַ נעם געטאָן טייבלען פאַרן העגטל.

אָבער זי איז געבליבן שטיין, ווי איינגעגראָבן:

— וווהין?

— וואָס הייסט וווהין? אהיים!

— וווהין אַהיים? צו וועמען?.. ביי אונדז אין שטוב איז נישטאָ צום ברויט... דו...

איך האָב גישט באַוויזן זי צו פאַרשטיין, ווי אַ פאַרביילויפנדיקער האָט מיט אימפעט איבערגעריסן איר וואָרט און אונדזערע הענטלעך. עס איז געוואָרן אַ געלויפעניש אויפן שאָסיי אַרויף. מיר האָבן זיך ווידער אָנגעכאַפּט און געלאָזט זיך לויפן נאָך די לויפנדיקע. איך האָב טייבלען מיטגעשלעפּט אין דער סאַמע געדיכטעניש פון איינגעלויף. פאַרויס זענען געגאַנגען דער פעטער בעריש מיט דער מומע צירל. כ'האָב טייבלען מיט שטאָלץ דערקלערט ווער זיי זענען. היגטער זיי, צווישן צוויי סטראַזשניקעס *, די הענט פאַרבונדן אַרונטער — די ציגיינערין.

— די אונטערציגנדערין! די אונטערציגנדערין! — האָבן זיך געהערט קולות פון דעם מענטשן־געזעמל אַרוים.

— דאָס איז זי, — האָב איך איינגערוימט טייבלען — זי האָט אָפּגעטאָן דעם כישוף.

זי איז געווען שוואַרץ, ווי האַלאָוועשקע. די אויגנלעפּלעך אַראָפּגעלאָזט. גאָר פון זייערע שפּאַרקעס האָט דורכגעלויכטן פייער. דאָס קינד האָט זי געטראָגן אויף די הענט. אָן אַ טיכל אויפן קאָפּ, צעשויבערט, זענען אירע האָר אַראָפּגעהאָנגען ווי צווייגן. דאָס פּנים — געפּלעקט פון בייזע שוואַרצע סיניעקעס. פון אַ ליפּן־ווינקל האָט זיך אַרויסגעצויגן אַ בלוט־פאָדעם, ווי אַ וואָרעם.

— מ'האָט איר געשלאָגן, זעסט? — האָט מיר טייבל פייגלעך איינגערוימט.

— זי האָט פאַרברענט! — האָבן זיך געהערט שנאַהדיקע קולות — פאַרברענט זאָל זי ווערן!

אַ שאַרפער קווימש האָט דורכגעשטאָכן די לופט, מאַכנדיק אויפציטערן דעם טומל און דאָס געדיכטעניש. ווי אַ משוגענער ווינט האָט זיך אַריינגעריסן די מומע „אויגן“: קלייד און האָר צעפלויגן; דאָס פּנים — אַ רויטער לאַמטערן; די אויגן — פלאַם־קנוימן. זי האָט זיך אַ ריס געטאָן פון מיין באָבעס האַנט, וואָס האָט איר אָנגעכאַפּט פאַרן

---

* פּאָליציאַנטן.

קלייד אין ציריקגעצויגן, ווי פאַר אַ לייצע. מיט צעשפּרייטע אויסגעקרעמטע אוממאָרעמעג־
דיקע הענט האָט זי פאַרשטעלט דער ציגיינערין דעם וועג:

— שוועסטער מיינע!.. שוועסטער טייערע!..

די סטראַזשניקעס האָבן זי אָפּגעשליידערט אויף צריק. זי איז נאָכ־
געלאָפן אין עמעצן געשאָלטן. די באָבע האָט איר ווידער געפּרווט אַרויס־
רייסן. אָבער אומזיסט. די מימע האָט זי מיטגעשלעפּט מיט זיך. איך האָב
נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר. כ'בין געווען פאַרבליפט.

— מיין פעטער! — איז טייבל געוואָרן איבערראַשט.

„גלית" איז אויסגעוואַקסן לעם דער מומע „אויגן". זי איז גלייך
שטיל געוואָרן. ער האָט איר אַ נעם געטאָן אונטערן אָרעם, און זי איז
אים פאָלגעוודיק נאָכגעגאַנגען.

— משוגע!... משוגע געוואָרן!... — האָב איך דערהערט שעפּטשע־
רייען פון עולם, און פאַרשטאַנען, אַז מע מיינט דער מומען.

ס'איז מיר אויסגעקומען, אַז זיי האַלטן זי פאַר משוגע, ווייל... זי
גייט מיט „גליתן", מיט פישל שיסטערס בחור. איך בין רויט געוואָרן און
געפילט, אַז מיין פּנים פלאַקערט. איך האָב מיך פאַרשעמט און באַליי־
דיקט פאַר טייבלען, פאַר פישל שיסטערס איינקל, וואָס איך האָב אַזוי
ליב. איך האָב זיך שולדיק געפוליעט צו איר זיים.

דער עולם מיטן גאַנצן געשעעניש זענען אונדז מער נישט אָנגעגאַנ־
גען. מיר האָבן זיך אויסגעדרייט און האַנט פאַר האַנט נאָכגעגאַנגען איך
פעטער „גלית" מיט מיין מומע „אויגן".

ווען דער זיידע האָט אונדז דורך דער גלעזענער פראָנט־טיר פון
אונדזער שטוב געזען זיך דערנענטערן, איז ער ווייטער געבליבן שטיין, ווי
אַ גרויע מצבה.

איך האָב טייבלען אַריינגעפירט הינטער דעם פעטער און דער מו־
מען אין שטוב אַריין.

מעזריטש 1931.

# הונטמאַן

## ראָמאַן

דער שטוביקער ווינטער־אָוונט ליגט ווי אַן אייַנגעקנוילטער גרויער בער אין חדר. סע הענגט איבער אים טונקעלע שיין פון דעם אַרייַנגע־דרייטן אַכטער הענג־לאָמפּ. שטיל. שאָטן און שאָטנס זענען אומבאַוועגלעך אייַנגעזאַפּט אין דער שטילקייט. אין געדיכטער שאָטנדיקייט און שטילקייט איז פאַרשלייערט דאָס הילצערנע בעט מיטן קויטיקן בעטגעוואַנט, אין וועלכן עס גליווערט דער אַלטער קראַנקער חיים משה דער יורד.

ער אָטעמט האַסטיק און שווער, מיט כריפּענדיקן, זינגענדיקן ברו־מען און פּייפן, ווי אַ קאַליע שפּיל־כלי.

סע קומט אַריין פון גאַס מיט אַן אויסגעלאָשענעם, טויטן פייערטאָפּ אין האַנט זיין טאָכטער. חיה ריווע. אַ דיקע, געזונטע מויד מיט רויטע פּיסקעס, וואָס גליען איצטער פון לאַנגן פרירן אין מעלשענק און פון פרייד פון גוטן פדיון. זי דרייט אַרויס דעם לאָמפּ, און איילט זיך אין קיך אַריין עפּעס אויפצוקאָכן.

דעם קראַנקנס פּנים קוקט איצט אַרויס פון זיין בייזער וויים־האָרי־קייט געל און שוואַרץ, ווי שנייַ אויפן מאַרק בעת אַן אָדליגע. עס זעט אויס גוטה־למותדיק. חיה ריווע, וואָס פאַר אירע אויגן ווערט דעם טאַטנס פּנים פון טאָג צו טאָג פינצטערער, באַמערקט עס נישט. פון געוווינ־הייטסוועגן. הגם היינט איז אין אים פאָרגעקומען אַ פאַראַמאָליקע פאַרענ־דערונג. נו, און זי האָט טאַקע קיין צייט דערצו אויך נישט. זי איז דאָך אי די באַלעבאָסטע אין שטוב, אי די קרעמערין אין מעלשענק. ס'איז גע־נוג, אַז זי פאַרפעלט גישט אויפצוקאָכן דאָס גלעזל טיי, אָפּצוקאָכן אַ ביסל גריץ פונזיינעטוועגן, אָנקאָרמענען אים און דערלאַנגען די כלי צו די באַ־דערפעניש.... אַך, און אַז מע פאַרשפּעטיקט אַמאָל מיט דעם!... אַז אָך און וויי איז צו די יאָרן, ווען אַ מענטש ווערט דערפירט צו אַזאַ מעמד!

ער איז נאָך ביים גאַנצן פֿאַרשטאַנד, דער טאַטע, און ד אָ ס איז אים אַ בזיון פֿאַר איר אפֿילו, פֿאַר דער אייגענער טאָכטער. ער רעדט דאָך נאָך בסדר צו דער זאַך.

— וואָס הערט זיך, חיה ריווע? — דרייט ער אַוועק דעם קאָפּ פֿון איר אויסגעשטרעקטער האַנט, וועלכע דערלאַנגט אים, ווי געווייגלעך, אַ לעפֿל וועטשערע צום מויל; זיינע ליפּן, שוואַרץ, ליגן ווי שטיקלעך קויל אונטער די ווייסע, קריידיקע בייזע וואָנצעס.

— ביסט נישט הונגעריק?... וואָס זאָל זיך הערן, טאַטע? ווי שטענ-דיק. ס'האָט אויסגעפֿעלט סחורה. דריי פֿורלעך מעל אויף שבת איז קנאַפּ. אויף איבעראַכטאָג, מע זאָל לעבן, וועל איך צוגרייטן מער, אם ירצה השם. אפֿשר וועסטו פֿאַרט נעמען אַ לעפֿל געקעכץ אין מויל אַריין, טאַטע?

— עה! — זיפֿצט ער אָפּ — סע פֿעלט ביי דיר אויס... ביסט אַ בריה... ווען איך וואָלט געווען שכל האָבן! גשווען דיך צוגענומען צו מיינע מבחרים פֿריער. ווען דאָס געלט איז געווען. וואָלט אפֿשר נישט גע-ווען געקימען צו... צו דעם, וואָס ס'איז געקומען. איך האָב קיינעם נישט געהאַט צו דער רעכטער האַנט. דיין מאַמע, עליה השלום, האָט צו גאָר-נישט נישט געטויגט. קאַרג געווען, גאָר אָן פֿאַרשטאַנד: בין איך געווען, ווי אויף צו להכעיס, קאַפּויער... עה! האָב אַפֿילו קיין נדן פֿאַר דער בת-יחידה נישט אָפּגעשפּאָרט. זי....

— וואָס דאַרפֿסטו איצטער רעדן אויף דער מאַמען, טאַטע? — שלאָגט זי אים איבער — אַז זי איז שוין אויפֿן עולם-האמת, אָפּגעשיידט זאָל זי זיין פֿון דיר, פֿון...

— אָפּגעשיידט?! — טוט ער זיך אַ בייזער — איך גיי דאָך שוין צו איר. זאָג איך עס. זי איז שולדיק! איך וועל עס איר זאָגן, דאָרט אין פּנים אַריין! וואָס דו...

— וואָס רעדסטו, טאַטע? — דערשרעקט זי זיך, שטעכט אַריין אין אים אַ פֿאָרשעריש שפּיזיקן בליק, און אירע גרויע אויגן גליען, ווי גרינע פֿייערלעך, אין דעם חרובדיקן לאַמטערן פֿון זיין ווילד-פֿאַרוואָקסענעם פֿאַר-חושכטן פּנים.

— וואָס איך רעד? — זיין שטערן קנייטשט זיך ווי וואַסער פֿאַרן איינפֿרירן און דאָס פּנים איז בייז ווי די שניי-געפֿרוירענע שויבן — איך זאָג... הער, חיה ריווע.... וואָס וועט זיין דער סוף? ביסט דאָך שוין נישט קיין יונג מיידל. צו וואָס וואַרטן? צו וואָס אָפּלייגן? לאָז זיך רעדן אַ שידוך. זאָל זיין באָדיי מיט אַ קצב-יונג. וואָס איז דען געווען דיין טאַטע אין די

יונגע יאָרן. דער בעל־טאַקסע בין איך ערשט שפּעטער געוואָרן. און נאָך שפּעטער... — אַ פּאָדריאַטשטשיק, אַ גביר, און איצט... אָט... אפילו נישט קיין נדן פאר דיר. פאר דער גראָטעסקער בת־יחידה... לאָמיר זעען דיך פאַרשלייערט. כ׳זאָל קענען דואיק זיך אין קבר אַריינלייגן... זאָל אַן איידעם באמת נאָך מיר קדיש זאָגן... עך! גענוג זיך אָנגעזינדיקט אויף דער זינדיקער וועלט... אוי!

חיה ריוועס בליק פאַרלירט די שפּיזיקייט, די אויגן — דאָס גריגקייט, זיי זענען גרויס און אָנגעגאָסן מיט ליכט, און זי באַרואיקט דעם טאַטן, גלעטנדיק דאָס פאַרחושכטע איבערבעט איבער זיין כריפּענדיקער ברוסט:

— וואַרט, וואַרט, טאַטע. וועסט זעען איך שפּאָר טאַקע און קלייב אַ נדן. איך וועל דיר נאָך אַ לייטישן איידעם אויך אָפּשפּאָרן. וואַרט...

— מיט וואָס וואַרטן? — קרעכצט ער, און צעשרייט זיך פּלוצעם מיט צאָרן — מיט וואָס? מיטן טויט? מיטן?...

ער טוט אַ דריגע מיטן גאַנצן קערפּער. דער קאָפּ טוט זיך אַ דריי אויס מיטן פּנים צו דער וואַנט. אין האַלדז טוט זיך עפּעס אַ בולבע. דאָס פּנים ווערט נאָך שוואַרצער. די אויגן צעעפּענען זיך פאַרוואונדערט, טוען זיך אַ דריי איבער ווי ווייסע גאַלקעס, און בלייבן שטיין פאַרגלייווערט. אַ בייגערדיק געלע האַנט טוט זיך האַסטיק אַ הייב ארויס פון אונטער דער איבערבעט און פאַלט שוואַרץ און שטאַר איבערן בעט־פאָרענטש מיט אַ צעעפנטער דלאָניע.

איידער זי באַוויזט צו פאַרשטיין וואָס דאָ קומט פאָר און וואָס זי האָט צו טאָן, דערזעט זי — דער טאַטע איז טויט!

זי פאַלט אַריין מיט באַצערטע רויבערישע פינגער אין איר בלאָנדן קאָפּ האָר אַריין:

— טאַטע! טאַ־טע! טיי־ע־רער! כ׳האָב פאַרשפּעטיקט, טאַ־טע! דיין קדיש... וועט זיין... אַ געדונגע... נער!...

ווינטער. באַגינען. אין שטוב אויפן טיש ברענט אַ פינפער נאַפטלעמפּל. אין דער טונקעלער שיין אַריין בייזערן זיך שטום די שנייגעפרוי־

רענע שטיבן. איציע בער, חיים משה דעם יורדס איידעם, ווערט אויפמערק=
זאם פון תהילים אַרויס איף אַ לייכטער רויטלעכקייט אויף אַ שייב. ער
הייבט זיך אויף פון הינטערן טיש און גייט צו צום פענצטער הוקר=
יהודיש זיין, צי סע איז שיין אַ שטראַל פון זונאויפגראַנג, אָדער בלויז אַן
אָפּשיין פון דעם פייער אויפן פריפעטשיק אין קיך, ווו זי פּאָרעט זיך שוין.
זיין זייטיק=אַרויפגעהויבענער קאָפּ אויפן קרומען גענוק פּאָרשט מיטן צע=
עפנטן רעכטן אויג, בעת דאָס לינקע איז נאָך פאַרזשמורעטער ווי שטענ=
דיק. יאָ, ס'איז שוין זונאויפגראַנג, און מע קאָן זיך נעמען צום טלית און
תפילין. נאָר אַז זי אין קיך האָרט, שווייגט, איז נאָך אַפּנים פרי. מע קען
אַריינכאַפּן נאָך אַ קאַפּיטל תהילים, און בלאָס און פאַרדרימלט גייט ער
צוריק צום טיש.

אין קיך, ביי אַ שפּיין פריפעטשיק, אין רויטן הינטערקלייד, נאָך מיטן
טיטיפּעק אויפן קאָפּ, שטייט חיה רייזע געבויגן איבער אַן ערדענעם פייער=
טאָפּ און צעבלאָזט אין אים קוילן. איר גאַנץ פּנים ושאַריעט פון אָנשטרענ=
גונג אַנטקעגן יעדן אויפגלי. ביי יעדן בלאָז פאַרוואַנדלען זיך אירע באַקן
אַליין אין צוויי רויטע קיילעכדיקע קוילן. זי זעט אים ווי ביז אויפן טאָפּ,
אין אירע אויגן גליען אַריין גרינעם צאָרן און זיין רויטער שיין.. זי איז
ווירקלעך דערצערנט, נישט אויפן טאָפּ, נאָר אויף אים, אויפן מאַן...
אַ מאַן, אומשטיינס געזאָגט! אַז שלימזל, איז שטענדיק. סיי ביימאָג, סיי
ביינאַכט. גאָט ווייסט צי מיט דעם שלימזל, מיט דעם וויכן וואָרעם,
וועט זי אַמאָל אַ קינד האָבן?! צו גאָט איז ער אפילו, זאָגט און זאָגט,
דאַווענט און דאַווענט (דער טאַטע, עליו=השלום, וואָלט פון אים נחת געהאַט...
נישט באַשערט געווען, ער זאָל נאָך אים דאָס יאָר קדיש זאָגן... גשווען
זיך איינגעשפּאַרט צו באַצאָלן אַ פרעמדן), אָבער צו לייט — גאָרנישט...
אַנדערע ווייבלעך פאַרגייען גלייך נאָך דער חתונה אין טראָגן, און זי...
(אָט וועט זיך אויך די קו איינגיכן קעלבן...) און פרנסה? ווען זי וואָלט
נישט אינגאַנצן פאַרבאָרן געווען אין דעם טעלשענקל, ווי לאַנג כאָליעט
ער, צי סע וואָלט געווען! דאָס שפּאָרן און קאַרגן וואָלט אַ קנאַפּע רפואה
געווען. ביינער אָן הויט צעפאַלן זיך. ברויט מוז אַ מענטש עסן. און אַ ביסל
געשמילץ אַמאָל אויך. אַפילו דעם שטומען צונג מוז מען אַמאָל אַריינטאָן
אַ ביסל זאַלץ אין שעפל... מאַ. וואָלט ער נישט קיין קראַנקער געווען, וואָלט
זי מיט אים בלק געלערנט! גיי שיק אים אין שטעלכל די קו מעלקן, אַז
דאָס גענוק איז אים צעדרייט, ווי אַ קאַליע קופּערנע רער, און דער קאָפּ
פאַררוסן ווי ביים יויזל, צו אַלדי שוואַרצע יאָר!

— „קשה־עורף" — מוט זי זיך אַ ווענד צו אים דורך דער טיר אין שטוב אריין מיטן צונאָמען, וואָס ער האָט געקריגן פון די בית־מדרש־בחורים נאָך אין זייגע פריע בחור־יאָרן מחמת זיין „הארטן נאַקן" — מיינסט אַפּנים, אַז מלאָכים וועלן אָפּטאָן פאַר דיר די מלאכה דערפאַר, וואָס דו גרימפּלסט דאָרט דיין תהילים! איך גיי פאַרפאַרען דאָס שעפל פאַר דער קום וועגן, קום וועסט מישן... אַזאַ לאַנגע ווינטערנאַכט; זי הונ־גערט זיך אויס און ווערט אַדורכגעפרוירן. און זי איז דאָך קעלביק, פאַר־געס נישט, שלימזל איינער!

— נו־אָ, נו־אָ!.. — בעט ער זיך ביי איר, און עס הייסט: טו אַ טובה, לאָז צורו! כ'האָלט אין סאַמע מיטן געדיכטן תפילין לייגן.

— אוי! ער רעדט דאָך שוין מיט מיר שטום־לשון, אַז פאַרשטומט זאָלן ווערן מיינע בילער, גאָט אין הימל! האָט שוין אוודאי די תפילין גע־לייגט. (מיט דריי פינגער העכער, דירעקט צו אים:) אַז אָנלייגן זאָלסטו שוין מיט דיין באַקרויננונג, מיט דיין שייגעם קאָפּ! שוין! די רגע זאָלסטו אריינקומען! איך האָב נישט קיין צייט צו וואַרטן. הערסט? ס'איז שוין גרויסער טאָג. איך דאַרף לויפן אין געוועלב אריין. אַז לויפן זאָל שוין פון דיר די פּאַרע!...

— פריסעק! שיט מיט פריסעק!... — מורמלט ער, אָפּלייגנדיק אויף גיך די תפילין, און באַלד שטייט ער אין שווערס פאַרגעלטן טלית איבערן שעפל, איינגעהילט אין ווייסע וואָלקנדלעד דאַמף, ווי אַ הייליקייט, און מישט מיט אַ וואלגערהאָלץ די אויפגעפאַרעטע פּאָלאָווע פאַרמישט מיט ריח־ניחוחדיקן טאַקוף.

— און פּטר אָפּ גיך דאָס דאַווענען, הערסט?!

— איך וועל זיך צואיילן, טער ווי אַ שעה...

— אַז צואיילן זאָל זיך שוין צו דיר דער מלאך־המות! מער ווי אַ שעה וועט עס ביי אים נישט געדויערן. איר הערט?! — גיט זי אַ שאָס אויס אויף אים מיט גריגעם פייער פון די אויגן און אַ לויף מיטן אויפ־געגליטן פייערטאָפּ אין שטוב אריין.

דער בינט שליסל, פאַרשטעקט אין פאַרטעך ביים לעדערנעם פדיון־בייטל, לאָזט צו הערן, אַז זי, די באַלעבאָסטע אין שטוב און געוועלב, איז שטאַרק, שטאַרק אין דער רציחה.

פונדעסטוועגן קילט זי זיך אַ ביסל אָפּ אַ רגע פאַרן אַוועקגיין, און באַפעלט:

— אויפן פריפעטשיק ווערן פאַרטיק קאַרטאָפליעס אין די מונדירן.

זאָלסט זיי אָפּזייען און לאָזן שטיין קעגן פייער, זיי זאָלן נישט קאַלט ווערן. שנייד אָן א ציבעלקעלע, און אין שאַפקע שטייט א ביסל אייל, זאָלסטו עס באַשמעלצן. נאָר איידער די נעמסט זיך אַליין צום עסן, שלעפּ אַריין דעם שעפל צו דער קין; ער וועט שוין זיין גוט אַדורכגענומען מיט דער פּאַרע. יאָ און „סענין" פאַרברי. און נעם דאָס אַלץ מיט אין געוועלב, וואָרן דאָס האַרץ גייט מיר איבער.

— קענסט דאָך ש ו י ן עפּעס איבערבאַפּן, חיה ריווע...

— אַז דער שוואַרץ־יאָר זאָל דיר שוין אויפן פרימאָרגן איבערבאַפּן! און ווי איז דאָס געוועלב? ס'איז דאָך שוין האַלבער טאָג! נאָר ער איז דען נישט געדעכט? לויף די ערשטע אין געוועלב אַריין, קום אהיים די לעצטע, וועד הורבנעפרייה, א „מעדזליאַק", און פרעג פאַר וועמען? פאַרן שוואַרץ־יאָר מיטן אויסגעדרייטן גענוק! אַז קיין קינד איז דאָך נישטאָ!

זי מיט א פאַרקלאַפּ הינטער זיך די טיר. נאָר איציע בער זעט נאָך הענגען איר בייזן, שאַרפן בליק איבערן חדר, ווי די שאַרף פון א חלף... מיט אַזעלכע הלפים־שווערדן האָבן געמיזט די מלאכים פאַרשפאַרן פאַר אדם הראשונען דעם וועג אין גן־עדן אַריין.

ער נעמט זיך ווידער צו די תפילין און מורמלט א תפילה אָן באַוואוסטזיין:

— „הבה לי בנים" — גיב מיר קינדער — די מאַמע רבקה האָט דאָך עס אויך געפאָדערט...

ער שאָקלט אומעטיק מיטן קאָפּ. דאָס רעכטע אויג מיטן אייער זע־ גען אים פאַררינען באַלכסון אין דער הייך. דאָס לינקע אויג — האַלב צו־ געמאַכט, פאַרזשמורעט. ווי ער וואָלט זיך צוגעהערט צו דער סטעליע, אָדער צום הימל אינדרויסן: וואָס מוט מען מאַכן צו דעם אומגליק, וואָס סע קומט קיין קינד נישט? נאָר וואָס וויל זי פון א י ם?!

סע רעגט זיך אין אים א הולשהדיקער צאָרן. מוט ער פאַראַמטאָל א פאַרלעש דאָס נאַפּטלעמפּל אויפן טיש, און דער גרויער משאַדיקער רויך פון דעם שוין־ברענענדיקן קנויט קרייזלט אים א מחשבה אין זיין שאַרבן: „וואָלט געווען א קינד, וואָלט אפשר אַנדערש געווען..."

צוויי קינדער האָבן זיי, חיה ריווע דעם יורדס מיט איציע בער דעם „קשייאווירעף". אײנס גערוקט פון צווייטן מיט צוויי יאָר. חיים משהלע — אַ נאָמען נאָך איר טאַטן, עליו־השלום. און הערצעלע — אַ נאָמען נאָך זיין טאַטן, עליו־השלום.

נאָך גאָר פרי, ווען די קינדער זייגן נאָך, חיים משהלע פון דער סיסקע, און הערצעלע פון דער ברוסט, קומט אַרויס ווי טאַטע־מאַמע וואָלטן זיך צעטיילט מיט די קינדער. זי האָט זיך איר טאַטן, און ער זיין טאַטן. זי האַלט שטענדיק חיים משהלען, ווי אַ קוואָקע הינטערן פאַרטעך. איז עס דאָך נישט נאָר מיטן נאָמען, נאָר אינגאַנצן אין טאַטן אַריין געראָטן! געזונט אָן עין־הרע ווי אַ ביקל. ווי דאָס האָט געדוצקעט מיטן קעפּל אין די ברוסטן אַריין! ווי אַ קאַלב אין אײמער. וויפל האָט דעם נישט געגעבן, איז אַלץ ווייניק געווען. און געביסן האָט עס, דאָס „כלבל", ווי סע וואָלט באַצייטנס שוין ציינדלעך געהאַט. געביסן און גענאָגט, גענאָגט און געביסן, און ס'האָט זיך געדאַכט — סע וועט קיינמאָל זיך נישט אָנזעטיקן, אָט דאָס קליינע זולל־וסובאלע. דאָס קלענערע אָבער...

...ווי סע וואָלט געווען אַ ממזרל, חלילה! — טראַכט איציע בער — פאַר וואָס? ווייל סע טראָגט זיין טאַטנס נאָמען? איר טאַטע, דער געוועזענער „ווײדל־דרייער", איז פון גרעסערן יהוס?! אַ מאַמע זאָל אַ חילוק מאַכן צווישן אַ קינד און אַ קינד! דאַכט זיך, ס'איז דווקא פאַרקערט. „יענער", דער בחור, איז אַ זולל־וסובא, אַ שרייער. און האָס, הערצעלע, איז נישט להוט נאָך דער אבילה. און איז דאָך שטיל — ווי אַ טויב! שפּילט זיך שטענדיק מיט זיך אַליין, און שמייכלט. רק סע שמייכלט. סע האָט אַוודאי אַ גוט׳ הערצעלע, הערצעלע. טאַקע געראָטן אין טאַטן, עליו־השלום. סע זאָל זיך נאָר אַזוי שפּעטער נישט באַווייזן מיט עפּעס פון דער מאַמעס צד... סע זאָל נישט אָנהייבן שמעקן מיט יאַטקע... נאָר וואָס קומט אַרויס? אַז העלפן קאָן ער נישט! אַז די ברוסט איז ביי איר, אַז צערטלען עס, אין אירע אויגן, טאָר ער דאָך אויך נישט! זי, חיים משה דעם „ווײדל־דרייערס" טאָכטער, אַז זי וואַרפט אַן אומחן אויף אַ מענטשן, מעג ער כאָטש אין וואַסער זיך וואַרפן!... (אַ מענטשן מיינט דאָ — סיי אים אַליין, איציע בערן, סיי דאָס עופעלע, הערצעלען).

— יאָ! יאָ! — צעגוואַלטעוועט זי זיך, ווען ער בּרווט אַמאָל שיצן זיין בן־יקירל — איך האָב עס פּ... פּ... פיינט! איך קען עס נישט אָנקוקן! גענוג אַז איך קוק דיך אָן, פאַרדרייטער שאַרבן!

...פאַרפאַלן! — טראַכט ער — ער איז איין מאָל פאַר אַלע מאָל אַרייג־

געפאלן. ער וועט מיט איר אָנהייבן? זי איז נישט „לפי כּבודו“*, אַז מיטן קיל אַליין קאָן זי אַ שאַרבן צעפּלעטן!

גיין. זי קאָן עס נישט ליב האָבן, דאָס קליינע. אַ קינד וואָס מע דאַרף עס כּסדר, מיינע שׂונאים, טאַגס זיין מיט דער ברוסט, וואָלט שוין גלייבער געווען, ווען ס'וואָלט נאָר אויף דער וועלט נישט געווען געקומען. זי מיז זיך דאָך כּסדר אָפּצאַפּן פון דער ברוסט! אַז נישט, באַקומט זי שטעכעניש פון דער קאַליעדיקער מילך... אַז ווי אָן ביינער איז עס. אַ וואָרעם אין שיין. צעקראָכן אַזוי ווי דער טאַטע... כ'איז איך שטענדיק פאַרקוקט אין הימל אַריין, פּינקט ווי ער, זוכט דאָרט די שטערן נישט געשטייגן נישט געפלייגן... זי קאָן שווערן ביי אַ ריינקייט, ביי אַ ספר־תּורה, אַז מיט דער צייט וועט זיך נאָך ביי דעם דאָס קעפּל אויך אַזוי פאַרדרייען ווי ביי אים!... מע טאָר דאָך עס נישט פאַרן מויל ברענגען, כ'איז אַוודאי אַ זינד פאַר גאָט, נאָר ווען בע נייט זיך אַליין אַוועק אַהין פונוואַנען כ'איז געקומען, אָבער, אייב זי וואָלט זיך קריעה געריסן. אַ קראַנק קינד איז שוין נאָר קיין תּכלית נישט. אייב אויף ווייטער וועגן איר באַשערט נאָך אַזעלכע, זאָלן זיי שוין בעסער ביי איר אין בויך איבערגיין, פאָטער אין הימל!

— — „אַל תּפתּח פּה לשׂטן“** — שפּייט דריי מאָל אויס אַ ייִדענע — — סאָלאָפּע נישט מיט דער צונג, חיה רייזע!

נאָך היה רייזע סאָלאָפּעט יאָ מיט דער צינג, און דער יידענעס וואָרענינג, ווייזט זיך אַרויס, איז נישט אינגאַנצן געווען אָן אַ זין. איר לעצטער ווונטש, היה ריזעס, ווערט טאַקע מקוים: גאָט, אָדער דער טייוול, פאַרשליסט איר טראַכט, און מער קיין קינדער געבוירט זי שוין נישט. מאַ, כ'איז איר קיין חידוש נישט: זי האָט זיך דאָך אויף די צוויי אויך נישט געריכט. איר ערשטער ווונטש אָבער, „כע זאָל אַליין אַוועקגיין אַהין פון וואַנען ס'איז געקומען“, ווערט נישט מקוים. הערצעלע לעבט און וואַקסט, פּינקט ווי חיים משהלע, נאָר מיט אַ האַלב קעפּעלע נידעריקער. בע קומט אים, ווי ער וואָלט האַלטן אין איין נאָכיאָגן חיים משהלען אין דער הייך, כּדי מיט אים זיך איבערצוגלייכן. ער קאָן אים אָבער נישט דעריאָגן. נישט אין דער וויקס און נאָך ווייניקער אין די כּוחות. און די מאַמע האָט אי פאַרבאָרגענעם פאַרדרוס פאַר זיין נאָכיאָגן, אי אַ שטילע הנאה פאַר זיין נישט דעריאָגן.

---

* לעפי קויכוו — לויט זיין כּוח.

** אל טיפטאַך פּע לעסאָטן — עפן נישט דעם שטן דאָס מויל.

די מאַמע האָט הנאה, דער טאַטע — זאָרג. די צייט אָבער, גישט קיין טאַטע און נישט קיין מאַמע, פירט בײדע קינדער גלייך פאַר די הענט־לעך. זי פירט זיי פון שטוב אין גאַס, אין געוועלב, אין מאַרק; פון גאַס אין חדר אַריין, און פון איין חדר אין צווייטן.

אין חדר ווידער, ביים סידור און חומש, ווייזט זיך אַרויס, אַז נישט נאָר לויטן וווקס און כוח זענען די קינדער פאַרשיידן, נאָר אויך לויט זייערע גייסטיקע אייגנשאַפטן, לויט זייערע כאַראַקטערן.

— היים טישהלע האָט אַפילו נישט קיין שלעכט קעפל — זאָגט דער רבי, וועלכער לערנט מיט די קינדער חומש מיט רש״י — נאָר ווילן וויל ער נישט, כאָטש גיב אים אַ קרענק! איז וואָס איז דער חידוש וואָס דער קלענערער האָט אים אָנגעיאָגט?

דער רבי רעדט עס אַזוי נישט צו טאַטע־מאַמע, פאַרשטייט זיך, נאָר צו דער רביצין:

— רק ער האָט צו טאָן מיט די קינדער. זיי ציטערן פאַר אים מער ווי פאַר מיר. ער איז דאָך שוין זייער „ראָש״ * געוואָרן. רק ער טיילט זיך מיט זיי. נישט מיט דעם וואָס ער האָט, חלילה, נאָר מיט דעם, וואָס זיי האָבן. ער פאַרשפּאָרט שוין צו עסן אין דער היים, דאַכט זיך. און אַמאָל טיילט ער זיך גאָרנישט אויך — ער נעמט צו אינגאַנצן.

— אַזאַ גיריק ייִנגל האָב איך נאָכנישט געזען טאַקע — האַלט אונ־טער די רביצין — זינגט איך לעבן! אַן וואָס יענעמס איז זײַנס, און וואָס זײַנס, איז דאָך אוודאי זײַנס! דערפאַר הערצעלע וועט זיך צו פרעמדס נישט צורירן. ווי ער וואָלט קיינמאָל נישט הונגעריק געווען.

הערצעלע טראַכט מער ווי ער עסט. די מעשׂות פון חומש מיט רש״י זאַפּט ער אַריין אין זיך, ווי אַ שוועמל. די אויגן זענען ביי אים דעמאָלסט אַזוי גרויס, ווי צוויי ווינטערדיקע נעכט. סע וואָלט אים גאָר גוט געווען אין חדר. צו די שיינע מעשׂיות האָבן אים נאָך דער רבי מיט דער רביצין ליב. נאָר די שלעכטערע קינדער האַלטן אין איין טשעפּען זיך צו אים, צום „גנבעכל״. צי ס'איז מחמת קנאה, וואָס אים שלאָגט נישט קיינמאָל

---

* עלסטער.

דער רבי, צי זיין אָפּגעזונדערטקייט און שטילקייט רייצט זיי, צי זיי נעמען אין אים נקמה פאַר זיין עלטערן ברודערל, וועלכער דערגייט זיי די יאָרן.

— און וואָס איז עס חידוש, — איז די רביצין בייז — אַז דאָס אייגענע עלטערע ברודערל איז דאָך צו אים אויך גיכט בעסער!

חיים מישהלע דערגייט הערצעלען די יאָרן ניט נאָר אין חדר און אין גאַס. אין שטוב אויך. ער ווייסט, אַז פאַר דער מאַמען וועט תמיד בלייבן גערעכט — ער. און דער טאַטע? — ווייס איך! ווער האָרכט אים!

...ס'איז דער מאַמעס ממלא־מקום פאַר איר לעבן גאָר, — טראַכט איציע בער און שאָקלט שווער מיטן קאָפּ. צעשרייען זיך אויף אים, אַ בחור, וואָס אָט נאָך אַ יאָר און ער דאַרף שוין תפילין לייגן, האָט ער מורא. נאָר אַז סע דערגייט אים שוין צו טיף אין דער לעבער אַריין, הייבט ער זיך אָן צו שטיקן מיטן בייזן הוסט, וואָס האָט זיך אים לעצטנס באַזעצט אין דער ברוסט, שוין גאָר גישט אויף קיין שפּילעכל. ערשט דעמאָלט, ווען דער הוסט וועט דאַכט זיך באַלד איפרייסן די טמעליע, — שטייט ער אָפּ, דער סורר־ומורה.

יאָ. חיים מישהלע איז פאַר הערצעלען ערגער ווי די מאַמע. די מאַמע איז דאָך די גאַנצע וואָך טייגסטנבייל אין שענק און האָט גישט ווען איר בייזקייט צו אים אויסצולאָזן. ער ווידער, הערצל, איז דעם גאַנצן טאָג אין חדר, אָדער ביים דאַווענען מיטן טאַטן אין בית־המדרש. נאָר אַנדעריש איז עס מיט חיים משהן. זיי זענען דאָך שטענדיק במעט צוזאַמען. און ער האַלט אים שטענדיק איבער אויג, חיים משה. כאָטש פון אים אַליין, פון הערצלען, האַלט ער גאָר גאָרנישט. הערצלס קענטעגישן זענען ביי אים „באַרימערייען“, כאָטש הערצל באַרימט זיך גאָרנישט מיט זיי... ער רופט אים דערפאַר „דער קליינער באַרימער“. ער האָט נאָך נעמען פאַר אים: „דער בעל־חלומות“, „יוסף הצדיק“ און „דאָס שטילע וואַסערל“. אין דער היים געפעלט אים גישט הערצלס עסן. ער מיינט שטענדיק, אַז הערצל עסט צופיל. אַ סימן: ער עסט נאָך, הערצל, און ער, חיים משה, האָט שוין אָפּגעגעסן, און איז נאָך הונגעריק! נעמט ער עס דערפאַר צו צו זיך, הערצלס עסן, און פרעסט אַזוי גיריק און שנעל, אַז ער קומט אַרויס גלייך מיט הערצלס שווערן אַראָפּשלינגען דעם לעצטן ביסן.

הערצל באַמיט זיך דעריבער צו זיין דאָרט ווו חיים משה איז גישטאָ. ער דערוויימערט זיך צוליב אים פון דער קינדערישער געזעלשאַפט. ער

ווערט אי ווייניקער פון אַ קינד, אי מער פון אַ קינד. די קינדערישע שפּי־
לערייען ציען אים נישט צו,—ווי ער וואָלט שוין געווען אַ דערוואַקסענער.
אָבער חיים משה לאָזט אים נישט צו רו. ער צווינגט אים צו זיין „לייטן
גלייך“, מיטצומאַכן די שפּילערייען און שטיפערייען פון אַלע ייִנגלעך, צו
זיין אַרייננגעקניפּט אין זייערע אינטערעסן. צו שטעלן זיך אים אַנטקעגן,
חיים משהן, פעלט אים גאָרנישט איין. דער טאַטע איז דער מוסטער פאַר
אים, גלייך ווי די מאַמע — פאַר חיים משהן.

נאָר אויף וויפיל ער קאָן, גנבעט ער זיך אַרויס פון דער קינדערישער
סביבה. ער ווערט אַן אָפּגעזונדערטער, פאַרטראַכטער אומוואַנדערער אי־
בער די פרעמדע לאָקנדיקע מדינות פון חומש און מדרש. ער פאַרזינקט
אין די קליינע קאָפּעקענע ביכלעך, וואָס ער קויפט ביי בענציע מוכר־
ספרימניק.

חיים משה קאָן גאָרנישט באַנעמען אָט דאָס לייענען הערצלס. ווען
ער דערזעט דאָס ערשטע מאָל אַ ביכעלע אין זיין האַנט, טוט ער זיך אַ לאָז
צון אים מיט אַ ירגזון:

— ווו האָסטו גענומען דאָס ביכעלע, ווו? ווו האָסטו גענומען געלט
עס צו קויפן? ס'קאָסט דאָך אַ גאַנצע קאָפּעקע?

הערצל מיגיעט זיך אין רויט און בלאַס. דאָס מויל איז אים פול מיט
פרוקענער צונג. ער שווייגט. וואָס? זאָל ער דערציילן, אַז אין קיך אין דער
הינער־קומשע האָט ער געפונען אַן „אוצר“? אַז פון ציים צו צייט נעמט
ער פון דאָרט אַרויס אַ קאָפּעקע? ער וועט דאָך אים תיכף „באַראַבעווען“,
חיים משה! ער מיט דער מאַמען... שווייגט ער.

— נו! דו עפנסט דעם פּיסק? אָדער איך דאַרף אים דיר עפענען?!

— איך האָב עס נישט געקויפט — שטאַמלט ער, און ס'איז אים
פינצטער אין קעפּל: וואָס זאָגט מען ווייטער?

— באַרימער! — טוט אים חיים משהס פויסט אַ קלאַפּ אין דער
ריפּ אַריין, אַזש סע שלאָגט אים אויס פונקען דורך די אויגן. הערצלען
ווערט אָבער אויך ליכטיק אין מוח, און ער ווייסט שוין וואָס ווייטער צו
שטאַמלען:

— איך האָב עס געפונען... אין דער בית־המדרש־שאַפע צווישן די
שמות האָב איך עס געפונען.

— אזוי? — צווייפלט חיים משה, און פארשט אים מיט די אויגן — פארוואס־זשע איז עס אזוי גיי? וואס? בית־המדרש־שמות זענען אלט און נעל!

— ס'מאכן זיך אמאל נייע שמות אויך, — שמאמלט ווידער הערצל און קארטשעט זיך אין דרייען איינצינעמען א נייעם „חלק".

— גיב א שמעק מאן! — מיט חיים משה א באפעל מיט טריאומף (ער וועט אים דא באלד פאקן, דעם באַרימער, ביי דער האנט!) — בית־המדרש־שמות שטינקען...

דווקא האט ראטעוועט הערצלען נאר אומדערווארט. חיים משה טוט א קוועטש צוזאמען דאס ביכעלע, ווי א גזלן, און טראגט עס צו צום נעזל:

— יא, סע שטינקט טאקע! — בלייבט ער צופרידן־אנטוישט — און זעען זעט עס אויס ווי נייו!

חיים משהן קאן דאך נישט איינפאלן, אז דאס איז מחמת הערצל האט געהאלטן דאס ביכעלע אויף דער פאליצע צווישן דעם טאטנס ספרים, וואס זענען מוכלע און ווילגאטנע נישט ערגער פון בית־המדרש־שמות. הערצל ווידער פארשטייט שוין פון היינט און ווייטער נישט צו נעמען קיין ביכעלע אין דער האנט אריין, כל־זמן ער פליקט נישט פריער אפ דערפון דעם שער־בלאט, רייסט נישט אויין עטלעכע בלעטלעך. צעקנייטשט עס נישט און שמירט עס נישט איין מיט שמויב; און דערצו זאל עס נאך א וואך צייט ליגן אין דעם טאטנס אן אלט ספרל. ער טוט עס אזוי, כאטש סע רייסט אים דאס הערצל אויף דעם שיינעם נייענקן ביכעלע... חיים משה וועט עס נישט דערשמעקן — ער האט נישט קיין עסקים מיטן טאטנס ספרים... ער זאל אזוי, חלילה, דעם „אוצר" נישט דערשמעקן!

דער ענין מיט די ביכלעך גערעט אים אזוי, אז חיים משה איז נאר אין א פאסקודנעם מעות:

— שטענדיק און תמיד לייענט ער דאס אייגענע „אשר־יצר"־פאפירל, דער בעל־החלומות!

— טאקע א בעל־חלומות, א דולער קאפ! — פאטאקעוועט די מאמע, ווען די מחלוקת פון די קינדער קומט אמאל פאר איר משפט — אז דער „בחור" איז דיר נארנישט הי! צו וואס וועט „עס" טויגן, צו וואס? כאטש נעם און קלייב א נדן פונזיינעטוועגן, ווי פאר א מיידל! סיידן, פאניע וועט

פון אים אַ לייט אָדער אַ סוף מאַכן... און אָ־דאָס מאַכט דיר נאָך קאַליע חיים משהלעס „לעגאַטע" *.

אמת, די קינדער זענען נאָך יונג. חיים משהלע האָט נאָך גישט אָנ־געהויבן קיין תפילין צו לייגן. סיי ווענן נחן, סיי ווענן פאַניען איז נאָך פרי צו טראַכטן. אָבער יאָרן לויפן. אָך, ווי זיי לויפן! איציע בער איז שוין, האַכט זיך, אויף אַן אמת אַ זקן... און דאָס „קניפל", וואָס זי האָט בסוד פאַר אים אָנגעזאַמלט, וואַקסט אָן עין־הרע! סע זאָל נאָר אַהין, אין דער קיך־קופּשע, עפּעס קיין „שוואַרצע קאַץ" נישט אָנטראָגן... זי איז, דאַכט זיך, גוט אָפּגעהיט? אוי־וויי! אומגליקלעך קאָן מען זי דאָך מאַכן! און דאָ טוט זיך אַ רוק־אונטער דער פּריזיוו — ווי וואָלט זי דען דעמאָלסט חיים־משהלען פון פאָניעס העגט אַרויסגעראַטעוועט?! וואָס ווייטער זענען דאָך די צייטן ערגער, שווער אַ גראָשן צו שפּאָרן... און ער דאַרף דאָך שוין באַלד אָנהייבן צו לייגן תפילין, חיים משהלע.

שמחת־תורה. גבאי־ראשון פון דער „חברה קדישא" איז דאָס יאָר נחום הערש, דער גלער, דער אייזקרעמער. די ווייסע־חברהניקעס, אַ היפּשע כאָפּטע אָן עין־הרע, וואָיעווען אַרום זיין שטוב־פּראָגנט. אַלע לאָדן זענען שוין אַראָפּגענומען און אַוועקגעטראָגן. מען אַרבעט מעשים, און מע באַ־רעכטיקט זיי:

— אַזאַ גבאי איז ווערט, מע זאָל אים אַפילו די ביינער צעטראָגן.

מע האָלט שוין ביים נעמען זיך צו דער האַלב־גלעזערנער פּראָגנט־טיר.

— אַזאַ פעטער ביין, און איז קראַנק צו געבן די יידישע קינדער לייַ־טישע פּאַרציעס לעקעך־און־בראָנפן!

דאָס, וואָס זיין ווייב גיט יאָ (עפּעס עפּעלעך פּאַרפּוילטע, קיכעלעך אַ ביסל), איז פּשוט אַ חרפּה עס צו נעמען. מע מוז מלחמה האַלטן פאַרן אייגענעם ווייס־חברהדיקן כבוד. און מע דאַרף דערפירן די מלחמה צו אַ נצחון.

מע בלייבט שטיין, און מ'איז זיך מיישב וואָס צו טאָן. סע באַווייזט זיך צווישן דער חברה חיים משה חיה ריוועס. פון דער פערשטאָט אַזש זיך אַהער מטריח געווען. ער בלייבט דאָ שטיין די העגט פאַרשטעקט אין די קעשענעס, פאַרקוקט גאָר אין גאַס אַריין, ווי ער וואָלט דאָ בלויז צופעליק

* פּריוווילעגיע אַלס בן־יחיד.

געזען. גלאַט, ער איז געקומען אַהין. אָבער דווקא אָט דער שטייגער שטיין אין אָט דער שטייגער היקן גיבן אים צו אַ באַזונדער חשיבות. אויף וויפל זיין ברודערל, הערצל דעם „קשיאַ־ווערפּס“, וועלכער שלעפּט זיך אים נאָך שעמעוודיק און שרעקעוודיק, ווערט פון קיינעם נישט באַמערקט, אויף אַזוי־פיל איז זיין זיין דאָ דווקא אָנזעעוודיק. מע ווייסט, אַז ער איז אַלע יאָרן געווען „ראָש“ אין די חדרים. ס'איז נישט קיין קלייניקייט. היינטיקס יאָר ווערט ער שוין בר־מצווה. ווינטער וועט ער שוין אין חדר נישט גיין. און אַ סך פאָר יאַטישע אויגן זענען צו אים געווענדעט. מע וואַרט אויף אַן עצה פון דעם „גאַסט“. און מע דערוואַרט זיך מאַקע אויך.

חיים משה מיט פאַראַכטאָל אַ דריי־אויס אויף אַן אויגנבליק דעם קאָפּ און אַ וואָרף אַריין אין דער כאָפּטע, ווי אַ שטיין אין געצווייג פון אַ פרוכט־בוים:

— דעם פּנקס!

אָפּגעזאָגט, שטייט ער צירק אין דער אייגענער פּאָזע, וואָס פריער, און דאָה קיל קומט ביי אים אַרויס צוגעדרישעט, דורך די ציין:

— ווען מע וואָלט פון אים אַרויסגעקריגן דעם פּנקס (ער האָט אים היינט געטראָגן פון בית־המדרש אַהיים אין טלית־זאַק; איך האָב געזען, כ'האָב געראַיוגט מיטן טאַטן אין שטאָט בית־המדרש). וואָלט ער שוין נאָכגעזאָגט „אָמן“ אויף אַלצדינג...

— אַ גבאי אָן אַ פּנקס איז ווי אַ בר־מינן אָן אַ קרקע, — שטיצט אים אונטער אַ צווייטער אָנגעזעענער יאַט.

די זאַך איז אַזוי. די עצה — איבערגעצייכנט. נישט מער, ווי פירט מען דאָס אויס? די פראַגע באַהערשט אַלעמען, קיצלט די איבערגעגטע גע־מיטער און בייסט די צעהיצטע גופים אַזש סע גליסט זיך שטאַרק. שטאַרק אַ קראַנקטאָן. די מלחמה איז איינגעהאַלטן אין איר פּענה. מע סודעט זיך.

— איך קאָן די שטיב — רעדט אַריין מיט אַ שטיל הייזעריק קול פּנחס שלמה קאָוועלס, אַ בחור'ל שוין מיט אַ בערדל־שפּראָץ, אַ הויכער, אַ דינער, נאָר אַ שטייפער ווי אַ טימשקע — דער טאַטע שיקט מיך אָפט אַהין. איך ווייס וווּ דער טלית־זאַק ליגט...

— גיין, ער מיינט נישט, דער הדאָנג — זאָגט ווייטער זייטיק, נאָר פעסט און כמעט באַפעלעריש חיים משה — ער איז צו הויך, אָנזעעוודיק. אַז ער וועט זיך איינבייגן, קען ער זיך נאָך איינברעכן... אַ קליינעם הברהגיק דאַרף מען, אַ פלינק קעצל, מיט נעגעלעך וואָס קענען זיך דראַפּען...

— גיי איך! — רופט זיך אַרויס איציק „די קילע“. מאָטל פּאָזשאַר־

ניקס בחורעץ, וואָס דרייט זיך אויף יעדער שרפה זיין מאַמן פאַר די פיס ווי אַ קילע.

— גוט! גוט! — איז דער עולם באַגייסטערט. מע ווייסט, אַז מע גיט איבער דאָס שליחות אין גאָלדענע הענט.

פנחס שלמה קאָוועלס, שולדיק־פאַרוויילט, משלט אים אויס: ווי, וואָס, און ווי אַזוי.

— גוט! ער, גוט!

— איצט, חברה, — נעמט ווידער חיים משה די לייצעס אין האַנט — טוט מען זיך אַ נעם צו דער פאָדערשטער טיר!... זאָל דער „שונא“ זיין פאַרטאָן... אַזוי ווי בעת די „מאַנעוורעס“ אויף דער פערשטאָט...

מע דערפילט אין אים אַ „גענעראַל“. דער דרך־ארץ פאַר אים וואַקסט. און כאָטש ער טוט אַליין גאָרנישט, שטייט ווייטער די הענט אין די קעשענעס פאַרשטעקט, פאָלגט מען דאָך תיכף זיין באַפעל.

נחום הערש דער גלעזער גייט אַרויס פון די כלים. ער ראַנגלט זיך מיט זיי. ער שרעקט די לאָבוזעס, די ממזרים מיטן „איריאַדניק“ (ריסישער פאָ־ליציי־באַאַמטער). ער טיילט פאַנאַנדער צווישן זיי אייזערנע סטוסאַקעס. אָבער חברה איז אומדערשראָקן, שטאַנדהאַפטיק. די טיר — אַ האַלבע איז שוין אַפילו אַוועקגעטראָגן. די צווייטע העלפט — אַראָפּגענומען פון איין קריק, און זי ציטערט נעבעך מיט די שויבן מיט סכנות־נפשות. איר באַ־לעבאָס איז שוין אַריין אין שטוב, פאַרלירנדיק דאָס היטל פון קאָפּ, צו כאַפּן אַ בענקל און פלעטן קעפּ! נאָר אין דער רגע טוט זיך „די קילע“ אַ קויקל אַרויס דורך דער הינטערשטער קיך־טיר מיטן פּנקס אין ביידע הענט, ווי ראַטעווענדיק פון אַ שרפה.

— ער איז דאָ! ער איז שוין דאָ! — לויפט דורך אַ גערויש צווישן די קעפּלעך פון דער חברה, ווי אַ רויש דורך ביימער. און צו דער גרויסער פאַרבליפטקייט פון נחום הערשן באַגעגנט אים אַרויסקומענדיק פון שטוב אַ פוסטע שטילקייט. ער שטייט אַזוי פאַרגליווערט מיטן אויפגעהויבענעם פירפיסלדיקן בענקל אין דער האַנט, און ווייסט נישט וואָס מיט דעם צו טאָן. פלעטן קעפּ? ווי אַ צעבראָכענער פליגל הענגט זיך נאָך די האַלבע טיר אויפן איינציקן קריק.

— צאַן־קדושים־בע! — הילכט אַרויס דאָס געזעמל שוין פונווייטנס און עס שפּרייזט אַוועק אין אַ געדיכטער כאַפּטע. דאָס קול איז פריידיק־פייערלעך ווי נאָך אַן אָפּגעהאַלטענעם נצחון.

— פּרעה מלך מצרים! — שרייט פון דער כאַפּטע אַרויס אַ תלמוד־

תורה־ייִנגל, אויסדרייענדיק דאָס פּנים וואָס איז אויסבאַהאַלטן אונטער אַן־אָפּגעריבענעם דאַשיק — דו ועסט שוין אַליין קומען, במחילה, זיך צו־שטעלן אַ בענקעלע צו משה־ואהרנען...

— ממזר, אַ רוח אין דיין מאַמעס בויך אַריין! — טוט דער גבאי־ראשון אַ וואָרף נאָך אים דאָס בענקעלע, און זיין קול, דעם געלן אייזנקרע־מערס, איז געל־פאַרזשאַווערט. ער שטייט אָפּהענטיק מיט אַראָפּגעלאָזטע גוילעמעוואַטע הענט, און טראַכט אין דער איבערגעלאָזענער שטילקייט: וואָס קענען זיי דאָס מיינען, די באַנדיטן?

חברה ווידער גייט אויף „באַראַט“ אין ווייבער־שול אַריין. דאָרט ווערט דער פּנקס מיט נייגיריקייט געעפנט. אַ שטופּעניש און שטויסעניש אַרום. מע בלעטערט. מע באַטראַכט בלאַט נאָך בלאַט. דיקע,האָריקע, געלע אין גרינע בלעטער. אין שריפט — אַזעלכע שיינע געכתיבהטע אותיות. טייל אותיות זענען מיט קריינדלעך אויף די קעפּלעך, אַ וואונדער אָנצוקוקן!

—אַזוי ווי אין דער מגילה! — פאַלט הערצל אַריין אין התפּעלות, און פאַרלירט זיין שרעקעוודיקייט — סאַרא שיינע מעשות דאָ קענען זיין באַ־שריבן!

— אָבער אַזאַ כתב איז שווער צו לייענען.

— גיי! אַז ס'איז לשון־קודש! ווער קען עס פאַרשטיין? תרגום־לשון!

— מע זאָל כאָטש אַ שטיקעלע קענען איבערלייענען! — צאַפּלט אויס איינער דעם חשק פון אַלע.

אין ווידער קומט חיים משה חיה ריוועס צו הילף מיט זיין עצה און באַפעל:

— רופט אַריין פון אונטן, פון בית־המדרש, קלמענען, פּסח־שוסטערס באַנק־קוועטשער. ער קען גוט אין די קליינע אויתיעלעך... לויף דו, הערצל! נו! גיכער! גערירט זיך!

קלמן קומט אַרויף רויט־אָנגעצונדן, און די קורצזעעוודיקע אויגן קריכן אים אַרויס ווי ביי אַ ראַק, מחמת דעם כבוד, וואָס מע טוט אים דאָ אָן. מע ווייסט, הייסט עס, אַז ער, קלמן פּסח שוסטערס, קען!

ער טרעט גלייך צו צו דער בכבודיקער אַרבעט. זיין בליק טרעפט אויף אַן אַלטער געלער בלאַט, וואָס דאָס כתב אויף איר איז אָבער פריש און גלאַנציק, ווי נישט לאַנג אַריינגעשריבן.

— אָט דאָ לייען! — טייטלט חיים משה — ס'איז עפּעס פרישער טינט אויף אַן אַלטער בלאַט... ווי „אַריינגעשוואַרצט“.

צוליב זיין קורצזעעווידיקייט פירט קלמן דעם גערונצלטן שטערן האַרט איבער דער בלאַט.

— ער אַקערט געבעך, קלמן, מיט דער נאָז די ערד! — באַמערקט עמעצער אינמיטן אַלגעמיינעם וואַרטנדיקן שווייגן. און די שטימונג ווערט פריילעכער.

קלמנס נאָז ווערט מאַקע געקיצלט אין געביסן פון די דיגינקע פּאַפּיר־הערעלער. זי זאַפּט זיך אָן מיט טוכלעקייט. מיטאַמאָל ווערט איר בימער און פינצטער, און זי טוט אַ שאָס אויס אַ ניס. באַשפּריצט פון אַ „שפּריי־רעגן“, טוט חברה אַ שפּרונג אָפּ אויף צוריק מיט אַ הילכיק געלעכטער. בלויז חיים משה איז נישט אויפגעלייגט צום לאַכן.

— נו, שנעלער, קלמן! גיכער! — יאָגט ער אים אונטער.

אָבער קלמן ווערט מיטן לייענען אַלץ רויטער און רויטער. ער בלייבט פּלוצעם שטיין — אַ שרפה! ס׳דאַכט זיך — דער פּנקס וועט זיך באַלד אָנ־הייבן סמאַליען!

— נו? נו? — ווערן אַלע ערנסט און נייגיריק־דורשטיק. סע איז קלאָר, אַז ער לייענט גאָר גאָר אינטערעסאַנטעס.

— מע טאָר נישט! — טוט ער אָפּגעהאַקט אַ ברום, ווי אָטעם־פּאַר־פעלט, אָבער אַוועקרייסן זיין קורצזעעווידיקייט פון בלאַט קען ער נישט. ער דערלייענט געאיילט און דורשטיק ביז צום סוף.

— וואָס הייסט, מע טאָר נישט? — איז מען גאָר נייגיריקער.

— אַליין האָט ער איבערגעלייענט! — האָט מען טענות.

— וואָס הייסט? דו מוזט זאָגן! דו באַנק־קוועטשער! — דראָט שוין עמעץ, און דער קרייז אַרום ווערט געדיכטער און אָטעמט היציק. קלמן דערזעט די הראָענדיקע מינעס און צאָרנדיקע אויגן פון די „גאַסניונגען“ און דערפילט זיך אין אַ שטייג. זיין צונטער־רויטקייט גייט איבער, ווי גע־גליט אייזן, אין אַשיקער בלאַסקייט, און ער שטאַמלט מיט צוקנדיקע ליפּן, ווי געקליבן זיך וויינען:

— איך קען נישט... ס׳איז אַ סוד... ס׳איז וועגן אַ מיידל... איך... שעם זיך!

— חברה! — טוט פּלוצלינג אַ זאָג חיים משה חיה ריוועס מיט פיר־האַלט — ס׳איז דאָ, דאַכט זיך, וויכטיקערע אַרבעט? זאָל עמעצער גיין צום גבאי־ראשון פּאָדערן אויסלייז־געלט. דער טאָג שטייט נישט! ווער גייט? און איך גיי דערווייל אַראָפּ אין בית־המדרש „אויפרוימען“ דעם

פּנקס... נײן! קײנער גײט נישט מיט! איך װאַרט אין בית־המדרש אויף א תשובה. קלײבט אױם אַ גוטן שליח...

און ער נעמט גלײכגילטיק דעם פּנקס פון קלמנס האַנט און פאַרטראַכט אים פאַרבײַנגנדיק בנגבה דאָס „מײדלישע" בלעטל.

חברה זוכט צװײַשן זיך דעם פּאַסיקן שליח. קלמן פּסח שוסטערס רוקט זיך דערװײל אַרױס פון װײבער־שול, װי אַ גנב. נאָר װען ער בלײבט שטײן אין טונקלקײט פון פּאָליש אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם, דערשפּירט ער, און שױן גאָר שטאַרק, אַז ער איז נישט אַלײן. חיה ריװעס בן ציט אים װי מיט אַ צװאַנג אין טונקלסטן װינקל אַרײן:

— זאָג! מיר מוזסטו זאָגן! װאָס האָסטו דאָרט געלײענט? אַנישט, רוף איך באַלד אַראָפּ די גאַנצע חברה!

— איך שעם...

— דאָ איז נענוג פינצטער... קענסט רעדן. לאָמיר זיך זעצן דאָ אויף דער באַנק.

קלמן איז פאָלגעװודיק, און זעצט זיך שרעקעװדיק און מיט עפּעס אַ קינ־צלדיקן פאַרגעניגן. נאָר:

— זע נאָר! װאָס װיל ע ר!...

— אַיועק, דו קלײנער שנעק! — טוט חיים משה אַ דראָע הערצלען מיט דער פויסט — גיך! פאַרנעם זיך פון דאַנען!... ער מײנט, ס'איז אים אַ באָבע־מעשה פון אַ ביכל אַרױס!

הערצל רוקט זיך אַװעק הינטערװײלעכטס מיט אָנגעלאָפענע טרערן אין די אויגן: ס'איז אים אַזאַ שאָד! קלמן נעמט דעם אָפּענעם דערלאַנגטן פּנקס און גראָבט זיך אײן אין אים מיטן פּנים, װי אַ קראָט אין הר'ערד. ס'איז דאָ שױן צו פינצטער פאַר זײן ראיה. פונדעסטװעגן כאַפּט ער אויף דאָס שױן אײנמאָל פריער דורכגעקוקטע און לאָזט פּלוצעם אַרױס אַ דין זיך־שטיקנדיק געלעכטערל:

— כי־כי־כי!

— מאַך נישט קײן שהיות! — טוט חיים משה בײז אַ ברום. און קלמן הײבט אָן שטאַמלען אין דער װעלט אַרײן מיט אַ הײס־אָטעמדיק, סודותדיק קול:

— המם... ס'איז דאָ באַשרײבן אַזאַ מעשה.. המם... נחום הערשס מאָכ־טער....

— נחום הערשס? דעם הײנטיקן גבאי־ראשונס?!

— משמעות... װײזט אויס, אַז טאַקע ער... יאָ...

— נו! גיבער שוין! קוועטש זיך נישט. לייען און פאַרטייטש.

און קלמן לייענט שטיל און שווער אין פּנקס אַריין, ווי פאַר זיך אַליין:

— מיט השם־יתברכס הילף. אין דרייען זענען מיר געזיצן. דאָס בית־דין־צדק פון אונדזער שטאָט, ווי סע איז פאַר אונדז פאָרגעשטאַנען דער איינוויינער פון אונדזער שטאָט רב נחום הערש בן ציפּורה דבורה און מיט אַ פאַרביטערט געמיט און מיט טרערנדיקע אויגן האָט ער פאַר אונדז אויסגעשוועקט, וואָס סע שטייט דאָ געשריבן ווייטער: הנה, אַזוי ווי יום ב׳ פון דער פאַרגאַנגענער וואָך. פרשה... איז ער געווען אָפּגעפאָרן אין דער קרייז־שטאָט, כדי איינצוקויפן סחורה, היינו אייזן, פאַר זיין אייזנקראָם, איז אין איר, אין דער קראָם הייסט עס, געשטאַנען זיין בת־יחידה די בתולה מרת מירל בת גאָלדע, אַ בת י״ג, אין דערוואַרטונג אויף איר מוטער. ווי אָט איז אַריינגעקומען אין קראָם רב פּנחס בן אסתר רייזל, וועלכן מע רופט פּנחס קאָוועל, לויט זיין מלאכת־יד, וועלכער שטייט מאַקע דאָ פאַר אונדז בתורת עדות, און ער האָט געקויפט אַ פּרעגנטל אייזן, וואָס מע האָט עס געדאַרפט איבערהאַקן, האָט ער, ר׳ פּנחס, זיך געווענדעט צו איר, זי זאָל אים באַהילפיק זיין, דהיינו זי זאָל האַלטן דאָס העמערל איבערן אייזן, און ער וועט מיט איין האַק פון דעם גרויסן האַמער איבערהאַקן. אָבער זי, די אויבנדערמאָנטע בתולה, האָט זיך איינגעקשנט, ווי סע איז דער שטייגער פון אַ בת־יחידה, ווען סע פאַרווילט זיך איר אַ זאַך, באשר זי וויל קלאַפּן מיטן גרויסן האַמער, און זי האָט אויפגעהויבן דעם גרויסן האַמער אין דער הויך, האָט אים אַראָפּגעלאָזט און שוין נישט איבערגעחזרט. ווייל דער האַמער, שווער אין זיין געוויכט, האָט איר אַ צי געטאָן נאָך זיך, און זי האָט אים נישט געוואָלט לאָזן פריי, האָט זי געשטרויכלט, געקניט, און ער איז איר צווישן די פיס געבליבן שטעקן. בקצור, די אויבנדערמאָנטע בתולה איז געבליבן מיט אַ געשריי ליגן פאַרחלשט, בעת אַ שטראָם בלוט האָט אַ פלייץ געטאָן פון איר. און אויף דעם געשריי פון דעם אויבנדערמאָנטן ר׳ פּנחס קאָוועל איז מען זיך צונויפגעלאָפן פון אַלע עקן מאַרק. דאָס שטעטל האָט געקאָכט פון איין עק ביז צום אַנדערן, און די אויבנדערמאָנטע בתולה האָט געשוועבט צווישן לעבן און טויט, רחמנא לצלן. און מע האָט טעלעגראַפירט צו איר פאָטער אין דער קרייז־שטאָט, ווי ס׳איז אויבן געזאָגט, ער זאָל קומען מיט אַ דאָקטער אַ מומחה. און עס איז געווען ווען דער דאָקטער, וועלכער איז באַרימט אין דער גאַנצער סביבה, איז געקומען, האָט ער איר מיט גאָטס הילף אַרויסגעצויגן פון דער פינצטערניש פון גרוב צו דער ליכטיקייט פון דער לעבעדיקער וועלט. און ער האָט פעסט־געשטעלט, אַז

ביי דער איבערגעמאָנטער בתולה האָט זיך איינגעריסן דאָס הייטל פון די בתולים שוין נישט אויסגעהיילט צו ווערן, און די מיר וועט שוין, פאַר קיין יידישער בתולה געזאָגט געוואָרן, פאַרבלייבן אָפן אויף שטענדיק. און דאָס דאָזיקע האָט ער, אויף דער בקשה פון די עלטערן, אָנגעשריבן אייגנהענטיק אויף פאַפּיר און אונטערגעשריבן עם מיט זיין אייגענער האַנט און געלייגט אויף דעם זיין זיגל. אויף וועלכן עם זאָגן עדות דער איבערגעמאָנטער רב פנחס בן אבתר רייזל און זיין פּיעל צבי בן שרה גאָלדע. און דאָס דאָזיקע איבערגעמאָנטע פאַפּירל איז אויך דאָ פאַר אונדז בייגעלייגט געוואָרן. איז לכן, אויסהערנדיק דאָס אַלצדינג און אויספאָרשנדיק די איבערגעמאָנטע עדות כדת וכדין, האָבן מיר, דאָס בית־דין־צדק פון דער שטאָט... באַשלאָסן, אַז די איבערגעמאָנטע בתולה מירל בת גאָלדע איז אַ מוכת־עץ. און מיר האָבן אויך באַשלאָסן דאָס דאָזיקע איינצוקריצן אין פנקס לזכרון, אַז ווען די איבערגעמאָנטע בתולה וועט אַרויסגיין פאַר אַ מאַן, אם ירצה השם יתברך, און ער וועט קומען צום בית־דין־צדק מיט אַ וויי־געשריי: און אָפּענע מיר האָב איך געטראָפן! — זאָל מען אים זאָגן: לאָמיר נעמען דעם פנקס און זעען, אַז זיין טענה איז בטל־ומבוטל פון פאָרויס, און סע זאָל, חלילה, נישט אויסגעצויגן ווערן קיין שם־רע אויף קיין כשרער מאָכטער. און אויף דעם קומען מיר זיך חתמינען שנת — —

חיים משה זיצט די גאַנצע צייט אַזוי שטיל, ווי אַ הונגעריקע פּיאַווקע אויף לעבעדיק לייב. דאָס בלוט לויפט אין אים הייס, קיצלט און בייסט. דער הייסער אָטעם טריקנט אין נאָז, ווי גליענדיקער זאַמד־שטויב און — ס'איז אַ בזיון פאַר זיך אַליין, פאַר דער פינצטערניש, וואָס איז דורכגע־פינטלט מיט גליענדיקע פונקען. אָבער קוים האָט קלמן פאַרענדיקט, צינדט זיך גאָר אַן אַנדער פייער אָן אין זיין קאָפּ:

— הערסט?!... אַז די מעשה איז מיטן גבאי־ראשונס מיידל, איז דאָך שוין גאָר עפּעס אַנדערש!... אָ, איצט וועט ער צאָלן!... ווי אַ „מאַטע“! המם...

און ער טוט אָפּ אַזאַ פאַרעטערישע זאַך, וואָס חברה וועט אים קיינ־מאָל נישט מוחל זיין:

אין דריי מינוט שפּעטער שטייט ער שוין ביי נחום הערש דעם געלן, דעם גבאי־ראשון, אין שטוב, רויט ווי זיין מאַטע אין אַ גרויסן פדיון־טאָג:

— איך האָב ביי זיי אַרויסגעקריגן דעם פנקס, ביי דער באַנדע... איר דאַרפט זיי גאָרנישט געבן, רב נחום הערש...

— זייער שיין, וועמענס ביסטו? דאַכט זיך... איציע בערס פון דער פּערשטאָט?

— יאָ, עפּעס אַ מעשה וועגן אייער מירלען שטייט דאָרט באַשריבן...
(ווי ער האָט זיך עס אַ ציגר אן געטאָן, נחום הערש!....) איז... וואָס וועל איך האָבן דערפאַר?...

— אויסגעריסענע אויערן, דו רויטער ממזר!— דערפילט חיים משה ווי הייסע צוואַנגען רייסן אים די אָדערן פון די שלייפן -- שוין אַהער דעם פּנקס! אַנישט גייסטו אַהיים אָן אויערן!... נו!?... אַ? די שרייסט שיין?... נו-ו-ו?

— ביי אייך אונטערן בריקל ביי דער קיד-מיר... אוי!... קומט... איך וועל אייך ווייזן — זאָגט ער אַרויס מיט אַ לאַנג-אויסגעצויגענעם זיפץ — ...ער וועט עס מיר האָבן צו געדענקען — וכאָרנט חיים משה אין געדאַנק, האַלטנדיק די צעוויימיקטע אויערן אין די הענט, ווי אויף אַ סמאַליענדיקן פּראָסט: דאָס גאַנצע שטעטל וועט פון דעם וויסן!

נעמט איינמאָל דאָס מוזיניקל, הערצל, אַ בחורל פון אַ זעכצן יאָר, און טוט אָפּ אַ גאָר מיאוסע מעשה, אָבער שוין גאָר אַ מיאוסע. אַ שאַנד אין פּנים און אַ ווייטיק אין האַרצן. אָט דער שטילינקער הערצל, אַ שטילינקער ווי דער מאַמע זיינער, טוט אָפּ אַזאַ קלייניקייט: גנבעט אַרויס דער מאַמעס „קניפּל“ פון דער קיד-קומשע און ווערט נעלם אָן ידיעות! נישט מער און נישט ווייניקער!

חיה ריווע הוילט יאָמערלעך. אָנגעשפּאַרט מיט די עלנבויגנס אויף דער „סמאָיקע“ איבערן פּייערטאָפּ, לעשט זי מיט הייסע טרערן גליענדיקע קוילן:

— וויי, וויי צו מיינע יאָרן! אַזוי פיל יאָרן געשפּאָרט פון מויל. ווי אַ גזלן אַוועקגעריסן. ווי אַ בעטלער גראָשן צו גראָשן נעקליבן. און אַלץ פאַר דעם... טייוולס וועגן!

זי האָט עס אָבער קיינמאָל נישט ליב געהאַט, דאָס ביטערע ווערצעניו ברייען! דעם בן סורר-ומורה! וויפל זי האָט אים נישט פון שטוב געטריבן, געיאָגט: — אין מאַרק אַריין גיי! לערן זיך אוים ווי שווער עס קומט אָן

אַ גראָשן צו פאַרדינען!... און ער — רעד צו דער וואַנט! — ס'איז נישט פאַר מיר קיין געשעפט!

— איר הערט! כאָטש גיי סטראָיע אויף אַ געשעפט פון יידישן שניט, און שטעל אים דאָרט אַרונטער, דעם מאַמנס וויסטע באַשייניקייט, הינטער דער „סטאָיקע"!

— ווי־ווי צו מיינע יאָרן! אַזוי פיל יאָרן! אַזוי פיל פראַצע און זאָרג! און אַלץ פאַרן קליינעם משומדס וועגן! אַן אויסרייסעניש! זיין געדעכעניש זאָל פון דאַנען אויסגעריסן ווערן!

אין שטעטל שמועסט מען:

— ער איז אוודאי אַוועק אין אַ ישיבה.

— וווהין דען לויפט מען פון דער בית־המדרש־באַנק?

— האָסט שוין געהערט?! אין אַ ישיבה אַריין תורה לערנען, און מיט אַ גנבה אין פאַזוכע!

— אוי־ווי! האָסט נאָך קיינמאָל קיין גאָטס גנב נישט געזען!

— מאַ, ווי די מעשה זאָל נישט זיין. אייבן „קווייאַירעה" איז אַ רחמנות, נעבעך. דער בהורעין איז געווען דעם מאַמנס, זאָגט מען.

ערשט אין אַ צוויי יאָר אַרום, ווען שטעטל האָט שוין די מעשה פאַרגעסן, ווי אַ שטייענדיק זומפּיק וואַסער אין אַ שטיין, וואָס מען האָט אין דעם געוואָרפן, ווערט קלאָר: ער איז דאָך אין אַמעריקע, הערצל דעם „קשייאַירעפס"! ס'איז פון אים אַ „לעטער" אָנגעקומען. ס'איז אים שווער געווען, שרייבט ער, אין דער היים. אַזוי ווי ס'איז אים איצט שווער גובר צו זיין דאָס בענקען אַהיים. ער בעט, מאַמע־מאַמע זאָלן אים מוחל זיין דעם בזיון און די צרות, וואָס ער האָט זיי אָנגעטאָן. שרייבן ביז איצט האָט ער נישט געקאָנט, ווייל דער קאָפּ איז אים געווען צערשלאָגן. דאָס געלט האָט ער, חלילה, נישט צוגענומען אויף אייביק. ער וועט עס אומקערן מיט פראָצענט ווי נאָר ער וועט קענען אָפּשפּאָרן פון זיין פאַרדינסט. דערווייל אָבער איז אים נאָך גענוג שווער. ער וואַרט אויף אַ תשובה פון זיי.

וואָס האָט אים צו וועלכן געטריבן? דאָס וועלן פאָרן קיין אַמעריקע — צי באַגנבענען דער מאַמעס „קניפּל", צי פאַרקערט, דאָס באַגנבענען דער מאַמעס „קניפּל" — צו פאָרן קיין אַמעריקע, — דאָס איז אַ נישט־באַשיידט רעטעניש. וואָרן צו וואָס האָבן אים געפעלט די ביידע זאַכן?! ס'איז אים שווער געווען אין דער היים! ווי געפעלט אייך עפּעס אַזאַ יונג! האָסטו געהערט?! — —

— וואָס? ס'איז דאָרט, ביי חיה ריוועז, חלילה, דאָס שטיקל ברויט נישטאָ? אַז מע קען שפּאָרן אַ „קניפּל"...

— ניין, ס'איז באמת נישט צו פאַרשטיין. הייַנטיקע קינדער!

אָבער איציע בער קאָן נאָך אַ זאַך נישט פאַרשטיין. ער זאָגט עס אָפן, הגם זייער באַהיט און שטיל, זי זאָל נישט דערהערן: הלמאי האָט זי גאָר געקליבן אַ „קניפּל" בסוד פאַר אים? וואָס? זי קלייבט זיך אַן אלמנה ווערן? אַ צווייט מאָל חתונה האָבן מיט אַ גרעסערן נדן און נישט מיט אַזאַ „קאַליקע" ווי ער?

איציע בער רעדט שטיל, אָבער חיה ריווע שרייט:

— דו הערסט, איציע בער? ניין, דו הערסט נישט. הער זשע! קוק נישט אין הימל אַריין! שרייבסטו אים אַ תשובה אויף די בריוו, איז — צו אַלדי שוואַרצע יאָר מיט אים איגיינעם! זיי אויך עיקר קיין אַמעריקע! אפשר מיינסטו ווערסט עס מאַכן בסוד? ווערסט זיך אָנגנבענען אויף אַ מאַרקע? געדענק זשע! נישטאָ קיין סודות! קיין בעסערער סוד ווי דאָס „קניפּל" האָט שוין נישט געקאָנט זיין. פאַרדריי זיך נישט קיין קאָפּ. איך וועל דיר דיין קאָפּ אויסגלייכן! דו הערסט? איין בן־יחיד האָבן מיר, נישט מער. יענער איז נאָך אין דער מאַמעס בויך אויסגעריגען געוואָרן. זיין נאָמען זאָל דאָ מער נישט דערמאָנט ווערן! נו? וואָס טראַכסטו צו טאָן, „קשייאַי־רעף"?

— איך וועל שווייגן. כ'וועל שווייגן...

— נישט שווייגן! שטומען זאָלסטו!

— שטומען...

און אַזוי געשעט עס טאַקע. הערצלס נאָמען, ווי דער נאָמען פון אַ משומד אין אַ פרומער משפּחה, ווערט מער אין שטוב אויף קיינעמס ליפּן נישט אַרויסגעבראַכט, ווי קיין הערצל וואָלט דאָ נישט געווען גאָר. זיין ערשטער בריוו ווי אויך שפּעטערע, בלייבן אָן אַ תשובה. אַז אַליין דעם ענגלישן אַדרעס קאָן ער נישט שרייבן, איציע בער, ווערט דאָך די „זאַך" גלייך אַרויסקומען. שטומט ער... און אויב זיין גוף ווערט זייער אָפּט צעבראָכן אויף העלפט פון אַ טיפן זיפץ, האָט עס נישט מסתמא, פאַרשטייט חיה ריווע, קיין שייכות צו הערצלען. סע איז אוודאי מחמת זיין שוואַכקייט, דעם אַלטנס, און די לונגען זיינע... וואָס? ער וועט זיך דערוועגן נאָך דעם משומד בענקען?

און איציע בער בענקט, נעבעך, שטילערהייט נאָך זיין זון, הערצעלען,

אַליין גאָרנישט ווינסנדיק וועגן דעם, ווי אַ גליענדיקע קויל אונטער איש נאָך אַ ביסל לויפט. און ער גייט אויס. ביסלעכווייז, ביסלעכווייז...

דערפאַר אָבער חיים משה, ער ווייזט זיך אַרויס נאָך אין זיינע יונגע יאָרן פאַר גערעכט צו פאַרדינען. אויף אַ מאַרקטאָג, אַ יריד, טאַפּט ער דורך ווי אַ וואָגן. הגם קיין געלט, אַליין אַ קניה צו מאַכן, פאַרמאָגט ער נישט, כאַפּט ער אַריין פונדעסטוועגן אָפטמאָל אַ פאַרדינסטל פון אַ מעקלעריי, אָדער מיט ליה. אַ גראָשן צו אַ גראָשן, און מיט דער צייט קלייבן זיך אָן ביי אים אָט־אַזוי־אָ עטלעכע קאַרבן, און איין גאָט ווייסט, ווי ער באַהאַלט זיי אויס.

— אָן עין־הרע! אָן עין־הרע! פּו! פּו! — שפּייט חיה ריווע אָפּטער אויף הינטער זיין פּלייצע, מיינענדיק דערביי דעם בחור אַליין און טאַקע דאָס ביסל געלט, וואָס ער האָט אָפּגעשפּאָרט, עס זאָל אין זיי קיין בייז אויג נישט שולט זיין.

אין פּלוג איז אָט דאָס אָפּשפּרעכן דאָס ביסל געלט פון אַ בייז אויג לגמרי אַן איבעריקע זאַך. אויף אים אַליין איז זיין פאַרמעגן נישט קענטיק. זיין אָפּגעבליאַקעוועט קאָרטן אָנטועכץ, און אפילו דער קוימיקער פּאַפּירענער קאָלנער מיטן „הערצל“ אין אויסעריבענעם, דורכגעשוויציקטן שניפּס, וואָס ער טראָגט אום שבת, אַנטפּלעקן עס נישט. אָבער אַזעלכע זאַכן ווי געלט פאַרבלייבן נישט קיין סוד... פונוואַנען האָט זיך „יענער“ דערוווּסט וועגן איר „קניפּל“?! גאָלד קלינגט און לאָזט זיך הערן אַפילו פון קעלער אַרויס. געלט איז אַ גלאָק, וואָס קלינגט פון זיך אַליין. דער גלאַנץ פון מטבעות שיינט אַרויס אַפילו פון אַ פינצטערער פאַרבאָרגעניש. נישקשה, שטאָט ווייסט שוין אַוודאי, אַז איר חיים משה פאַרמאָגט אַן אַפּותיקי. אָפּשפּרעכן פון פאָרויס קאָן אַוודאי נישט שאָטן. טוט זי עס טאַקע סיי וועגן קיינער זעט נישט, סיי בעת לייט זענען דערביי. זי וויל עס גאָרנישט פאַרלייקענען אויך. זי האַלט, חיה ריווע, אַז אַדרבה — זאָלן לייט וויסן וועגן דעם: עס וועט צונויץ קומען. די יאָרן לויפן. מע דאַרף אַ טראַכט טאָן וועגן אַ תכלית. אַ בחור מיט געלט איז גאָר אַנדערע ווערטער...

און באמת, ווי נאָר חיים משהס וואָנצעלעך ווערן געדיכטער און שטייפער אונטער זיין גראָדער שטייפער נאָז, און אויף זיין ווייסלעך־רויט פּנים

באַוויזט זיך דער ערשטער בלאָנדער פּוך, הייבן אָן שדכנים זיך מטריח צו זיין אַזש אויף דער פּערשטאָט צו זיי אין שטוב אַריין. זיי לייגן אוים פאַר חיים משהס וועגן גאָלדענע שידוכים, עפענען פאַר אים שמאַלץ־גריבער.

די עלטערן ווילגעפּעלט עס, פאַרשטייט זיך, גאָר און גאָר. צייט שוין פון אַ קינד אַ שטיקל נחת צו דערלעבן. איז ער דאָך דער איינציקער קדיש זייערער. מע וועט שווער און שוויגער ווערן און — סע זאָל נאָר דעם איי־בערשטנס רצון זיין! — מאַקע זיידע און באָבע אויך. איז דאָך שוין אָבער דער זון אַ „סאַמאָסטאָי" *, די דעה וועגן דער זאַך האָט ער, און ווי אַ מענטש אַ פּראַקטישער און געלערנטער (ער לערנט זיך לעצטנס ביי נחמן שרייבער רוסיש — לייענען און שרייבן, און חשבונען), זאָגט ער זייער ערנסט:

— ניין, פריער דאַרף איך אויסגלייכן דעם חשבון מיט פאָניען, דער־נאָך וועל איך זיך אַרומקוקן ווו איך בין אין דער וועלט. און...

— ער איז מאַקע גערעכט אויך. מיין הכם! מיר זאָל זיין פאַר זיין ליכטיקן קאָפּ! — שרייט אוים די מאַמע, און דער טאַטע שאָקלט צו הכנעה־דיק מיטן קאָפּ אויפן האַרטנעקיקן געניק. ער דערמאָנט זיך אין הערצלען און זיפצט אָפּ טיף און צעבראָכן.

— גערעכט! — פאַרשטייען אויך לייט, מיטן אויסנאַם פון די שדכנים: געלט האָט ער, וועט ער זיך מאַכן עפּעס אַ לייטישן פעלער, וועט אונטער־שמירן ווו מע באַדאַרף, און סע וועט גיין אַ גאַנג!

— אָ! אַזאַ־אָ כהור מיט אַ בלויען (און אפשר גאָר אַ ווייסן!) בי־לעט — איר ווייסט וויפל ער האָט די ווערט? ס'איז דאָך „זהב טהור"! **.

חיים משה פאַרטראַכט זיך אַוודאי וועגן דער זאַך, נאָר ער דערטראַכט זיך צו גאָר אַן אַנדער אויספיר. ערשטנס, ווי גייט עס אַ מענטש מיט ברוך־השם געזונטע אברים און לאָזט זיך „מאַכן אַן אויג אָדער אַן אויער"?! און נאָך צוצאָלן דערפאַר! ווי לאַנג זאָכט ער, פאָניע, צי ער וועט אים אַזעל־כעס צוליב מאָן! צווייטנס, גלאַט, וואָס הייסט, ער וועט מיטן גוטן ווילן אַוועקגעבן עמעצן, עפּעס אַ פּריסטאַוו, אָדער איספּראַווניק דאָרט, זיינע עמלעכע פאַרהאָרעוועטע, אָפּגעשפּאָרטע רובל? אַזוי גרינג זענען זיי אים אָנגעקומען?! און דריטנס, מע שמועסט, אַז ווען מ'איז נאָר אַ „מענטש", קאָן מען דאָרט, אין „וואָיסק", זיך גוט אַרויפאַרבעטן. מאַקע אַן אמתער „מענטש" ווערן... וואָס האָט אים צו שרעקן די „סלוזשבע"? וואָס?

* זעלבשטענדיקער. ** זאָהאָ טאָהער — ריין גאָלד.

אַ באַנק־קוועטשער איז ער? גויאיש (אוקראַיניש) רעדן קען ער. אַ ביסל ריסיש לייענען און שרייבן — אויך, און חשבונען — אויך... דאָס עסן פון „קעסל“ וועט אים, חלילה, נישט פאַרשאַטן. כאַ־כאַ־כאַ! קיין חזירימלעך אין בויך וועלן אים דערפון נישט אויפוואַקסן. ער האָט דאָך אין דאָרף נישט איינמאָל פון אַ גויאישן טאָפּ פאַרזוכט, און — גאָרנישט. סע קאָסט ביליק און מאַכט זאַט — דאָס אינגאַנצן...

און ווען סע קומט די צייט, חיים מאָשקאָ שאָפּמאַן, דער זון פון איצקאָ בער און חיה ריזע, ווערט גערופן צום פּריזיוו, צי ער איז ראוי צו דערפילן זיין מיליטערישע פליכט, — גייט ער מאַקע אַוועק דינען, חיים מאָשקאָ שאָפּמאַן.

— גאָט זאָל זיין מיט דיר! — געזעגנט אים דער טאַטע, שאָקלט צו אים מיטן אויסגעדרייטן קאָפּ, און זיין פאַרדריסן אייגל קוקט גלייך אין הימל אַריין.

...הערצעלע?! הערצעלע ווו איז? ווי דער ים וואָלט אים איינגעשלונגען!

און טרערן פאַלן אים פון די ציטערנדיקע ברעמען אין דאָזיקן אומגעזועגנעם ים אַריין.

— פאָר געזונט און קום געזונט! — ווינטשעוועט אים די מאמע און ווישט די טרערן מיטן פאַרטעליקטן פאַרטעך, מאַכנדיק קלינגען דעם פאַרשטעקטן בינט שליסל — זאָלסט געפינען חן און לייטזעליקייט אין פּאָניעס אויגן! און גאָט זאָל דיר צושיקן כשרע מציאות אויף אַלע דיינע וועגן!

נאָר ער אַליין, חיים מאָשקא שאָפּמאַן, גייט אָפּ האַרט, שטייף און ערנסט, ווי ער וואָלט געווען אַ פאַרטיקער סאָלדאַט.

דאָס דינען אין מיליטער גייט אַוועק חיים משה שאָפּמאַנען אויסגעצייכנט. ער געפינט זיך אויפן פּאַסיקן אָרט. די זעלנערישע תורה לערנט ער לייכט אויס. ער האָט דאָך אַ יידישן קאָפּ אויף זיך. טוט ער אַן אַרבעט, איז עס נישט געפּעלשט. מע ווערט אויף אים אויפמערקזאַם. און מיט זיין פלייסיקייט, געלערנטקייט, און דער עיקר מיטן פאַרשטיין זיך צוצודינען, דערדינט ער זיך זייער שנעל צו אַ „בענדל“.

ס'איז גאָרנישט קיין קלייניקייט, אָט דאָס „בענדל“. חיים משה שאָפּ־

מאַן פּילט דעם ערנסט פון דער זאַך, און שאַצט אָפּ זײַן הויכע מדרגה. אַ ייִדישער זעלנער אין „סלוזשבע“ ביי פּאַניען, און אַזאַ כבוד! ווען ער וואָלט קיין ייִד נישט געווען — אָהאָ! ער הערט אויף צו האַלטן זיך צווישן די ייִדישע זעלנער. ער הייבט אָן צו ווענדן זיך צו זיי, אַפילו אין פּריוואַטע ענינים, אויף ריין רוסיש. ער מוז דאָך דערהאַלטן די „ראַזסטאָיאַניע“ * צווישן זיך און זיי. אַנישט וועט דיר א ייִד קריכן אויפן קאָפּ... נו, ענדלעך זעען זיי עס שוין איין. צי זיי האָבן פאַר אים מורא אָדער דרך־ארץ, דאָס איז אים אַלצאיינס. כבוד האָט ער איבערן האַלדז.

אָבער מיט כבוד אַליין קאָן זיך אַ מענטש נישט אָנזעטיקן, כבוד איז אַן אָנגעבלאָזענער אייער־בייגל. מאַקע גאַנץ געשמאַק פאַרן גומען, אָבער זאַט פון אים ווערט מען נישט. אדרבה, מע דערפילט ערשט, אַז מע באַדאַרף ווי עס געהער צו זײַן אַריינרייבן. היינטערן כבוד שטייט דאָס, וואָס איז דאָס וויכטיקסטע, צו וועלכן דער כבוד איז בלויז אַ סמעזשקע. הם, יאָ... איצט איז די צייט אַ „קערבל“ צו מאַכן. ביי די ייִדישע זעלנער פון דער קאָמפּאַניע, וועלכע ליגט אונטער זײַן הערשונג און באַפעל, געפינען זיך שטענדיק עטלעכע רובל מזומנים אין קעשענע. טייל קריגן צוגעשיקט פון דער היים גוטע זאַכן: טיי, קאַקאַאָ, פּאַפּיראָסן, טיטון און אַזוי ווייטער. זאַכן, פון וועלכע מע קאָן זייער לייכט מאַכן געלט. מען דאַרף בלויז געפינען אַ מיטל, אַז דאָס אַלץ, וואָס איז צעזייט און צעשפּרייט איבער פאַרשידענע קעשענעס צו ביסלעך, זאָל אַריינפאַלן אין זײַן איינציקער קעשענע, ווי עס וועט ממילא ווערן אַ סך. נאָר וואָס איז דאָ פאַראַן אַ סך צו טראַכטן? דאָס מיטל איז דאָך ביי אים אין דער האַנט! — דער כוח פון דעם „בענדל“.

ער נעמט דעם כוח אויסנוצן. ער דערגייט די ייִדישע זעלנער די יאָרן. ער פּייניקט זיי, ער רייסט פון זיי שטיקער לייב.

— אַן אייגענער ברודער, אַ ייִד, זאָל גאָר קענען אַזוי זײַן?! — ווונדערן זיך די פאַרפּאַלגטע.

— ס'איז שוין גאָר נישטאָ וווער סע זאָל זיך פּאַניעס קריוודע אָננעמען!

— איר זענט דאָך אַ געמלמער?! — שמעלט זיך איין אַמאָל אַ ייִדישער זעלנער אים פאַרצוהאַלטן דווקא דאָן, ווען ער טשעפּעט זיך צו אַ זעלנער אין „ערל“ **.

---

* דיסטאַנץ. ** אַ קריסט.

מוט חיים משה שאַפּמאַן אַ קער צו אים צווײ אײנגן־פּלאַקערן, און נעמט אים דורך מיט גרינגער שנאה:

— כאַם! דײן גוטהאַרציקײט פאַר דעם כאַמולע פאַרבאַהאַלט בעסער פאַר דײן קורווע!

בײגט אַמאָל אַ יידײשער זעלנער אַוועק דעם קאָפּ פאַר שאַפּמאַנס פויסט, פאַרשטעלט דאָס פּנים מיט אַן אָפּווערנדיקער האַנט, קוקט מיט שרעק און שנאה, און מוט אַ זאָג פון צווישן די ציין מיט גאַל און טרערן:

— זענט איר דען גאָר קײן מענטש נישט?

צעלאַזט דערמלט, וואָס אַן אמת, שאַפּמאַן די פויסט אין אַ פּשוטער פינף־פינגערדיקער דלאָניע, לאָזט פאַלן אויף יענעמס באַק אַ געוויינלעכן יידישן פּאַטש, און איז מוסיף ערנסט־אויפקלערנדיק מיט אַ פינגער־טייט אויפן „בענדל":

— וואָס וואָס איך בין? ראַנאַליע! „בלאַגאָראָדיע"? „כלוזשבא גיע דרוזשבא" *, „פּאַ־גיאַל"? **

ווי אַ תליה־שטריק פאַרציט זיך זײן „בענדל" אויף די העלדזער פון די יידישע זעלנער. ביז יענע קומען סוף־כל־סוף צום שכל.

— אַז ס'איז טײזוגט מאָל ערגער פון אַן ערל, מוז מען דעם אײנגעבן די אײנענע רפואה וואָס דעם ערל...

—די דאָזיקע מכה וועט מען ווײך מאַכן סײדן מיט אַ האָניק־טייגל...

— אך, פאַרוואָס האָט מען זיך עס תיכף נישט געכאַפּט? אַ ייד איז דיר נישט גלאַט אין דער וועלט אַרײן שלעכט. און אויב אַזוי....

מע הייבט אָן אים אונטערצושטופּן מיט כסף און מיט שוה־כסף... יאָ, יאָ, סע העלפט. אַ פראַגע נאָך! דאָס האָט דאָך מאַקע געמיינט דער פּסוק. זײן שטרענגקייט האַלט אָן אויך ווייטער, נאָר דאָס פאַרשטייט זיך דאָך:

— די סדרונג מוז זײן אָנגעצווינגן, ווען מע וויל זי זאָל שפּילן....

— אוי, שפּילט זי!

סע גיבן כאַבאַר די פאַרמעגלעכע. אָבער אויך די אָרעמע גיבן היפּש צו שטייער. ער רײסט פון טויט און פון לעבעדיק. פון ייד און קריסט.

— גאַדיר אַ שאַפּמאַן! — בימערט זיך אַמאָל אַ יידיש זעלנערל צווישן דער חברה — ס'איז דיר שוין אײנמאָל אַ שאָף! אַן אומשולדיק שעפּסעלע! אַ... הונט איז עס! אָט וואָס!

---

* אין דינסט גילט נישט קײן פרײנדשאַפט. ** פאַרשטאַנען?

— אונטער דער שאָפּנפּעל באַהאַלט זיך אוים דער הונט — דרינגט אַריין טיפער אַ ביסל אַ צווייטער ייִד.

און ווי דאָס וואָלט געווען אַ געמיינזאַמער באַשלוס, ווערט נאָכן דאָזיקן שמועס שאַפּמאַנס פאַמיליע־נאָמען געענדערט. ער הייסט ביי זיי הונטמאַן.

— הונטמאַן האָט זיך היינט אָפּגעריסן אויף דעם און דעם. טאַקע ווי אַ הונט פון דער קייט.

— אויב ער וועט אים נישט באַצייטנס די הינטישע מאָרדע מיט אַ מאַרכביין פאַרשטאָפּן, וועט ער אים אַ שטיק פלייש אַרויסרייסן, הונטמאַן!

— אַז רייסן און טרעגן זאָלן זיך אים די הינטישע קישקעס אין בויך!

— אַז וואָיען זאָל ער שוין ווי אַ הונט אויפן הינטשלעגערס דראָנג!

אַזוי שמועסט מען וועגן אים. און אַז מע האָט אים געקרוינט מיטן נאָמען הונטמאַן, ווייסט ער אַליין אַפילו. נישט איינמאָל הערט ער דעם נאָמען אַרויסכאַפּן זיך אומגערן און דערשראָקן דורך זייערע פאַרביסענע ציין. אָבער, ער מאַכט זיך גאָרגישט הערפון. זאָלן זיי בילן! אַן עסק! אַז זיי האָבן קיין ציין נישט... נישטאָ פון וועמען און פון וואָס זיך צום האַרצן צו נעמען.

איינמאָל קומט חיים משה אַהיים אויף אורלויב. עס רעדלען זיך אַרום אים רעדלעך. מע באַטראַכט זיין געזונט סאָלדאַטסקע פּנים, זיין פעסטן רויטן קאַרק (אַן אמתער „קשי־עורף“!), זיינע געפּאַסטע זעלנער־מלבושים און די שפּיגל־גלאַנצנדיקע שטיוול, ווי פון שוואַרץ געפּאָלירט גלאָז. מע גיט אים כבוד אַ גאַנצע וואָך, און שבת — תורה.

ער דערציילט מיט חשק און מיט שמאָלץ־פאַרגעניגן פון דער „סלוזשבע“:

— אָ, ער דערנייט זיי היי „ימים ושנים“ *, די ערלים דאָרטן! די פאַרשטאָפּטע „באַשקעס“ **, אין דער גויאישער לעבער קריכט ער זיי אַריין. ער איז זיך נוקם אין זיי פאַר אַלע יידישע צרות דאָרטן! ער רייסט פון זיי לעבעדיקע שטיקער, רייסט ער פון זיי. „סוקינסין“ *** האָבן זיי אים דערפאַר אַ נאָמען געגעבן. כאַ־כאַ־כאַ! און די ייִדישע זעלנער אין שפּאַס — הונטמאַן. שאַפּמאַן — הונטמאַן... „וסיאָראַוונאָ“, „ניט מאַק לי?“ ****.

---

* טעג און יאָרן. ** קעפּ. *** הינטישער זון. **** אַלצייגס, נישט אַזוי?

— אַזוי, אַזוי, — האָבן קרעמערישע ייִדן הנאה פֿון ייִדישער גרויס־קייט, קיקן מיט דרך־ארץ אויפֿן „בענדל“, וואָס גיט אַזאַ גרויסע שלימה אפֿילו איבער גוים, און שמייכלען צו מיט חניפֿה־ברומעניש, זיך צודינענ־דיק צו מלכות.

נאָר הערש מרדכי דער שניידער־יונג, מאָטל פֿאָזשאַרניקס בחור, וואָס ייִנגלווייז האָט מען אים גערופֿן „די קילע“, נישט אַראָפּלאָזנדיק פֿון אים די מבֿינות־זאָגנדיקע אויגן, פֿאָרשנדיק אַרום די פֿאַלדן פֿון זיין געפּרעסט־גלאַטיק פּנים — רוימט איין אַ שכן און אויער אַזוי שטיל, אַז אַלע הערן:

— גלייב אים ווי דעם הונט! דער אייזנפּרעס, וואָס ברענט־צו קאָרט, ברענגט צו זייַנס אַוודאי.... סע ליגט מיר נאָך אין קאָפּ אַ שמחת־תורה, אַן אמאָליקער...

הערש מרדכי שפּירט עפּעס אַ באַזונדערן אינטערעס פֿאַרן „בענדל־דיקן“ חיים משהן. ס'איז דערפֿאַר, וואָס סע ליגט אים נאָך טאַקע אין קאָפּ די מיאוסע מעשׂה, וואָס חיים משה האָט אים אָפּגעטאָן יענעם שמחת־תורה, און דערפֿאַר וואָס היינטיקס יאָר, דאָס לעצטע דינסט־יאָר חיים משהס, שטעלט ער זיך צום פּריזיוו.

און אָט געשעט טאַקע — ער קומט אָן אין חיים משהס קאָמפּאַניע. און דאָ דערזעט ער גלייך — זיין השערה איז געווען אַ ריכטיקע. נאָך ווי ער „ברענגט צו זייַנס“, דער הונטמאַן! אמת, פֿאַר אים, פֿאַר אַ „זיעמ־לאַק“, מאַכט ער אַן אויסנאַם. אים לאָזט ער איננאַנצן צורו. אָבער ער איז נישט דאַנקבאַר, דער שניידער־יונג. ער איילט זיך אָנצושרייבן וועגן אַלץ אַהיים. און דאָס איז נאָך אויך ווייניק פֿאַר אים. ער גיט די זעלנער דעם אַדרעס פֿון רב פֿון זייער שטעטל, און ס'ווערט אַוועקגעשיקט אַהין אַ גרויבער איבערפּירלעכער בריוו מיט אַ סך חתימות.

און געציילטע טעג אַרום קריצט שוין הונטמאַן מיט די ציין איבער אַ בריוו, אונטערגעשריבן מיט אַ געציקלטער חתימה, וועלכע דערמאָנט אין דעם ציקלדיקן מע־ע־ע פֿון אַן אַלטער קראַנקער ציג. עס פֿינצטערט אים אין די אויגן אַ שוואַרצער ריזיקער זיגל מיט קליינע ווייסע אותיעלעך, ווי ווערעמלעך — דער זיגל פֿון רב.

אַ בריוו פֿול מיט היתכנס און פֿאַרוווּנדערונג: עס איז אַ פּלא — ער, חיים משה, וואָס זיין טאַטע איז אַן איידעלער ייִד און איז גאַנץ מיט־גאָט, זאָל, חלילה, טאָן אַזאַ נבֿלה צווישן ייִדן, צו זיין אַ נוגש און אַ שוטר! היתכן?! היתכן, סע זאָלן פֿאָרקומען מחלוקתן צווישן ייִדן, וואָס זענען געפֿאַנגען אין די הענט פֿון ערלים? ס'איז דאָך אַ חרפּה און אַ פֿאַרדרוס!

היתכן? זאָלן זיי זיך אַלע באַרעבענען, צום האַרצן נעמען, און זאָל דער יידישער נאָמען נישט פאַרשוועכט ווערן צווישן די פעלקער. היתכן! — —

און אונטער דעם — עפּלעכע שורות פון דעם טאַטן, אַז: מיט אַ צע־ווייטיקט האַרץ און מיט ביידע הענט איז ער זיך משתתּף צו די ווערטער פון זייער רב, זאָל לעבן און מאריך ימים זיין, און ער וואַרט מיט לעבנסדיקע אויגן, דער זון זאָל זיי, טאַטע־מאַמע, באַרואיקן און טרייסטן, און אַז די מאַמע, זאָל לעבן, לאָזט אים האַרציק גריסן, און זי וואַרט שוין צו דערלעבן יעם טאָג ווען ער וועט זיך געזונט און־שטאַרק אומקערן אַהיים. זי מיינט, די מאַמע, אַז אין דעם אַלץ איז אוודאי שולדיק דער שניידער־יונג, וועלכער איז געווען דער ערשטער געחתמעט אויפן בריוו צום רב „שליטא" (זאָל לעבן לאַנגע גוטע יאָרן), ער וואָלט מסתם וועלן זיין דאָרט אין די זעלנער גלייך מיט אים, חיים משהן — — — —

ער ברענט, הונטמאַן, פון צאָרן און חרפּה. אָבער ער ווישט אָפּ דעם שוים פון די ליפּן־ווינקלען, און באַשליסט: עד כאן!... ער וועט דאָך שוין דאָ לאַנג נישט פאַרבלייבן. סע לוינט שוין נישט איצטער... דעם רבס אַ שלעכט וואָרט קאָן אים אַמאָל שאַטן אין שטעטל.

ער ווערט ערנסט און שטיל, ווי אַ שאָף. די זעלנער אַטעמען פריי־אָפּ. זיי גרופּירן זיך, ווי אים צולהכעיס, אַרום הערש מרדכין. אים מיידט מען אויס אינגאַנצן. ווי ער וואָלט געווען אַ חרמניק. כאַפּט זיי דער רוח!

עס דאַכט זיך אים, אַז — שוין! דער פאַמיליע־נאָמען, הונטמאַן, האָט זיך שוין פון אים אָפּגעטשעפּעט.

צום באַדויערן! ער קוקט זיך גאָר גיך אַרום אויף זיין טעות. אַ פאַר־דינטער צונאָמען אנו ווי אַן אויסגעגלימער צייכן אויף אַ פערדס היגטן.

ווען ער קומט אַהיים, לויפט אים דער צונאָמען אַנטקעגן פון אַלע זייטן, ווי אַ לץ מיט אַן אַרויסגעשטעקטן צונג. ער הענגט זיך אים אויפן האַלדז שוין אויף קיינמאָל זיך נישט אָפּצורייסן. אויף אייביק.

— איז אַוועק אַ שאָף, און געקומען אַ הונט!

— מאָלט אייך, אַז קיין שאָף איז ער קיינמאָל נישט געווען.

און אָנהייב פּרוּווט ער זיך באַליידיקן. זיך אַנטקעגנשטעלן, קאָכן זיך. אויסקעמפן זיך דעם אַלטן נאָמען: חיים משה, נאָר אַז ער איבערצייגט זיך — די טרחה איז אומזיסט, טוט ער אַ מאַך אַוועק מיט דער זעלנע־רישער האַנט:

— שאַפּמאַן, הונטמאַן — „משעפּכא"! *

* שפּותים.

— דער צונאָמען איז בלויז אַ שאָלעכץ, דער יאָדער איז דער מענטש אַליין. „ניע מאָק לי“?

און מיט זיין יאָדער, מיט זיין מענטשלעכקייט, איז ער אויף גאַנצע הינדערט פּראָצענט צופרידן. איז ער האָך פון דער „סליזשבע“ נישט מיט קיין לײדיקע הענט געקומען!

אַנדערע עלטערן וואָלטן זיך געווונטשן, נישט קיין קלענערן נדן פאַר זייער טאָכטער.

ווי אַ מענטש אַ פּראַקטישער, אַ סוחרישער, טראַכט חיים משה הונט־מאַן איצט קאָנט פון די פעסטע עטלעכע הונדערט קאַרבן, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון מיליטער־דינסט: גלאַט נעמען און אַ חתן ווערן? ניין! דאָס איז נישט פאַר אים קיין געשעפט! אמת, קיין ווילגעלער איז ער נישט, אָבער קיין עם־הארץ, קיין גראָבער ברודער, קיין הערש מרדכי „די קילע“ — אויך נישט. אַז מע וויל, איז ער אפילו אַן אינטעליגענט. רוסיש רעדט ער האָך, ווי אַ קאַצאַפּ. און די האַנט האָט זיך ביי אים אויך אויס־געשריבן... יאָ, ער וועט זיך נישט לאָזן אַריינשלייערן אַ קאַץ אין זאַק... קיין יחוס איז אים נישט נייטיק. יחוס איז ווי אַ האָגל: קלאַפּט, מאַכט אַ טאַ־ראַראַם, און גלייך ווי עס פּוטט אַ שיין די זון, בלייבט פון אים קיין זכר נישט. אפילו קיין שיין פּנימל, קיין יפת־תואר פאַרלאַנגט ער אויך נישט. ער איז שיין, „בוואַלאַ באָגו“ * אַרויס פון די קינדער־הייזלעך, און קיין ליאַלקע צו שפּילן זיך דאַרף ער נישט. איין זאַך בלויז: וואָס שייך נדן — אַ נדן דאַרף אים ווערן אַריינגעטראָגן אַ ממשותדיקער, אַ מאַטניא! יאָ, וואָרן אַנישט, וואָס האָט עס אים געלוינט אָפּגעבראָכן צו ווערן ביי פאָניען אין דינסט? זיין (ווי האָט עס אים זייער רב געשריבן?) אַ נגיש און אַ שומר צו אייגענע ברידער? „ניע מאָק לי“? הם... און וואָס איז נוגע דער כלה.... נו, פאַרשטייט זיך... אייגנטלעך האָט ער דאָך שוין פריער יועגן דעם געטראַכט... יאָ, זי דאַרף נישט זיין קיין מיאוסע, דער עיקר — אַ געזונטע מויד, אַ „שיקסע“. אַלץ וואָס גויאיש טראָגט שטענדיק אויס ביליקער. זי זאָל קאָנען טאָן אַלץ אין שטוב, ווי אַ גוטע דינסט. זאָל נישט קרענקען פון קינדער־האָבן, זאָל נישט אויסברענגען, חלילה, קיין געלט אויף דאָקטוירים. צומבעסטן וואָלט זיין אַ דאָרפיש מיידל. די שטאָטיקע... אָבער...

* גאָט צו דאַנקען.

דער עיקר דאַרף מען איינבייסן אַזאַ נדן וואָס — „סאָבסטוועננאָ גאָוואָ=ריאַ“ *, מיט וועלכן מע זאָל קאָנען אַוועקשטעלן אַ לייטיש געשעפט. „גיע מאַק לי“?

אַזוי טראַכט ער אַליין, און וואָס טראַכט „די וועלט“?

אַן אויסגעדינטער בחור, מיט אַ פּאָר הונדערט רובל באַרעס, אַ בחור אַ פאַרשוין לוימן געשמעל און אויסזען. געפעלט ער מאַקע נישט נאָר אַ וועלכן נגידישן באַלעבאָס, נאָר מאַקע אויך איעדער באַלעבאַטיש מיידל. דער צונאָמען הונטמאַן, אָט דאָס קליינע קרעצל האָרטן, קאָן דאָך אים סוף=כל=סוף נישט פאַרמיאוסן. סע קלינגט בלויז ווי אַ נישט=שיינער פאַמיליע=נאָמען; שאָפּמאַן אליין איז אויך נישט פון די גאָר שיינע פאַמיליע=נעמען — סע דערמאָנט אין קצב. מילא וואָס! און ער אַליין, חיים משה חיה ריוועס הייסט עס — סע איז דאָך פּשוט אַ פאַרגעניגן אויף אים אַ קוק צו טאָן! דאָס אויג פאַרכאַפּט ער. ער רופט נישט אַרויס אין זכרון דאָס אַמאָליקע דאַרע בחורל איִנעם אָפּגעבליאַקעוועטן קאָרטעגעם כאַלאַטל, וואָס נישטערט אַרום אין די מאַרק=טעג צווישן די וועגענער, ווי אַ הײמלאָזער הונט צווישן די יאַטקעס. אָ, אַ גאַנצער פראַנט זעט ער דאָך איצט אויס!

צום מאַרק מיט די וועגענער קערט ער זיך מאַקע נישט אום. ער מיינט, און זייער ריכטיק, אַז איצט וועט אים גראָד דאָס לײדיק אַרומגיין אַריינברענגען מער ווי די האָרעוואַניע. ער דאַרף פירן התן=בחורישן שפּאַט, און ס'איז נישט קיין אומגליק אויך. עסן און טרינקען האָט ער דאָך אומזיסט אין דער היים. קיין אייגענעם גראָשן דאַרף ער נישט אויסגעבן... נאָך פּאָגיעס קעסט זענען אפילו די קעסט אין דער היים אַ ביסל מאָגער=לעך, אָבער די מאַמע באַמיט זיך אים אַ ביסל צוצופּילנעווען:

— וואָס? דאָס קינד האָט זיך האָרטן ווייניק אָנגעמאָרדעוועט ביי פּאָגיען? אַז מען איז כסדר צווישן פרעמדע און אייגענע שונאים... דעם שניידער=יונג זאָל זיך האָרט דער פּיסק אויף דער צווייטער זייט שטעלן!

יאָ, בלויז אויף קליידן זיך איז ער געצוווּנגען אויסצוגעבן אַ ביסל מזומנים (צי האָט נישט אַמאָל די מאַמע אַ שטיקל „קניפּל“?). נו, איז דאָך יעדעס געשעפט אַזוי. אַז מע וויל שפּעטער אַרויסנעמען, מוז מען פריער אַריינלייגן, דער אַריינגעלייגטער קרן וועט געבן פּראָצענט.

אפילו אין דער וואָכן איז ער היינט אין שפּאָגל=נייעם פון קאָפּ ביז די פּיס. אויפן קאָפּ — אַ טוכן שוואַרץ=גלאַנציק היטעלע. דאָס דענעקל

---

* אייגנטלעך גערעדט.

מאָדנע געפעלדלט, און באַצירט פון פאָרנט, איבערן דאַשיקל, מיט א גע־
פלאָכטן און געקניפּלט זיידן בענדעלע. אויף די פיס -- גלאַנציקע, לאַנג־
געשפּיצטע געלע שיך. און אינגאַנצן — אין א פיינעם אָנצוג, פון וועלכן
טע ווייסן אַרויס א געפּרעסט וועבן „הערצל" מיט א „סמאָקינג־לע־
זשאָנצע" (אויפגעשטעלט־איבערגעלייגט)קעלנערל. אויף דעם דאַזיקן ווייסן
פעלד פלאַטערט א פייגלדיק רויטגעשפּרינקלט שלייפעלע, ווי א פלאַטערל.
אויפן פאָן פון דעם אַלץ גליט זיין ווייס־רויט פּנים און ראָזער האַלדז. פון
הינטן זשאַריעט זיין רויטער פעטטער קאַרק אונטער א גאָלדענער פּרעכ־
טיקער „פּאָלקע". און זיין גאַנצער מיטלוווקסיקער גוף פּרעסט זיך אַרויס
פון דעם שטאָף יאָדערדיק־פעסט.

שבת אויפן שפּאַציר (ניישט האָבנדיק קיין חברים, גייט ער אַליין),
קוקן אים די מיידלעך נאָך זייער לאַנג, און זייערע אויגן פּאַרזייען דעם
שטויביקן שאָסיי מיט פונקעלעך חשק און באַגער.

— חיים משה דער פּעריטשאָטער — שמועסן צווישן זיך מיידלעך —
איז מער אינטעליגענט פון די בחורים אין שטאָט. אָט קוקט אים אָן.

— פּאָניע האָט פון אים א לייט געמאַכט, פון חיים משהן, חיה רי־
וועס — שמועסן מאַמעס פון כלה־מעכטער.

— פון וועמען? פון הונטמאַנען? — שנורוועט אַריין א מאַמע וואָס
האָט אַן אייגענעם חתן־בחור.

— הונטמאַן אַהין, הונטמאַן צוריק — ער איז אַ מאַן, א פּאַרשוין,
און שוין.

מע לאָזט אים נישט לאַנג אַרומדרייען זיך „יאַלעווע". נחום הערש
דער געלער, דער אייזנקרעמער, אַ פעטטער געזעצטער נגיד, שיקט צו
איציע בער „קשה־עורף" מאַניע לייב שדכן. אַ דאַרער ייד, ווי צונויפגע־
שטעלט פון אַ ברעט מיט שטעקנס. זיין קאָפּ, קיילעכיק אונטער דער יאַר־
מעלקע, און וואָס נידעריקער אַלץ אויסגעצויגענער, פּאַרענדיקט מיט פּאַר־
געלטע וואָנצעס און אַ גרויסער קלין־בערדל, שאָקלט זיך איבער אַ לעצ־
טער נישט דערטרונקענער שאָל טיי. די טיי נעפּלט לייכט פּאַרביי זיינע
גרויסע אומעטיקע טינקל־פוילע אויגן, וואָס זייערע ווייסאַפּלען זענען דורכ־
געוועבט מיט טריבע אָדערלעך, ווי ווערעמלעך; אויגן פון אַ באַגראָבער.
די אויגן ווילן, דאַכט זיך, זיך אָנוואַרעמען ביים פייער פונעם אַכטער
לאָמפּ אויפן טיש.

דורכן צעשמעטן צײן־פּאַרקן אין זײן מויל שיטן זיך הײזעריקלע־
כע ערנסטע דיבורים, ווי זאַמד.
— זײן מירעלע, דאָס כלה־מײדל, איז דאָך ביי אים אַ בת־יחידה.
קײן ווײב האָט ער דאָך נישט, און וועט דאָך נישט האָבן. אַ ייד שוין אויף
דער עלטער דאָך. מירעלעס מאַמע איז דאָך בײ אים שוין דאָס דריטע
ווײב געווען. איז דאָך דאָס גאַנצע פאַרמעגן אירס דאָך! מירעלעס, אי־
בער הונדערט און צוואָנציק יאָר. פאַרשטייט זיך דאָך — ווער סע וועט זי
האָבן, מירעלען, וועט דאָך האָבן איר פאַרמעגן אויך.
חיים משה, וועלכער זיצט דאָ בײם טיש מיט דעם ערנסט פון אָפּגע־
מען א „סלוזשעבנעם"* ראַפּאָרט, דערפילט זיך שטײן אויפן ראַנד פון אַ
גאָלד־גרוב. ער דאַרף בלויז זיך אַ וואָרף טאָן אין איר, און ער ווערט גלײך
דורכגעווייקט מיט שמאַלץ... זײט מוחל — מיט גאָלד!
ער קוקט זיך ארום מיט פײערלעכע אויגן. דער מאַמעס שמישאָקעכ
זשאַריען, און פון אירע אויגן־לעכער, ווי פון לײכטער־רערלעך, קריכן אַרויס
גרינע פײער־שלענגלעך. אפילו דעם מאַמנס פנים האָט אַ קאַשטן־קאָלי־
רענעם גלאַנץ. ער דרייט שווער דעם זײטלדיקן קאָפּ אויפן קרומען געניק,
פון אים, חיים משהן, צו דער מאַמען, פון דער מאַמען צון אים, און פון
זיי בײדן צום שדכן, און צוריק. זיי, טאַטע־מאַמע, זענען אפּנים שוין
גרייט... ער אָבער, כאָטש דאָס האַרץ קלאַפּט בײ אים ווי בײ אַ זעלנער
בעת אַ „סמאָטר", פאַרשטײט ער דאָך, אַז לפנים דאַרף מען זיך איצט
אָפּהאַלטן. טאַטע־מאַמע זאָלן נאָר נישט אַרויס ראַפּטעם מיט קײן דיבו־
רים! און ער פאַרלויפט זײ נישט דרך־ארצדיק דעם וועג.
— מיר וועלן זיך איבערלײגן.
— המם...— לאָזט דער שדכן אַראָפּהענגען זײנע שמעקן־העגט פאַר־
חידושט און נישט־קאָנטעט.
— ס'איז דאָך נישט קײן ליאַדע געשעפט, רב מאַניע לײב, — רעדט
אַריין אין זײנע ברײט־צעעפנטע אויגן חיים משה — „סאָבסטווענאָ גאָ־
וואָריאַ"... נאָר וואָס איז דאָ דאָ צו חקרענען? „ווסיאָ ראַוונאָ", קומט
אַריין שבת בײטאָג. „בײנאַכט זענען אַלע געגנדז ווײס". „ניע טאַק לי"?
דער טאָג מאַכט קלאָר דעם שכל. „ניע טאַק לי"?
— טאַק, טאַק! — פּאַטאַקעוועט מאַניע לײב שדכן דרך־ארצדיק,
ווי ער וואָלט געזעסן פאַר אַ נאַטשאַלניק. סע זענען נאָך דאָ האָפּענונגען

* דינסטלעכן.

הייסט עס. און צוגויפגעמענדיק די „שטעקנס“, הייבט ער זיך ברעטערדיק
פון אָרט צו זאָגן אַ גוטע נאַכט.

ביז קומענדיקן שבת ביינאָג גלייט ער, חיים משה הונטמאַן. דאָס באַשליסן זיך: יאָ אָדער ניין? קומט אים אָן שווער. ווי פעסט ער איז שטענדיק אין זיין גאַנג צום ציל, איז ער היינט וואַקלדיק, משקולתדיק. דער גורם דערצו איז די „סלימיטאַ“ *, וואָס איז פאַרלאָפן מיט איר, מיט דער מדוברת. ווי לאַנג איז דאָס פון יענעם שמחת־תורה, ווען ער האָט זיך ווען דעם דערוווסט!... האָט ער אַליין באַדאַרפט עס נאָך צוע־קלאַפן דעמאָלט איבערן גאַנצן שטעטל!... כאָטיאַ ס'איז געווען „אַ סוד פאַר גאַנץ בראָד“, אָבער פאָרט אַ סוד. אַדאַנק אים איז עס אינגאַנצן אויס סוד געוואָרן! המם... אין איצט דאַרף זי ווערן זיין כלה! מאַ! דאָס איז נאָך אַ קלייניקייט — ווייסט מען! נאָר... יאָ, ס'איז אַ שאָד... פאַר־וואָס קומט עס אים? ער האָט נאָך דעם מעם אפילו ביי פאָניען נישט פאַר־זוכט. כאָטש שיקסעס זענען פאַר אים דרייצן מאָל אַ טאָג די כפרה גע־וואָרן. ער האָט זיך געהיט די ביינער. מע דאַרף שטענדיק געדענקען דאָס אָרט ווו מע געפינט זיך. מע טאָר קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווער און וואָס מע איז. מ'איז דאָך עפּעס אַ ייד!... המם... עסן פון קעסל, דאָס איז עפּעס אַנדעריש. ניי, האַלט זיך איין און עס נישט!... כשר קאָסט געלט! אָבער דאָס דאָזיקע — פאַרקערט. דערצו קאָן מען נאָך אַמאָל דערלייגן אויך... האָב צו טאָן מיט אַ גוי. האָט ער זיך איינגעהאַלטן און געטרייסט: מנא.. די צייט וועט קומען! ער וועט קריגן אַ יידיש מיידל. אַ כשר מיידל. זיי וועלן שטיין אונטער דער חופּה כדת משה וישראל... אין פריער נאָך וועט שוין ליגן אויסגעציילט דער נדן. מע וועט אים נאָך צוצאָלן דערפאַר... באַ! און איצט!...? גיי ווידער און זאָג זיך אָפּ פון אַזאַ שידוך. ווער קאָן צוזאָגן, אַז מאָרגן־איבערמאָרגן מאַכט זיך דיר אַ צווייטער אַזעלכער?... אַזוי... ווערט ער דאָך גלייך אַן אָנגעזועענער באַלעבאָס אין שטאָט! דאָס גרעסטע איינגעשעפט אין שטעטל!... און זי, מירל... זי איז נישט קיין אָרנטלעך מיידל, חלילה? אומגליקן קאָנען זיך דאָך מיט יעדן טרעפן... ס'איז אַ רחמנות אויף איר, צו וואָס זי אַזוי באַליידיקן?... און אַזוי איז זי דווקא נישט קיין מיאוס מיידל. אפילו אַ נידעריקע, אַ ביסל אַ דראָבנע,

* פאַסירונג.

אַ מאָגערע, אַ בלאַסלעכע... דאָס בלוט פאַרלוירן... פונדעסטוועגן... מ'האָט קיינמאָל נישט געהערט אין שטעטל זי זאָל קראַנק זיין, הלילה... א? מיט וויפל יאָר קאָן זי עלטער זיין פון אים? ער איז דעמלט אַלט געווען דרייצן יאָר, און די מעשה מיט איר איז געשען אין יאָר?... וואַרט, אַז ער וועט מיט איר התונה האָבן, וועט מען דאָס בלעטל פון פנקס אַרויסרייסן...

נאָכן התונה מאַכן די בת־יחידה זעט זיך נחום הערש דער געלער אַרום מיט פרוירעקע אויגן: ער איז מיאוס אַריינגעפאַלן! „אַן איידעם איז אַ שטיק שווער" — זאָגט דאָס יידישע ווערטל, און דאָ קומט אויס גאָר קאַפויער: ער, דער שווער, איז בסך־הכל נישט מער ווי אַ שטיקל פון זיין איידעם. דאָס איז דאָך גאָרנישט קיין קאַרגער מענטש (פאַר אַזעלכן האַלט מען אים אליין אויך), נאָר אַ הונט אַ קאַרגער! ווו איז אַהינגעקומען דער פריערדיקער פראַנט?!

גאָר גיך גיט אים דער „גן־איידעם" צו פילן, אַז נישט ער, דער שווער, איז דער באַלעבאָס אין שטוב און אין געשעפט, נאָר ער, דער איידעם. ער האָט שוין גאָר קיין צייט נישט מיט דער ירושה ביז ער וועט שטאַרבן (ער איז נאָך גאָרנישט אַזאַ אַלטער מאַן), און ירשנט אים לעבע־דיקערהייט. שוין!

סע קומט צווישן זיי צו בימערע סיכסוכים און קריגערייען, באַנעצט מיט בת־יחידישע טרערן.

— און אַז מ'איז קאַרג — טענהט דער שווער — דאַרף מען שוין גאָר קיין גרענעץ נישט וויסן? און די וועלט דאַרף שוין גאָר קיינעם נישט אָנגיין?

— ניין! — בייזערט זיך אָפּ דער איידעם — איך בין זיך אַליין מיין אייגענע וועלט!

און איינמאָל פאַרענדיקט זיך עס מיט אַזאַ סוף: דער איידעם איז מו־דיע דעם שווער:

— אויב עס געפעלט אים נישט, דעם עובר־בטל, איז...

— איז וואָס? — כאַפּט דער שווער אויף מיט חשיבותדיקן צאָרן — איז פאַרלאָזט דער „פעלדפעבל" הינטמאַן מיין שטוב? געזונטערהייט! ס'איז מיר און טויער אָפן!

— ניין! — שיסט אויס פון איידעמס פייערדיקן פרצוף אַרויס, און פון זיינע פלאַמענדיקע גרויע אויגן גיסט זיך ווילדער קאַצענער פייער:

גיין, שווער־לעבן! אייב „פּאַשאָל־וואָן!“, קומט דעם שווער די בכורה! ער איז עלטער... און די שטיב איז מיין שטוב, זאָל זיך עס דער שווער פאַרגע־דענקען!

וואָרן וואָס? ער האָט נישט קיין שכל געהאַט זיך צו באַוואָרענען? דער קאָפּ איז אים קראַנק געווען? אַליין איז ברוך־השם אויף זיין נאָמען אָפּגעשריבן ביים ראַיענט כדין־וכדת... ווען נישט, מירל (מישאָרט פּאָבערי! זי האָט ער הווקא ליב, ווי זי וואָלט גאָר דעם טאַטנס טאָכטער נישט געווען), וואָלט ער אים שיין לאַנג געגעבן דעם וועג מיט אַ פּאַטיש צוגעשלאָגן. פּטור! זאָל ער גיין אין קאָליִער מושב־זקנים אריין. נאָר אז זי הייבט אָן אומבאַהאָלפן, שטים, צו וויינען, הייבט זיך אָן ביי אים דאָס האַרץ צו קריצלען (מע זאָגט נאָר, אַז ער האָט אַ שטיינערן האַרץ!) ער מוז נאָכגעבן אַ ביסל. וואָס זאָל ער טאָן?

ביסלעכווייז שטעלט זיך איין צווישן זיי אַ פּשרה. פון זיך אַליין. מע גיט זיך איינאַנדער נאָך, און מע פאַרשווייגט זיך אָפּט. מע קוקט איינער אויפן אַנדערנס זינד מיט שנאה־בליקן, נאָר דורך די פינגער. מע פאַרשטעקט די צרות אין דעם רציחה־פאַרדרוס הינטער די טלית־קטנס... אַז די שטיב־היצאות זאָלן פאַרקלענערט ווערן, פירט אויס דער איידעם. אָבער אַז שטאָט זאָל וועגן דעם נישט דערגיין; אַז אויף שבת זאָל זעלטן כאָטש געגומען ווערן אַן אורח; אַז אַ נדבה, ווען סע גייט אַ לייטיש פאָרל וועגן נאָך אַ ווילטיקן עני, זאָל געגעבן ווערן נאָך נגידישלעך, — דאָס פירט אויס דער שווער מיט דער טאָכטערס הילף. שווער און איידעם מאַכן זיך דאָס בעל־כרחם צורעכט .

דער שווער טראַכט זיך: מילא, איז נישט קיין געציקערטע טיי; איז ברויט מיט אייל, אָנשטאָט חלה מיט פּומער; איז נישט... מילא, אַבי דעם שבת לאָזט ער נאָך פירן כמעט ווי אַמאָל. דער אורח וועט, חלילה, נישט האָבן וואָס צו דערציילן אין בית־המדרש הינטערן אויוון פאַר דער וועלט. פאַרקערט. נחום הערש איז נחום הערש! איי, גלייך ווי דער אורח גייט פרייטיק־צונאַכטס אַוועק, לעשט ער אויס, דער שבת־גוי, דעם הענג־לאָמפּ, סע זאָל ווייניקער נאַפט אַוועקגיין, — מילא, די לאָדנס זענען דעמאָלט שוין צוגעמאַכט. הערויף האָט ער דאָך אַליין גענומען אַ ניגש אויף זיך. אַ פעלדפעבל! אַ הונטמאַן!...

דער איידעם ווידער מאַכט אַ חשבון: מנא. (ס'איז גרינג צו זאָגן מנא! ס'איז שפיכת־דמים. נאָר וואָס קאָן מען טאָן, אַז מ'איז אין „סלוזש־בע“ ביי „פּאָניען“!) אייביק וועט ער, דער אַלטער, נישט אָפּן האַלטן זיינע

גרויסע אויגן... דערויף האָט ער דאָך געגומען אַ שווער פּאַר אַ שווער. המם... און צוריקגערעדט... אַזוי האָט ער אַ גוטן נאָמען, דער שווער, אַ נאָמען פון אַ ייִדן אַ נגיד, וואָס לאָזט זיך קאָסטן אַ גראָשן. ווען ער וועט אם־ירצה־השם צומאַכן אַן אויג, וועט מען עס מאַכן ביי חברה פּאַר קליינגעלט. אָבער ווען... וואָלט מען נאָך פון אים, פון חיים משהן, געקאָנט פּאָדערן אַ גאַנצע מאַמגיאַ! המם... אים וואָלט מען אפילו ווייניק וואָס אָפּ־געשראָקן. נישט געטראָפן דעם שוטה. וואָס? סע וועט אים קאָסטן דירה־געלט, אויב זיי וועלן דעם בר־מינן לאָזן ליגן עטלעכע טעג? נאָר זי וועט עס נישט איבערטראָגן, מירל. צי פאַרשטייט זי כאָטש וויפל ער מוט פאַר אירעטוועגן? נו, מוז מען דערווייל ליידן.

און זי קומט, די צייט, דער שווער מאַכט צו די אויגן. ער, דער איי־דעם, שליסט זיי אים צו. און ווי אַלעמאָל וויזט זיך אַרויס, אַז זיין „פּאָ־ליטיקע“, חיים משהס, איז געווען אַ ריכטיקע. סע קאָסט אים מאַקע דאָס גאַנצע געשעפט נישט קיין מן־יודע וויפל.

— וואָס הייסט? — דינגט ער אַראָפּ ביי דער חברה־קדישא ביז לעצט — ער האָט ווייניק געצאָלט פאַר זיין לעבן, דער שווער, עליו־השלום?! ער איז דאָך געווען אַ בעל־צדקה איבער זיינע כוחות. איכל אייך זאָגן דעם אמת: נישט איין מאָל האָב איך זיך מיט אים געאַמפּערט וועגן דעם — איבער די כוחות איז קיינער נישט מחויב... איז ווילט איר אים איצט אָפּצאָלן דערפאַר? גוט! וויפל יאָר איז ער דאָס געווען ביי אייך גבאי־ראשון?... דאָס הייסט דאָך ממש געשונדן! פון הינט שינדט מען די שקורע, אָבער נישט פון קיין מענטשן! פון קיין בר־מינן... „ני מאַק לי“?

...נישט קיין נאַרישער ייד געווען — טראַכט ער פאַר זיך אַליין — געפירט אַ ביסל אַ צו־ברייט לעבן, און פאַרט געשטאָרבן אַ גביר! ס'איז דאָ פאַר וועמען דרך־ארץ צו האָבן!... עד, ער האָט פון אים אַ היפּשן עול אַראָפּגענומען מיט זיין שטאַרבן, דער שווער, אַ ליכטיקן גן־עדן מעג ער האָבן!...

און ווען גאָט העלפט, מירל הייבט זיך אויף פון דער שבעה, און ער טראָגט איר צו מיט מיטגעפיל אירע נאָך קיינמאָל אַזוי נישט ליידיק גע־וועזענע טופליעס, אָנצוטאָן, שיטן זיך אים ווערטער פון מויל אַרויס, פון זיך אַליין, ווי קערנער פון אַ רייפן זאַנג:

— נו, אַ דאַנק גאָט, מירל! פון היינט אָן און ווייטער וועלן מיר שוין לעבן ווי מיר אַליין פאַרשטייען...

זי זאָגט אויף דעם גאָרנישט, מירל. זיפצט בלויז אָפּ. ס'איז נישט קלאָר, צי זיפצט זי אויפן אַלטנס טויט, צי אויפן נייעם לעבן, וואָס ס'וועט זיך איצט איינשטעלן... נאָר ער וויל איר נישט איבערפרעגן. סיי ווי הייסט עס, אַז זי איז מסכים צו זיינע ווערטער. אָבער ער באַווייזט נאָך נישט אינגאַנצן זיך אויסצודרייען אַוועקצוגיין, ווי פּלוצעם ברעכט זי אויס אַ געוויין. זי זיצט געבויגן אין דרייען, און אירע צוקנדיקע פינגער קאָנען נישט בייקומען די ישוכבענדלעך... זי איז אים אַ שאָד. אַ רחמנות אויף איר. ער האָט נישט איידל גערעדט. ס'איז דאָך איר טאַטע. און כדי זי צו טרייסטן און זיך אַנטשולדיקן, בייגט ער זיך איין איבער איר, גלעט זי מיט אַ ליבלעבן בליק און ברומט ווי אַ מורליקנדיקער קאָטער:

— וויין נישט, מירעלע! אַז ס'וועט באַשערט זיין, וועלן מיר, אפשר היינטיקס יאָר נאָך, האָבן אַ נאָמען נאָך דיין טאַטן, עליו השלום. וואָס?...

הונטמאַן פילט זיך ווי אַן אָקס, וואָס איז געפּרווט געוואָרן מיט אַ יאָך און איצט איז ער פון אים פריי. אויף זיין רויטן טאַרק קאָלטנט זיך אומגעשטערט אַ געל־אָפּגעבליאַקעוועטער פלאַקסענער מאָך: דאָס אָפּראַזירן אים קאָסט געלט. איצט שטערט אים דאָך נישט קיינער און גאָרנישט צו לעבן, ווי נאָר ער אַליין פאַרשטייט און וויל... זי? מירל? זי איז דאָך בלויז אַ טייל פון אים. צי דען איז זיך עמעצער מישב מיט זיין האַנט, וואָס ער האָט צו טאָן? זאָל ער זיך ראַזירן די באָרד, פּוצן זי, לאָזן זיך קאָסטן געלט, כדי איר, מירלען, צו געפעלן? שטותים! דאָס הייסט נישט, אַז זי גייט אים נישט אָן. אדרבא. ער האָט זי אַפילו זייער ליב. חשק האָט ער צו איר שטענדיק, אַבי נאָר פריי פון געשעפט און פון מחשבות וועגן געשעפט (דאָס מאַכט זיך זעלטן אפילו). נאָר גלאַט... ס'איז אַן איבעריקע זאַך, דאָס פּוצן זיך פאַר איר. זינט דער שווער איז געשטאָרבן איז זי נאָך צען מאָל מער צוגעלאָזענער צון אים. זי איז אים אַזוי פאָלגעוודיק, אַזוי אונטערטעניק, ווי אַ הון איר תרנגול... פילט זיך, הוכט זיך, שולדיק וואָס זי געבוירט אים נישט קיין קינד. נאַרישקייטן! וואָס איז זי שולדיק? ס'ווייזט אויס, אַז זי האָט דעמאָלט נישט נאָר די בתולים פאַרלוירן. קאָן שוין קיין מאַמע אויך נישט ווערן. מן־הסתם ווייסט ער דאָך וואָס ער זאָגט, דער דאָקטער. וואָס? זיי נעמען געלט אומזיסט, די דאָקטוירים?

ס'איז אַזוי אויך געגוג האַרצווייטיק: צו גרינג קומט זיי אָן דאָס קערבל... און ווי דען אַנדערש? ער איז שולדיק? וואָס? אַ שוואַכער מענטש איז ער? אַז ער האָט אַזוי גוט געטויגט פאַר פאַניען! ער איז, חלילה, נישט קיין מאַנספּאַרשוין? גאָר זי... נעבעך!

...און ווי ער וואָלט געוואָלט האָבן אַ קינד! ס'גייט אַוועק אַ יאָר נאָך אַ יאָר, און גאָרנישט! איר טאַטע וואַרט נאָך אַלץ אויף אַ נאָמען... מנא. דאָס איז אַ קלייניקייט. נאָר פאַר זיך אַליין כאָטש. אייגנטלעך — וואָס גייט עס אַזוי אין לעבן אַריין אַ קינד? אַ?... ס'איז נישט אַזוי קלאָר די זאַך. וואָס? סע טראָגט עפּעס איין? פאַרקערט. סע הייבט זיך דיר גלייך אָן אַ געשעפט מיט אַ ברית (אַ מיידל איז גלאַט גאָרנישט ווערט. גיי הייב אָן באַצייטנס זאָרגן וועגן אַ נדן פאַר עמעצנס וועגן!), מיט אַ לעקעך און בראָנפן, מיט אַ סעודה פון פיש און פלייש, מיט כלי־קודש (דאַרמאָיעד־ניקעס!), מיט גלאַט שלעפּערס, און מיט... נאָר מ'איז דאָך אַ מענטש. סע ליגט שוין אַזוי אָט־אָפּנים אין מענטשנס טבע. ער וויל האָבן וואָס מער אייגנס. און אַ קינד איז דאָך אַזאַ מין אייגנס, וואָס אייגענער קאָן שוין נישט זיין... המם. איז וואָס זשע קאָן ער דען טאָן אַז ער האָט נישט? דאָס קאָן מען דאָך פון זיך נישט אָפּשפּאָרן. און ווידער... נישט פאַר קינדער לעבט דאָך דער מענטש. דער עיקר לעבט מען פאַר זיך. פאַרפאַלן! מע מוז זיך דערפון מיאש זיין. די צרה איז גאָר, וואָס זי איז זיך נישט מיאש...

צוליב דעם ווערט ער צייטנווייז אַפילו בייז אויף איר. און איינמאָל מאַכט זיך: אין דער שטילקייט פון דער נאַכט, אין מיטן שטומעניש פון די ווענט, ווען זיינע אָנגעדראָלענע ליפּן זייגן זיך איין ווי גומע אין איר אַקסל, — טראָגט זי צו, שרעקעוודיק, ציטערנדיק און וויינענדיק, איר גרויסן צער צו דער קליינער טיר פון זיין האָריקן אויער:

— חיים משה! וויי, וויי! וועלן מיר שוין טאַקע קיינמאָל קיין קינד נישט האָבן? צו וואָס זשע?... צו וואָס זשע דאַרף מען דאָס אַלץ?... אפשר זאָל מען צו אַ גרויסן דאָקטער פאָרן? צו אַ פּראָפעסאָר?...

זיינע ליפּן ווערן ווייך, פאַרוויאַנעט, קלעפּן זיך אָפּ פון איר אויפגעשוויצטן לייב, און זי דערהערט אַ ברום פון אַ בייזן הונט, ביי וועלכן מע וויל אַ פּעטן ביין אַרויסרייסן:

— דאָס איז אַ געשעפט נאָר געלט צו פּטרן!

און זי בלייבט ליגן געקאָרטשעט אין דרייען, הכנעהדיק און שטום, ווי אַ געשלאָגן הינטל.

...יאָ. ער איז „פּאָלנער" האר ביי זיך אין דער היים. אין שטוב און אין קראָם. דער עיקר אין זיין לעבן איז די קראָם. וואָרן וואָס מישטיינס געזאָגט איז די שטוב? אן אָרט אויף איבערצישלאָפן בלויז (מירל!...) און אָפּצועסן (מיטאָג עסן זיי אין קראָם). שבתדיקער מעת־לעת גייט מיינסטנ־טייל אַוועק אין שלאָפן און גודנאָמע. ער קאָן נישט לעבן אָן אינטערעס, אָן אַ תכלית. די שטוב איז נישט קיין אָרט אויף תכלית־זאַכן. פּרנסה ווערט אין שטוב נישט געמאַכט. דער עיקר איז די קראָם מאַקע. אַ קראָם פון שטאָל און אייזן און פון זשאַווער (די סחורה אין קעלער זשאַווערט), און ער מיט זיין מיח און כוח פאַרוואַנדלט עס אין גאָלד... כע־כע־כע! די וועלט ווייסט אים נישט אָפּצושאַצן אפילו ווי ס'דאַרף צו זיין.

בעת ער הערט אַמאָל ווי מע שאַצט אים הינטער דער פּלייצע, באַ־קומט ער אן ערנסט פּנים, די גרויע אויגן ווערן שטאָליק, די אויסגעקוי־לעכיקטע באָרד, געדיכט און באַשאָטן מיט זשאַווער־שטויב, ווערט מונ־קעלער, אָבער אן אומבאַמערקט הויך־שמייכעלע קריכט אין איר אַריין ווי אַ גרין שפּיגעלע: אַ קרענק ווייסן זיי!...

הינטמאָן איז אין תוך אריין גליקלעך מיט זיין גאָלד. ער האָט בלויז ווייניק צייט צו באַקימען דאָס באַוווסטזיין וועגן זיין גליק, וואָרן:

...וואָס, אייגנטלעך פעלט אים? ער האָט געלט און איז פריי צו מאַכן נאָך געלט. יעדעס יאָר פאַרגרעסערט ברוך־השם דעם קאַפּיטאַל, וואָס ער האָט ליגן (אויסער אין סחורה) אויף פּראָצענט ביי סוחרים, פּריצים, מעשטשאַנעס און פּויערים. די קלענערע „קניפּלעך", וואָס ער באַהאַלט אויס אין שטוב, האַלטן אויך אין כסדרדיקן וואַקסן... אַ? וויפל ליגט אונ־טערן באַלקן? אַהאַ!... וויפל אונטער דער סטריכע? יאָ... פּינקטלעך. און אין שטאַל „אונטער דער קו" אין דער גרויסער פלאַש?...

...אָ, ווי מע באַדאַרף געלט אויסבאַהאַלטן! ווי מע באַדאַרף געלט פאַר־לייקענען! אַמאָל — גלאַט. עס הערן זיך גנבות, רויבערייען... מענטשן ווילן נישט פּראַצעווען. לעבן אויף יענעמס חשבון איז גרינגער. די הענט זאָלן זיי נאָר אָפּדאַרן!... אַמאָל ווידער — אָט זענען אָנגעקומען די אַומ־רואיקע צייטן. די מלחמה מיט יאַפּאָניע... מילא, גיין אין מלחמה אַריין — דאָס נישט. מע זאָגט אַפילו, אַז מע קאָן דאָרט נתעשר ווערן. אָבער...

קריכן מיט אַ געזונטן קאָפּ? נאָר געלט אויסגעבן אויף זיך צו באַפרייען, דאָס אויך נישט. דער ביליקסטער חסרון איז „אַן אויער". וואָס? מיר וועט נישט קאָנען אַריינלאָזן די עפּלעכע טראָפּנס?...

— שרעק זיך נישט, זאָג איך דיר!...

— וואָס ציטערסטו? וואָס פּלאָנטערסטו, וואָס וויינסטו?...

— איך וועל פון זינגען אַראָפּ, חיים משה! איך קאָן נישט!

— קאָנסטו! מו וואָס איך חיים! הערסטו!? — —

— כאַ-כאַ-כאַ! אים האָט דער חסרון אויסגעטראָגן צום ביליקסטן (ציימנווייז דערקומשעט עס אַפילו — קלייניקייטן!)... איז דאָך, דאַכט זיך, דאָס געלט וואָס דו פאַרמאָגסט דיין אייגן לייב, דיין בלוט? קומען זיי, די סאָציאַליסטן, די רעוואָלוציאָנערן, און...

דאָס איז אַן ענין וואָס שטעקט הונטמאַנען, ווי אַ מעסער, טיף אין דער לעבער. און שבת אין בית-המדרש זאָגט ער אַפילו אַרוים זיין מיי- נונג.

— אָבער הערט, איך בעט אייך, וואָס מענטשן קאָנען זאָגן! אויב זיי זענען בכלל מענטשן. גיכער זענען דאָס „מַאַלאָקאָסאָסן", וואָס האָבן קיינמאָל נישט געפּרוווט קיין צעבראָכענעם דרייער צו פאַרדינען. האָבן נאָך אוודאי אַפילו פאָגיען נישט אָפּגעדינט. סע ווילט זיך זיי נישט גיין אין מלחמה אַריין — געפעלט זיי נישט דער קיסר! גיב זיי אַן אַנדערן! מוינעניכטסטן אזעלכע! קראַנק צו מאַכן זיך אַ חסרון, און זיצנבלייבן אין דער היים?... מע דאַרף נעמען, זאָגן זיי, נישט מיר, נישט דיר, דאָס גאַנ- צע געלט פון דער מדינה און צעטיילן עס צווישן אַלע מענטשן גלייך. אַ גלייבער שכל מאַקע: מיינס, דיינס, שותּפותדיקס!... אַז זיי האָבן גאָר- נישט אין געשעפט אַריינגעלייגט... נאָך ערגער זענען די אַנאַרכיסטן. ביי זיי איז — איינס, צוויי! — אָדער דאָס געלט, אָדער די נשמה! — נו, זיי אַ בריה און קלייב אויס! פונקט ווי ביידע זאַכן וואָלטן נישט געווען בילכער.... גיב זיי! זיי האָבן אַ יסך צו דיר אין געשעפט אַריינגעלייגט! איי, איך האָב געפּרווירן אום ווינטער אין די גרעבטע פרעסט? די פרענטעס אייזן האָבן מיר די הויט אָפּגעבריט? איך האָב זיך נאָכגעשלעפּט די פורן אייזן אום זומער אין בריענדיקן זאַמד מיט באָרוועסע פיס? (אַ שאָד געו- ווען די שמיוולו!), די גליענדיקע זון האָט „געפּאַליעט" און מיט געדעלעך אין מוח געשטאָכן? (געזשאַלעוועט דאָס הימל זאָל נישט אָפּבליאַקעווען!), איך און מיין ווייב האָבן מיר געשמירט דאָס ברויט מיט אייל, און דאָס שמיקל פומער פאַרקויפט? און צוליב וואָס? כדי אָפּצושפּאָרן אַ רובל...

דאָס אַלץ ווילן זיי נישט וויסן, די מערדער! האָסט — גיב זיי אוועק! זיי זענען גרייט צו נעמען... המט....

ער האקט איבער די רייד: צי האָט ער נישט אַמאָל צופיל זיך צעדעדט? זיי קאָנען נאָך מיינען, און ער פאַררופט זיך:

— נאָר „סאָבסטווענאָ נאָוואָריאַ“ — — קאָפּ זיי און וואנט! וואָס גייט עס מיך אָן! וואָס צו געבן האָב איך נישט, אלא נעמען?... כא־כא־כא, מהיכא־תיתי, בימט!...

אין נעדאַנק פאַרענדיקט ער שוין פאַר זיך: גוט נאָר וואָס מע ווינט נישט אין דער גרויסער שטאָט. דאָרטן קערן זיך דאָך וועלטן. און דאָ איז איך גלייבער נישט איפּצוריייסן לייטנס אויגן און מיילער. וואָס ווייניקער שטיין אָפּגעדעקט פאַר פרעמדע אויגן, פרעמדע אויגן זענען שטענדיק שינאים פון דיינע קעשענעס... מע זאָגט אפילו — זיי זענען שוין הי איך דאָ... וואָלציע קאָוואל און הערש מרדכי „די קילע“ זענען ביי זיי די קנאַקערס.... וואָזשנע לייט!...

— וואָרן וואָס מיינ דען נישט, חלילה, אַז מע גייט אין שטיוול אָן קאַלאָשן? מילא פאַר איר מוז ער מאַכן אַן אויסנאַם: זי איז אַן איידעלע, אַ שוואַכע אין... וויהין גייט זי דאָס דען אַזוי פיל? אי זי וואַרפט זיך נישט מיט זיי קיינעם אין די אויגן, אי ס'איז סוף־כל־סוף בלויז אַן איינמאָליקע היצאה — הי פאַר וועט איר אוודאי געננג זיין: כל־זמן זי וועט לעבן. נישט אַזוי?... אָבער ער? וואָס מער דער קבצן וועט אויף אים ליגן פון דרויסן, אַלץ מער גביר וועט ער זיין אין תוך אריין. און די צייטן זענען אַזעלכע אומרואיקע: רעוואָלוציאָנען, פאָגראָמטשיקעס, אַנאַרכיסטן.

מירל שאָקלט שטיל צו צו זיינע רייד.

...וואָרן וואָס? זי פארשטייט עס אַליין אויך זייער גוט. זי איז נאָר נישט אַזוי מאַמעוואַטע ווי סע קאָן זיך ציינגוויז אויסדוכטן.... מע לעבט עפּעס פאַר יענעם? מע לעבט פאַר זיך! אבי מ'איז נאָר ביי זיך אין הארצן צופרידן מיט זיך אַליין, און דאָס בארע קערבל ווייסט מען וואַקסט, איז וואָס דאַרף מען נאָך?... אַוודאי וואָלט מאַמע־מאַמע נחת האָבן, ווען זיי וואָלטן וויסן ווי עס האַלט ביי אים אין דער אמתן, נאָר וואָס קאָן ער דערצו העלפן? אויך פאַר זיי מוז מען זיך האַלטן אין שאָטן.

פון שבת צו שבת קומט צו אים אין שטוב די מאַמע. זי זיפצט און קרעכצט אָן וועריטער (כדי מיט דער שנור נישט איינצורייסן), וואָס קיין קינד איז נאָך אַלץ נישטאָ, און שוין מיט ווערטער, וואָס:

— און אַ חוץ „אַלעמען" — דאָס מזל מ'שטיינסנעזאָגט! אַז אַפילו קיין פיש אויף שבת פאַרגינען זיך נישט די קינדער! מע קומט אָפּ מיט אַ הערינג, קומט מען געבעד אָפּ!

— כאָטש די שטאָט רעדט — דאָס מויל זאָל זיך איר נאָר שטעלן אויף אַ זייט — ער איז גאָר אַ גביר, איר זון, נאָר זי זעט דאָך!

מאַכט זיך, ס'טוט אים אַמאָל אַ צי דאָס האַרץ, הונטמאַנען, צו־צוגיין צו איר, צו דער מאַמען (פאַרט אַ מאַמע) און איר איינרוימען אין אויער: — נישט געזאָרגט, מאַמע, ס'איז גאָרנישט אַזוי שלעכט: דיין זון, מאַמע, איז אַ גביר, ברוך השם! אַ גרעסערער גביר פון די וואָס קויפן די שענסטע העכט אויף שבת...

נאָר גיי טו עפּס! מע דאַרף שטרענג לאָזן פירן זיך פונעם שכל, ווי אַ פערד פאַר די לייצעס. אַפילו אין אייגענע מאַמע קאָן אַ שונא ווערן, ווען מען איז אַ גביר... זי וואָלט אַ בעט געטאָן עפּעס געלט, דאָס מעלשענקעריי צו דערכאַפּן; זי קלאָגט זיך לעצטנס... הער מאַמע איז נישט געזונט. הוסט אַרויס פון זיך דאָס לייב־און־לעבן. מע וואָלט געדאַרפט מיט אים צון אַ דאָקטער צופאָרן. קיין אָמוואָצק אפשר.... יאָ. סע וואָלט זיך גלייך אָנגע־הויבן די סדרה „גיב געלט!".

און וואָס ווייטער אַלץ פאָרזיכטיקער מוז מען זיין: דאָס געלט וואַקסט דאָך מיטן לויף פון די יאָרן... אָ, ווי פאָרזיכטיק מוז מען זיין! וואָרן אַנישט... און אָט איז דאָך די בעסטע ראיה:

— — — דער טאַטע, איציע בער „קשה־עורף", שטאַמלט אַרויס די לעצטע ווערטער: — מיין האַרץ!... מיין הערצל! הערצל! — טוט אַ לעצטן זיפץ און ציט זיך אויס. — — — —

— מע זאָגט, אַז דו ביסט אין אָנגעשטאָפּטער גביר, חיים משה — זאָגט אַ חברה־קדישא־פאָרשטייער.

אָבער ער מענהט זיך זיינס קורץ און שאַרף:

— מע זאָגט?.... מאַלע וואָס! מ'האָט געזען מיין עשירות? כ'האָב נישט!

— דיין טאַטן האָט מען גערופן „קשה־עורף", ער זאָל מוחל זיין, אָבער ער איז געווען אַ ווילער ייד, ער זאָל זיין פאַר אונדז אַ מליץ. דער אמתער קשה־עורף ביסטו, חיים משה! טו נישט אָן אַזאַ בזיון דעם מת... וואָס ווילסטו? מע זאָל דיך טאַקע רופן?....

— רופט! רופט הונטמאַן! רופט וויפל אייער האַרץ גלוסט! איך וועל

פון מיין הויט קיין אָביגנאַציעס נישט מאַכן. איר ווילט שינדן די הויט — שינדט! — — —

און אַז ־ער מאַטע ליגט אַפּ א גאַנצן מעת־לעת, האָבן זיי א ברירה? פאַר א קלייניקייט מוזן זיי אים סוף־כל־סוף זיין רעכט.

...אָבער ווען זיי וואָלטן געוועזן געוווסט אין תוך, חלילה?!

„גיע מאַק לי‟?

אין איינעם אַ גאָך פּסחדיקן פרימאָרגן ווערט דאָס שטעטל צעווינט פון צוויי איבער־אינגדיקע נייעסן פאַראַמאָל: עטלעכע גבירים אדירים פון דער קרייז־שטאָט, יידן וואָס גייען אַ גאַנצע וואָך שבתדיק אָנגעטאָן, ריי־בערן שמעקעדיקע ציגאַרן, און ס'בלישטשען פון זיי אַראָפּ גאָלדענע זיי־גער־קייטן איף זילבער־ און גאָלד־געשטרייפטע וועסטן איבער הויכע פּעכל־בייכלעך — זענען צוגעטרעטן און שותפות איינצומוייערן דאָ הי אַ גאָר וואַזשנע פאַראָווע מיל! צוליב דער נייער באַן־ליניע איז דאָ אַ גוטער פּינקט.

דאָס איז נומער איינס. און נומער צוויי :

— אָבער הערט נאָר, הערט! צו זיי איז צוגעטרעטן פאַר אַ שותף — אַנו, טרעפט אדרבא ווער?!.... — אונדזער הונטמאַן! חיים משה הונט־מאַן!

קלינגלט זיך אַ משכילישער בית־מדרש בחור:

— דאָס פאַרבאַהאַלטענע צדקות פון אַ פאַרבאָרגענעם גוטן־יידן ווי דאָס עשירות פון אַ פאַרבאָרגענעם גביר אַ דבר־אחר מוזן צום סוף פון אַלע סופן נתגלה ווערן.

אָבער הונטמאַן מאַכט ווייטער דעם אָנשטעל פון אַ קבצן, געבער. ער לייקנט שטיין און ביין:

— וואָס? ער אַ שותף? ווי קומט עס צו אים אפילו אין חלום? כאַ־כאַ־כאַ! נישטאָ ווער ס'זאָל לאַכן. זיי האָבן אים צוגענומען פאַר אַ „מענטשן‟ האָבן זיי אים, ער זאָל „אַכטיק‟ געבן איף די אַרבעטער...

— אָט זעט מען דאָך. איך אַליין אַרבעט ביי די שוואַרצסטע אַר־בעטן, ווי יעדער אַנדערער „משאָרני־ראַבאָטשי‟... וואָס זאָל מען טאָן? אַז די צייטן זענען שלעכטע, און די קראָם קראָמט זיך אויס פון וואָך צו

וואָר! אַז מע לעבט פון דעם באָרן קערבל! אַ קוואַל שעפּט זיך דאָך אויך אויס. „גיט טאַק לי"?

קיין שקר איז דאָס נישט, דאָס וואָס ער זאָגט וועגן זיין שוואַרצער אַרבעט ביי דער מיל. דאָס איז טאַקע אַ באַזונדער ענין פאַרן שטעטל צום שמועסן:

— קוקסט אים אָן ביי דער אַרבעט, הונטמאַנען, און דו דערקאָנסט אים נישט. אַ קאַצאַפּ ווי אַלע קאַצאַפּעס!

— צווישן אַלע אַרבעטער איין ייד (אַ היינטיקער יידישער גביר וויל קיין יידישן אַרבעטער נישט געבן צו פאַרדינען), און זעט אויך ווי קיין ייד נישט אויס.

— דער רוח ווייסט אים מיט זיינע שותפים און מיט אַלע גבירים אין איינעם! אַזאַן איינפאַל!...

און אַפילו אַ יאָר שפּעטער, ווען די מיל שטייט שוין מיט אַ פאַרדי־סענעם קאָפּ איבערן שטעטל, ווינקט זיך איבער מיט די קלויסטער־שפּיצן, דער זאַמט פון איר קעסל האַלט אין איין צעטרייסלען די שטעטל־שטילקייט, און איר פייף קאָנקורירט מיטן ווייטן פייף פון דער באַן, — אַפילו דע־מאָלסט איז אויך נישט צו דערקענען, אַז הונטמאַן איז איינער פון אירע חשובע באַלעבאַטים. ער אַרבעט אין איר ווי אַ פּראָסטער מילנער. שטענ־דיק איינגעמעליקט פון קאָפּ ביז די פיס, זעט ער אויס ווי אַן אומגעלומ־פּערט גרויסער זאַק מעל. גאָרנישט ווי קיין מענטש. און אויך נישט אפילו ווי קיין גביר, אַ שותף פון אַ גרויסער דאַמף־מיל.

— איך קאָן דיר גאָרנישט העלפן — ענטפערט ער איינמאָל דער מאַמען — איך בין דאָ בלויז אַ געדונגענער. אַן אַרבעטער. באָרגן קאָן גאָר דער קאַנטאָר... וואָס? וועסטו נישט איבערטרעטן די שוועל פון מיין שטוב?... איז נישט געפידלט!...

הונטמאַן איז איצטער נאָך מער אָפּגעריסן פון דער וועלט. ער איז מער ווי שטענדיק מיט זיך אַליין. אַליין מיט דער מיל. די צייט ווערט פּאַר זיינע אייגן צעמאָלן. שעהען, טעג, מעת־לעתן און חדשים ציען זיך אַוועק מיט לויפנדיקע, טאַנצנדיקע פּאַסן ערגעץ אין דער אייביקייט אַריין... סע פאַרשווינדן יאָרן. גוטע יאָרן, אָנגעפילט מיט האָרעוואַניע און פרוכט פון האָרעוואַניע. מעל פאַרוואַנדלט זיך אין גאָלד. סע שיט זיך, סע שיט זיך דער גאָלדענער שטויב, און סע האַלט זיך אין איין אָנזאַמלען ביי אים גאָלדענע פינגערלעך, פעריאַלן, אַסיגנאַציעס.

הונגטמאַנס כוחות, נישט נאָר זיי ווערן נישט געמינערט פאַר די דאָ־
זיקע גוטע יאָרן, נאָר אדרבא זיי נעמען נאָך צו אין זייער שטייפקייט. ער
ווערט געהאַרטעוועט. פון די מיחושים, וואָס הייבן זיך אָן באַווייזן אין
די דאָזיקע יאָרן, ווי די ערשטע קראָען, וואָס קראַקען־אָן דעם טויט, ווייסט
ער נישט צו זאָגן. אַך! וואָלט עס נאָר מיט איר, מיטן ווייב, מיט מירלען,
אַזוי געווען!

איך מירלען האָט שוין די זקנה אַ יויג געטאָן איר זיפ. אירע האָר
אונטערן שייטל זענען מיט אַ ווייסן מעל־שטויב באַדעקט. איר לייב איז
הילצעריק־טאָביק געוואָרן. סע האָט שוין מער קיין זאַפט אין קיין טעם
נישט. ווי „פילטשטשענער" רעטער. און הונגטמאַנען, דעם מאַנצביל אין פו־
לער קראַפט, ווערט סוף־כל־סוף קלאָר הער טעראַנק, אַ נעראַנק וואָס זיין
ערשטער אויפקום רופט אַרויס אַ שרעק ממש, אַז — ער איז דאָך אָן
אַ ווייב געבליבן! און ס'איז נישט נאָר דאָס. עפּעס ערגערס נאָך: זי קען
שוין נישט באַווייזן צו פירן סיי די ווירטשאַפט אין שטוב און סיי דעם
משא־ומתן אין קראָם. און ס'איז דאָך עפּעס אַ געשעפט! ווי לאָזט מען
עס אָפּ?

נו, גייט ברעכט אייזן, און ברעכט אויך הונגטמאַנען אַמאָל. ער באַ־
שליסט און פירט אויס דעם שווערן באַשלוס: נעמט אַ דינסט, אַ דאָרפי־
שע שיקסע, אין שטוב אַריין.

...יאָ, מירלען האָט ער אוודאי אַ גרויסע טובה געטאָן מיט הער שיק־
סע. ער האָט איר פאַרטאָמאָל אַ גאַנצן יאָר פון קאָפּ אַראָפּגענומען. צי האָט
ער אָבער גוט געטאָן אויך פאַר זיך? פאַר דער קעשענע? ס'קאָסט באַרעם
געלט, און ווו איז נאָך אַ פאַרשוין עסן?! ס'איז אַ שיקסע מיט אַ פּאָר
רויטע פּלוסעס. זי עסט פאַר אַנדערע צוויי שקצים.

אַזוי. זייער אָפט טראַכט ער, הונגטמאַן, וועגן דעם היזק וואָס ער האָט
מחמת דער שיקסע... צי וואָלט נישט מעגלעך געווען דעם היזק ווי עס איז
זיך אויסצושלאָגן? אַ שיקסע איז דאָך נישט קיין ווייב, און זי זאָל אַזוי
פיל אויסברענגען?! ער! האָט ער אַ ווייב, איז זי נישט קיין שיקסע. האָט
ער אַ שיקסע, איז זי נישט קיין ווייב... המם...

ער טראַכט אַ סך וועגן דעם ענין, און מיט דער צייט הייבט ער זיך אָן כאַפּן פאַר דער האַנט, אַז מער ווי ער טראַכט וועגן דעם היזק צוליב דער שיקסע, טראַכט ער וועגן דער שיקסע אַליין...

— ער! „פּוסטיאַקי" — רייסט ער זיך אַוועק פון די גערדאַנקען.

גישט מער, אייגמאָל, אין אַ ווינטערדיקן שטוביק-הייסן פרייטיק-צו-נאַכטס, כאַפּט ער זיך, שוין נישט פאַר דער האַנט, נאָר פאַרן קאָפּ: ווייַ צו אים! ער איז דאָך, גייענדיק אין קיך אַריין נאָך אַ טרונק וואַסער מיט פלוימען-יויך, ממש פאַרקראָכן צו איר אין בעט אַריין, צו דער שיקסע! און אַוועקגיין מיט דעם וואָס ער איז געקומען קאָן ער נישט. בפרט, אַז זי ווערט זיך נישט. ליגט ווי אַ געפּענטעטע שאָף און וואַרט — — —

...ס'איז אַ צרה! — טראַכט הונטמאַן אין די וואָכעדיקע טעג, ווען גאַנץ אָפּט בלייבט ער איבערנעכטיקן אין קאַנטאָר — ס'איז גישט פאַר אַ יידן און זיינע יאָרן... דאָרט, ביי פאָניען, האָט ער זיך יאָ געקאָנט איינהאַלטן, און דאָ — נישט! און מאָמער דערוויסט זיך וועגן דעם די וועלט? (ער האָט זי אין דר'עהרד!). און טאָמער זי? מירל? (ליב האָט ער דאָך זי. נישט די שיקסע; אַז הלוואי וואָלט איר דער שוואַרץ-יאָר געוווען אונטערגעהאַקט די גראָבע פיס, דער שיקסע, אייידער ס'האָט איר צון אים אין שטוב אָנגעטראָגן!). און טאָמער!!! וועט עס נאָך אַמאָל דאַרפן קאָסטן געלט, וחלילה. מען דאַרף זי פטור ווערן... — יאָ, ער טראַכט אַזוי.

אָבער מחשבות פאַרבלייבן אָפט בלויז מחשבות. בפרט ווען זיי זענען גוטע. הונטמאַנען דערלאָזט נישט דאָס האַרץ „אַליין אָפּצושניידן פון זיך אַזאַ געזונטן אבר".

ער וועט שוין אָן איר נישט קאָנען אויסקומען. פאַרפאַלן! מ'איז נאָר אַ מענטש.

און משבת לשבת קריכט ער צו דער שיקסע.

...מירל איז קראַנק און פאַרהאָרעוועט — טראַכט ער — אַפילו ווען זי שלאָפט נישט, ליגט זי אויך ווי אין הינער-פּלעט. זי שפּירט נישט גאָר-נישט.

ער גליטשט זיך אַרויס פון זיין בעט, גייט צו אויף די שפּיץ פינגער צו אירן. בייגט זיך איבער איר פּנים און פאָרשט מיט אויגן, וואָס ברענען באַצייטנס פון תאווה צו דער שיקסע, איר הילצערן פאַרגליווערטקייט, מירלס:

— ניין. זי שפּירט נישט. זיכער.

אויגן, וואָס מער זיי פלאַקערן פון תאווה, אַלץ בלינדער זענען זיי.

איך זיינע אויגן, הינטמאַנס, דערזעען שלעכט. מירל שלאָפט, דאַכט זיך, נאָר סע וואַכט איר האַרץ. זי שפּירט, אַז הייבט אָן פאַרשטיין. אַז מיט־אַמאָל ווערט איר קלאָר דער בראָך, וואָס איר איז געשען ווער ווייסט פון ווען אָן! אָבער מירל איז אַ שטילער מענטש און אַן אונטערטעניקע פרוי. מיט פאַרקוועטשטע אויגן און איינגעהאַלטענעם ציטער אונטער דער הויט באַהאַלט זי אַלץ, וואָס ווילט זיך איר שרייען: „איר האַרץ וועט בלייבן פאַר איר אַ קבר". זי שווייגט.

הינטמאַן ווערט אַזוי אומבאַזאָרגט, אַז ער הערט שוין גאָר אויף זיך ציציקען, צי זי שלאָפט, אָדער איז וואַך. ער הערט אינגאַנצן אויף זי צו זען. אפילו בעת ער דערציילט איר שבת ביים טיש וועגן דער אַרבעט און די געשעפטן פון דער פאַרגאַנגענער וואָך, זעט ער אויך ניט זי. זי איז בלויז ווי אַ נעפּל פון מעל־שטויב, וועלכן ער שיינט זיך דורך די שיקסע, נאַסטיע.

...סע איז זיך מיט איר גאָרנישט אָנצוזעטיקן, מיט נאַסטיען! דאָס גלוסטן צון איר ליגט בסדר ווי אַ זיסע שטאַכעטינג אין זיינע ביינער. זי, מירל, איז גאָר קיינמאָל ניט געווען אָט דאָס־אָ...

ער האָט פאַרשטויבטע אויגן, הינטמאַן, ווען סע הענגט פאַר זיי מירלס פּנים. סע הענגט פאַר אים ווי אַ פלעק. ער באַמערקט ניט, ווי עס ווערט אַלץ ביינעריקער, קלענער, און אירע אויגן — פיבערדיקער, גרעסער. איר האַרץ איז טאַקע אַ קבר, ווי זי האָט עס זיך געזאָגט אין דער נאַכט, בעת זי האָט צום ערשטן מאָל דערפילט איר בראָך. דער קבר ווערט צעפּילט און צעלעכערט פון ווערעם, ביז ער בלייבט שוין אַזוי אָפן, אַז דער מת אין אים ליגט אָפּגעדעקט פאַר פרעמדע לייטס אויגן. ער האַלט זיך שוין מער ניט, דער פּיינלעכער סוד, אין האַרצן. נאָר זי רעדט זיך אים ניט אַראָפּ פאַרטרויליך מיט אַ ציטעריקן פירהאַלט חיים משהן, דעם מאַן, נאָר זי שרייט אים פּלוצעם אויס אין דער נאָרער וועלט אַריין —

דאָס געשעט איינמאָל אין אַ ווינטער־נאַכט, ווען דער מאַן איז ביי איר אין אַ „נאָווינע" צו נאַכט. אַ ניט־צופרידנגעשטעלטער נאַכט, וואָס איז היילע ברוגז. ער מיינט, אַז זי איז שוין איינגעשלאָפן. זיינע פיס הענגען שוין אַראָפּ פון בעט־פאָרענטש, זיין גוף רוקט זיך אַוועק פון איר הינטער־ווילעכטס, און זיינע אויגן און דעם צו איר אויסגעדרייטן פּנים, צוויי שטירקאצן, ברענען פאַרשנדיק אירע איינגעדינקלער. זיין סאַפּנדיקער אָטעם — דער ברום פון אַ צערייצטן הינט... דער הונט וויל זי איינבייסן און... זי טוט היילע שרעק אַ שוידער אַוועק צו דער וואַנט.

— גוואַ־אַ־אַלט!!!

הונטמאַנען ליפּט אַדורך אַ פּרעסטל, אַ שאַרפס און שנײַדנדיקס, דורכן געביין. עס גליווערט אין אים בלוט־און־מאַרך. און ער טוט זיך אַ כאַפּ צוריק אין בעט אַרײַן, אַרומכאַפּנדיק זי, מירלען:

— וואָס איז דיר, מירל? וואָס איז דיר געשען?

אָבער זי קוקט אויף אים אין דער טונקלקייט פון צימער מיט איבער־געקערטע אויגן, מיט גלעזערנע טריבע ווייסאַפּלען. זי פּרעפּלט עפּעס, נאָר די ווערטער זענען אויסגעהוילט פון קלאַנג, דערגרייכן נישט צום געהער. איר אונטערשטע ליפּ הענגט אַראָפּ, ווי אַ שמיקל שאַרע לייקע, און צוקט אומבאַהאָלפן. ער פּאַרלירט זיך אינגאַנצן און הייבט אָן שוידערן. זיי שוי־דערן בײדע צוזאַמען... פּלוצעם — סע שטייט איבער זיי די שיקסע, נאָס־טיע, אין איין העמד, אויפגעפּלאָשעט פון שרעק, איבער אירע פּאַרבראָ־בענע הענט — די ברוסטן, ווי ווייסע אומשולדיקע שאָף:

— יעזוס איינציקער! וואָס איז דער „כאָזיאַיושקע“ געשען? אפשר דעם פעלדש?...

— פּאַשאָל וואָן! — רײַסט איר איבער אינמיטן וואָרט דעם „כאָ־זיאַיענס“ רציחהדיקע שטים.

אַ געבײַלטע פויסט טוט אַ שימער צווישן אירע אויגן. זי בלײַבט אָבער הענגען פּאַרגליווערט איבערן בלייערנעם צלמל וואָס צווישן אירע ברוסטן. זי צוקט פון פּלוצלינגדיקער תאווה, די פויסט, און קענען זײַן ווילן צעעפּנט זי זיך אין אַ דלאָניע מיט צעשפּרייטע און קאָנוולסיווע פינגער... אָט וועלן זיי זיך, ווי קראַלן, מיט שנאה און תאווהדיקער ליבע אין די ברוסטן אַרײַנגעגלען: — נאַ־אַס־טיאַ!...

אַ בליציקער גרינער בליק האַלט אים אָפּ. און באַלד האָט ער דאָס געפיל ווי געקריגן צוויי פּלעם איבער די אויערן, כאָטש דאָס זענען נישט מער ווי צוויי שטילע ווערטער דורכגעזאָפּט מיט פּאַרמשפּטנדיקן פיר־האַלט:

— כאָזיאַיען וויגאָוואַט...

סע דאַכט זיך — סע איז איר, חלילה, קיין בייז נישט, מירלען. בלויז דאָס, וואָס זי שווייגט כסדר עפּעס נישט נאַטירלעך. אָבער ווען חיים

משה איז נישטאָ אין שטוב, רעדט זי יאָ. שעפּטשעט שטיל און אומעטיק צו זיך אַליין.

גאַסטיע זעט און הערט עס. אָבער זי וועט נאָרנישט דערציילן דעם „כאָזיאַיען" וועגן דעם. זי וועט אים קיין עגמת־נפש נישט אָנטאָן. פון יענעם בייגאַכט אָן איז ער צו איר אַזוי גוט געוואָרן, ברענגט איר מתנות: סיטץ אויף אַ קליידל, פּאַטשעשערקעס, און פון לעצטן יאַריד האָט ער איר אפילו אַ שמעקעדיק זייפל געבראַכט! סע זאָל שמעקן פון איר. זונטיק ווען אירע חברטעס קומען אין שטאָט אַריין, זענען זיי איר מקנא. זיי, די שקצים, וויצלען זיך אפילו איבער איר, קריכן מיט די נעז אונטער אירע פּאַכוועס, און כאַ־כאַ־כאַ־קען: — גאַסטיאַ, עס שטינקט שוין פון דיר מיט שטאָט!... אָבער סע זאָל איר אָנהייבן אַרן!... זי ווייסט גוט, אַז זיי האָבן פּאַר איר דעם בראָך. פון בייזקייט וועגן זאָגן זיי דאָס, ווייל זי לאָזט זיי נישט צו צו זיך. דער „כאָזיאַיען" איז איר בילכער. אַ „בענדלדיקער" איז ער געווען, אָט וואָס! זעלנער האָבן פּאַר אים געציטערט. אָך! די מעשיות וואָס ער דערציילט זיך אַליין אָן פון דער „סלוזשבע"! און ווי ער רעדט דאָס מאָסקווימעריש!... זי? די „כאָזיאַיקע"?... אַ שאָד איר! אַ שאָד! זי איז שטענדיק אַזאַ שטילע און גוטע געווען. קיינמאָל נישט שטרענג, און איצט... דאַכט זיך, אויב זי איז נישט אויסן זינען?!

מיט דער צייט הערט מירל אויף צו שאַפן זיך מיט דער דינסט, ווי זי וואָלט מורא האָבן פּאַר איר. און איינמאָל, ווען הונטמאַן איז נישטאָ אין שטוב, טוט זי זיך פּלוצעם אַ ווענד צו איר:

— „כאָזיאַיושקאַ", פאַרוואָס גיסטו מיר נישט עפּעס אַרבעט? איך קאָסט דאָך געלט דעם „כאָזיאַיען"!

גאַסטיען טוט אַ שניט אין האַרץ, און סע שטעלן זיך איר טרערן אין די אויגן. זי פאַרשטייט מיט איר פּשוטן האַרץ דער באַלעבאָסטעס טיפן מיין....

— „כאָזיאַיושקע" טייערע, פאַרוואָס רעדסטו אַזוי צו מיר, צו דער דינסט?

— „כאָזיאַיושקאַ" — שטאַמלט צו איר ווייטער די באַלעבאָסטע.

— „כאָזיאַיושקע"! טייערינקע טייבל מיינע! רוף מיך נישט אַזוי, דאָס האַרץ צערייסט זיך מיר דערפון. זאָג בעסער דעם „כאָזיאַיען" ער זאָל מיר פון דער שטעל אָפּזאָגן... מיינסט מיר איז גרינג אַזוי־אָ... צוזעען דיין פּיין... איך וועל אַן אַנדער שטעל קריגן...

— ניין! ניין! — דערשרעקט זיך די באַלעבאָסטע. און שטיל, נאָר אײַנגעשפּאַרט — אָן דיר וועט דעם „כּאָזיאַיען“ שלעכט זיין. ער דאַרף האָבן אַ ווייב... און איך? — אַ שלעכטע דינסט בין איך...

נאָסטיע העשעט. זי וועט עס דערציילן דעם „כּאָזיאַיען“. זאָל ער מאָן ווי ער פאַרשטייט.

הונטמאַן מאַכט אַ סוף מיט דער אייזנקראָם... דאָס ווייב זיינס, מירל, איז עפּעס כּסדר נישט מיט אַלעמען. אַ שוואַכע פרוי. כאָטש ס'איז אַ גרויסער שאָדן, די קראָם הייסט עס. דער טאָג, ווען ער האָט די קראָם געשלאָסן, איז פאַר איר געווען אַ תשעה־באב. און וואָס איז דאָס דער חידוש? אַז אַ מענטש ווערט צוגעוואַקסן מיט אַ געשעפט פון די יינגסטע יאָרן אָן! ס'איז עפּעס אַ קלייניקייט! ווייניק בלוט האָט זי אין דעם געשעפט פאַרלוירן?... „גיע פאַק לי“? המם....

אָבער שכנים ווערן סוף־כּל־סוף אויפמערקזאַם, אַז ביי הונטמאַנען אין שטוב איז עפּעס נאָרנישט גלאַטיק. אמת, אין אָפּגעזונדערטע שטוב, ווי זי וואָלט אויף זיבן שלעסער געווען געשלאָסן; אַ פייער־קאַסע. נאָר אַ שכן איז אַ גנב — ער טרעפט דיר אין שטוב אַריין דווקא דעמאָלסט ווען דו שלאָפסט; מיט אַ פייער־קאַסע גיט ער זיך אויך אַן עצה... מירל וועט דאָך אויס, ווי פון קבר צוריקגעקומען! און מע כאַפּט זיך אָפּט אַריין צו איר. אַזוי אין אַ מיטוואָכדיקן טאָג אום בין־השמשות, ווען די שיקסע מעלקט די קו אין שטאַל, און די מילך קלאַפּט אין מילך־שעפל ווי אַ שלאַקסרעגן אין דאַך... אַזאַ־אָ געזונטע שטיק מיט אַזעלעכע אייזערנע הענט וואָלט, דאַכט זיך, אַפילו פון הער וואַנט געקאָנט צאַפּן מילך! נישקשה, הונטמאַן איז אַ מבין אויף אַ שיקסע נישט ערגער פון אַ ליאַדע קצב־יונג.

— הערסט, ער שטאַמט דאָך מאַקע פון דער קצבים־משפּחה!

— וואָס איז אייך, חלילה, מירל קרוין? — גייט מען אונטער צון איר אויף קאַצענע קישעלעך.

— אַז אַ מענטש פילט זיך עפּעס נישט מיט אַלעמען, דאַרף מען זיך שוין, חלילה, איינגאַנצן אָפּלאָזן?

— פאָרט מען צון אַ דאָקטער, פריער גאָט...

נאָר מירל שווייגט. און ווי זי זיצט אַזוי פאַרדומעט, די אויגן פאַרשטאָכן אין דער וואַנט קעגנאיבער, דאַכט זיך, אַז זי פילט נאָרנישט עמעצן דאָ דערלעבן. שווייגט מען שוין אויך מיט אויגן פאַרשטאָכן אין איר... וואָס? ס'פּאַסט איר נישט דאָס מויל צו עפענען, דער פאַרבאָרגע־

נער גבירטע?... נאָר ראַן מאַכט זיך איינמאָל — זי הייבט אָן שעפּטשען, שעפּטשען צו זיך אַליין. מאָלט, מאָלט, ווערטער יאָגן זיך נאָך ווערטער, און אייהער זיי רעדיאָגן, ווערן זיי שוין געיאָגט פֿון ווייטערע. ווערט דאָך קלאָר: הינטמאַן האָט נאָר אַ „מילעכל“ אין שטוב, פֿאַר קיין ייִדן געדאַכט! ווײַ! זי רעדט דאָך פֿאַר פֿייער און פֿאַר וואַסער! וואָס איז דאָס מיט אים מיט הינטמאַנען? וואָס שווייגט ער? ס'איז אים אַ שאָד געלט דאָס אייגענע ווייב צו האַלטעווען?! אַ בראָך אין זיין פֿייער־קאַסטע! אַ צעלייענגיש איוף זיין פֿאַראַווע מיל! זי איז דאָך, מירל הייסט עס, פֿאַר קיין ייִדישער טאָכטער געדאַכט, איבן זינגען! פֿי! פֿו! פֿי!

...באַראַ שענדלעכע דיבורים סע קימען פֿון איר מויל אַרויס! די אייגענע אייערן נישט צו גלייבן, אַזעלכעס זאָל פֿון אַ מויל פֿון אַ ייִדישער טאָכטער קימען! וואָס זאָל עס באַטייטן? וואָס פֿאַר אַ מין דיבוק איז עס אין איר אַריין? מע קיקט איר אָן שוין מיט איבערגעשראָקענע גרויסע אויגן... זי זיצט פֿאַר זיי, מירל, ווי אַ רעטעניש, אַ פֿינצטער רעטעניש. ווי אַ טייך פֿון פֿינצטערניש וואָלט דורכגעשטראָמט דורך איר נפֿש. און אין דעם טייך לעבן אַזייגע מיני אומטערלישע באַשעפֿענישן!... מע וויל זיי דערזעען, מע וויל זיי פֿאַנגען. און מע וואַרפֿט אַהין וועגטקעס. מע פֿאַרהאַטשיקט זיי מיט ווייכע פֿראַגעלעך, ווי ווערעמלעך, און מע כאַפּט — ווערטער. און זייערע אייערן־געצן צאַפּלען, צאַפּלען זיך אירע ווערטער אין פּיין. זיי לאָזן זיך נישט צוזאַמענלייגן, די ווערטער. און דאָך ווערט ביסלעכווייז קלאָר: פֿאַר קיין ייִדישער טאָכטער געדאַכט! דער מאַן האָט דאָך געפֿעלשט אין איר! הינטמאַן! עס זאָל זיין הינטיש געביין צעטראָגן! ער שלאָפֿט דאָך אַלע נאַכט מיט דער שיקסע, ימח־שמו זאָל ער ווערן! און זי געבער, מירל, קיקט עס צו מיט די אייגענע אויגן... אַז פֿינצטער און וויסט איז איר געבער, ווי די נאַכט...

און איצטער ווילן די שכנים מייגע הווקא פֿאַרקערט: זי איז גאָרנישט פֿינעם זינגען, מירעלע. גאָרנישט, דאָס האַרץ איז אָנגעווייטיקט, שווייגט מען. שטומט מען אין פּיין, ווי אַ שטיין. שרייפֿט ווידער עמעצער איוף דאָס מויל — שיטן זיך שוין די גאַלשטיינער פֿון זיך אַליין אָן אַן איפֿהער און אָן אַ השבון... און מען עצהט זיך פֿאַר איר אין די אויגן: וואָס טוט מען? וואָס קאָן מען אָנהייבן צו טאָן? גיין רעם רב דערציילן? איבערוּרעדן דאָס גאַנצע שטעטל? — ס'איז דאָך אָבער אַ חילול השם! נאָר צווישן גוים קאָן זיך אַזעלכעס פֿאַרלויפֿן! אפֿשר רעדן מיט אים אַליין? ווער, וואָסער משוגענער וועט זיך עס איינשטעלן! אַז זיין שווער אַליין,

עליו־השלום, פלעגט ציטערן פאַר אים אימת־מות, פאַרן „פעלדפעבל" זיינעם!

און עס בלייבט: מע האַרף איר אַליין לערנען וואָס זי האָט צו טאָן.

— זי וועט פאַרשטיין, זי וועט פאַרשטיין. א וווּנד זאָגט איין אין זיך א באַלזאַם.

— פאַר אַלעמען, מירל קרוין, האַרף מען, פאַרשטייט זיך, זיך אַליין נעמען אין די הענט אַריין. מע טאָר זיך נישט אָפּלאָזן. כל־זמן וואָס ווייב לעבט, איז נישט שפּעט צו ראַטעווען דעם מאַן. און אַז מע האָט שוין זיך אַליין אין די הענט, נעמט מען זיך ערשט פעסט פאַרן מאַן. דער טרייפענער שיקסע, אַז די כפּרה זאָל זי ווערן פאַר מירעלעס מינדסטן נאָגל, גיט מען דעם דרך. (אַז די פיס זאָלן זיך איר נאָר אויסן וועג צע־ברעכן!) אַז אַ רינגסט — קאָן מען נישט האַלטן קיין יידישע?

— יאָ, יאָ, מירעלע. אַזוי... וואָס? קינדער? איר האָט נישט קיין קינדער? נעמט מען צו אַ פרעמד קינד אין שטוב אַריין. א־יתומל, נעבעך. סע פעלט?! און פאַר וועמען איז די גאַנצע האָרעוואַניע, אַז ס'איז נישטאָ פאַר וועמען איבערצולאָזן דאָס ביסל האָב און גוטס?... אַז ער וועט האָבן פאַר אַ קדיש צו זאָרגן, וועט אים נישט קריכן די שיקסע אין קאָפּ אַריין.

מירל הערט און הערט. די אויגן אויפגעהאָנגענע ערגעץ אין א ווייטער וועלט. שווייגט. שמייכלט. און אַז זי וואַרפט אַריין א וואָרט, איז עס ווי „אַ יון אין סוכה". אין ס'איז שוין נאָר אַ גרויסער ספק, צי קלעפּן זיך דאָך צו צו איר זייערע רייד, אָדער ס'איז „ארבעס אין א וואַנט".

נאָר אין וואָכן אַרום ווייזט זיך ענדלעך אַרויס, אַז זייער אויפהעצן זי איז שוין גראָד נישט געווען אַרויסגעוואָרפן.

— — — ס'איז אַ שבתדיקער תמוז־ביינאַג. הונטמאַן קריכט אַראָפּ פון שטאַל־בוידעם, ווו ער איז געלעגן מיט נאַסטיען אין היי. ער האָט בדעה אויסצושפּריצן זיך א גלאָז וואַסער מיט פלוימען־זויך. און אפשר שיקן נאַסטיען נאָך א פלאַש סאָדע־וואַסער? (אויף דער פלאַש טראָגט עס אוים ביליק). זי האָט עס ליב... און זאָל זי שוין נעמען פאַר זיך א „קאַרמעלקע" אויך...

— א?!

ווי נאָר פון סטעליע אַראָפּגעפאַלן, טוט אים א גליוף אָן אַנטקעגן מירל. צעבראַסטעט, האַלב נאַקעט, גליענדיק, מיט ווילדן בליק און ווילדן אָפענעם מויל.

— שיקסעניק! קום שלאָפֿן!... מײַנע קינדער גיב מיר אָפּ!... מײַנע קי—ינ—דע—ער!!...

און זי צעטרייסלט זיך און צעשיט זיך אינגאַנצן, ווי אַ צעפּלאַצטע גלאָז, אין אַ קלינגענדיק געוויין.

ער טוט אַ כאַפּ מיט בײדע דלאָניעס איר קאָפּ און וויל פֿאַרשפּאַרן איר מויל... אינדרויסן איז דאָך איצט שוין דער סאַמע שפּאַציר. מע קאָן דערהערן, מע קאָן אַרײַנלויפֿן אויף ביין־ווונדער...

אָבער זי טוט אַ דרײ אַרויס דעם קאָפּ פֿון זײַנע הענט, ווי אַן אָקס — פֿון קצבֿ, און מיט צעווילדעוועטע פֿויסטן און זינלאָזע קללה־געשרייען הייבט זי אָן איבערבעכן אַ שויב נאָך אַ שויב.

— ווײ! — פֿאַרגעסט הינטמאַן אין דער חרפּה וואָס שטייט שוין אפֿשר אינדרויסן פֿאַר דער שוועל — זי מאַכט דאָך מיך אומגליקלעך! שויבן קאָסטן געלט! — און ער טוט זיך אַ וואָרף אויף איר מיט אַ ריטש פֿון אַ חיה. ער טוט איר אַ פֿאַרדריי די הענט, אַ כאַפּ אויף די אָרעמס, און מיט זײַן גאַנצער בייזער גבֿורה אַ טראָג אַרײַן אין דער אָפּגעלעגענער קיך. ער טוט זי אַ שליידער אַרײַן אין נאַסטיעס בעט, מיטן מויל אין די קישנס אַרײַן.

— נאַסטיע, שטריק! — שרייט עס פֿון זײַן אינעווייניקסטן רציחה־דיקן זאַט אַרויס — מיר וועלן זי בינדן, די משוגענע בעסטיע!

פֿייזע. געראַנגל. הויך און שווער סאָפּעריי.

— אָט וועגן שטריק, „כאָזיאַיען“ — דערלאַנגט זי אים פֿון דער־ווייטנס, בלייבנדיק שטיין צוריקגעהאַלטן, מיט אַ פּנים וואָס דריקט אויס רחמנות, פּיין און שרעק.

— מאָרגן גיי איך אַוועק, — זײַעט זי אַדורך צווישן די ציין — דאָ איז שוין פֿאַר מיר מער קיין אָרט ניט צו שלאָפֿן.

הינטמאַן טוט אַ דריי אַוועק דעם קאָפּ פֿון מירלס אין שטריק פֿאַר־פּלאָנטעטע, זיך ראַנגלענדיקע אבֿרים, און אויף זײַן זשאַריענדיק פּנים לייגט זיך אַ בלאַסקייט, ווי גרויע אַש:

— פֿאַרוואָס, נאַסטיע? ווערסט שלאָפֿן אין שטוב בײַ מיר אין בעט...

הונטמאַן מוז משיג־גבול זיין ביי זיך אין מוח די מחשבות וועגן מיל, געלט און געשעפט און אָפּגעבן דאָרט אַן אָנגעזעען ווינקל, הגם זייער נישט ווילנדיק, מירלען מיט נאַסטיען. ער מוז טראַכטן וועגן זיי. ער מוז זיך אָפּגעבן אַ חשבון:

...מירל אָדער נאַסטיע? ער האָט זיי ביידע ליב... יאָ. ניין! מירלען האָט ער ליבער. ערשטנס, זי איז דאָך זיין אמת ווייב! זי איז אויף אַזוי פיל זיינע, אַז סע פאַרגעסט זיך גאָר, אַז מע האָט זי ליב. צווייטנס, דאַרף מען זיך דאָך זאָגן דעם אמת (נאָר דעם אמת!) צי קאָן מען גאָר פאַר־גלייכן מירלס פנים, דאָס יידישע איידעלע און פיינע, מיט נאַסטיעס גויאישן געשטופּלטן רויטן פּרצוף?! די כפּרה זאָל זי ווערן פאַר מירלען!... יעדעס מאָל ווען ער „טרייסלט זיך פון איר אָפּ", וואָלט ער זי מיטן פוס אַ קאָפּע געטאָן (נו, ער טוט עס טאַקע אַמאָל אויך), אַז די כאָלערע וואָלט איר געזאָלט נעמען איידער זי איז צו אים אָנגעקומען, די סטערווע! ווען נישט זי, וואָלט דאָך מירל געווען געזונט...

אָבער אַז סע גייט אַוועק אַ נאַכט נאָך אַ נאַכט... מירל — גאָרנישט... גייט אויף דאָס גלוסטעניש צו איר, צו נאַסטיען טאַקע, ווי היוון. ער איז ווי א דייזשע וואָס די אויפגעווירענע ראָשמשינע שפּאַרט איר פון אַלע זייטן אַרויסצולויפן. סע הויבט זיך צייטנווייז — ער וואָלט עס נישט אויס־געהאַלטן! ער וועט צעשפּאַרט, צעזעצט ווערן! סע שטייט אים פאַר די אויגן איר פרישער בליענדיקער קערפּער, וואָס איז שטייף און אָנגעגאָסן מיט מילך־זאַפט, ווי דער אייטער פון אַ פריצישער קו, אומקערנדיק זיך פון דער פעטער פּאַשע. ער דערשפּירט ווי די הענט און די גאַנצע הויט באַטאַפּן דאָס גלאַטקייט און צאַרטקייט פון איר לייב. אין אָטעם דער־שפּירט ער דעם געזונטן פעסטן ריח פון איר שוויס, דעם שאַרפן טשאַדענ־דיקן שמעק פון די בערשטלעך אונטער אירע פּאַכוועס. אפילו אין טומל און רויש פון דער מיל דערהערט ער איר הילכיק דאָרפיש קול, וואָס איז דורכגע־זאַפּט מיט טונקעלער תאווה פון וואַלד. ער שפּירט אויף די ליפּן דעם טעם פון איר זייגנדיקן קוש, וואָס שמעקט מיט הייס בלוט און פרישער מילך... יאָ, זי שמעקט אים אין אַלע חושים. זי איז אין אים, און דאָך אַזוי ווייט

פון אים! און ער וויל, ער גארט, ער שפרינגט פון דער הויט אַרויס, זי זאָל נישט ווייט זיין... ער האָט דאָך זי אַזוי ליב!

נאָר אַז ער דערמאָנט זיך דאַן דאָך אין מירלען, אין מירלען זיין ווייב, אין מירלען וואָס איז אַזוי היימיש־גאָנט, נאָר אין אים איז זי נישטאָ, אין מירלען וואָס איז משוגע, ווייל... זי האָט קיין קינד נישט, קאָן נישט האָבן, — הייבט אים אָן צו וואַרפן אַ קדחת. דעם גוף רייסט, ווי אַ נעפּאַנגענע חיה, אַ געין פון בריענדיקע דראָטן צו דער שיקסע, און די נשמה (א נשמה האָט דאָך יעדער מענטש), די נשמה ווערט געצויגן מיט צוואַנגען צום אומגליקלעכן ווייב. און ער שפירט ווי ער ווערט צעריסן, ווי אַ הערינג פון אַ פּויערס האַנט.

ער שפּרינגט דערמיט אַראָפּ פון בעט (אָפּטער טרעפט דאָס אים ביי־נאַכט, ווען ער שלאָפט אין דער היים, שבת פאַרטאָגלעך ווען ייִדן גייען אין בית־המדרש אַריין תהלים זאָגן), דרייט אַרויס דעם לאָמפּ (שבת!... שבת!...) און נעמט מאַכן א חשבון פון זיין געלט וואָס ער האָט דאָ אין דאָרט. און כדי זיך נאָך מער צו באַרואיקן, שלעפּט ער אַרויס פון הינטער די באַלקנס (אין שמאַל האָט ער היינט גאָרנישט פאַרגראָבן צוליב נאַכטיען...) די אַלערליי קאָלירענע פּעקעלעך אַסיגנאַציעס, די פעטע־געוויקלטע סלופּיקלעך פינפערלעך און פעריאלן צו דערוויקן די אויגן און די נשמה... ער וויל כיטרע דעם יצר־הרע די ציין פאַרדערן...

אָבער אומזיסט — — —

...ווען האָט ער דאָס אַליז אין אָרדענונג געבראַכט? דעם לאָמפּ פאַר־לאָשן? נו, מאַקע — ער ליגט דאָך שוין ביי דער שיקסע אין בעט!

— נאַסטיע!...

נאַסטיע האָט זיך אַנדערש אָנגעהויבן פילן מיט אים, מיטן „באַ־זיאיען“. זי פילט זיך מיט אים היימישער. אייגענער. ציימגווייז — מאַקע ווי די באַלעבאָסטע אין שטוב... די „באָזיאַיקע“ — האָט זי איר קלער — גוועט שוין געזוגט נישט ווערן. פאַרן „באָזיאַיען“ איז זי שוין גאָרנישט. אַן אומגליק, אַ צרה בלויז איז זי פאַר אים. ס'וואָלט גלייכער געווען זי זאָל שוין בעסער שטאַרבן... קיין קינד האָבן זיי נישט. איז זי דאָך מאַקע, נאַסטיע, ביי אים אינגאַנצן! און...

סע וועבט זיך אין איר שטיל, מיף און פאַרבאָרגן אַזאַ מחשבה, וואָס מאַכט ציטערן מיט שרעק און פרייד איר האַרץ. באַנ'ט קלאָר און זאָגנדיק איז זי דערווייל נאָך נישט, די מחשבה. אָדער איר קלאָרקייט און זאָגעוו־דיקייט געדויערט אַזאַ קורצן אויגנבליק, אַז דער באַוווסטזיין באַווייזט

נישט זי צו דערזעען. נאָר ווען זי וועט רייף ווערן, די מחשבה, זיך אָנגעמען מיט קראַפט, קריגן פאַרב, וועט עס הייסן:

...אפשר וועל איך אים נאָך, חיים מאָשקען, אַ קינד געבוירן?! ער וועט זיין דער טאַטע פון מיינס אַ קינד! און... קיין קינדער פון איר, פון מירלען, וועלן דאָך שוין נישט זיין... איז אפשר?... איינמאָל... וועט ער אַ זאָג טאָן: הער, גאַסטיאַ! פון מיין גאָט וועל איך נישט אַוועקגיין... נאָר אפשר דו?... — ניין — וועט זי זאָגן — מיין גאָט איז מיר אויך טייער... נאָר דו, חיים מאָשקאָ, אונדזער קינד פאַרזאָרג... איך ווייס, דו האָסט מיט וואָס. . — גערעכט! — וועט ער זאָגן, און וועט דאָס גאַנצע האָב־און־גוטס אָפשרייבן אויף זייער קינד... סע וועט אויפוואַקסן... ער וועט קויפן גרונט, און די מאַמע וועט אויף די אַלטע יאָרן צוזעען דעם נחת, און פאַר גאָטסמאַמע, מאַריע די הייליקע, ליכט שטעלן און מתפלל זיין פאַר אים, אַז די אַלטע זינד זאָלן אָפגעמעקט ווערן...

..יאָ, — ווערט איר איינמאָל זיכער — ער וועט זיין אַ קינד! די גאַנצע צייט פלעגט ער עס אַזוי מאַכן שטענדיק, חיים מאָשקאָ, אַז קיין קינד זאָל נישט זיין... אַ „זשידאָווסקי" כיטרעסט. אָבער לעצטנס הייבט ער אָן דעם שכל פאַרלירן... צי דערפאַר וויל ער איז שוין נישט אַזוי פעסט, אַזוי שטאַרק ווי געווען?!...

הונטמאַן אַליין דערפילט עס אויך אַמאָל, אָט דאָס „אומגליק", וואָס קאָן אים, באַהיט גאָט, געשעען מיט דער שיקסע. ער באַשליסט צו נעמען זיך אין די הענט אַריין און זיפצט שווער און אפילו צעבראָכן אַ ביסל:

— נישט גוט! נישט גוט!

...די חרפה! דער בזיון! ווי וועט זיך דאָס אָפרופן אויפן געשעפט? די שותפים וואָס וועלן זאָגן?

אַזוי. דער מענטש איז פון אייזן, אויב ער ברעכט זיך נישט אַמאָל איבער. נאָר מירל איז נאָר פון שטאָל, זי בייגט זיך אין בייגט זיך, און גלייכט זיך אפילו אַ ביסל צוריק. צוריק צו די געדאַנקען איז זי, אמת, נישט געקומען, אָבער באַרואיקט האָט זי זיך. ווי אַ שטילע טויב גייט זי אַרום איבער די צימערן און שעפטשעט אין זיך אַריין, ווי אַן איינציק בלעטל אויף אַ בוים אום שפּעטן האַרבסט. פון צייט צו צייט וויינט פון איר אַרויס, נישט ווי זי אַליין וואָלט געוויינט. שטיל אַזוי און מיד, אַזוי אומבאַהאָלפן, קינדעריש:

— וווּ איז ער, מיין מאַן? מיין חיים משה? ווו זענט איר, מיינע קינדער? ווייי און ווייי! וויי און ווינד!

אין אַז דאָס געוויין פאַלט אַמאָל אַריין צו הונטמאַגען און אויער, מוז אפילו ער, שוין נישט צוליב געלט בלויז, אָפּזיפּצן:

— נישט גוט! נישט גוט!

...וואָס טוט מען? „גטן“ נאַסטיען? איינמאָל פאַר אַלעמאָל פּטור ווערן פון איר? שוין טיווי שפּעט... מירל וועט דערפון געזונט נישט ווערן. אַ רינגסט אין שטוב מוז מען דאָך איצט האָבן. נישט נאַסטיע, וועט זיין אַן אַנדערע... אַז ער האָט זיך שוין געמאַכט אַ וועג... ער זאָל בלייבן אינגאַנצן אָן אַ ווייב?... וואָס איז זי שולדיק, נאַסטיע? פאַרוואָס קומט עס איר, ער זאָל צו איר אויסלאָזן זיינע צרות? קראַנק איז ער אַליין אויפצוהערן קריכן צו איר?! זי בעט אים נישט, האַלט זיך, און פון דער צווייטער זייט ווידער... איז זי גוט צו אים אַזוי, ווי... זי וואָלט זיינס אַן אמת ווייב געווען. נאָך מערער, סע קומט אויס, אַז זי טיילט זיך מיט זיינע צרות. זי דערציילט אים וועגן מירלען, ווי סע וואָלט אויך איר צרה געווען:

— סע מאַכט זיך, זי טוט זי אַ רוף צו, מירליא די „כאַזיאַיושקא“, הייסט עס, כאַפּט זי אַרום, האַלדזט זי און קושט זי. זי וויינט, וויינט איר אַזוי ביטער אין די ברוסטן אַריין, און שיים אַריין: — „כאָזיאַיושקע“ טייערינקע! ליבע טייבעלע! האָב מיטלייד מיטן „באָזיאַין“ מיינעם... גיב אים אַ קינדעלע, גיב אים!... זעסט דאָך, אַז ער עלטערט זיך שוין, ווערט אַלט אויף דער עלטער...

...ער, אפילו זי זעט עס שוין אויך, די משוגענע. די צרות צעפרעסן, ווי זשאַווער, זיין בלוט און זיין מאַרך. זאָל ער זיך געוועזן ריכטן, אַז דאָס וועט האָבן אַזאַ פּעולה אויף אים!

אָפטער הייבט ער אָן שפּירן זיך מיד און פאַרמאַטערט נאָך דער אַר=בעט. ער גייט ווי געבויגן, און ער איז דאָך נישט מער ווי אַ ייד אַ פער=ציקיעריקער!

— די זעק מעל טוען זיך זייערם — זאָגט אים איינמאָל ווער אין מיל מיט אַ מאָן, וואָס איז אי פריילעך אי אומעטיק גלייכצייטיק.

...צרות זשאַווערן איבער אייזן — ענטפערט זיין געדאַנק מיט בלויזן אומעט.

ווירקלעך די צייט הייבט שוין אָן פריצייטיק צו פּראָשען זקנה=מעל אין דער געלבלאָטריקייט פון זיין פאַרוואָרלאָזטער האָר=געדיכטעניש. סע מאַכט זיך, אַז ער „פאַלט אויפן קריזש“ און — צי דאַכט זיך עס אים בלויז, אַז ער דערהערט נישט אַביסל אפילו אויפן געזונטן אויער?... ס'קאָן זיין, אַז דאָס איז בלויז פון דעם תמידן ראַש און רויש פון דער מיל.

די מיל, וואָס רוישט אַזוי, טומלט און פּאַרטויבט, איז טאַקע דאָס איינציקע אָרט ווו הונטמאַן האָט כמעט די גאַנצע מנוחה. זי איז זיין איינציקער נחת, וואָס פאַרשאַפט אים בלויז נחת, אָן אַ צוגעמיש פון „קלייען". פאַר איר אַרבעט ער, פאַר איר לעבט ער. און ס'איז כדאי: זי דינט אים אָפּ מיט די גרויסע ריווחים, וואָס זי ברענגט אַריין. זיין פאַרמעגן וואַקסט פון טאָג צו טאָג, פון שעה צו שעה. די שטעטל־לייט זאָלן זיך נאָר וואָס ווייניקער דערוויסן. סע וואָלט טאַקע אפשר אַ פּלאַן געווען אַריבערצוציען זיך אַהער צו דער מיל? וואָס ווייטער פון מענטשנס אויגן, און וואָס נענטער צו איר, צו דער מיל... אַך! ווען זי זאָל זיין אינגאַנצן זיינע! אָן שותפים!... איז,ערשטנס, גלייכער טאַקע נישט צו זיין די שות־פים פאַר די אויגן. און, צווייטנס, דער רויש פון דער מיל קאָן נאָך מירלען אינגאַנצן פון די כלים אַרויסיאָגן... ער דאַרף, די שותפים זאָלן דערפון וויסן?... פאַרפאַלן! ער מוז זיצן בלייבן אין שטעטל, צווישן שונאים. ער ווייסט נישט, הייסט עס, וואָס הינטער זיינע פּלייצעס טוט זיך? ער פאַר־שטייט נישט זייערע אָנצוהערענישן?...

— ער האָט, הונטמאַן, אַזויפיל פאַרע אין מיל, פאַרוואָס זאָל ער נישט געבן אַ ביסל פאַרן מרחץ?...

זיי האָבן אים גענומען אויף די ציין, ווי תבואה אויף מילשטיינער, אָט די הינט!

— אַ קרענק וועל איך זיי געבן אויף דער באָד, נישט קיין געלט!

צרות זענען ווי ריינגען אין אַ קייט: איין רינג האָט זיך נאָך נישט צו־זאַמענגעריגלט, ווי סע האָט זיך שוין אַריינגעריגלט אַ צווייטער.

ביז איצט איז נאָך געווען ווי עס איז צו דערטראָגן: די קראַנקהייט אירע, מירלס, איז אַ קלעמעניש פאַר דער נשמה און איז גורם פּיין אויך דעם גוף, ווען ער פּרוּווט זיך אָפּהאַלטן פון זינדיקן מיט נאַסטיען; די קע־שענע אָבער האָט עס נישט אָנגערירט. וואָס, סע קאָן דאָ העלפן עפּעס אַ דאָקטער? אַבי געלט — זיך אויסברענגען? פאַרן צון אַ רבין אָדער צון אַ טאָמער? ניין, ער, חיים משה הונטמאַן, אַ מענטש, וואָס קען אַ וואָרט רעדן אפילו מיט אַ קריסט, מיט אַ פּריץ, וועט דיר פּלוצעם קיין

הסיד נישט ווערן. אַ רבי איז אַ דאַרמאָיעדניק! גיב אים געלט פון אַ גע־שעפט, און וועלכן ער האָט גאָרנישט אַריינגעלייגט! און אין קיין מאָמער, אין קיין זאַבאָבאָגעס, באַבע־מעשׂיות, גלייבט ער אוודאי נישט. ער, חיים משה, קוקט מיט אָפענע אויגן אויף דער וועלט, אויפן לעבן און אויף די מענטשן.

איצט אָבער איז די זאַך גאָר אַנדערש. גאָר אַנדערש צום שלעכטן.

איינמאָל שיקט אים רופן פון מיל אין קאַנצעלאַריע אַריין דער חשובֿ־סטער שותף, אַדוואָקאַט לעאָן מינצער. ער זעצט זיך אַנידער אומצופרידן פון דעם געפיל, אַז ער פאַרטעליקט מיטן אָנטוען די פּאָליטורטע שטול.

דער שותף שיינט און גלאַנצט, ווי ער וואָלט נאָר־וואָס צוזאַמען מיט זיין מאַגנאַטיש אָנטון פון דער גאָדל אַרויס. אַ מענטש — אַ יום־טובֿ. און ער, חיים משה אין די מיל־בגדים — אַ תשעה־באָב.

— אַ גוטן מאָרגן, הער מינצער! וואָס איז געשען? פון דער אַרבעט זיך אַוועקגעריסן...

— אַגאָ... איך וויל מיט אייך, הער שאָפּמאַן, וועגן עפּעס ערנסט אַ שמועס טאָן.

אַז דער ענין איז אַן ערנסטער, איז קלאָר שוין פון דעם אַליין, וואָס דער שותף רעדט איצט מיט אים גאָלע רוסיש, אָן אַ וואָרט יידיש צוגע־מישט, ווי זיין שטייגער איז ווען ער רעדט מיט אים, מיט חיים משהן. בכלל רעדט ער מיט אים שטענדיק אין אַ ווייצלדיקן טאָן. און ס'איז שטענ־דיק פאַרדריסלעך, נישט אַזוי דער טאָן, ווי די אַריינגעמישטע יידישע ווער־טער: וואָס־אָס? ער פאַרשטייט נישט קיין רוסיש הונדערט פּראָצענט, חיים משה?!

— ב'וועל מיט צופרידנקייט זיך באַמיען — ענטפערט ער סאָלדאַ־טיש און מאַקע זייער ערנסט, ווי זיינע מעל־פאַרשטויבטע ברעמען.

— הם.... יאָ, איר ווייט מיר דאָך אַנטשולדיקן, הער שאָפּמאַן, ווען כ'וועל דאָס מאָל נישט רעדן מיט אייך וועגן געשעפט. ס'איז אַ פּערזענ־לעכער ענין. אייערער אַן ענין... קיין דעה מיין איך אייך, באַהיט גאָט, נישט צו זאָגן, פאַרשטייט זיך. אָבער אַן עצה פון אַ שותף, פון אַ גוטן פריינד, שאַדט דאָך אוודאי נישט אויסצוהערן. נישט אַזוי?... הם, יאָ, אויב ס'איז אייך נישט גיחא, הער שאָפּמאַן, איז בין איך גרייט יעדן אויגנבליק דעם שמועס איבערצורייסן... ווי?

הונטמאַנס אויגן קוקן גלאַנציק־פייכט אַרויס פון דער מעל־פאַר־שטויבטקייט פון זיין פּנים. ער פאַרשטייט דעם שותף: איז עס מאַקע בלויז

אַ „פֿערזענלעכער“ ענין, אָדער ס'איז אַ „וואָרעם אויף אַ האַמשיק“?...
דער אַדוואָקאַט זעט אָבער אויס אינגאַנצן נישט ווי קיין פֿישער. ער איז
רואיק. די טונקל־ברוינע אויגן — ווי סאַמעט ווייך. אָן די פֿאַרבאָרגענע
פֿינטעלעך, ווי דעמאָלסט ווען ס'איז אַ געשעפֿט־זאַך. מאָרגנע! דעם צי־
גאַר־רויך בלאָזט ער נישט אַריין אין דער באָרד. ער לאָזט אים זײַטיק־
אַרויף. און דער רויך דריידלט זיך און קרײַזלט זיך אַוועק אַזוי רואיק פֿון
זײַן לויטערן פּנים, אַז... ס'איז קיין דריידל, קיין זײַטיקער מיין, מאַקע
נישטאָ דאָ.

— פֿאַרקערט, ביטע זייער. איך בין זייער צופֿרידן צו הערן פֿון מײַן
חשובֿן שותּף עפּעס אַן עצה וועגן מײַנעם אַ פֿערזענלעכן ענין... אַדרבא. אַן
אַדוואָקאַט... כּע־כּע־כּע!... אַן אַנדערן דאַרף דאָך אַזאַ מעשׂה קאָסטן
געלט!... איך בין זייער דאַנקבאַר...

— הם, — באַווײַזט זיך קוים אַן עקעלע פֿון אַ שמייכעלע פֿון הינ־
טערן אַדוואָקאַטס אַ וואָנץ — די עצה וועט אײַך אָבער קאָסטן געלט
אויך...

הינטמאַן ווערט פֿאַראַמאָל שטייף, ווי אַן אָנגעשטאָפּטער זאַק מעל.
זײַן שטערן מוט זיך האַסטיק אַ קאָרטש, און באַקומט מעל־ווײַסע שטריכן
איבער זײַנע פֿאַלדן.

— איז זאָלט איר מיר זייער אַנטשולדיקן, הער שאָפּמאַן, פֿאַר מײַן
אָפֿנהאַרציקייט. איך וויל מיט אײַך שמועסן וועגן ווײַב... וועגן אײַער ווײַב,
הייסט עס.

— איר וועגן מײַן ווײַב?! — פֿאַרווונדערט זיך הינטמאַן גאָר
שטאַרק, און יעזשעט זיך אָן צום אָנגריף. אָבער גלײַך קנוילט ער זיך צו־
זאַמען פֿאַרטייעט. פֿאַרפֿאַלן! מע מוז אים אויסהערן. סוף־כּל־סוף, וואָס
פֿאַר אַ פּנים האָט ער קעגן אַדוואָקאַט לעאָן מינצער?! זײַן רײַכקייט
מ'שטיינסגעזאָגט קעגן יענעמס! יענעם צאָלט מען דאָך געלט פֿאַר אַ בלויז
וואָרט!... דרך־ארץ! מע קאָן דאָ נישט אַנדערש — גאָר שווײַגן ביזן סוף.
ער קוקט אויף אים, דער שותּף, מיט מיטגעפֿיל. דאָס רירט אַפֿילו אַ ביסל.
ער וואָלט גאָר קיינמאָל נישט געטראַכט, חיים משה, אַז אויסער געשעפֿט
איז נאָך עפּעס פֿאַראַן צווישן זיי.

אַדוואָקאַט לעאָן מינצער קלאַפּט זייער איידל אָפּ דעם אַש פֿון זײַן
ציגאַר אין ברעג פֿון אַן אַש־שעלעכל, אַזוי איידל, ווי זײַן ווײַס הענטל וואָלט
געווען אַ פֿליגעלע פֿון אַ ווײַס טײַבעלע, און רעדט ווײַטער:

— הם, יאָ. די טעג איז געווען ביי מיר אַ מענטש, און ער האָט מיר איבערגעגעבן וועגן אייער פרוי, הער שאָפּמאַן... זי זאָל קראַנק זיין...

— אַוודאי אַ שונא מיינער! — פאַלט הינטמאַן אַריין אינמיטן די רייד, און באַהאַלט ווידער אויס זיין אויפגעטראָגנקייט הינטער אַ שמוקאַ-טורקע פון גליוועדיקן גלייכגילט.

— ניין — שמייכלט דער אַדוואָקאַט מיט אַזאַ איידל דין שמייכעלע, וואָס קריכט אים אַריין אין דער שוואַרצער שימערנדיקער באָרד און ציילט דאָרט איבער, ווי אַ קליין קינדעריש פינגערל, יעדעס האָרעלע באַזונדער — ניין, פאַרקערט, הער שאָפּמאַן, אַ פריינד. שוין גאָר אַ גוטער פריינד. בע!... קיין כּך אַזעלכע האָט נישט קיין מענטש. פאַרוואָס דאַרפט איר עפּעס גלייך קלערן, אַז אַ שונא? הם, יאָ. האָט מיר יענער דערציילט... סע קומט אויס לויט יענעמס רייד, אַז אייער פרוי איז נישט פּונקט ביי די געדאַנקען... נישט אַזוי? זייט מוחל, הער שאָפּמאַן, איר האָט זיך נישט וואָס צו באַליידיקן. אַ קרענק ווי יעדע אַנדערע קראַנקהייט. נו,איז מאַקע נישט צו פאַרשטיין — פאַרוואָס שווייגט איר?! ס'איז אַ מגיעה אין געלט?

— ווירקלעך, ס'האָט מיך אַ גרויס אומגליק געטראָפן — באַקומט הינטמאַן אַ דערשלאָגן אויסזען פון אַ גאַנצן יתום — נאָר... ווער איז דאָס דער מענטש, וואָס האָט מיין ווייטיק און מיין חרפּה אויף דער גאַס אַרויס-געטראָגן? ווער האָט עס אייך, הער לעאָן מינצער, אָפּגעטראָגן? ווער איז ער עס, דער שונא מיינער?

— נו, איך פאַרזיכער אייך נאָכאַמאָל, הער שאָפּמאַן — דער בעס-טער פריינד אייערער! וואָרום יענער איז נישט געקומען גלאַט לשון-הרע רעדן, גאָר זאַכלעך. מיר זאָלן ווירקן אויף אייך, איר זאָלט אַוועקפירן איי-ער פרוי קיין וואַרשע אין אַ שפּיטאָל פון גייסטיק קראַנקע... הם, ווי מיינט איר? מע קאָן דאָך נישט?... וואָס?

הונטמאַן טוט זיך נאָכאַמאָל אַ גלייך אויס ווי אַ פלאַקער:

— אָבער וואָס פאַר אַ מחותן איז יענער צו קומען מיך באַזאָרגן?

אויף לעאָן מינצערס נאָז באַווייזט זיך אַ שאָטן, ווי סע וואָלט פון איר אַרויס אַ פאַרבליבן ביסל רויך פון דעם שוין אויסגערויכערטן ציגאַר. דאָס פּנים ווערט שטרענג. די שיטערע צעקעמטע באָרד טוט זיך לייכט אַ באַוועג מיט יעדן פרעבטיקן האָר באַזונדער. די אויגן טוען אַ בינקל מיט פאַרדרוס. און דאָס קול קומט אַרויס האַרב, ווי ביי אַ פּראָקוראָר:

— אַגאָ, איך האָב, ווי אַ שותּף, מיין פליכט דערפילט. פאַרוואָס יע-נער איז אַ מחותן צו קומען אייך באַזאָרגן — ווייס איך אויך. נאָר — נאָך

איין וואָרט: ווי אַ שותף, זענט איר, גלייך ווי מיר אַלע, פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן גוטן נאָמען פון דער פירמע. דאָס איז שוין צופיל. מע וועט אײַנגיבן אָנהייבן רעדן וועגן דעם אין קרייזשטאָט אויך. הם, יאָ. מוט ווי איר פאַר־שטייט... מירן זעען...

— אַנטשולדיקט, הער לעאָן מינצער! — הייבט זיך הונטמאַן אויף פון אָרט.

— יעדנפאַלס — ווערט הער „פּראָקוראָר" אַ ביסל ווייכער אין טאָן — נאָט אייך דאָ אַן אַדרעס פון אַזאַ שפּיטאָל אין וואַרשע. איך האָף, אַז איר וועט זיך נאָך איבערערעכענען, הער שאָפּמאַן...

הונטמאַן גייט אַרויס פון קאַבינעט, נישט ווי אַ שותף, נאָר ווי אַ „מענטש", וואָס האָט געקריגן איבערן קאַרק פון זיין באַלעבאָס. הם, ער איז אין צאָרן! נישט אויף הער לעאָן מינצער, ניין. אויב ס'איז צוליבן געשעפט?... נאָר אויף זיי, אויף די רכילות־טרייבער... אַ? ווער האָט דאָס געקאָנט זיין? זאָל זיין, אַז?... אַ? נישט אַנדערש, אַז דאָס איז זי, די מאַמע! האָט זיך נוקם געווען פאַרוואָס כ'האָב איר דאָ קיין קאָנטע נישט געעפנט. אַן אייגענע מאַמע!... זי וואָלט עס דאַרפן האָבן צו געדענקען! אַ קניפּל האָט זי געקליבן פאַר הערצלען, און ער, חיים משה, זאָל איר אויסהאַלטן דאָס שענקל מיט מעל!... נאָר וואָס סע „קאַסאיעט" * זיך היצר זאָך אליין... ס'פּאַסט נישט, זאָגט ער, פאַר דער פירמע, פאַרן געשעפט, פאַר דער מיל הייסט עס. די מיל, הייסט עס, קאָן דערפון ליידן... דאַרף מען מאַקע שטאַרק אַ טראַכט טאָן... און מאַקע אין אַ געשעפט מוז מען אויסרעכענען, אויף אַלערליי היזקות... אַזוי.... הם...

און אין אַ פּאָר וואָכן אַרום רייסט ער, הונטמאַן, אויס פון זיך אַ לעב־בעדיק שטיק פלייש. ער פירט אַוועק מירלען קיין וואַרשע אין משוגעים־הויז אַריין, און —

...עד־עד! ער רייסט פון זיך כסדר שטיקער פלייש אבר־מן־החי, אַוועקצושיקן אַהין יעדן חודש אַ גרויסע געלט! סאַרא טייערער ביסן! ער וואָלט עס קיין פריינד (ווען ער וואָלט האָבן אַזעלכן) נישט געווונטשן, דאָס ווייב זאָל אים משוגע ווערן, און ער זאָל זי מוזן אויסהאַלטן אין שפּיטאָל... ווי לאַנג וועט עס געדויערן? די גאַל זאָל נישט פּלאַצן! פונ־דעסטוועגן... וועט דאָס אַלץ דאָך כדאי זיין, אויב זי וועט קומען אַהיים אַ געזונטע, מירל. און אפשר... אַ? אפשר וועט זי זיך אינגאַנצן ענדערן?

---

* אָנבאַלאַנגט.

געזונט ווערן נישט נאָר איפן שכל, נאָר איפן גאַנצן גוף?... ער וועט צוריק האָבן אַ ווייב?.... אַז סע קאָסט אַזויפיל געלט — איז ווער קאָן וויסן, אפשר וועט עס ווערט זיין אויך? נאָר הערווייל:

— ער! נישט גוט! נישט גוט!

הינטמאָן דערוואַרט זיך דאָך די גוטע גליקלעכע מינוט — דער עול פון שיקן יעדן חודש אַ שטיק געלט אין שפּיטאָל אַריין ווערט פון אים אַראָפּגענומען: זיין ווייב, מירל, איז שוין געזונט, שרייבט מען אים פון דאָרטן. ער דאַרף בלויז קומען זי אָפּנעמען. נאָך איין מאָל הוצאות, און — באַסטאַ!... אייגנטלעך, אויב שוין געזונט, פאַרוואָס זאָל זי אליין נישט קומען צו פאָרן? זי איז אַ קינד? וואָס? אָבער... זיין האַרץ איז פונדעסט־וועגן פיל איצט מיט אַזאַ געפיל צו מירלען, אַז ער האָט דעם איינדרוק, זי איז טאַקע אַ קינד... ער פילט גלייכצייטיק עפּעס ווי אַ דאַנקבאַרקייט צו איר, וואָס אָט האָט זי אים ענדלעך געטאָן די טובה און געזונט געוואָרן, כדי ער זאָל שוין נישט דאַרפן מער זיין האָב און גוטס פאַרטאַבליעווען. די איצטיקע הוצאות? מילא, זאָל שוין זיינס איבערגיין. — —

און אָט זיצט ער ביים פּראָפעסאָר אין קאַבינעט. איידער ער גיט אים איבער די פּאַציענטקע אַ „פרישע און געזונטע“, האָט ער מיט אים אַ שמועס. דער אַנשטאַלט איז פאַראינטערעסירט, אַז אַ קראַנקער, וואָס איז דאָ אויסגעהיילט געוואָרן, זאָל זיך שוין אַ צווייט מאָל אַהער נישט אומ־קערן. אין דערפאַר איז וויכטיק מיטצוגעבן דעם געזונטגעוואָרענעם קראַנקן עטלעכע נוצוועגדיקע עצות אויף זיין ווייטערן וועג, אַזוי צו זאָגן.

דער פּראָפעסאָר רעדט פויליש, און זיין באַנעמינג און זיין רעדן זע־גען אַזוי איידל, אַזוי העפלעך, אַז מע וואָלט געקאָנט מיינען, דאָס רעדט אַ סוחר, וואָס וויל מיט דיר אַ געשעפט שליסן... פאַר געלט קאָן מען אפילו אַ פּראָפעסאָר קויפן! — ווי ער וואָלט דווקא געוועזן פאַראינטערעסירט, אַז די „פרישע און געזונטע“ פּאַציענטקע זאָל אין זיין אַנשטאַלט נאָכאַמאָל קומען... ווי לאַנג קרענקט ער! זאָל ער רעדן צוזעצטערהייט!

— די זאַך שטייט אַזוי, שאַנאָוונע פּאַניע. אייער חשובע פרוי איז אין איצטיקן מאָמענט פולקאָם געזונט. ס'איז בלויז פאַרבליבן אין איר אַ טייל־ווייזע דערדריקטקייט, אַ געוויסע גלייכגילטיקייט צו אַ סך דערשיינונגען,

הגם זיי האָבן אַ דירעקטע שייכות צו איר פּערזאָן. דאָס וועט שוין פֿאַרשייַ־
לער פּאַרבלייבן ביי איר אויפֿן גאַנצן לעבן. און דערפֿאַר מאַקע, שאַנאָוונע
פּאַניע, דאַרף מען זיין אויף דער קראַנקער אויפמערקזאַם. זיין מיט איר
פּאָרזיכטיק. ביי אַזעלכע קראַנקהייטן איז אַ רעצידיוו אַן אָפּט'ן דערשיינונג.
די קראַנקהייט פֿון אייער פֿרוי, שאַנאָוונע פּאַניע, איז איר געקומען צוליב
אַ געוויסער זאָרג, אַווירקלעכע אָדער אייַנגערעדטע... לויט איר'ע רייד, איז
זי אַ סך יאָרן געווען אָפּגענאַרט פֿון איר גאָענטסטן מענטש'... מנאַ... עס
לאָזט זיך אָנשטויסן... יאָ. איז מיין פּליכט אַלס דאָקטאָר אויפצוקלערן:
מיט דער קראַנקער — פּאַרדאָן — מיט דער געזונט־געוואָרענער פּאַציענטּ־
קע טאָר מען קיינמאָל נישט האַנדלען הינטנאַרומער. סע דאַכט זיך, זי
באַמערקט נישט, און ס'איז פּינקט קאַפּויער. זי ערגערט זיך דעמאָלט וואָס
מע נאַרט זי אָפּ, און זי נאַרט אָפּ אויף צוריק מיטן נישט רעאַגירן אויף
דעם. זי באַהאַלט אויס איר ערגערניש. צי פֿאַרשטייט עס דער שאַנאָוונע
פּאַניע? אָט אַזאַ קלעמעניש איז ווי אַ וואָרעם, וואָס מאַטשעט און טאַ־
טשעט דאָס האַרץ און דעם מוח... יאָ. לאָמיר רעדן אָפֿנהאַרציקער. אויב
איר, שאַנאָוונע פּאַניע, דערלויבט זיך, ווי אַ געזונטער מאַנצפּאַרשוין, אַ
מאַן פֿון אַ קרענקלעכער פֿרוי, צו האָבן צו טאָן מיט אַ צווייטער, ס'הייסט,
אויב אַנדערש קענט איר נישט בשום־אופֿן — דאַן זייט איר מחויב צו
זיין מיט אייער פֿרוי אָפֿנהאַרציק אין דעם פּרט... ס'איז גלייכער זי זאָל אייך
מאַכן דעם סקאַנדאַל פֿריער איידער שפּעטער... אַ פּאַרמאַכטע וווּנד וואָס
אייטערט אינעווייניק איז שטענדיק געפֿערלעכער פֿון אַן אָפֿענער... המם...
אַנטשולדיקט, שאַנאָוונע פּאַניע, פֿאַר מיין אָפֿנהאַרציקייט: איר האָט ליב
אייער פֿרוי?

— יאָ. פֿאַרשטייט זיך. אָבער... דער הער פּראָפֿעסאָר דאַרף דאָך
פֿאַרשטיין...

— יאַ־יאָ. איז גוט אומבאַדינגט ווי איך ראַט אייך. איך האָב אַפֿילו
די איבערצייַגונג, אַז דאַן וועט אייער חשובֿע פֿרוי אויף דעם מסכּים זיין.
וועט איר טאָן אַזוי, שאַנאָוונע פּאַניע?

— המם, יאָ. אויב מע דאַרף אַזוי.

— אויסגעצייכנט!... איצט נאָך איין זאַך. און דאָס איז אפֿשר דער
עיקר. אייער חשובֿע פֿרוי, שאַנאָוונע פּאַניע, קען קיין קינד נישט האָבן. און
וועט נישט האָבן. סע גייט איר אָבער אין לעבן אַ קינד יאָ צו האָבן. זי
גאַרט, זי לעכצט, צו דערפֿילן זיך פֿאַר אַ מוטער. איר, שאַנאָוונע פּאַניע,
דאַרפֿט איר פֿאַרשאַפֿן אַ קינד.

— ?! — קוקט הונטמאן אויפֿן פּראָפֿעסאָר, ווי א קראַנט ארויסגעצויגן אויף דער ליכטיקער שיין פֿון טאָג.

— אייער חשובֿע פֿרוי וואָלט למשל מסכים געווען, איר זאָלט זיך צוזאמענקומען מיט א פֿרוי, און דאָס קינד זאָל זי קריגן צו דערציִען עס...

הונטמאן שאָקלט פֿארצווייפֿלט הין און צוריק מיטן קאָפּ.

— ניין, מיינט איר צו זאָגן? דאָס איז נישט מעגלעך? איז קאָנט איר גלאט אדאפּטירן א פֿרעמד קינד, זי זאָל עס דערציִען. יאָ, זי מ׳וז אומבאַדינגט האָבן א מיטערלעכן אינטערעס... וואָס זשע מיינט איר וועגן דעם, שאנאָוונע פּאַניע?

— המם. איך וועל וועגן דעם טראכטן.

— אומבאדינגט, שאנאָוונע פּאניע!

— המם. נו, און ארבעטן? ארבעטן מעג זי?

— וואָס ס׳איז שייך שטוביקע ארבעט, פֿארשטייט זיך, איז עס פֿאר איר אפֿילו א געזונטע זאך. אפֿילו א נוצלעכע. אָבער — אָבער — זיך נישט איבערארבעטן. זי איז א שוואכע פֿרוי, אן איידעלע אפֿילו, און קיין שווערע ארבעטן טאָר זי נישט טאָן. — —

הונטמאן איז זיך מודה: זיי נעמען טאקע גראָב געלט די דאָקטוירים, שינדן די פֿעל, אָבער זיי זענען עס ווערט. נישטאָ וואָס צו רעדן. זי איז דאָך טאקע געזונט, מירל! רעדט צו דער זאך ווי א מענטש. און זיין פּראָפֿעסאָר האָט דאָך גערעדט עפּעס ווי א חכם און ווי א טרעפֿער צוזאמען! אלין איוף דער דלאָניע ארויפֿגעלייגט, ווי קליינגעלט... נא, און צייל איבער. כאָטש ער האָט גערעדט מיט א סך געלערנטע ווערטער... אלץ וואָס ער האָט געזאָגט מוז גוט־גוט באטראכט ווערן.

און שוין אויפֿן צווייטן טאָג, נאָך דעם ווי מירל שלאָפֿט זיך אויס פֿאר הדשים ווייט־זיין פֿון דער היים, וואשט זיך ארום און זעצט זיך צום עסן, — האלט הונטמאן פֿאר נייטיק א שמועס צו טאָן מיט איר ערנסט וועגן דער זאך. וויכטיקע זאכן האָבן נישט ליב קיין אָפּלייגעניש.

— ווי מיינסטו, מירל, זאָל איך זי משלח זיין?... די שיקסע, מיין איך... נאסטיען?

מירל הייבט פֿאמעלעך ארויס א שטיקל קאָפּ פֿון דער גלאָז מילך, הענגט־אויף אויף זיין ערנסט פּנים א שטילן קיילעכדיקן בליק, און אויך אזוי שטיל ענטפֿערט זי:

— נאסטיען אָפּזאָגן? צי וואָס? מע דארף דען נישט עמעצן אין

שטוב צו האָבן?... איך אליין וועל אלץ נישט באווייזן... די פּאָדלאָגעס וואשן, די קו מעלקן...

— וועט מען צונעמען א צווייטע אויף איר אָרט... איך ווייס... זי איז שוין אפשר צו לאנג ביי אונדז אין שטוב... ס'איז אפשר נישט קיין מעלה, ווען א גויה ווערט דיר א גאנצער בן־בית אין שטוב...

— ווי דו פארשטייסט, חיים משה... מיר איז דאָס אלצאיינס... דו וועסט אָבער נישט זיין צופרידן פון אַ צווייטער ווי פון איר... זי איז דאָך אזוי געטריי, איבערגעגעבן... דו...

— דו מיינסט?... וואָס?... — שטאמלט הונטמאן און ווערט רויט פאר זיין ווייב.

— יאָ, וואָס באדארף מען זיך אויסבאהאלטן? מאן און ווייב... איך בין שוין אלט. דו ביסט נאָך א יונגערמאן... איך פארשטיי... איך האָב דאַרטן אַ סך ארומגעטראכט וועגן דעם... (איר־ע אויגן גלעזערן זיך, און די וויעס פינטלען). איך פארשטיי עס... איך וועל עס דיר פאר קיין עוולה נישט פירהאַלטן, אַבי דו וועסט מיך ליב האָבן, חיים משה. וועסט מיך ליב האָבן? האָסט מיך ליב?

הונטמאן גלעט איר דעם קאָפּ, איז גערירט און פארוואונדערט גלייכ־צייטיק:

— ער איז א נביא, איז ער, דער פּראָפעסאָר!... בלויז איך זאָל דיך ליב האָבן ווילסטו, מירל?

— וואָס איך וויל? (צו זיך אליין שטיל:) וואָס וויל איך? א קינד וואָלט איך געוואָלט האָבן...

— מיינסט וואָס? איך אליין האָב שוין וועגן דעם געטראכט... ב'ווייס?... הערסט, מירל?... — טרינק דערוויל די מילך. זי ווערט קאלט — ווען דו ביסט דאָ נישט געווען, איז אָנגעקומען פאר אַ נאָווינע א קארטל פון דיין מאמעס שוועסטער. פון פייגע חיהן. איר טאָכטער, שרייבט זי, איז געשטאָרבן פון א ראַק.

— מיין קוזינע טייבל? — פרעגט מירל שטיל און גלייכגילטיק.

— יאָ, זי וואָלט וועגן דעם נישט געווען געשריבן, נאָר זי האָט אי־בערגעלאָזט א יתומל פון א יאָר אכט. זי איז דאָך געווען אן אלמנה טייבל (געדענקסט דאָך, איר מאן איז אין דער יאפּאָנישער מלחמה געהרגעט גע־וואָרן) — איז איצט דאָס קינד הייסט עס א קיילעכדיקער יתום. איז לייגט זי פאָר, דיין מומע פייגע חיה, מיר זאָלן דאָס קינד, דאָס יתומל נעמען צו זיך. נו...

מירל ווערט פאראמאָל בלאס. די ליפּן צוקן. אין די אויגן דרייען זיך שנעל אָן טרערן. זי שטרעקט אויס צוויי בעטנדיקע הענט. און דער גאנצער גוף ווערט איין שטיק צאפּלדיק געבעט.

— נעם עס, חיים משה, נעם עס! ביסט דאָך מיין מאן... דארפסט דאָך מיר געבן א קינד — נעם עס... גיב מיר כאָטש דאָס...

הונטמאַנס הארץ טוט זיך א ריר, און מיט שטילקייט, וואָס איז אים גאָר גישט אייגן, מיען אים א פאַל ארויס צוויי ווערטער פון מויל:

— גוט, מירל.

צוויי גרייסע טרערן, צו גרויס פאר איר פּנים, פאלן אראָפּ פון אירע וויעס אין דער גלאָז מילך אריין, אין די אויגן, געוואַשענע און געלייטערטע, בעטן ווייטער... בעטן, בעטן ווייטער.

— גוט, מירל — חזרט איבער הונטמאן.

נאָך פון גיט זאָגן ביז טאָן דאָס גיטע ליגט שטענדיק א ווייטער, שווערער וועג. און באַזונדערס איז אַזאַ וועג שווער דורכצוטאַכן אַזאַ איינעם וואָס הייסן הייסט ער חיים משה, נאָך זיינעם א ייִדן און אויפגעקומענעם גביר און שפּעטערדיקן יורד, און א צונאָמען האָט ער געקריגן, נישט אימזיסט דאָך — הונטמאן. אָ, נישט געאיילט און נישט מיט קיין גרינג הארץ דערהאלט ער זיין וואָרט.

...א קינד, א פרעמד קינד, און א יתומל דערצו, וואָס ווערט צוגענומען אין שטוב אריין, איז ש ט אָ ט זיין טאַטע. יעדער האָט דיר צו זאָגן וועגן דעם א דעה... ס'איז דען דיינס?! און דו גיב דעם פּינעסטע וועגן עס, קלייד עס אין שיך עס, שיק עס אין חדר, און „לערן“ עס נאָך אויך. וואָרן מע מיז דאָך אַזאַ קינד פאַר א לייט מאַכן, אַז ווען עס פאַרלאָזט דיין שטוב, זאָל זיך עס קענען אויף די אייגענע פיס שטעלן. אַלץ טו, און קיין באַלעבאָס אויף דעם ביסטו נישט! סע זענען דאָ נאָך באַלעבאַטים, כאָטש צישטייער גיבן זיי נישט... וואָלט עס כאָטש עלטער געווען, קען מען עס צו עפּעס אן ארבעט אויסנוצן. סע וואָלט זיך שוין אויסגעזוכט. ס'וואָלט אַ ביסל אָפּגעפּארדינט די קאָסטן. איצט — זיץ און וואַרט ביז ס'וועט עלטער ווערן!... און — ס'וועט זיין זיך צו היטן פאר נאָך א פּאָר אויגן... א קינד

איז אַ גנב (הערצל!...). נאָר גיי, מאַך! זי האַלט אים אין איין מאָנען, מירל: „האָסט דאָך מיר צוגעזאָגט, חיים משה! האָסט דאָך מיר צוויי מאָל צוגעזאָגט!?“ און מאָמער, חלילה, פירט עס איר ווידער אראָפּ פון זינען!... כ'האָט אים ווייניק אָפּגעקאָסט?! ער וואָלט דאָך שוין געהאט היפּש צו שטייער פאַרן יתום... עד! נישטאָ קיין ברירה. מע מוז זיך אונטערבינדן דעם פּאסעק, און נעמען אויף זיך די „פּאנשטשינע“... א פרעמד קינד!... וואָלט כאָטש געמעגט זיין א קינד פון נאסטיען... אך, ס'זאָל נאָר די שׂיָה נישט זיין!

נאָר א טייוול האָט אונטערגעהערט זיין מחשבה, און ברענגט אים די ווּיסטע שעה.

סע געשעט אין דעם טאָג, ווען ער ברענגט צו פירן בינעמלען, דאָס אַכטיאָריקע יתומל, סע זאָל שוין ביי זיי פאַרבלייבן. דאָס האַרץ איז אים „אָנגעבאָליעט“ פון דעם גאנצן עסק, מירל איז אינגאנצן פארשלונגען פון דעם „בחור“, אז ס'איז מיט איר קיין וואָרט נישט צו רעדן, און די מיל שטייט צוליב די גויאישע הגאות. נעמט ער ביינאכט און שטאט אָפּ נאָך א לענגערער הפסקה א וויזיט נאסטיען. נאסטיע דערפרייט זיך מיט אים, ווי אַ הונט מיט זיין פון א לאנגער רייזע צוריקגעקומענעם באלעבאָס. זי כאַפּט ארום זיין קאָפּ מיט צוויי צעזאָמענע הענט און אָטעמט אים אריין א היימן שטילן סוד:

— דער „כאָזיאיען“ ווייסט? זי איז פארגאנגען אין טראָגן...

דעם ערשטן אויגנבליק קוקט ער אויף איר פארגליווערט... זי שמייכלט צו אים ארויף מיט א שמייכעלע פון טיפן גליק אין טיפער שולדיקייט גלייכצייטיק. און ראפּטעם טוט ער זיך מיט אַזאַ אימפּעט פון איר א ריס, אַז איר דוכט זיך — דאָס בעט אונטער איר איז מיט די פיסלעך אין דער פאָדלאָגע אריין.

— כאָליערא! — טוט ער איר אַ קאָפּע מיט אַ פוס — סוקא! האָסט עס ביי מיר אויסגענאַרט!... ס'איז נישט מיינס! ס'איז דיינס! איך וויל עס נישט!

און זיין פויסט פּאָכעט איבער איר פנים, ווי אַ האַמער:

— דו הערסט?! סע זאָל נישט זיין! דו הערסט? סע זאָל אויסריינען! דו הערסט? זאָלסט עס מיר פון די געדערעם אַרויסרייסן! דו הערסט?

נאַסטיע הוילט און שטומט. זי ווייסט — איצט איז נישטאָ וואָס צו רעדן. אויף צו פארענטפערן זיך, אז ער אליין איז שולדיק... זיין שוואַכקייט... זי האָט דאָך קיין האנט נישט צוגעלייגט. א שטורעם מוז מען אי-

בערוואַרטן. וואָס ער מאַכט קאַליע, די תבואה וואָס עס לייגט איין — פאַרפאַלן! און דערנאָך דאַרף מען ראַטעווען דאָס איבערגעבליבענע... ער זאָל זי כאָטש נישט אינגאַנצן פאַרטרייבן. ניין, זי וויל נישט. זי האָט אים אזוי ליב! אפילו איצט, ווען ער שלאָגט זי — — —

און אז דער שטורם גייט אַריבער, כע פאַרלויפן אַ צוויי דריי טעג, ס'איז פרייטיק־צונאַכטס, און ער קומט צו איר ווידער פיל מיט באַנער און דאָך מיט דער פראַגע: — נו?... — זאָגט זי אים מיט געבעט:

— זאָל דער „כאָזיאַיען" נישט ברוגז זיין. א פרוי איז ווי א פעלד. כאָטש אין דעם א קערנדל, אפילו אָן דעם פויערס וויסן, גייט עס אויך אויף. זי איז נישט שולדיק. און אליין איבערקערן די קישקעס, ווי מע קערט איבער אַ העמד אין געוועש, קען זי נישט. אויב ס'איז דאָ עפּעס אַן עצה — מילא, זאָל גאָט מוחל זיין פאַר די זינד! ער איז דאָך א קלוגער, כאַיעם מאַישקאָ, א כיטרער אזעלכער, זאָל ער זאָגן, וואָס מע דאַרף טאָן...

איינגעהאַלטן, איינגעהאַלטן, און שיסט ראַפּטעם אויס א יאָמער:

— זאָל ער נעמען די האַק און אריינהאַקן אין איר בויך... ווי אין א בערעזע... דער זאַפט זאָל ארויס!...

און זי טוט א פאַרקאַמטשע דאָס העמד ביז איבער די ברוסטן אויפן קאָפּ ארויף און דערשטיקט אין דעם דאָס געוויין.

טאַ, מ'איז נאָר א לעבעדיקער מענטש. ער טוט א ציטער איבער דעם „לעבעדיקן" פרישן לייב מחמת תאווה, און אפשר גלייכצייטיק אויך פון מיטגעפיל, און נעמט איבער אין זיין רשות דעם נאַקעטן גוף, וואָס ליגט פאַר אים, מיט אַזאַ גיטסקייט און איבערגעגעבנקייט, וואָס דאַרף הייסן: „יאָ, יאָ. איך זאָג דיר צו. איך, דיין קליגער און כיטרער „כאָזיאַיען". איך וועל שוין געפינען עפּעס אן עצה..."

און די גוטע, היפּשע נאַסטיע, היפּש ווי אַ קו פון דעם גראַף סאַ־באַטשינסקים אָבאָרעס, פאַרוואַנדלט זיך אין זיינע אָרעמס אין איינער פון די שטילע טייכן, וואָס שטעלן זיך אָפּ טאָג־טעגלעך פאַר דער שוועל פון דער מיל, אַ קערנדל כאַפּן...

הונטמאַן גייט נישט אַהיים די גאַנצן וואָך. ער שטעלט נישט ארויס קיין פוס פון דער מיל.

...סע קלאַפּט די מאַשין, — איז דאָס נישט דער מעכטיקער קלאַפּ פון זיין האַרצן?

...סע כאָפּעט דער קעסל, — איז עס נישט דער מעכטיקער אָטעם פון זיינע לונגען?

...סע טרייסלען זיך און קלאפּן, טרייסלען זיך און קלאפּן די קאסטנס, ווי די תבואה ווערט אויפגעשיט, — זענען דאָס נישט זיינע מעכטיקע צע־טרייסלטע אקסלען, וואָס נעמען אויף און ווארפן פון זיך אראָפּ א מאסע נאָך א מאסע?

...דורך אָפענע פירקאַנטיקע מיילער שיטן זיך אָן אויפהער מעל־שטראָמלעך און זעק, — איז דאָס נישט זיין קראפט, וואָס ווערט צעמאָלן אין שטויב, אין גאָלדענעם שטויב?

...די סירענע שניידט דורך די לופט מיט א פייף־געוואָי, — איז דאָס נישט זיין תאווהדיקער געשריי אין דער וועלט אריין: — גיב גאָלד! גיב גאָלד! גיב ג־אָ־אָ־אָלד!!?

...סע לויפן און שווינדלען אין מונקעלן צימער די פאסן, — איז עס נישט דער מונקעלער געלויף און געדריי פון זיין בלוט אין די אויפגעלאָ־פענע אָדערן?

...דרייען זיך, דרייען זיך אזוי שנעל די וואלצן, די רעדער, א שנעל־דרייענדיק שטיין, אָדער א פארגליווערט־שטייענדיק געדריי, — איז עס נישט דער נישט־אָנטאפּעוודיקער, נישט־אָנכאפּעוודיקער געדריי פון זיינע מחשבות אין שארבן?

...יאָ, סע דאכט זיך אים: אליין עקזיסטירט ער נישט. ער איז א טיילכל פון דער מיל. ער איז די מיל אַליין. די מיל דאָס איז א י ך ...

און פונדעסטוועגן זיפצט ער אָפּ פון צייט צו צייט, הונטמאַן. זיפצט אָפּ אין זיך אַריין. פאַר זיך אַליין. אָן קיין שייכות צו דער מיל. איז אים שוין די ארבעט צו שווער? קריכט אים שוין די עלטער אזוי טיף אין די ביינער אריין, אַז אַ מידקייט בלאָנדזשעט ארום צווישן זייערע געלענקען? ניין. ס'איז נישט צוליב דעם. סע איז דערפאר, וואָס די מיל, איר רויש, איר לויף, איר טעטיקייט — שלינגען אים דאָך נישט איין אינגאנצן. ס'עק־זיסטירט ד אָ ך אַ באַזונדערער הונטמאַן. און אין דעם באַזונדערן הונט־מאן גייט זיך אָן אן אנדער טעטיקייט, א באזונדערע, א פּאָרזיכטיקע... ווי א האָלץ אונטערן נאָגל שטעכט היינטערן הארצן די זאָרג וועגן נאסטיעס שוואנגערן און זי מאכט דאָרט גנאָיען, גנאָיען, אז —

... וואָס טוט מען? אָפּשיקן זי צו זיך אין דאָרף אַריין, אַרויסטרייַ־בן זי הייסט עס? וועט זי דען מיטן גוטן ווילן אַוועקגיין? זי וועט דאָך מאַכן א סקאַנדאַל! און אז ס'וועט קומען פאַרן געריכט?! וואָס? ס'איז נישט זיינס, וועט ער טענהן? ס'איז פון אירן אַ שייגעץ... דאָס גאַנצע דאָרף שקאָצים וועט קומען, פּאקן אים, און די זייטן אונטערהאַקן! ס'איז

דאַך אַ דאַרף מיט גויים מערדער!.. און מירל? אזא בזיון פאַר איר!..
און וואָס טוט מען? ער וואַרט, און די ראַשטשישינע גייט איוף! וואָס
האָט ער זיך געטראַכט, בעת ער איז געקראָכן צו איר, שוין נאָכדעם ווי
זי האָט אים מגלה סוד געווען? וועמען פרעגט מען אַן עצה? אַז קיין איינ־
ציקער פריינד איז נישטאָ!.. די אייגענע מאַמע איז אַ שונא. זי מוז שוין
גאָר זיין אַ ביסל עיבר־בטל... דער בעסטער פריינד איז דאָס ווייב, און
מיט איר... נו...

הינטמאַן איז אַזוי פאַרזונקען אין זיינע צערפּילע מחשבות, אַז ווען
דאָס וואָלט נישט געווען אין געמומל פון דער מיל, וואָלט מען געקאָנט
דערהערן אַ סך פון דעם, וואָס ער טראַכט. ער רעדט צייט־צו־ווייז צו זיך,
אומבאַמערקט פון זיך אַליין. דערפאַר אָבער הייבן עס אָן באַמערקן אַנ־
דערע, די מיל־מענטשן. זיי שושקען זיך וועגן אים:

— נישט אַנדערש דאָס שטערצל האָט זיך ביי אים איבערגעדרייט,
ביי דעם הונט!

אָפט שלאָגט ער זיך אָן פאַרביינגייענדיק אין וועמען פון זיי, און טוט
זיך אַ צעבייזער פון אינטערן זאַק אַרויס: — די אויגן שטעקן דיר אין
הינטן, הינטישער זון?!

נאָר איינמאָל געשעט, אַז אָנשטאָט דעם בייזער פאַלט אים גאָר
אַרויס דורכן מויל די כסדרדיקע מחשבה: — איז ביי וועמען זשע פרעגט
מען אַן עצה?

— ביי אַן אַדוואָקאַט!.. — צעלאַכט זיך ווער הינטער זיינע פּליי־
צעס.

ער בלייבט שטיין, ווי דער זעקספּודיקער זאַק וואָלט אים פּלוצעם
צו דער ערד צוגעקוועטשט. ער דרייט איים דעם קאָפּ צו זען „ווער איז
אים דאָ אונטער די פיס אַרונטערגעקראָכן"? אָבער די אויגן זעען נישט
דאָס, וואָס זיי זעען. דער מוח איז געפּלעפּט פון דעם געדאַנק: „ביי אַן
אַדוואָקאַט"!..

... לעאָן מינצער האָט אים אַוודאי אַ שלעכטע עצה געגעבן מכוח
מירלען!... אָבער די עצה האָט געקאָסט אַ ממון געלט!... און?... פאַר אַ
שותף אַזאַ מעשה?... גיין צו אַ צווייטן אַדוואָקאַט? ער ליגט שוין אַריין איך
געשעפט! באַצאָל פאַר אַ וויזיט! צי ער האָט דיר יאָ וואָס צו זאָגן, צי
נישט... פאַר וועמען דען זאָל מען אַן אומגליק דערציילן, אַז נישט פאַר
אַ שותף? אַדרבא... ער דאַרף אַליין פאַראינטערעסירט זיין, לעאָן מינ־
צער, אויב ער איז דעמאָלט פאַראינטערעסירט געווען מיט מירלען.

מיט דער צייט וואקסט אַרויס פון צווישן די מחשבֿות הער ווילן. ער איז שטייף און אַנטשלאָסן צו טאָן, וואָס מע דאַרף. און ווי ער גייט און שטייט אין די דורכגעלעכערטע מיל־בגדים, זיצט ער איינמאָל אין קאָנטאָר פאַרן שותף, אַדוואָקאַט הער לעאָן מינצער:

— וואָס וועט איר זאָגן גוטס, הער שאָפּמאַן?

— המם...

— א געשעפֿט־ענין?

— המם... ניין.

— ניין? איז מיט וואָס זשע... קאָן איך אייך דינען?

— איר זענט אן אַדוואָקאַט, הער מינצער.

— נו, יאָ. פֿאַרשטייט זיך...?

— איך בין צו אייך... אַן עצה... המם...

— אך! — און אַ צופֿרידן שמייכעלע טוט א שימער איבערן אַד־וואָקאַטס שוואַרצער זיידענער באָרד — זעט איר! און ווען כ׳האָב אייך דאַן געגעבן די עצה וועגן אייער פֿערזענלעכן ענין, האָב איך געהאַט דעם איינדרוק, אַז איר האָט פֿאַראיבל.

— גאָט באַהיט! וואָס רעדט איר, הער מינצער! איך בין אייך זייער דאַנקבאַר. און דערפֿאַר טאַקע..

— קומט איר אַ צווייט מאָל? ווידער אייער חשובע פֿרוי?

— ניין, ניין. מיין פֿרוי איז, א דאַנק גאָט, געזונט. נאָר... המם... ס׳איז גאָר אַן אַנדער ענין. זעט איר?...

— איר דאַרפֿט זיך אין קיין זאַך נישט קרעמפּירן, הער שאָפּמאַן, איר רעדט פֿאַר אן אַדוואָקאַט...

— און פֿאַר א שותף...

— איז אַדרבא, וואָס כ׳וועל נאָר קענען.

— אַזוי... ס׳איז זאַך. איך האַלט אין שטוב א דינסט. א שיקסע. נו, א שיקסע, ווי אַ שיקסע. נישט קיין יידיש מיידל. קומט אַ זונטיק, פֿאַרמאַכט זיך נישט ביי מיר די הינטערשטע קיך־טיר. אַ שייגעץ אַריין, אַ שייגעץ אַרויס. געלעכטערן, קוויטשערייען. נו, מיין דאגה? קאָן זיי אין

וואנט! „גיע מאק לי“? זאָל מיר אין זינען קומען?.. מיט איין וואָרט, ב'ווער געוואָר — די ישיקסע איז דאָך אין מראָגן פאַרגאַנגען!.. א?

— זאָגט מען זי אָפּ, אין באַסטאַ! — מאַפּן אים אַרום די אַדוואָקאַ־טישע אויגן. „מאַפּן ביי אים דעם דופק“.

— האָב איך, פאַרשטייט זיך, אַזוי געטאָן. אָבער אַ כימרע מויד!... קיקט מיר גלייך אין די אויגן אַריין מיט חוצפּה, און שיסט אַרויס: — איך גיי נישט!.. „באַוויזען ווינאָוואַט“!... סע הייסט... א כאָליערע אין איר גוישן פּיסק אַריין!

הער לעאָנס אויגן ווערן אָנגעקוואָלן מיט געלעכטערל. שמילס אָבער מיפּס. באַמש אינגאַנצן איז ער דאַכט זיך פאַרגליווערט, אַפילו דאָס פּנים. מיז נישט אַנדערש דאָס געלעכטערל אַרימלייפן הינטער זיין הויט. הונטמאַן האָט מורא פאַר דעם, אַז יעדע מינוט, אָט־אָט, ברעכט עס אויס. נישט נאָר מורא האָט ער. סע גייט אפילו אָן אויף אים אַ צאָרן קעגן דעם „פּאָליטורמן“ שיתה, וואָס אָט ווערט ער צעזעצט...

... אויב ער וועט אים אויסלאַכן, וועט ער אים... וועט ער אים גע־בן אין די ווייסע פאַרצעלייענע ציין!.. זע זשע אָבער — אַן אַדוואָקאַט בלייבט אַן אַדוואָקאַט! ווי ער וואָלט געלייענט זיינע מחשבות, היים משהס, פון פּנים אַראָפּ (מע דאַרף מאַכן א פריינדלעכע מינע...) ער לאָזט אַראָפּ די אויגנלעדלעך, דער אַדוואָקאַט, איבער די אויגן, מוט איבער זיי א וויש מיט די אָנביינדלדיקע פינגערלעך, און ווי די אייגן זענען גלייך ציריק אָפּן, איז שוין דאָס געלעכטערל אין זיי „ווי מיט דער האַנט צוגענומען“. מיט אַ קליין פּריציש הוסטעלע מאַכט ער עפּעס צורעכט ביי זיך אין קעל:

— המם... הערט, הער שאַפּמאַן. איך וועל אייך אויך דאָס מאָל נישט קיין אַדוואָקאַטישע עצה געבן. איר פאַרשטייט? יאָ געווינען, נישט גע־ווינען — א סקאַנדאַל וועט זיין... ווי וועט איר זיך פילן אין שטעטל?

— איך האָב עס אין דר'ערד!

— נו, און די פריי? פאַמיליע? אויב איך האָב נישט קיין מעות, האָט איר נאָך אַן אַלטע מוטער. המם... און פאַר דער פירמע — איר ווילט דאָך מיך פאַרשטיין, הער שאַפּמאַן — איז דאָס אויך נישט... ווי זאָל איך אייך דאָס זאָגן?

— עך! יאָ. ס'איז אַן אָנשיקעניש אויף מיר... און אַז איר, הער לע־אָן מינצער, קאָנט מיר שוין אויך קיין עצה נישט געבן...

— ווער זאָגט? ס'איז דאָ. איר פאָרט צו מיט איר, מיטן מיידל, הייסט עס, אין אַ קרייז־שטאָט, צו אַ דאָקטאָר.

— וואָס רעדט איר? ווי קומט אהער א דאָקטאָר אין מיטן דערינען?

ווידער צעלאַכן זיך טאַנצדיק צוויי פינקעלעך אין אַדוואָקאַטס אויגן:

— זענט איר דאָך טאַקע גאָר אַן אומשולדיק יינגל, הער שאַפּמאַן! פאַר אייך איז טאַקע אַן עסק מיט א שיקסע גאָר קיין עסק נישט. בע־בע־בע!... המם. אַן שפּאַס. דער דאָקטאָר דאַרף מאַכן אַן אָפּעראַציע, סע זאָל קיין קינד נישט זיין, מאַכן אַן אַבאָרט הייסט עס. האָט איר עס שוין באַנומען?

הונטמאַנס פּנים איז ערנסט, איינגעשרומפּן און גרוי, ווי אַ דערשראָ־קענער יעזוש:

— המם... אַזוי. אַ דאָקטער הייסט עס. יאָ, צו אַלץ טויגן זיי, די דאָקטוירים. איז... קען מען גלאַט אַזוי־אָ מיט אים רעדן אָפן? זאָגן אים: אַזוי און אַזוי?..

— ניין, פאַרשטייט זיך. גלאַט אַזוי קען מען נישט. נישט מיט יעדען וועט אַ דאָקטאָר וועגן דעם רעדן. מע דאַרף האָבן רעקאָמענדאַציע. המם... הערט הער שאַפּמאַן. אין אַ וואָך, צוויי, קומט צו פאָרן. איך וועל שוין מיטן דאָקטאָר האָבן איבערגערעדט וועגן אייער ענין. ס'איז דער דאָקטאָר פּאַוולענקאָ. איר האָט דאָך געהערט פון אים? יאָ. איר וועט אים בלויז דאַרפן זאָגן: — הער לעאָן מינצער האָט מיך רעקאָמענדירט. און... די רעדער וועלן זיך אַ דריי טאָן... איר וועט בלויז דאַרפן „שמירן“.

— אַזוי?... — איז הונטמאַן שווער פאַרקלערט, און נאָך שווערער הייבט ער זיך אויף, מיטן געפיל, אז מער האָט ער שוין דאָ נישט וואָס צו טאָן. מע דאַרף אַוועקגיין, צו זיין אַליין מיט די אייגענע געדאַנקען, אַרומצוקלערן די זאַך — איז דאָס הייסט עס אייער איינציקע עצה? און שוין?

— המם, — ברומט הער מינצער, און דער ברום מיטן בליק צוזאַמען האַלטן נאָך צו הונטמאַנען. ער האָט נאָך קענטיק וואָס צוצוגעבן. און הונטמאַנס פּנים איז — אַ פראַגע, באַוואָקסן מיט האָריקער זאָרג.

— איין וואָרט נאָך. איך קען מיטן דאָקטאָר רעדן נאָר אין פאַל ער זאָל וויסן, אַז איר זענט אַ שותף פון אונדזער פירמע... ווי די זאַך זאָל נישט זיין... נאָר פאַרשטייט איר מיך, הער שאַפּמאַן, צו אים מוזט איר קומען א ביסל בעסער אָנגעטון... בע־בע־בע! איר זאָלט זיך נישט אַריינשטעלן צו אים, ווי א זאק מעל. ווי אַט ערשט צו מיר. אַנטשולדיקט!.. מילא, מיר זענען אייגענע מענטשן. מ'איז שוין געוווינט. נישט אמת?...

נו. און וואָס ס'איז שייך געלט... קען מען אין אזא פאַל קיין קאַרגער ניט זיין... א צענערל מער, א צענערל ווייניקער... און באַסטאַ! און... (ווידער מוזן א לאַך פינקלדיקע שדימלעך אין די שוואַרצע סאַמעטענע קליידלעך פון זיינע אויגן) אויף ווייטער היטס אָפּ די שיקסע פאַר שקאָצים... מע קאָן ניט אזוי גוט זיין צו א דינסט... אַלזאָ, זאָל איך רעדן?

— אַז מע האַלט מיר פאַרן נאַרנל!... רעדט, זאָל זיין.

הונטמאַן זיצט אין וואַרטצימער פון דאָקטער פּאַוולענקאָ. ער איז, לויטן פאַרלאַנג פון הער מינצער, אין דעם שבתדיקן אָנטון. די באָרד, דורכגעקעמט מיט מירלס אייזערנעם קעמל, איז אויסגעגלייכט און מיט גלאַנץ אַפּילו; זי איז צונויפגעקנוילט און צוגעטוליעט צום האַלדז, ווי אַן אויסגעקיילעכטע שטיק מעש. פון אונטער איר קוקן אַרויס צוויי ליכטיקע שפּיצן פון א פאַפירענעם קאָלנער (ער האָט באַצאָלט פאַר אים פינף גראָשן, אָפּדינגענדיק איינעם פון דעם פּרייז, ווייל ער איז שוין אַרויס פון דער מאָדע). א שניפּס דערפאַר האָט ער אָנגעטאָן דעם בעסטן פון די אַלטע גוטע צייטן, ווען ער איז נאָך געווען א פּראַנט. און אינגאַנצן זעט ער אויס יום־טובדיק, פייערלעך און אָבלדיק גלייכצייטיק, ווי אַ וואַקסן ליכט צו הזכרת־נשמות אין בית־מדרש.

ער האָט פּין וואָס טרייעריק אויסצוזעען. ערשטנס, האָט ער היפּש פּחד: ביי אַ דאָקטער — קאָן דאָך פּלוצעם אַריין עמעץ פון שטעטל!... ווי קומט ער, חיים משה, צו אַ דאָקטער? עפּעס האָט מען גאָרנישט געהערט, ער זאָל קראַנק זיין?! און דאָ זיצט אים די שיקסע קעגנאיבער!... זיימלט ער — מאַקע דערפאַר דאָס רעכטע אויג צו דער שוועל פון דער דרויסנטיר — צי באַווייזן זיך ניט דאָרט קיין פאָר שטיוועלעך אָדער שטיוול פון זייער שטעטל... צווייטנס, איז ער אַלץ דורכגענומען, ווי א הערינג מיט זאַלץ, מיט דער עסנדיקער זאָרג, וואָס ער האָט אַרויסגעטראָגן מיט צוויי וואָכן צוריק פון הער מינצער: מיט וויפל שמעקט עס, דאָס געשעפט?.. וואָס וועט ער הייסן פאַר זיך אנידערלייגן?..

... אך! און וואָס שלעפּט זיך עס אַזוי?! זאָל עס שוין זיין וואָס גיכער!

... ער האָט זיך צייט! — איז ער שוין באַצייטנס רוגזהדיק געשטימט צום דאָקטער. ער האָט קעגן אים אַ שלעכטן פאָרגעפיל.

אָבער צו נאַסטיען — אַפילו אין איר זייט קוקט ער נישט. דער חלל צווישן זיי איז אָנגעפילט מיט זיין שנאה צו איר. מיט אַזאַ געדיכטער שנאה, וואָס לאָזט זיך אָנטאַפּן. וואָס לאָזט זיך אַפילו הערן מיט אַ ברום פון אַ בייזן הונט: נאָך פון איר איז ער מחויב צו ליידן! אויך אַ פּריצה צו דאָקטוירים צו פאָרן!...

נאַסטיעס אויגן ווידער זענען איפגעהאָנגען נישט אינגאַנצן גלייכ-גילטיק אויפן געבלימלטן שלאק אונטערן סופיט. עפּעס פילט זי אין אים גאָענטעס, אין דעם שלאק, כאָטש זי ווייסט נישט פאַרוואָס. דער שלאק, אין אוקראַינישן סטיל, וועקט אין איר דערמאָנונגען וועגן דאָרף, וועלכע זענען אַזוי ווייט, אַזוי ווייט פון דעם, וואָס ס'איז איצטער. דעמאָלט איז דאָך אַזוי גוט געווען! אַזוי גוט! און איצט איז דאָך אַזוי שלעכט! אַזוי שלעכט!... ס'איז אַזש פיינלעך. און פון פיין טאַקע זענען אירע אויגן אַזוי גרויס. זי זעט אוים פארווונדערט און איבערגעשראָקן. דאָס פּנים — בלאַס, די שטיפל-טאָלעבלעך — פיל מיט שאָטנדיקייט. און פון די ליפּן-ווינקלען רינט אָפּ גרינע גאַל. פון צייט צו צייט טוט זי גיך, בגנבה אַ פיר איבער דעם בליק איבער זיין פּנים, און דעמאָלט ווערט שטאַרקער נאָך די פיין אין האַרצן: ווען ער וואָלט נישט קיין „זשיד" געווען, וואָלט זי נישט געדאַרפן איצט לאָזן זיך אויפטרענען דעם בויך!..

ענדלעך גייט ער אַריין אין דאָקטערס קאַבינעט. אויף זיין רויען ווינק שלייכט הינטער אים אַריין נאַסטיע. ער טוט שנעל אַ מעסט אָפּ דעם דאָקטער פון אונטן ביז אַרויף: אַ הויכער, נאָך יונגער שייגעץ. אינגאַנצן אין ווייסן. דאָס פּנים בלוט און מילך. איידל, ווי אַ פּאַניענקע. דער ערנסט — בלויז דאָקטאָרישער אָנשטעל... אָט דער וועט עס איר שניידן? וועט שניידן מיין קעשענע?...

— ווער איז דער קראַנקער? — פרעגט דער דאָקטער און, גלייך זיך אָריענטירט, מיט אַ פינגער-רוף צו נאַסטיען — בימע!

נאַסטיע טוט לויט זי פאַרשטייט: אַ זעץ זיך אויף דער דערבייאיקער קאַזעטקע און גענומען זיך שנעל אויסטון.

— הער דאָקטער, — דערנעענטערט זיך הונטמאַן מיט אַ סודותדיק פּנים און רוימט איין דעם דאָקטער אַ סוד — מיך האָט געשיקט אהער הער לעאָן מינצער.

— אה, אַזוי?! — איז דער דאָקטער קענטיק צופרידן — בימע, זיצט, הע־ער?

— שאָפּמאַן.

— דעם הער מינצער בין איך שטענדיק גרייט צו דינען. אַלזאָ, ווילט איר, הייסט עס, הער שאָפּמאַן, אַן אַבאָרט?

ער לאָזט נישט אַראָפּ קיין אויג פון נאַסטיען, וועלכע זיצט א וואַרטנדיקע, חוה־נאַקעט שוין.

— איר קענט זיך אָנטון. אין וויפלטן חודש?

— אין דריטן.

— המס... יאָ. קען מען. ס'א שאָד בלויז... אזא פּרעכטיקע פרוי... כ'ע וואָלט אַ פּרעכטיק קינד געווען... און איר, הער שאפּמאַן, זענט א געזונטער מענטש?...

הינטמאַן מיט אַ ווענד דאָס פּנים צו נאַסטיען, ווי ער וואָלט זיך וועלן איבערציַיגן אין דאָקטערס רייד. אָבער אים נעמט איצט נישט די נאַקעטע פראכט. ס'איז בלויז אַ נאַקעטער שונא, וואָס די שנאה צין אים ברומט ארויס פון די געדערעם. און ער מרוקעט פאַרביטערט:

— פאַרשטייט זיך, הער דאָקטער, אַן אייגן קינד איז שטענדיק א שאָד... אָבער...

ער האַקט אָפּ, וויַיל אומדערוואַרט מיט נאַסטיע אַ שטעל אָן אויף אים א פּנים, וואָס איז רויט־אָנגעצונדן פון רציחה... וואָלט דאָס אין דער היים געווען, וואָלט ער איר דערלאַנגט אַ פלעם אין פּיסק אַריין פאַר אזא טריפהנעם קוק! דאָ...

אָבער דער דאָקטער, זעט ער, פאַרשטייט אים. וויַיל זיינע אויגן מאַנצן אַרום איבערן וויַיבן פּנים, ווי די זאַך וואָלט געווען גאָרנישט אַזוי ערנסט.

— אַלזאָ? — מאָנט ער שוין ביים דאָקטער.

— יאָ, די זאַך קען געמאַכט ווערן. אפילו היינט נאָך. איר וועט איבערוואַרטן דאָ אין צווייטן צימער. כ'וועל בלויז דערליידיקן די צוועלבע וואַרטנדיקע פּאַציענטן.

— און וויפל וועל איך דאַרפן באַצאָלן פאַר דער מרחה, הער דאָק־טער? — קאָן ער זיך שוין מער נישט איינהאַלטן.

— המס... נישט קיין סך, — שמייכלט וויַיטער דעם דאָקטערס פּנים. מיט די מאַנצנדיקע אויגן. הינטמאַנען ווערט שיעור־שיעור נישט לייכט אויפן האַרצן: „נישט קיין סך“ — צוויי הונדערט רובל.

הונטמאַנס הענט טוען אַ שפּרונג־אויף און אַ פּאַל־צו מיט צוויי פויסטן צום קאָפּ מיט אַזאַ פאַרצווייפלונג, אַזש דער דאָקטער ווערט אויף אַן אמת ערנסט.

— וואָס איז געשען, הער שאַפּמאַן?

פון הונטמאַנס האַרץ רייסט זיך איצט אַ שטום נאָר בלוטיק געשריי: גזלן! (געמיינט דעם דאָקטער) גזלנים! (געמיינט אַלע: דעם דאָקטער, הער לעאָן מינצער און די שיקסע). נאָר איידער נאָך דאָס געשריי קומט אויף אין דער קעל, רעזיגנירט ער, רעדט אַרויס שטיל און אָבלדיק:

— איך בין נישט ביכולת, הער דאָקטער, אַזויפיל געלט.

אָבער דער „שייגעץ" מאַכט זיך תם:

— וואָס? איר האָט נישט די גאַנצע סומע, הער שאַפּמאַן? שטו־תים! איר קאָנט לאָזן אַ וועקסל... אייער פירמע איז בטוח... אַזוי. און פאַר ווייניקער פּאַטשקע איך זיך נישט... איבעריקנס, דאָס מיידל איז עס ווערט...

— המם... — כאַפּט הונטמאַן ישוב־הדעת, אויפהייבנדיק זיך פון אָרט — קיין וועקסלען שרייב איך נישט אונטער... און צו דער פירמע האָט עס קיין שייכות נישט. העט לעאָן מינצער האָט גלאַט אַזוי... מחמת פריינדשאַפט. נאָר... איך וועל אַרויסגיין אין גאַס, אפשר וועל איך קריגן געלט. אנישט, וועל איך שוין אַריינקומען אַ צווייט מאָל... און אפשר קאָן דאָך זיין ווייניקער?

— ווי איר ווילט — איז דער דאָקטער קאַלט און זיכער, ווי אַ שטאָ־לענע רער — נאָר... אויב איר וועט צופיל אָפּשלעפּן קאָן ווערן שפּעט...

אין דרויסן, באַגלייט אויפן קעגנאיבערדיקן טראָטואַר טריט ביי טריט פון נאַסטיען, שפּאַנט הונטמאַן שווער און לאַנגזאַם, ווי אַ פערד, וואָס ציט אַ שווערע מאַסע אויף אַ זאַמדיקן וועג... דאַכט זיך, אַז ס'איז קיין עצה נישטאָ!? אָבער מיט אַזאַ סומע געלט קאָן מען האָך אַ זון פון פריזיור אויסלייזן!... מיט אַזאַ סומע קאָן ער זיך דאָך, דער דאָקטער, טיילן מיט לעאָן מינצערן. מערדערס! כאָטש נעם און הענג זיך אויף פאַר זיי אין די אויגן!... צי קאָן מען טאַקע אין ערגעץ נישט מאַכן ביליקער? ביי דאָקטער פּאַוולענקאָ ענדיקט זיך די וועלט? און אַז אַריינגיין אַ שטייגער צו אַ צווייטן דאָקטער? ווי האָט ער געזאָגט לעאָן מינצער? „גלאַט אַזוי קאָן מען נישט. נישט מיט יעדן וועט אַ דאָקטער וועגן דעם רעדן". ניין, ס'איז נאָך נישט, מן־הסתם, אַזוי אינגאַנצן. באַלד... וועגן אַזאַ טריפה זאַך איז גלייכער מיט אַ יידן האָבן צו טון.. און ווי אַ שטייגער,

אז איר מו פּשוט א גיי אריין צום דאָקטער פֿיינהאַרץ, צו דער „הילער כּיפּקע"?... אזוי און אזוי... איר קריגט א פֿינפֿאונצוואָנציקער! ער וועט נישט וועלן פֿאַרדינען? געלט גייט צון אים צופֿוס? אַז ער פֿאָרט פֿונ־דאנען מיט א וויזיט אין שטעטל אריין, נעמט ער מער ווי צען רובל? פֿינפֿאונצוואנציק רובל! ס'איז דאָך א פֿארמעגן!... אויב שוין יאָ געבן גוט פֿאַרדינען, פֿאַרוואָס טאַקע נישט קיין ייִדן?

ער הייבט אויף די אייגן און קיקט זיך ארום. צי האָט ווער נישט זיינע מחשבֿות אונטערגעהערט? אָבער דאָ זענען ווייניק דורכגייערס. ס'איז א זייטיקע גאַס אָן געוועלבער. פֿון פֿאר די הייזער קוקן ארויס הירך וויס־אינבליי־געפֿאַרבטע שטאַכעטן קליינע בייטלעך מיט בלומען. פֿאר די טראָ־טואַרן שטייען יונגע דינגע קאַשטאַן־ביימלעך מיט קיילעכדיקע געדיכטע קעפּ.

און — זע נאָר! — זיינע פֿיס האָבן דאָך אים בלינדערהייט צוגעדינט: ער איז דאַך שוין דאָ נעבן דאָקטער פֿיינהאַרצס דירה.

ער טוט אַ רוק נאָכטיען מיט דער האַנט, זי זאָל וואַרטן אין דרויסן, און ער גייט אריין.

אין וואַרטצימער איז שוין ליידיקלעך, און אפֿשר איז פֿריער אויך געווען ליידיק. א דאָקטער איז ווי א מלבּיש בײַ א פֿראַנט — נאָך איידער ער עלטערט זיך, קען ער אַרויס פֿון דער מאָדע... אויב אַזוי, איז עס פֿאַר אים, פֿאַר חיים משהן, א מעלה.

ס'קומט נישט אויס לאַנג צו וואַרטן.

— נו, וואָס מ'איר זאָגן גוטס? — פֿרעגט אים דער דאָקטער ייִדיש און היימישלעך, און מיט אזא ווייכקייט, ווי ער וואָלט אין מויל קיין איין צאָן נישט האָבן — וואָס פֿעלט עס אַ ייִדן אויסער פּרנסה?

— ס'איז אזא זאַך, הער דאָקטער... זעט איר... ס'איז נישט וועגן קיין קראַנקהייט... ס'איז וועגן א קינד האָבן...

א גוטער ווייכער שמייכל צעפֿאַלדעוועט דעם דאָקטערס טונקל־ברוין פּנים, און צעפּראָשעט זיך אין זיין קרייזלדיקן בערדל מיט די צוויי קיילעכ־דיקע זילבערנע פֿלעקן אין די עקן:

— איר האָט דאכט זיך א טעות, רב ייִד. איר דאַרפֿט גיכער צו א גוט־ייִדן... ניט?

הונטמאַן, אין זיין טיפֿן ערנסט, פֿאַרלירט זיך פֿון דאָקטערס שפּאַס, און שטאַמלט:

— המם... הער דאקטער... ניין... איך וועל דאָך נישט גיין... מיט קיין שיקסע... צו א רבין!

—אינטערעסאנט! — צעלאכט זיך דער דאָקטער גוטמוטיק און זק־ ניש — פארוואָס נישט? א רבי מיינט איר, וועט זיך אָפּזאָגן פון א שיקסע?

הינטמאַן איז אַ רגע געפּלעפּט: מע קאָן דאָך גאָרנישט רעדן מיט אים, מיט דער „דולער קופּקע"!... דאַרף מען ראַפּטעם צוגיין צו דער זאַך:

— מיין דינסט, א שיקסע, איז פארגאַן אין טראָגן. פון א שייגעץ, פארשטייט זיך, המם...

— וואָס זשע דאַרף עס א יידן ארן? זאָל זי אויסטראָגן געזונטער־ הייט, וועט זיין נאָך א גוי אויף דער וועלט.

— דער העך דאָקטער שפּאסט אלץ — ברוגזט זיך כלומרשט הונט־ מאן, און ציגדט זיך אָן, — און פון מיר צאַפּט זיך דאָס בלוט! ס'איז אן אומגליק אויף מיר! פאר קיין יידן געדאכט. וואָס וועט זאָגן די וועלט?!

— איר זאָלט חתונה מאכן דעם שייגעץ מיט דער שיקסע כדת יעזוס אין מאריע... וואָס? איר ווילט קיין נדן נישט געבן?

—העך דאָקטער!.. איך בין גרייט צו געבן א פינפונצוואנציקער... אייך...

— מיר?! פאר וואָס?

— איר זאָלט.. המ.. איר זאָלט, העך דאָקטער, אָפּטרייבן דעם ממזר..

ווי א כמארע טוט זיך פלוצעם א פארנעם איבערן דאָקטערס פּנים. כע ווערט פארהארטעוועט. די זילבער־פלעקן אין די עקן פון דער באָרד ווערן לייטיק־ווייס. אין די אויגן.לויפט דורך א בליץ פון צאָרן:

— רב ייד! אייב איר ווילט נישט, איך זאָל אָנקלינגען אין פּאָליציי, וואַרפט זיך ארויס!

— איז גיב איך א פופציקער!

— פּאַשאָל וואָן! — —

מיט שנעלע שפּריין מאכט הונטמאַן דורך דעם וועג צוריק צום דאָק־ טער פּאַוולענקאָ. ס'איז אים פיינלעך קלאָר: כ'וועל זיך שוין דאָ נישט אַרויס־דרייען!... אַריינגעפאלן צו גזלנים אין די הענט אַריין, מוז איך זיך לאָזן שניידן די קעשענע. אַנישט וועט מען מיר דעם גאָרגל שניידן! פּאָ־ ליציע....

ער שלעפּט ארוים א דיקן קאָנווערט פון בוזעם־קעשענע, ציילט אוים פון אים אסיגנאציעס, און לייגט זיי שטום אנידער פארן דאָקטער פּאַוו־ לענקאָ אויפן טיש.

— — — די אסיגנאציעס ברענען אין זיין שאַרבן מיט אלערליי קאָ־

לירן. אין קאבינעט ווערט שוין געמאכט די אָפּעראַציע. טריט. קלאַנג פון איבערגיסנדיק וואַסער. דאָס קאָכן פון אַ מאַשינקע. ס'קלינגען פון אייזערנע שטאַלענע און זילבערנע מכשירים. און... איצט שנײַדט מען! מע שנײַדט זי, נאַסטיען...

עס צעגייט אַ שטיקל אייז אין זיין ברוסט... וואָס־וואָס — אַ רחמנות אויף איר. ווי אַ שאָף צו דער שחיטה געגאַנגען. ס'טוט ווײ דאָס האַרץ אויף איר... א האַרץ איז נישט פון שטיין... אַ? און וואָס איז דאָס? זי קרעכצט עס אַזוי?..

... שטיל. שטום. און פּלוצעם — או — ווי!!! א שנײַדיקער געשריי. א בלויזער בלוטיקער געשריי...

דאָס האַרץ איז אים אײַנגעשניטן. ער ברעכט צוזאַמען פון ווייטיק, הינטמאַן. און צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן, פון זינט ער איז זעלבשטענדיק געוואָרן, פאַלן אים אַראָפּ פון די ברעמען צוויי בלוטיקע טרערן:
— אַזאַ שמערצלעכן ווייטיק לײַדט זי געבעד... און דאָס — קאָסט אַזויפיל בלוטיק געלט!..

. . .

די רעדער דרייען זיך. ס'דרייען זיך אַוועק און פאַרשווינדן פון הינטמן: שטעהן, טעג, וואָכן און חדשים. ס'דרייען זיך, דרייען זיך מחשבות אין שאַרבן. און הונטמאַן באַוווּנדערט צייטנווייז זיך אַליין: ווי אַנדערש ער איז געוואָרן פאַר דער קורצער צייט! ער קאָן שיער־שיער זאָגן, אַז דער יצר־הרע ליגט אין אים, ווי א פּגר... נו, און עס איז קיין חידוש נישט אייך: אַ לעקציע, וואָס קאָסט צוויי הונדערט רובל מיט איין קלאַפּ, איז קיין שפּילכל נישט; זי מוז האָבן אַ פּעולה... — דער „באַזאַיען" ווערט זייער גיך זיים, — האָט זי אים דערמלט א זאָג געטאָן,נאַסטיע, ווען ער האָט איר נאָך דער אָפּעראַציע צוגעפירט אין אַ דראָזשקע צום וואָקזאַל (גויאישע כּיהות!) יאָ. איר האָט ער דאָך שוין כמעט אינגאַנצן באַזייטיקט, און אפילו אַז ער קומט שוין אַמאָל־אַמאָל צו איר, איז שוין אויך נישט דאָס וואָס געווען. ער ברענט, אָבער פלאַקערט נישט. און פאַרגעסן זיך... דאָס אַוודאי נישט. נאָכאַמאָל וועט זיך אים שוין דער „אומגליק" נישט טרעפן. זי מעג שוין פאַרגעסן. נאַסטיע! ע!... ס'האָט זיך איר געוואָלט מאַקע אַ שראָ־

לעבן...נישט ביי חיים משהן! א גויאישער קאָפּ... נישט אנדערש, זי דארף אַ באַסטרוק!... מוט אים אַ נאָג דאָס־אָ היגמערן האַרץ, איז גלייך צו מיר־לין... מילא, אז נישט זי, נאסטיע, איז מירל אויך פונדעסטוועגן א פרוי־ענצימער, פונדעסטוועגן... מע קאָן דאָך נישט צוליב אַ קלייניקייט נעמען און זיך אַליין אומגליקלעך מאַכן! צוויי הונדערט רובל!... המם. און ער איז שוין טאַקע נישט קיין יונגערמאַנטשיק אויך. מע קאָן און מע דאַרף זיין איינגעהאלטענער א ביסל. שוין אָפּגערעדט פון דער קעשענע, איז עס אויך פארן געזונט געזונטער. מע דארף עס שאנעווען, דאָס געזונט: סע שטייט א מיל! עס רודעוועט א מיל! מע דארף שטענדיק זיין אויפן אָרט. און מע דארף שטענדיק האָבן אלע חושים געזונט. ווער סע זאָל דיך פארטרעטן איז נישטאָ... אַזאַ זאַך קריגט מען אַפילו פאַר קיין געלט אויך נישט. אכיבא א קינד... אן אייגענער זון... וויפל יאָר איז שוין ביי אים נאָך דער התונה? אַ? ער וואָלט שוין געקאָנט האָבן איצט אן אכצניאָריקן בחור. סע וואָלט שוין געווען טאקע אויף וועמען זיך צו פארלאָזן! נישט אמת? און אז „דער בחור“ וועט אויפוואקסן?.. וואָס? ער וועט אָנגעטרויען זיין פארמעגן א פרעמדן?!.. המם... פארוואָס עפּעס א פרעמדער? סע קאָסט אים וויניק? סע ווערט אין אים וויניק ארייננעלייגט?... גלאַט, ער גיט איר אַלץ גאָך, מירלען... די שמד! זי קאָרמעט דאָך אים מיט מילך און האָניק. קאַקאַאָ גאָר! קאָטלעטן! ווי סע וואָלט געווען גראף פּאָטאָצקים אן אייניקל... אָ, „דער בחור“ איז שוין גאָר קיין פרעמדער נישט. וואָס? ער וועט אים אויסברענגען, אויסברענגען און — גאָרנישט?! פאַרוואָס? פאַר־ווען?... מנא, גלייך ווי ער מעסט אָן די תפילין (דאָס וועט נישט קאָסטן: ער קאָן אים געבן דעם מאַנס און קאָן אים געבן דעם שווערם) — איז אין מיל ארייַן ארבעטן! האָרעווע! פראצעווע! קיין פּוסטאָונפּאסטניקעס, קיין דארמאָיעדניקעס דארף מען נישט. כ׳האָב פיינט אזעלכע! אונטער זיין אויג וועט ער ווערן א מענטש. ער וועט זיך אויסמענטשלען „דער בחור“. וועט אָנהייבן פארשטיין, וואָס געלט איז; ווי שווער עס איז א ביסל האָב און גיטס זיך איינצושאַפן... ער וועט אין אים כוחות אַרייַנלייגן. המם... און אַז מע לייגט אין עפּעס אריין אזויפיל, ווערט עס דען נישט אייגן? נאסטיע, למשל... ווען זי וועט אוועקגיין פון אים (זי וועט דאָך אמאָל אוועקגיין. קיין דינסט האלט מען דאָך נישט אייביק) — וועט מען דארפן מיטגעבן איר עפּעס אהיים... נו, א ביסל געלט האָט זי אויפן פּאָסט־ביכל; ער האָט איר גוט געצאָלט... איז ער, „דער בחור“, ביז דעמאָלט... א? איר רופט ער דאָך מאַמע, מירלען!... נאָר וואָס איז דאָ פאַראַן איצטער צו טראכטן?

מ'עט לעבן, 'עט מען זען. אייגנטלעך מוז דאָך אַ ייד האָבן אַ קדיש אויך... וואָס פּלעגט עס די מאַמע נישט איינמאָל רעדן וועגן דעם זיידן חיים משהס קדיש?... סטאָפּ! וווהין ער איז פאַרפלויגן אזש! איז אַוועק אַ גאַנג מיט די רעדער!...

זיי דרייען זיך, דרייען זיך, די רעדער. דרייען זיך אַוועק: שעהען, טעג, מעת־לעתן. און אָט דאַרף מען שוין באַלד איילנדיק אַראָפּוואַרפן פון זיך די טליקע בגדים... איבערן קאָפּ, און דער הייך רוימלען זיך זיילן טעל־שטויב, ווי גאָלדענע וואַלצן. און הויכן הייבט זיך אָן זעצן די פרייטיקדי־קע זון...

אָט איז שבת.

— פאַרוואָס קיקסטו זיך נישט אום אַמאָל איבן קינד, חיים משה?

— פרעגט מירל ביים טיש, און אירע אויגן גלאַנצן מיט מאַמעשער ליבע און עקרהשן אומעט אנטקעגן די שבת־ליכט.

— המם... — טיען די גרויע סערפּעליך פון זיין קורצן שאַרפן בליק א קאָסטע דאָס שטילע גראָז פון אירע ברעמען.

זי ווייסט, מירל, אַז איצט איז סוף־כל־סוף די פּאַסיקסטע צייט צו רעדן מיט אים וועגן דעם. אָפּשוויינדיק די גאַנצע וואָך און רויש פון דער טיל, איז שוין פון א לענגערער צייט אָן אזוי זיין געוווינהייט, צו צעשמו־עסן זיך פרייטיקצונאכטס צום טיש לאַנג און ברייט וועגן זאכן, וואָס זענען איבן צים הארצן. ס'איז נאָר די פראַגע (און דערפאַר טאקע האָט זי זיך שוין נישט דאָס ערשטע און נישט דאָס צענטע מאָל אָפּגעהאַלטן): צי איז דאָס אים צום הארצן? דאכט זיך... נאָר טילא, אויב ווייטער פון דעם „המם" וועט ער נישט גיין, איז פאַרפאַלן. הייסט עס, אַז די צייט איז נאָך אַלין נישט געקומען.

— נאַכטיע, א גלאָז קאַלט וואַסער! — טוט ער א באַפעל אריין אין קיך צום צימעם שוין.

ער גיסט אריין די פלייטען־יויך פון טעלער אין גלאָז, און זוכט עפּעס פאַרמחשבהט אין זיין ליבן טריבן געטראַנק. מיטאַמאָל טוט ער א קער אריין אין זיך דאָס גאַנצע וואַסער: אהו!... — און הענגט אויף מירלען די אויגן:

— וואָס איז עפּעס פּלוצעם, מירל? ער איז שוין ביי אונדז א יאָר צייט, בינעם, נו, האָט ער באַמיש איין שלעכט וואָרט געהערט פון מיר? וואָס? סע קאָסט מיך ווייניק דאָס אויסהאַלטן אים? ער גייט שענדלעך אָנ־

געמון? איך צאָל נישט דעם מלמד? און דעם „שרייבער“? די גבירישע קינדער פון שטעטל, הערשל רוויזע, משה יאָסלס, מאניע גאָלדהארץ, גייט בעסער פון אים? וואָס פעלט אים, איך בעט דיך?

— אָבער, חיים משה, דו ביסט אים נישט קיין מאמע...

— פארשטייט זיך. המם... איך האָב דאָך קיין צייט נישט. פארהאָר־וועט כסדר אין דער פרנסה... ס'איז הייגט ביי אונדז אַ שטוב קיין עין־הרע... איך בין דען זיכער מיטן קאָפּ אויף די פּלייצעס?! ער וועט אונטערוואקסן „דער בחור“, בונעם מיין איך, ער וועט קאָנען אונטערהעלפן אין מיל, וועט ער זיין מיט מיר צוזאמען. וועל איך אויף אים אכטונג געבן, ער זאָל אַ מענטש ווערן. נישט אזוי, מירל?

— אָבער שבת?... — איז מירל צושטייענדיק.

— שבת? דאַרף איך זיך אָפּרוען פאַר דער גאַנצער וואָך האָרעוואַניע, צי נישט?

אָבער כדי יוצא צו זיין פאַר מירלען, „קוקט ער זיך אום“ דאָס מאָל אויפן קינד:

— בענטש, בונעם... נעם דעם סידור!

נאָר זיין קול און דער מאָן איז פאר בונעמען, דעם נייניעריקן קיילעכ־דיקן יתום, אזוי רוי און טערפּקע, אז א בימערע טרער פארגייט אים ווי אַ צעשטויסן פעפערל איז נעזל.

דערווייל נעמט הונטמאן אליין בענטשן. ערשט ביים געבעט, אז „דער דערבארימדיקער זאָל אונדז שיקן אליהו הנביא“, שלאָגט ער זיך איבער:

— בונעם! הערסט, בונעם? פון היינט אָן און ווייטער רופסטו מיך מאַמע!... הערסט? די מאמע וויל אזוי...

בונעם נעמט ארויס פון סידור דורכגעטרערטע אויגן:

— עפּעס... איך וויים נישט...

— וואָס ווייסטו נישט? — פרעגט שוין דער פעטער בייז, און זיינע אויגן זענען אַריינגעשלאָגן ווי שטיפטן אין בונעמלס אויגנלעדלעך.

— מאמע! — רייסט בונעמל אוועק פון אים דאָס פּנימל צו דער מאמען — צו וואָס וויל די מאמע אזוי... זאָל זיין שפּעטער... ווען איך וועל שוין זיין מיטן פעטער אין מיל...

— אז דער טאַטע רעדט, קוקט מען צון אים! — פּאַלט אויף בונעמ־לען אַ בייז געשריי, נאָר איידער ער באוויזט זיך אומצודרייען, טוען זיך זיינע צוויי אָנגעקנוילטע טרערן מיט האַסט אַ טראָג אַוועק פון די וויעס, און סע פּלאַמט אים שמערצלעך א בעקל... דער פעטער האָט אים דאכט

זיך אראָפּגעלאָזט א פּאטש? און ער בלייבט זיצן פארגליווערט פאר עפּעס און אומגעהייערער שרעק... אָבער אויך אין זיין פארגליווערטקייט שרייט אריין דער „מאמע“:

— וואָס? איך בין דיר קיין מאמע נישט? די פרעמדע נישט און זיפּטע נישט? נייטע נאקעטע און באָרוועס? און צו קיין מלמד אין חדר גיטסט נישט? אין נהמן „שרייבער“ צאָל איך נישט פּאַר דיר? און די מאַמע האָרעוועט ווייניק אַרום דיר? דו סמאַרקאַטש איינער! דו וועסט מיר זאָגן דעות — איצט צי שפּעטער?...

איך מירל, ווי בונעמל, זיצט פארגליווערט און הערט. אירע אויגן זענען גליזערן פייכט. זי זיפּצט בלויז אלעמאָל־אָפּ שטיל און טיף: ס׳וואָלט שוין גלייכער געווען, ער זאָל אים נישט זיין קיין מאמע... ס׳איז דאָך מאקע נישט זיינס, דאָס קינד... ס׳איז אירס... ע ר וואָלט דאָך געקאָנט זיין אַ מאַמע פון אן אייגן קינד... דערפאר איז עס אזוי... נאָר געמיינט האָט ער דאָך צום גוטן, היים משה... ווי יענער בער פון דער מעשה.

ערשט ווען היים משה פארענדיקט דאָס בענטשן, ברענגט אריין א שקארמיצל דיניע־קערלעך, שבת־אויבס, און טיילט איין זיך, איר און דעם קינד — גייט זי ארויס פון איר פארגליווערטקייט, גלעט בונעמלען איבערן נאָך־פלאמענדיקן בעקל און געפינט אין זיך מוט צו זאָגן שטיל און דורכ־געטרערט:

— נאָכאַמאָל, היים משה, טו נישט אַזוי... ס׳איז דאָך מיין קינד... איך קען דאָך קיין אנדערס נישט האָבן...

— המם... — מוט ער א ברום, און שלאָגט מער נישט איבער ביז ער פארענדיקט דאָס לושטשען די קערעלעך.

אין דער שטילקייט, דער שווערער און דריקנדיקער, איז דאָס קערע־לער־לושטשען א רויש פון בלעטער אין וואלד.

— היינט וועט ער נישט שלאָפן מיט דיר, בונעם! — באפעלט הונט־מאן ברוקן, אָבער שוין אָן בייזקייט, אויפשטייענדיק פון אָרט. און ער פאר־טייטשט בונעמען — איין נאכט אין דער וואָך מעג זיך די מאמע אויסרוען און שלאָפן אליין. המם... און גלאַט מעג שוין א בחור פון נייו יאָר שעמען זיך שלאָפן מיט דער מאַמען.

בונעמלס פּנימל, וואָס איז נאָך רויט אויף איין בעקל פונעם פּאטש, ווערט רויט אויפן צווייטן פון חרפּה.

— יאָ, קינד מיינס, וועסט שוין מאקע שלאָפן אפשר באזונדער. אז דער מאַמע וויל אַזוי. — הייבט זיך מירל אויף פון אָרט און גייט בעטן.

זי איילט זיך צו פארכאַפּן נאָסטיען, נאָסטיע זאָל, חלילה, דעם קינד נישט בעטן... פאַרוואָס זי וויל דאָס נישט, ווייסט זי אַליין נישט. נאָר דאָס האַרץ הייסט איר אַזוי. כאָטש אַזוי לעבט זי זיך מיט נאָסטיען בשלום. ווי אין די פריערדיקע צייטן. איצטער האָט זי דאָך אוודאי נישט וואָס צו איר צו האָבן. ער, חיים משה, האָט שוין, דאַכט זיך, געמאַכט מיט איר אַ סוף, מיט דער שיקסע. אַנישט, וואָלט ער דאָך נישט צו איר אַזוי אָפט געקומען. און ווידער... ווער ווייסט אים? זי איז דאָך מיטן קינד פאַרנומען. עס גייט איר דאָרט אָן?! איידער ער זאָל צוליב דעם זיין אויפגערעגט... ער קאָן דאָך גאָר אָנהייבן אויסלאָזן דעם כעס צום קינד... אוי! גאָטעניו! ס'זאָל זיך שוין אַזעלכעס ווי היינט נישט איבערחזרן!

די בעטן זענען געבעט, און חיים משה לייגט זיך גלייך צון איר אין בעט אַריין... דערפאַר האָט ער הייסט עס געוואָלט פונעם קינד תיכף פּטור ווערן... גאַנץ גוט... ווי נאָר ער וועט איבערגיין צו זיך אין בעט און אַנטשלאָפן ווערן, כאַפּט זי זיך אַריבער צום קינד. ביזן טאָגלייך...

מלחמה־אויסבראָך. יללות פון ווייבער, וואָס די מאַנען ווערן גערופן צום פראָנט. מיליטער־אָפּטיילונגען. קאָזאַקן. הירזשערייַ פון פערד. אָבאָזן. שרעק... אָבער — דער פראָנט איז ווייט.

די געשעפטן הייבן אָן גיין גוט, שוין גאָר גרויסע פאַרדינסטן גיט די מיל. זי אַרבעט טאָג־און־נאַכט אויף דער גאַנצער פאַרע צו דאָסטאַרטשען סחורה: מע שטעלט צו מעל פאַרן מיליטער. ס'איז אויס קאָנקורענץ מיט די מילן פון דער קרייז־שטאָט. דער פראָנט קאָן זיך גאָר נישט אָנזעטיקן. און... אַז דער פראָנט הייבט אָן זיך צוצורוקן, איז וואָס נעענטער, אַלץ מער סחורה פאַדערט מען.

אומבאַמערקט פאַרפליט אַ יאָר. דער פראָנט איז שוין גאָר נאָענט. זיין מויל איז דאַכט זיך אָט־אָ־דאָ־אָ, און די מיל וואַרפט אים די זעק גלייך אין אָפענעם שלונג אַריין. זעלנער־פּאָלקן ווערן אָפטע געסט אויף די פּלאַצע לאָנקעס אַרום דער מיל. גרויסע אָבאָזן צעטרייסלען אָן אויפהער דעם שאָסיי. אין מיטאַמאָל — מיט די שרעק אַ כאַפּ אָן פאַר דער משופרינע, פאַרדייסט צו זיך דאָס פּנים און שטעכט אַריין אין די אויגן אַ ווילדן בליק:

און אַז דער פּראָנט וועט אַזוי אַ שלונג טאָן צוזאַמען מיט די זעק מעל אויך די מילן?!

סע הייבט זיך אָן פּילן ווי אין דערוואַרטונג, ס'זאָל פּלאַצן דער קעסל און אויפרייסן אַלץ מיט אַלעמען. און אָפּשטעלן זי, די מיל, קאָן מען נישט, טאָר מען נישט: הינטער די ווענט איז ברייט פּאַנאַנדערגערוסן דאָס ריזי־קע מויל, וואָס פאָדערט אונטער דראָונג פון טויט־שטראָף: עסן!

הונטמאַן, איינגעשפּאַנט אין יאָך פון דער אַרבעט, שפּאַנט אינמיטן דעם גערויש פון מאַשין, רעדער, פּאַסן, וואַלצן, קאַסטנס, זעק און אַרבע־טער — ווי אַ בר־מינן. מיט זאָרג־באַטריבטע אויגן קוקט ער פון אונטער די מעל־פאַרשטויבטע ווייעס אַפּער.

...די גאַנצע מיל איז דאָך איצטער אויף זיינע פּלייצעס! וועמען אחוץ אים גייט עס לעצטנס אָן די מילן?! די רעדער דרייען זיך, זאָלן זיי זיך דרייען!... די שותפים קומען שוין אינגאַנצן נישט צו פאָרן. איבערגעלאָזט אַלץ אויף אים מיטן בוכהאַלטער, און פּטור! האָבן אין זינען בלויז די פּע־טע „שקירע" זייערע מיט די פּופּקעס, און באַסטאַ! ביי אים — פאַרקערט: חוץ דער מיל עקזיסטירט פאַר אים גאָרנישט.

ווירקלעך: נישט די ווירטשאַפט אין שטוב; נישט די מאַמע וואָס האָט זיך מיט אים איבערגעגעבן, כדי אפּנים זי זאָל קאָנען קומען אַלע שבת אים צו באַזוכן און באַקרעכצן; נישט מירל מיטן „בן־יחיד"; און אפילו נישט נאַסטיע, וואָס דווקא לעצטנס האָט אים ווידער צון איר אַ צי געטאָן, און ער איז געוואָרן ביי איר אָן אָפּטער גאַסט (ער זעט ווי דער קאָזאַקן־אָפּיציר, וואָס איז ביי אים אָוונעקוואַרטירט, טשעפּעט זיך צון איר, טוט עס אים אַ ברי פונקט ווי זי וואָלט געווען זיין ווייב... און ס'הייבט זיך ווידער אָן...).

איין זאַך גאָנט כסדר זיין מוח, ווי אַ פּיאַווקע: וואָס וועט, חלילה, זיין מיט איר, מיט דער מיל, מיט דער אין האַרצן איינגעבאַקענער מיל, אויב „אונדזערער" וועט אָפּטרעטן? וועט מען זי לאָזן שטיין לעבעדיקערהייט, גאַנץ און געזונט, זי זאָל ווייטער קאָנען אַרבעטן?

ער לאָזט פון איר אויף קיין אויגנבליק נישט אַראָפּ דאָס אויג. ער נעמט פון איר אויף קיין רגע נישט אַוועק דאָס האַרץ. נישט ביי טאָג, נישט ביינאַכט. ער וואַכט און שלאָפט אין איר... גרויס אַזוי און אַזוי טימלדיק, שרימפּט זי זיך דאָך איין מחמת דער גרויסער ליבע צו איר, ווערט קליין, קליין, און ער הילט זי איין מיטן רחמנותדיקן בליק פון אַ מאַמען אויף איר פּיצל קינד, וואָס וואַרפט זיך, צאַפּלט און צוקט אין קאָנוולסיעס פון דער

„שוואַרצער קרענק“. סע שווינדלט אים אין קאָפּ. די פּאַסן דרייען זיך ביי אים אין שאַרבן. צעשוווּמענע טונקל־פּאַרביקע פלעקן צערינען פאַר זיינע אויגן. די עלעקטרישע לעמפּלעך — גרויסע, פון טרערן רויט־געוואָרענע אויגן. די באַמעליקטע אַרבעטער — מתים. ערגעץ פון דער מאַשין־אָפּטייַלונג הערט זיך אַן אייזערן שפּאָטיש געלעכטער. די מעל־שטראָמלעך שטעקן אים אַרויס קאַליע־געוואָרענע ווייסע צונגען...

פון צייט צו צייט בלויז כאַפּט ער זיך אַראָפּ אַהיים: צו נאַסטיען און צום געלט. דער עיקר צום געלט. דאָס „געשעפט“ מיט נאַסטיען פּטרט ער אָפּ היינט זייער שנעל. וועגן דעם געלט אָבער איז ער זייער באַזאָרגט. זייַער. מע קאָן אפשר גישט זיכער זיין מיט די באַהעלטענישן? מיט די ווינקעלעך אין די באַלקנס אונטער דער סטעליע? מיט די לעבער אונטער דער סטרעכע?... נישט פאַר בונעמען און נישט פאַר נאַסטיען... און וואָס, אַז ביים אָפּטרעטן וועט זיך מאַכן א שרפה? און די פלעשער מיטן פּאַפּירגעלט אין שטאַל אונטערן דיקן מיסט?... מאָמער וועט א קאָזאַק א זוך טאָן מיט דער פּיקע אין שטאַל?! מע זאָגט דאָך, אַז פאַרן אָפּטרעטן זוכן זיי ביי יידן פאַרגראָבענע סחורות פאַר די דייטשן... סיידן באַגראָבן סאַמע אונטער די פּאָרוואַלעם אין שטאַל. מע ריכט זיך דאָך איצט אויף אַלץ: שרפות, רויבערייען אינמיטן העלן טאָג. קאָנטריבוציעס!... און וואָס, אַז מע וועט דאַרפן אַנטלויפן?... ווי זשע לאָזט מען דאָ איבער דאָס גאַנצע לייב־און־לעבן, און מע לויפט נאַקעט־הויל, ווי די מאַמע האָט דיך געהאַט, אין דער וועלט אַריין? קומט דאָך אויס אויף אַזאַן אופן, אַז מע דאַרף האָבן דאָס געלט מיט זיך! ווי אַזוי? ווו?... ניין! ער אַנטלויפן וועט נישט. מיטן אייגענעם ווילן נישט. ער וועט זיך קלאַמערן פאַר די גלייכע ווענט פון דער מיל... זיי, די רייכע שותּפים זיינע, הערט ער. האָבן שוין אַלץ אַרויסגעפירט. זענען גרייט, יעדע רגע אַליין צו מאַכן „אויטיק“. זאָלן זיי. זיי זענען פאַר אים נישט קיין ביישפּיל. ער וועט זי נישט איבערלאָזן, די מיל, אויף הפקר. זי האָט זיך נישט פאַרדינט דעריף... ניין, חלילה!... פאַרברענען וועט מען זי נישט. פּאָניע וועט דערצו קיין האַרץ נישט האָבן. אַזאַ שפּייזערין! וואָס וועט ער טאָן, פּאָניע, ווען ער וועט זיך צוריק אַהער אומקערן?... זי וועט נישט אומקומען די מיל. זי איז דאָך אַזוי שטאַרק און פעסט!... נשמה געזאָרגט! זי וועט, נישט נאָר זיי, די שותּפים, אַדוואָקאַט לעאָן מינצער, נאָר מאַקע אויך אים אַליין, חיים משהן, איבערלעבן: שטענדיק, תמיד וועלן אירע רעדער אָט אַזוי־אָ זיך דרייען, די מאַשין וועט לאָזן פּאַרע, און איר האַרץ מיט אַלץ מיט אַנאַנדער וועט קלאַפּן: טיק־טאַק־

טאק! טיק־טיק־טאַק! כאי־טויש! כאי־טויש! — — וואָרן ווײַטען האָט זי דען אחוץ אים? קיין רינד און קיין קינד. ווי ער אליין. און... המם... אַז גאָט וועט שענקען דאָס לעבן, זי וועט לעבנבלײַבן, און זיי, די שותפים, וועלן דאָך זײַן דאָרט אין ראסיי הינטער די הרי־חישך, וועט ער זײַן איר איינציקער געטרײַער זון. מאמע טײַערע!... זײַן גאנצן פארמעגן וועט ער אין איר ארײַנלייגן. ער וועט זי פארגרעסערן, און פארגרעסערן, און פאר־גרעסערן!... די מלחמה זאָל זיך נאָר א ביסל פארציען... זי וועט זיך פאר־ציען. ס'איז דאָך עפּעס נישט קיין ליאדע מלחמה!... נישט אזוי? ער, חיים משה, דאָס קליינע מענטשעלע, וועט ווערן רײַכער פון זיי. פון אָט די אויפ־געבלאָזענע גרויס־שטאָטישע גבירים־אדירים. זיי זענען „גלאַט“ רײַך. אָבער מאכן א רובל — דאָס א קרענק! נישט זיי פארשטייען ווי אזוי, נישט זיי ווייסן... כא־כא־כא! זיי לאָזן אים דאָ איבער א פיין ירושהלע! ביז זיי וועלן אמאָל קימען מאָנען לויט די ביכער!... אזעלכע־אָ לייט וואָלטן גאָר קיין געלט נישט באדארפט האָבן. אין דער אמתן... די וועלט איז נישט ריכטיק איינגעאָרדנט...

מיט שפרייזן פון אַ ריז דערנעענטערט זיך דער פראָנט. אָבאָזן האַלטן אין איין צוריקלויפן אין אומענדלעכע קייטן. עס ציען צוריק מיליטערישע אָפּטיילונגען; גרויע מענטשן געטונקען אין שטויב, ווי זיי וואָלטן געקומען פון א ריזיקער וועלט־מיל, וווּ מע מאָלט מענטשלעך געביין; מענטשן וואָס אנטלויפן און האָבן לויטן אויסזען קיין כוח נישט אפילו צו גיין. פערד הירזשען מיט געוויין איף מפּלה. אין די געבט בלוטיקן די האָריזאָנטן מיט שרפית. מע שפּירט דעם זאָט פון דער פראָנט־ליניע און פון אומאויפהער־לעכער קאַנאָנאַדע אונטער דעם הימל ווי אַ ריזיקער שטאַרץ. ביי דער ציווי־לער באפעלקערונג שטייט איף דער אומרו אין בלוט, אין מארך, אין געביין.

אַעראָפּלאנען גרעגערן זייער אָפּט איבער דער מיל. ווי זיי וואָלטן וועלן בייקומען איר רויש... די שיתפים זענען שוין מיט די לעצטע פון זייערע פאמיליעס אנטלאָפן פון קרייז־שטאָט. נישט געקומען אפילו א לעצטן מאָל אַ קיק טאָן איף דער מיל... דער טייוול זאָל זיי נעמען. און זײַן געמיט, הינט־מאָגס, ווערט געוואָרפן ווי א רעשעטע פון איין זייט צו דער צווייטער: סע זיפּט זיך האָפענונג אין יאוש: ס'וועט זײַן שלעכט! גוט! שלעכט! גוט! שלעכט!... — ער איז אין פיבער.

די מיל ווערט גענומען אונטער דער אויפזיכט פון א מיליטערישער קאָמאנדע: אויב דעם גרעסטער טייל שותפים האָט געקאָנט אנטלויפן פאר

דער לעצטער מינוט, אַנטלויפן פון זייערע אונטערטאַנישע פליכטן פאַרן צאר און פאָטערלאַנד, קאָן מען צו זיי קיין צוטרוי נישט האָבן... אָפּשטעלן די מיל? נישט דערלויבט! דער פּראָנט דאַרף עסן. ארויספירן מעל פון די מאגאזינען און שפייכלער צום פארקויפן דער ציוויליער באפעלקערונג? נישט דערלויבט!... מע טאָר נישט אויסבאהאלטן פארן שונא וועגן קיין איין ברויט! מיטן קאָפּ וועט מען באצאָלן פארן פאראט!

טומלט זי, די מיל, ווייטער. טאָג און נאַכט, טאָג און נאַכט. טרייסלט זיך מיט אַלע רמ"ח אברים. שיט פון זיך שטראָמען מעל. זעק האַלטן אָפּן מיילער, לאָזן זיך אָנשטאָפּן ביזן האַלדז, מאַכן צו די מיילער און לאָזן זיך פירן, ווי ארעסטאנטן, אין די מאגאזינען. די מאגאזינען זעצן זיך שוין אונטער דער אויסערגעוויינלעכער משא... אויף וואָס וואַרטן זיי, די מאגא־זינען? פאר וועמען גרייטן זיי דאָס צו? סיידן — דער טייוול זאָל קומען זיי אויסליידיקן!... און פאר דער ארויסגעפירטער סחורה צאָלט מען אויך נישט. מע דעקט בלומרשט — מיט וועקסלען. די וועקסלען ווערן רויט גע־שטעמפּלט מיט גרויסע צווייקעפּיק־אָדלערדיקע זיגלען... המם... ס'איז דאָס בלוט פון זיין הארצן...

אַזוי טאָג־איין, טאָג־אויס. מעת־לעת נאָך מעת־לעת... ווי לאַנג עס שלעפּט זיך די וואָך! און דער שבת באַרואיקט אויך נישט. הונטמאַן פילט — ער ווערט צעזיצט! ער לאָפּנעט! ער קראַפּירט! צייטנווייז, אום מוטער־נאכט, ווען שלאָף און מידיקייט הייבן אָן קלייען די ביינער און קלעפּן די וויעס, און אָװעקגיין פון דער ארבעט, פון דער מיל, איז אַזוי שווער, איז אַזאַ שאָד — פאלט ער אריין אין אַזאַ אומבאהאָלפנקייט און אין אַזאַ יאוש, אז ער טוט א שטרעק אויס די הענט מיט א תפילה צו די וואַלצן, צו די רעדער, צו די פאסן, צו דעם מעל־שטויב, צו דעם גאנצן מיל־האר־מידער, און זיינע ליפּן אונטער די שאָרסטקע וואָנצעס־בערשטלעך שעפּ־טשען אָן באוווסטזיין:

— טייערע מיל מיינע! מיל מיין טייערע! אויב ס'איז באשערט מע זאָל דיך אינגאַנצן ביי מיר צונעמען; איך זאָל דיר ווערן אַ פרעמדער; פרעמדע זאָלן ווערן דיינע אייגענע — נעם דו מיר צו בעסער פריער... כאַפּ אַריין אָט די הענט אין דיינעם אַ פּאַס אַריין! רייס מיך אינגאַנצן אַריין... אין זיך אריין... מיין בלוט און מארך איז שוין פארגליווערט, איך בין אויס־געטריקנט ווי תבואה אויף ברענענדיקער זון... מאך פון מיר מעל!... שטויב!...

נאָר די מיל ענטפערט נישט מער ווי:

— מיק־מיק־מאק! מיק־מיק־מאק! חיה־מויש! חיה־מויש! חיה־מויש!... — — — —

אין אנדערש מאָל ווידער ווילט זיך אים א געשריי טאָן. בלוטיק. ווילד. מיט א קול וואָס זאָל, ווי א האָרן, דורכלעכערן דעם געטימל פון דער מיל. אַ געשריי טאָן! א געשריי אָן ווערט, ווי א שפריץ בלוט. און דאן אוועק אהיים צו איר, צו מירלען, וואָס איז שוין ווידער ווי האלב־משוגע מחמת „דעם קינד" און דעם פחד, אז די מלחמה זאָל עם ביי איר צונעמען, און... נאָכמיטן — פלעטן דעם קאָפּ! און בונעמען פלעטן דעם קאָפּ! און... משוגע ווערן! זיין משוגע שוין אויף אייביק מיט מירלען צוזאמען.

ער טוט עס פונדעסטוועגן נישט. ווייל אין די פינצטערע הינעס טוט אַ שימער אין אים נאָלד מיט א פונק האָפענונג: און אפשר... מע דארף איבערהאַלטן. בלויזן דער מענטש לעבט... האָט דעם קאָפּ אויף די פּלייצעס... מע דאַרף בעסער טראַכטן וואָס מע האָט צו טאָן... אפשר קאָן מען ראטעווען עפּעס פון דעם אייגענעם האָב־און־גוטס... א?

ער כאַפּט זיך אָן אין א שטריי: יאָ... דאָס מיז מען טאָן! און אָט דער שטרוי האָט געוויזט אים אפּשר פון אראָפּזינקען צים תהום פון משוגעת:

ער הייבט אָן זייער אָפּט אהיים צו גיין. און דער גאנג האָט א קלאָרן ציל. יעדעס מאָל טראָגט ער מיט זיך מיט א גנבה... א קליין טאָרבעלע מעל, פון א צען פונט אפשר. פון דער בעסטער מעל. אין בוזעם טראָגט ער עס... וויפל יאָר וואָלט ער דארפן אזוי גנבענען און טראָגן, ביז ער זאָל האָבן ביי זיך אין דער היים דאָס גאַנצע האָב־און־גוטס?... צו וואָס מאַכן נאָך חשבונות? מע דארף ראטעווען וואָס סע לאָזט זיך! דער מענטש דארף שטענדיק טאָן זיין חוב. און דעמאָלט איז גוט. ווי גוט מאַקע ער פילט זיך איבערטרעטנדיק די שוועל פון מיל מיטן זעקעלע מעל, וואָס ווארעמט זיין ברוסט! ער פילט זיך ווי אַן ערלעכער מאַן קעגן דער מיל, קעגן זיך אליין. זיין געוויסן איז רואיק, ווי דאָס געלט דאָרט אין די פּאַר־קאָרקעווועטע פלעשער אין דער לייטיקער ערד אונטער דער פּאָדוואלע...

נאָר איינמאָל, נאָך דריי נעכט אומאויפהערלעכער נאָכטער קאנאָנאָ־דע, ווען דער חילך פון די האַרמאַטן זעצט אָן רחמנות, ווי אַ ריזיקע פויסט אין דער פאַטילניצע; ס'איז א ליכטיקער זוניקער זון־אויפגאנג; ער שפאנט אריבער מיטן טאָרבעלע מעל די שוועל — טוט א קום אָן דער קאָ־זאַק אָרדינאַנס מיט אַ באַפעל פון קאָמענדאַנט:

— אַלע לייט — אַרויס פון מיל! די מאַגאַזינען — באַגיסן מיט נאַפט! אונטערצונדן, זיך דערווייטערן! אויפרייסן דעם קעסל!

הונטמאַן טוט זיך אַ כאַפּ מיט ביידע הענט פאַרן זעקעלע מעל אויף דער ברוסט, בלייבט אַ רגע שטיין פאַרגליווערט, ווי אַ שניי־מענטש, טוט זיך אַ וואַקל, און אַ פאַל טוט פּנים צו דער ערד — — —

„זיבן מאָל פאַלט דער צדיק, און שטעלט זיך אויף" — זאָגט דאָס שטעטל אַ פאַרטייטשטן פּסוק פון תהילים לכבוד הונטמאַנס פאַלן אין חלשות.

— געפאַלן? ערהערט ווי געפאַלן! ער איז אַריין פיר איילן אונטער דער ערד! וואָס איז הונטמאַן אָן דער מיל?!

— מע זאָגט דאָך, אַז ער האָט זיך געוואָלט אַליין דאָס לעבן נעמען.

— עט! אַפילו אַז אַ בן־יחיד שטאַרבט, גייט הען אויך דער טאַטע נישט גאָך אין קבר אַריין. בפרט אַז ער איז נאָך בכוח...

און הונטמאַן האָט זיך טאַקע זיין קלער:

...די צייט האָט געגעבן, און די צייט קאָן ווידער צוריקגעבן... ניין! נישט די צייט — זיינע כוחות. מיטן כוח פון זיין פראַצע האָט ער זיך צו דער מיל דערשלאָגן, און מיט אייגענעם כוח וועט ער זיך דערשלאָגן אַ צווייט מאָל.

ווי אין האַרצן פון אַ פרומער ייִדענע אויפן בית־עולם צו קבר־אָבות, גייט אויף אין אים דאָס ליכט פון האָפענונג און טרייסט. דער טויטער וועט דאָך תחית־המתים איבערשטיין!... מע טאָר נישט זיצנבלייבן מיט פאַרלייגטע הענט. און ס'איז דאָך דאָ מיט וואָס זיי צו צעפירן אויך. דאָס געלט איז דאָך דאָ דערווייל. מע זאָל נאָר בשלום איבערקומען דעם אי־בערגאַנג; די קאָזאַקן. און דעם קאָפּ דאַרף מען אויף ווייטער פעסט אויף די פלייצעס האַלטן! ער זאָל זיך ושוין מער נישט פאַרהרייען... די שׂרפה פון דער מיל האָט אים אין קאָפּ ליכטיקער געמאַכט... ער וועט נישט רוען, זיין נשמה וועט קיין מנוחה נישט געפינען, ביז ער וועט זי ווידער נישט זעען קיין אויפגעריכטע... המם... יאָ, אין יעדער צרה איז נאָך דאָ אַ שטיקל מזל אויך. ס'ווייזט זיך אַרויס, אַז מיטן פאַרברענען די מיל האָט ער זיך אַ ביסל צוגעאיילט, פאָניע הזיר: דער פראָנט איז דערווייל שטיינגעבליבן. אויף ווי לאַנג? האָט מען צייט אַרומצוקוקן זיך, ווו מע איז אין דער וועלט. מע דאַרף גוט און גענוי באַרעכענען וואָס מע האָט צו טאָן. באַלד.... סע ציען כסדר אָבאָזן מיט אַנטלויפנדיקער ציוויליער באַפעלקערונג. די גויים אַנטלויפן אין שרעק פאַרן שונא, פאַרן שוואַב. די כאַטעס, שטאַלן, שייערן מיט הייען און תבואה־פעלדער, וועלכע מ'האָט שוין נישט געוואָלט

אָפּשגייד, — אַלץ וועט איבערגעלאָזן אויף הפקר. צו וועמען אין רשות וועט עס איבערגיין? צום פּויער?... און וואָס דאָס פּויער וועט נישט אויפּ־פרעסן, וועט דער שונא ירשענען. סע וועלן דאָך נישט זיין קיין באַלעבאַ־טים. אַזוי... און די פּויערים, וואָס זענען ביי אים פאַרשולדיקט? אַ? קיין געלט גיבן זיי נישט. ס'איז מלחמה! זיי האָבן פּראָצענט געליען, זאָגן זיי, וועלן זיי פּראָצענט אָפּגעבן. ניי, מו זיי עפּעס! אָבער... וואָס אַ שמיי־גער וואָלטן זיי דערלייגט, אויב זיי וואָלטן אים פאַרן פּראָצענט איבער־געגעבן זייערע פאַרמעגנס ביז זיי וועלן צוריקקומען? מע דאַרף עס ביים גאָמאַריוס אָפּשרייבן, פאַרשטייט זיך...

יאָ. די פּייערים שאָקלען צו מיט די מרויעריקע קעפּ און די אָנגע־כמורעטע נישט־געראַזירטע פּנימער: אַזוי, אַזוי. ער איז גערעכט, חיים מאָישקאָ. זיי איז שוין אַלצאיינס. פאַרקערט, איידער סע זאָל בלייבן אינ־גאַנצן אויף הפקר, איז שוין מאַקע גלייכער, זייער האָב־און־גוטס זאָל זיך געפינען אונטער דער השגחה פון אַזאַ באַלעבאָס, ווי ער, כאַ־מאָשקא איז. זאָל זיין עמעצער פאַראַנטוואָרטלעך... און זיי שפּאַנען די פערד און לויפן העגדום־פּעגדום מיט אים אין דער קרייזשטאָט צום איינציקן נאָטאַריוס, וואָס איז נאָך דאָרט פאַרבליבן. נאָר אַפילו די פּויערים וואָס אַרויסקריגן פון זיי די געהעריקע פּאַפּירן איז שוין שפּעט: זייערע וועגענער שטייען שוין געפּאַקטע, צו לאָזן זיך יעדע רגע אין וועג אַריין, — אויך זיי גיבן איבער מיט דאַנקען און חניפה־רייד די שלעסער און שליסלען פון זייערע כאַטעס, שטאַלן און שייערן: זאָל ער האָבן וואָס צו ווייזן פאַר דער שוואַ־בישער מאַכט.

געבראַכט די האָזיקע זאַך אין פולער אָרדענונג, מאַכט הונטמאַן דעם חשבון ווידער פאַרקערט: און וואָס אַז דער פראָנט וועט זיך שטעלן דאָ הינטערן שטעטל? הינטער דער נאָז? מע גראָבט דאָך שוין באַצייטנס אָקאָפּעס אַרום מייד־ברעג! סע וועלן נישט העלפן קיין חכמות — מ'עט מוזן אַנטלויפן: מע קאָן דאָך נישט זיצן אויף קיין גליענדיקע קוילן... דאַרף מען מאָן וואָס אַנדערע ייִדן נגידים טוען: פאַרגרייטן זיך מיט אַ גוטן שפּאַן אויפן ערגסטן פאַל. המם.. און מע דאַרף אין וואָגן פאַרגרייטן גוטע באַהעלטעניש פאַרן געלט... ווי די זאַך מאַכט זיך.. קאָזאַקן. נאָר:

— לויפן — די לעצטע מינוט! ווען דער חלף וועט שוין פאָכען אי־בערן האַלדז... וואָס? איך זאָל דיר געהאָרכן, מירל? פאַר דיר איז דאָך שוין מיט דריי וואָכן צוריק רעכט געווען מע זאָל אַנטלויפן!... משוגע און שוין!... ניין!... יאָ. אָפּגעברענטערהייט איז זי נאָך ביי מיר אַלץ די מיל!

דער פלאַץ איז נישט פאַרברענט געוואָרן... כל־זמן סע שטייען נאָך אירע ווענט... אַדרבא...

— וואָס? איך וועל גיין לאָזן אויף הפקר, אויף גאָטס באַראָט די אַלע פאַרמעגנס וואָס מ'האָט מיר אָנפאַרטרויעט? מע קאָן דאָך אפשר מיט דער צייט פון זיי נתעשר ווערן! מע זאָל קאָנען די מיל וואָס פריער אויפריכטן... האָסט מורא פאַרן קינד, זאָגסטו? און איך זאָג: מאַקע גוט, אָבער אַפילו דאָס לעבן פון אַן אייגן קינד איז נישט חשובער פון דעם אייגענעם לעבן. איך וועל נישט לויפן גלאַט אַזוי־אָ... מעגסט רעדן און וואָיעווען וויפל דו ווילסט... וואָס? וועסט איינגאַנצן פון זינען אַראָפּ? גיי, אַז סע גלוסט זיך דיר! איך קאָן נישט אייביק באַוואָרענען די וועלט. ס'איז מלחמה... אַלע יידן האָבן ווייבער און קינדער, און קיינעם האָט גאָט נישט געבענטשט מיט אַזאַ קלאָפּאָט אויפן קאָפּ. נישטאָ וואָס צו רעדן. „ניע טאַק לי"? המם... און בונעם — אויס מיטן פרעס און מיטן זויף! אַ סוף מיטן חדר און מיטן „שרייבער"! נישטאָ היינט קיין געלט אויף אַזעלכע זאַכן. איך נעם אים צו צו דער אַרבעט. אַ בחור פון עלף־צוועלף יאָר... וועט ער דערווייל טאָן אַן אַרבעט אין שטוב. אויף אַ פערד, אויף דער קו השגחה געבן... און מיט דער איבעריקער שטוב־אַרבעט וועסטו זיך אַן עצה געבן. אַלע אַרבעטן היינט שווער און ביטער. איידעלע יידן מיט איידעלע הענט גראָבן היינט די אָקאָפּעס, און גאָרנישט. אַזוי.

און וואָס ער דערלעבט נישט, הונטמאַן, דערטראַכט ער:

...המם. און וואָס טוט מען איצטער מיט גאַסטיען? צו וואָס דאַרף איך זי? דאָס עסט דאָך ווי אַ בהמה!... צו דעם־אָ?.. גענוג! איך בין שוין נישט קיין יונגערמאַן. באין־ברירה קאָן מען שוין אויסקומען... סע גייען נישט די צייטן פאַר אַזעלכע פאַרגעניגנס. „דיעיסטווויטעלנאָ", ס'איז שוין די העכסטע צייט פון איר פטור צו ווערן. זייערע אַנטלויפן דאָך אַלע. קיין לאַפּקע וועט דאָ פון זיי נישט בלייבן. פאַרוואָס זאָל זי נישט לויפן צוזאַמען מיט זיי? זי דאַרף עס גאָר אַליין וועלן. „ניע טאַק לי"?" זי האַלט איצט אינמיטן גרעט־וואַשן — דאַרף מען צוּוואַרטן אַ ביסל... זאָל זי זיין נאָך אַ טאָג, נאָך אַ טאָג. כל־זמן...

און אין געציילטע טעג אַרום מאַקע געשעט עס. ס'איז אַ היציקער פרי־מאָרגן. דאָס לויפן און טראַסקען פון וועגענער דורך אַלע גאַסן פון שטעטל איז אומגעהייער. דער שטויב הענגט אַזוי געדיכט און הויך אין דער לופט, אַז סע דאַכט זיך, די זון באָדט זיך אין שטויב. שטומע צינגען הירזשען, מרוקען, מעקען יאָמערלעך ווי סע וואָלט זייער יום־הדין געווען... דעמאָלסט

שלייכט הונטמאַן אַריין אין קיך, פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר, און זעצט זיך שווער, ערנסט־פאַרטון און כמורנע־פאַרזאָרגט אַנידער. דאָס מעסער אין גאַסטיעס האַנט בלייבט שטעקן מיטן קלינגל אינמיטן האַרץ פון אַ רויטן בוראַק, וואָס זי שניידט אָן פאַר דער קו. איר פּנים ווערט רויט און בלאַס: סע זאָגט איר דאָס האַרץ, אַז דער־אָ אַריינקום אינמיטנדערינען, אינמיטנדערינען ווי זי טראַכט: אַלע קריסטן אַנטלויפן... אַלע... און זי בלייבט איינע אַליין צווישן די ייִדן... איינע אַליין! — אַז דער־אָ אַריינקום ברענגט שלעכטס.

— גאַסטיע!... פּאַק צונויף די זאַכן.

— וואָס איז געשען „כאַזיאַיען"? מיר אַנטלויפן? — רייסט אין איר שטים אַ שטילע האָפענונג.

— איך אַנטלויף נישט. אַלע ייִדן בלייבן. נאָר דיין דאָרף לויפט שוין אויך. איז שוין דאָ מיט האַק־און־פּאַק אין שטעטל. זיי קלייבן זיך אַנט־לויפן צוזאַמען מיט די היגע מעשטשאַנעס. דאַרפסטו זיין גרייט, גאַסטיע, „ניע מאַק לי"?

גאַסטיע שיטט אויס אַ יאָמער, ווי דאָס האַרץ וואָלט זיך איר געריסן אויף שטיקער:

— נאָט מיינער, גאָט מיינער! וועמען האָב איך דען אין דאָרף?

— הער גאַסטיע — זאָגט ער מיט קאַלטער עקשנות — דו פאָרסט־מיט מיט דיין דאָרף.

אָבער זי פּרוווט זיך נאָך:

— טרייבסט מיך אַרויס „כאַזיאַיען" איצטער? צו וועמען זאָל איך גיין? וועמען האָב איך דען דאָרט צווישן די לייט פון דאָרף? נישט קיין מאַמען און נישט קיין טאַטן. און נישט קיין לייבלעכן קרוב אפילו. קיין פריינד אויך נישט. אַלע האָבן מיך פיינט. די יונגען לאַכן פון מיר. „זשידאָווקע" רופן זיי מיך, און... וועמען האָב איך דען אויף דער גאָרער וועלט אויסער דעם „כאַזיאַיען"? האָב רחמנות אויף מיר, אומגליקלעכע, באַי־מאַטשקאַ!...

הונטמאַן ווערט כלומרשט ווייכער, אפשר וועט מיט ווייכקייט לייכ־טער זיין:

— גאַסטיע... ס'איז מלחמה! דער „נאַראָד" אַנטלויפט. קיין איין קריסט וועט דאָ נישט בלייבן. די קלויסטערס פאַרברענען זיי, די דייטשן...

— איך גיי שוין לאַנג נישט אין קלויסטער... לייט שפּאָטן, און ס'איז אַליין פאַר גאָט מאַמע די הייליקע אַ חרפּה...

— פאַרשטיי, נאַסטיע... מיין גאַנץ פּאַרמעגן איז מיטן רויך אַוועק... איך בין שוין גישט אימשטאַנד אַ פּרעמדן מענטש...

— אַך, „באָזשע, באָזשע"! א פרעמדן...

— איך און מיין ווייב וועלן מיר אליין ארבעטן. ס'וועט שווער זיין פאר זיך אליין דאָס שטיקל ברויט צו פארדינען.

— „כאָזיאיען"! איך וועל גיין אין אנדערע הייזער גרעט וואַשן, פּאָדלאָגעס רייבן. כ'וועל מיין עסן און טרינקען זיך אליין פארדינען. און דאָ וועל איך ווי א לייבלעכע צוהעלפן. אבי לאָז מיך ווייטער דאָ שלאָפן. אויפן דאַזיקן בעט, כאָזיאָשקא!

אָבער פון הונטמאַנס גרויקייט און רויקייט שיטן זיך ווערטער, ווי זאַמד, גלייכגילטיק און טרוקן:

— נעם צונויף דיינע זאכן. דו פאַרסט אוועק. פארגעס נישט דיין באַטשטע-ביכל. דאָ וואָלט עס איצט גאָרנישט ווערט געווען... און... נאַ דיר אַ צענערל אויפן וועג... ווען די מלחמה וועט אַ סוף נעמען, דיין האַרץ וועט זיך אומקערן... פרידנסצייט... וועלן מיר זען... טו וואָס מע הייסט!

— „כאָזיאיען" — העשעט נאַסטיע דין, שפּיזיק און ווייטיקלעך פון איר טיפקייט ארויס — „כאָזיאיען", און אז א קינד וועט געבוירן ווערן?...

— וואָ-אָס?!

— ס'האָט זיך ווידעראמאָל... איך ווייס נישט... ווידעראמאָל גע-מאכט...

אַ פלאַם נעמט אים דורך. ער טוט אַ שפּרונג אויף און זיין צאָרן רייסט זיך פון די בלים ארויס:

— גיי! גיי, זאַג איך דיר!... אז דו ביסט אזעלכע...

— און אז א קינד וועט געבוירן ווערן? דיינס א קינד... — רעדט זי ווי א גולם.

— וואַרף עס אין וואסער אריין!... דערטרינק זיך מיט דעם אינאיי-נעם!... גיי! שנעלער!... ווען איך קום אריין נאָכאמאָל, זאָל איך שוין דיין געביין נישט טרעפן!...

ער גייט ארויס ווי א כמאַרע, וואָס האָט גרויזאם געבליצט און גע-דונערט, און קיין טראָפּן דערפרישנדיקע פייכטקייט נישט געלאָזן.

נאַסטיע ווערט פאַראַמאָל קליין. איינגעשרומפּן, ווי אַ מאָפּ וואָס ברעכט זיך אין זיך אַריין. איר געווויין ווערט טרוקענער און טרוקענער. ביז סע בלייבט איגגאַנצן נישט. אייליגדיק פּאַקט זי צוזאַמען אירע זאכן. דאָס צענערל, וואָס דער „כאַזיאַיען" האָט אנידערגעלייגט אויפן טיש, ווי זי

וואָלט עס גישט געזען. זי ווילקלט איין דאָס פּאַטשט־ביכל אין א גרויס גאָז־פּאַמש־יילעכל און פּאַרשמופּט עס הינמערן צלמל צווישן די ברוסמן.

זי גייט אריין אין שטיב און דערלאַנגט מירלען אַן אויסגעפּראַצע־וועטע האַנט:

— זייט געזונט, „באָזיאַיושקאַ“! דער „כּאָזיאַיען“ האָט באַפוילן אוועקצוגיין.

— גיי געזונט! זאָל גאָט זיין מיט דיר! — זאָגט מירל שטיל, און טרערן קייקלען זיך אָן אין אירע אייגן — גאָט ווייסט, צי מיר וועלן זיך נאָך אמאָל זען... ביימאָג ברעכט זיך דער הימל ווי א שארבן, און ביינאַכט ברענט ער. אזוי די געהירן צינדן זיך אָן... און ווו זיך צו באהאלטן מיטן קינד איז נישטאָ... כ'בין דיר מקנא, נאַסטיע...

— זיי געזונט, בינעס! — נעמט נאַסטיע ארום דעם עלפיאָריקן יינגל, גיט אים א קוש אין שטערן, און בלייבט שטיין אזוי, ווי זי וואָלט א טראַכט מאָן: וואָס נאָך האָט זי צו טאָן?

— אך! — דערמאָנט זי זיך — כ'וועל ארייגגיין אויסמעלקן די קו... צום געזעגענען... צום לעצטן מאָל...

ווי לעצטע רעגנטראָפּנס, שיטער און שוואך, קלאַפּן די מילך־שטראָ־מעלעך אין דעם מילך־שעפל. די פינגער זעגען ווי הילצערנע. ס'איז איר טונקל פאר די אויגן. פּארבן מיגיען זיך אין איר קאָפּ... די מילך־שטראָ־מעלעך זענען רויט... זי צאַפּט בלוט פון דער קו!... א רויטער רעגן... א נישט־גוטקייט גייט אויף אין איר (זי קען זי, די נישט־גוטקייט, נאָך פון דעם ערשטן מאָל טראָגן). זי וועט באַלד אין חלשות פאלן...

זי כאַפּט זיך אָן פאר א קליבע ביי דער קו, און שטעלט זיך אויף. סע לייטערט זיך איר אין קאָפּ. זי לאָזט זיך גיין. און ווען ליכט גייט ווידער אויף פאר אירע אויגן, אריבערטרעטנדיק די שוועל פון שטאַל, דערזעט זי ווי א גרויסן שווארצן שאָטן אַ י ם:

— די ביסט נאָך דאָ? כּאָליערע! פּאַשאָל וואָן!

אירע פארגלעזערטע אויגן צינדן זיך אָן מיט רויטן צאָרן, און סע טוט א רייס אויף איר פארשטיינערט מויל:

— „זשיד פּראָקליאַטי!“ יודאַש!

דער איבערגאַנגס־שטורעם איז פאַרביי. ס'זענען שוין דאָ דייטשן. דער פראָנט לויפט ווייטער.

זיין מיל איז געווען אָפּ־אַפּגים א כפּרה פאַרן גאַנצן שטעטל. מער קיין הייזער זענען נישט אָפּגעברענט געוואָרן. וואָלט דען נישט געמענט זיין פאַרקערט?... זיי פרייען זיך דאָך, זיינע שונאים, אויף זיין גרויסן בראָך!... בכלל איז דאָס שטעטל ארויס אָן אומגליקן. אחוץ דאָרט מענ־דעלע שניידערס ייִנגל... די גאַנצע פאַמיליע וואָלט געווען געקאָנט לעבנ־בלייבן... פרעג, וואָס איז ער געלאָפן, מענדעלע, אין סאמע מיטן שיסע־ריי, דער שלעפּער?! אויפן אָרט האָט ער געהאַט מער איינצושטעלן ווי דאָס בידנע שטיקל לעבן? לויפט!...

הונטמאַן באַקומט ארויס זיין געשפּאַן, די פּאָר פעסטע פערד מיטן גוט־געקאָווען וואָגן פון דעם באַהעלטעניש אין זאפּוסטיער וועלדל. ניצול געוואָרן פון דער רעקוויזיציע, דאַרף מען זיי נישט לאָזן שטיין פוסטגאנג־פּאַסט. ער טוט זיך גלייך א נעם אראָפּצופירן די תבואה־שאָקן פון זיינע פעלדער אין זיינע שייערן אריין. מיט אים צוזאמען ארבעטן מירל מיט בונעמען.

נישקשה, די ארבעט אויף דער פרישער לופט וועט איר גאָרנישט שאַטן. ער אליין פילט אין זיך גאָר יונגע כוחות. ער ארבעט, דאַכט זיך, פאַר צען פּויערים... אך! ווען ער האָט צו דער איצטיקער ארבעט נאָס־טיען! אירע הענט און פיס! איר רוקן מיט אירע פּלייצעס!...

ער ארבעט ביימאָג און ביינאַכט. ער פירט צוזאמען די שאָקן אויף איין אָרט, אויב ער האָט גאָך נישט קיין שייער פון זייערטוועגן. האָב־און־גוטס איז שטענדיק געזונטער צו האָבן צונויפגעזאַמלט אויף איין אָרט און אונטער דער נאָז. דעמאָלט קאָן מען וואַך האַלטן דערויף מיטביידע אויגן. און וואַכן מוז מען — געמערס זענען שוין דאָ גענוג. פון אלע זייטן קומען זיי אויף אלעם גרייטן...

— דאָ האָט איר גאָרנישט וואָס צו טאָן! — טרייבט ער מיט געש־שריי און געבייזער די שמעטלדיקע יידן, וואָס קומען „באַראַבעווען“ זיינע הייזער און שייערן — איר האָט דאָ אייער טאַטנס ירושה אריינגעליינט? גייט!

— און דו, הונטמאַן? — שטעלט זיך איינמאָל אַנטקעגן סעמערדיש, מיט אַן אַרויסגעשטעלטער ביינערדיקער ברוסט, די הענט אין די הויזנקעשענעס, העריש מרדכי שניידער, דער, וואָס האָט צוזאַמען מיט אים געדינט ביי פּאָניען, און ער האָט אים צוגעדינגט (דער מסור!), ער זאָל האָבן צו זינגען און צו זאָגן — פינוואַנען האָסטו עס געירשנט די גויאישע פּראַצע? די שיקסע האָט עס דיר אפשר אין נדן געגעבן?

— הער אויף צו בילן, הונט איינער! — ברומט הונטמאַן, קריצט שטיל מיט די ציין, און דערנענטערט זיך צו אים מיט דריבנע טריט און אַראָפּגעלאָזטע הענט, וואָס גיסן זיך אָן מיט אַמאָליקע זעלנערישע כוחות, און ווערן שטייף אין די מוסקולן.

— אַז הינט זאָלן טרעגן דיינע קישקעס! — רוקט זיך אים העריש מרדכי אַנטקעגן — דו מיינסט, סע זענען דיר פּאָניעס צייטן?!

— און איר, חיים משה — שטעלט זיך אַריין צווישן זיי אַ צווייטער באַלמעלאָכע, דאָס וואַרשעווער שיסטערל — ווען און וואָס האָט איר דאָ אַריינגעלייגט? קוקט אים נאָר אָן! האָט זיך אַנידערגעשטעלט ווי אַ חזירהאָר אין דראַטווע!...

— וואָס האָב איך דאָ אַריינגעלייגט? — פירט הונטמאַן אַ גזלנישקאַלטן בליק איבער זייערע פּנימער, און זיינע ווערטער ציען זיך לאַנגזאַם, שטיל, און מיט אַקצענט — איך? מיין בלוט און מיין פלייש האָב איך דאָ אַריינגעלייגט! מיין געלט! פּאַרבעס וואָס איר זעגט! איר פּאַרטראָגט דאָך נישט אַזוי פיל האָר אין קאָפּ, וויפל צענדליקער רובלס מיר איז ביי דעם ערל פּאַרפאַלן געוואָרן! אחוץ פּראָצענט...

— ביסט דאָך אַלע יאָרן געבעטן א קבצן געווען?! א געבעטל! א גאָטס רחמנית! — רוקט זיך ווידער ארויס העריש מרדכי און מיט א מאַך אויף אים ביטולדיק מיט דער האַנט — קימט יידן, עמד שער-אין-אייזן! האָרכט אים!... ווייב און קינדער וואַרטן אין דער היים אויף א שטיקל ברויט... מע האַרף זיך צוגרייטן... און אַרבעט מעג מען שוין אויף לאַנגע צייטן פאַרגעסן... און מיטן פויער זענען מיר מער מחותן, ווי א פּראָצענטניק אַ הויטשינדער... קומט!

— טראָג זיך אָפּ, דו פּאַלגע! — צעצינדט זיך הונטמאַנס פּנים פון צאָרן. זיין רוקן טוט זיך אַ בייג, די האַנט מיט א כאַפּ פון דער ערד א הייגאָפּל, און באַלד גראָזשעט זי מיט פינף גלאַנציקע אייזערנע שנאָבלען — ווער ס'וועט נאָר דערוועגן זיך אויסשטרעקן א האַנט עפּעס צו ראַבעווען, קריגט מיט דער „ווידלע“ גלייך אין שאַרבן אריין!...

— אז ער שטעלט זיך אזוי איין, הייסט עס דאָך, אז ס'איז טאַקע זיינס — שלעפּן א פּאָר שטילע עמכניקעס אוועק והערש מרדכין, סע זאָל, חלילה, צו קיין שפיכת־דמים נישט קומען — װעלן מיר גיין אויף א צוויט אָרט. ס'פעלט?...

זיי גייען פּאַמעלער אוועק, און הונטמאַן באַגלייט זיי נאָך א ביסל מיטן דראָענדיקן היי־גאָפּל אין האַנט:

— טראָגט זיך אָפּ, פּארכעס! געשווינד און שנעל! קאַנאַליעס איינע! מאַרש! — — —

איפן צווייטן טאָג פארשטענדיקט ער זיך מיט דער נייער מאַכט. ער לייגט ביי זיינע פּאַפּירן מיט די באַוויזן, און ווערט באַשטעטיקט אלס דער באַלעבאָס. ער קריגט אפילו א באַשייניקונג צו מעגן האַלטן נאָך א שפּאַן. די מאַכט זעט אין אים א גוטן נוצלעכן ווירטשאַפטסמאַן.

מע גיט אים כסדר הילף, און מע קויפט ביי אים די תבואה. אָבער ער האָט זיך זיין שכל, מער אויסצובאַהאַלטן, ווייל דער יקרות וואַקסט. ברויט וועט זיין מיט גאָלד גלייך. מע שמועסט, סע קומט א הונגער. יאָ... ער וועט קאָנען מאַכן א ביסל געלט. סע פעלן עשיום העגט צו דער אר־בעט. מיט יידישע הענט קאָן מען ווייט נישט פאַרפאָרן. דערפאַר — אום האַרבסט קריגט ער פון דער קאָמענדאַנטור אויף געוויסע באַדינגונגען זעל־נער און מכשירים אראָפּצונעמען די קאַרטאָפל און צו פאַרזייען זיינע פעלדער. און סע וואַקסט מיט דער צייט זיין טרייסט אין זיינע געלט־באַ־העלטעניש, און סע שפּראָצט זיין האָפענונג אין דעם פויערס שוואַרצער ערד.

נאָך יידן אין שטעטל האָבן זיך אַרויפגעאַרבעט. אָבער אַלע ווייסן, אז דער שטאַרקסטער גביר איז הונטמאַן. בלויז איינער אין שטעטל, ער אליין טאַקע, ווייסט נישט, אז אלע ווייסן. ער שפּילט ווייטער די ראָל פון א קבצן געבער:

— נאָך אזא בראָך, ווי קאָן מען שוין אמאָל צו די כוחות קומען?! אַרבעט שווער פאַרן טייוולס װעגן!... פארן דייטש...

און מע זעט דאָך — קומט דער ווינטער, זיי האָבן שוין פּשוט נישט קיין אַרבעט אים צו געבן, פאָרט ער אַליין אין וואַלד אַריין נאָך האָלץ. די איינע טובה — וואָס ער קריגט א פּאַסיר־שיין, כאָטש ער האָט נישט קיין מיידל פאַרן קאָמענדאַנט... ווי אַנדערע... נישקשה... ער זעט... איז אַז עס גיט זיך אים איין, שמוגלט ער אַדורך עטלעכע פורן האָלץ, און קאָן אויך אַן אַנדערן אַ טובה טאָן, פאַרקויפן אים אַ פורל... אַ פורל? ס'איז דאָך

א פיר! ער האָט נענינ פלייצע ביי איר אָוועקגעלייגט... וואָס זאָל ער טאָן? ער איז גרייט אויף אַלץ, אַבי דעם מאַרק צו פאַרדינען, מע דאַרף דאָך לעבן.

אַרום פירים-צייט לאָזט ער זיך אַרויס אויף שמוגל. אין שטעטל שמועסט מען, אַז ער האָט פאַסירשיינען און פאָרט נאָר אויף כשר. סע מעלדן זיך צו אים יידן, מע זאָל שיתּפות מאַכן. אָבער... ער האַלט נישט דערפון. ער ווייסט שוין צו גוט, וואָס דאָס הייסט אַ געשעפט מיט שותּפים! הלוואי וואָלט ער אין דער מיל אַריין נישט געווען פאַרקראָכן מיט קיין שותּפים. ער האָט ליב אַלץ אַליין. אויף אייגענער אחריות...

און ווידער קומט דער פרילינג, און מע „מיזט" ווידער זיך נעמען צו די פעלד- און גאָרטן-אַרבעטן. און ווידער קומט דער זומער, און ווידער דער האַרבסט, און ווידער דער ווינטער... זי דרייט זיך די צייט, ווי אַ מיל. ווער עס קריגט פון איר פיר-גוליקע מעל, ווער קלייען, און ווער דאָס אויך נישט. אַלין לויט דער אַרבעט און די כּיחות, וואָס מע לייגט אין איר אַריין, אין דער אַרבעט. אמת, די צייט דרייט זיך שווער. ס'איז מלחמה, אָבער... נאָרנישט. נאָך אַלעמען איז זי נישט אַזוי שרעקלעך, די מלחמה. מע דאַרף נאָר וועלן פראַצעווען. נישט וועלן זיין קיין אומזיסטער פרעסער.

יאָ. עס „שפּאָרט זיך אָפּ" אַ מטבע. נאָר אינגאַנצן ציפרידן איז ער דאָך נישט. דאָס געלט גייט אים נישט איין. נישט דערפאַר, וואָס אין די הייסע זומער-חדשים ווייזט מירל ציימנווייז אַרויס אמתע משוגעתן. עט! צו אַלץ געוווינט מען זיך צו. און ווער סע זאָל אויף איר אַכונג געבן, זי זאָל קיין שויבן נישט ברעכן, איז אויך דאָ: בונעם. ער באַפרייט אים דעמאָלט פון אַרבעט און שיין... מאַ, אַ קנאַפּער אַרבעטער סיי-ווי... נישט מער — דאָס איצטיקע געלט איז עפּעס נישט דאָס געלט וואָס אַמאָל. קיין גאָלד זעט מען דאָך פאַר די אויגן נישט אָן! און אפילו די אַסיגנאַציעס זייערע זענען אויך קליין און מאָטשיק, רעדן נישט, נישט צו די פינגער און נישט צום האַרצן. וואָס? מיט אַזאַ געלט וועט ער די מיל אויפריכטן?... אַך, די רוסישע פינפערלעך! פּלאַס!.. באַמיט ער זיך מאַקע אויסצובייטן זיין געלט אויף רוסיש... ס'איז זיכער, אַז לאַנג וועלן זיי דאָ נישט הערשעווען, די דייטשישע כּלבים... ווי ער האָט זיי פיינט, די כּלבים, כאָטש זיי בילן האַלב יידיש! ווען נישט זיי, וואָלט דאָך די מיל נישט געהאַט דאָס פּנים וואָס זי האָט איצטער... אַ פאַררוסטער לאַמטערן אָן מירן-פענצטער... אינעווייניק — פאַרזשאַווערטע מאַשין-שטיקער פאַר-

זאָקסן מיט ווילדגראָז און שמעטערלקעס... צווישן קראָפּעווע און דערנער צעדרייטע רערן, ווי אויסגעטרענטע קישקעס...

— אַך!... אַז טרענען זאָל מען זיי דאַרט די קישקעס אויפן פּראָנט!... די דייטשן...

...אמת, נישט זיי האָבן פאַרברענט — די קאָזאַקן. פאַרברענט זאָלן זיי ווערן ביידע אינאיינעם!... אָבער קראַנק זענען זיי געווען, די דייטשונעס טאַקע, צו מאָן „אַ לויף אַריין“ אַ ביסל גיכער?! אַז יענע, די קאָזאַקן, זאָלן אפילו קיין צייט נישט האָבן זיך אומצוקוקן?... אַזאַ מיל צו פאַרברענען! אַזאַ מיל! דער רוח זאָל זיי נעמען!... מע האָט זיי דאָך „דעם פּאַלאַץ“ אונטער דער סאַמער נאָז אונטערגעצונדן!... און וויפל איז דער שיעור זיי זאָלן דאָ זיין? ניין. זיי וועלן קיין תקומה נישט האָבן...

ער איז זיכער אין דעם, און זאָגט עס אַרויס אפילו פאַר לייט:

— איר וועט זען! „אונדזערע“ וועלן קומען נאָך פאַר משיחן...

— איר האָט דאכט זיך, נישט דערלייגט צו דעם אויך — טוט אים עמעץ אַ שטאָך, אָבער ס'גייט נישט דורך זיין דיקע פעל.

— הערט, אַזוי זאָג א י ך אייך, חיים משה. ווי איך בין אַ...

— הונט! — זאָגט עמעץ ווי דורך וואַטע אין אַ זייט אַריין.

— ווי איך בין אַ ייד! — חזרט הונטמאַן איבער — איר וועט זען, אויב אינגיכן גיבן נישט אַ קום אַראָפּ די באַלעבאַטים פון דער מיל, און מע טוט זיך נישט אַ שטעל צו דער אַרבעט, אַזש אַ רויך וועט גיין!...

— עך!...

די מיל־חורבה קריכט אים גאָר אויף קיין אויגנבליק פון נפש און גע־ביין נישט אַרויס... „דיעיסטוויטעלנאָ“, זי קאָן גאָרנישט פאַרגעסן ווערן. גאָרנישט צו פאַרגלייכן מיט אַ מת פון אַ בשר־ודם. דער שווער, און אפילו דער טאַטע, עליו השלום, וואָלטן שוין לאַנג אין זיין זכרון קיין אָרט נישט פאַרנומען, ווען נישט דער יאָרצייט און דער קדיש נאָך זיי. ווייט פון די אויגן, ווייט פון הארצן. אָבער אין איר פאַרגעסן, אין דער מיל, דאָס איז, ווייזט אויס, חוץ לדרך־הטבע.

האָט ער נאָך קיין איין שבת נישט פאַרפעלט צו מאַכן אַ שפּאַציר צו איר. ער גייט איר פאַרביי הין און צוריק, הין און צוריק, און לאָזט פון איר זיין טריב־פאַרקלערט און ליב־אויפגערעגט אויג נישט אַראָפּ. צוגיין, בפרט אַריינגיין און נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל באַטראַכטן דעם חורבן — ווייסט איין גאָט, אַז ער איז עס נישט אימשטאַנד. דאָס האַרץ קאָן פּלאַצן, ס'איז אַ צו האַרציקער קבר. אָבער...

שמענדיק נאָך אזא שפּאַציר ווערט זיין פּנים לויטערער, די געל=זילבערנע האָר — ווייכער, און די רויע בייזע וואָנצעס מיט א שפּיל א שאָטן פון א שמייכל, און מונטערער, יינגער קערט ער זיך אום אהיים צו ווייטערער ארבעט און געלט=זאמלען:

— אך! ווי דערלעבט מען עס שוין!

— ווי דערלעבט מען שיין איר חנוכת=הבית צו פּראווען!...

פּרידן! שלום איף דער וועלט!

סע קערן זיך אום אין שטעטל די מעשטשאַנעס. פון טיף ראַסיי קומען זיי. הייזער ווערן פאררוכט און באוווינט. גערטנער און פעלדער ווערן צעגראָבן און צעאַקערט. די ליידיקע דערפער הייבן זיך אָן אָנפילן מיט „נאַראָד“. מיט לעבן און באַוועגונג. סע דערפילט זיך אין שטעטל דאָס אַלטע היימישע יידישקייט; מאַקע אָט דערפאר וואָס די גויים מיטן אלטן היימישן גייאישקייט האָבן זיך אומגעקערט. דער בית=מדרש איז בית=מדרשדיקער, ווייל אין קלויסטער, להבדיל, ריכט מען שוין אָפּ גאָטעסדינסטן. אך! ווען דער קלויסטער=גלאָק וואָלט שוין אייך געווען!... און דער רב זעט צוריק אויס רב, פון זינט ס'האָט זיך אומגעקערט דער פערשטאָטער פּאָפּ.

אלין הייבט אָן אריינצוגיין אין דער „קאָליע“ אריין, און דאָס לעבן הייבט אָן באַקומען דאָס אלטע פּנים.

יידן, בטבע בעל=חשבונית, פירן אונטער סך=הכלען פון די מלחמה=יאָרן. און די לעצטע שירה קומט ארויס גאָרנישט יום=טובדיק. מע קאָן בלויז נישט וויסן אויף ריכטיק — ווער האָט געמאַכט ערגער: די גויים, וואָס זענען אַנטלאָפן, צי די יידן, וואָס זענען פארבליבן.

— אחוץ געציילטע, וועמען האָט זי עפּעס געגעבן, די מלחמה?!

— דעם בית=עולם... עטלעכע צענדליק מתים.

— זעסטו! דער בית=עולם איז פון זיי נישט גליקלעך געוואָרן... קיין פּעטש האָט מען אים נישט געבראכט... דער הונגער האָט מאָגער געמאַכט...

— מאַקע א משונה זאך. פון קיין אנדערע קרענק איז מען דאָך נישט געשטאָרבן. דער הונגער האָט פארכאַפּט אינגאַנצן.

— אז דער מענטש איז מאָגער, איז אָט=אפּנים... — וויל הערש רופא

געבן א מעדיצינישע דערקלערונג, נאָר עמעצער לאָזט אים נישט אויספירן:

— וואָסער מאָגער? פעט זענען זיי אוועקגעגאַנגען... געשוואָלן. פרעגט מיך, א חברה־קדישא־מאַן, וועל איך אייך דערציילן... ס'הייסט, און נאָכן מויט האָט מען דען היינט רו? דער פּאַרקאַן איז צעבראָכן, און היינט צעטראָגן די ביינער.

— און אין שטעטל זענען דען נישט א סך הייזער אויס ווי חורבות? געזעצט, איינגעהייקערט, מיט געלעכערטע דעכער, ווייל וועמען איז עס געלעגן אין זינען דאָס הייזל צו פאַרריכטן?!

— ווער ווייסט, ווען דאָס שטעטל וועט זיך צוריק דערכאַפּן.

— פאַרוואָס? הערשל רייזע משה יאָסלס האָט דערווייל צוגעקויפט נאָך א נחלה.

— הייבט זיך אָן א מעשה! און ווו איז מיכאל זוסמאַן? און מאַניע נאָלההאַרץ, און הונטמאַן בכבודו־ובעצמו...

— פון א כלב רעדט מען נישט. וואָס מער נבלה, אלץ פאַר אים בעסער. אָט גייט ער טאַקע...

— מיר שמועסן דאָ, חיים משה — שטעלט אים אָפּ עמעצער פון רעדל — אז אָט האָבן מיר שוין שלום אויף דער וועלט.

הונטמאַן קוקט ארום מיט פאַרזשמורעטע אויגן דאָס רעדל, אָפּצושאַצן, צי איז דאָ פאַראַן מיט וועמען א וואָרט צו רעדן.

— המם... אוודאי. די גרויסע קעפּ, דאָרט אין די הויכע פענצטער, האָבן באַטראַכט: שוין גענוג מלחמה אויף דער וועלט. ווייל וויפל אין דער שיעור?... פאַרן ציווילן מענטשן אפילו איז עס אויך נישט אזא „וואַזשנע" געשעפט. דו האָרעוועסט אין האָרעוועסט, זאַמלסט צונויף א פּאָר מאַרק, און ביסט קיינמאָל מיט זיי נישט זיכער. אָט מוט דער פראַנט א פאַרקערעווע דעם דישל, און — בוכץ! גלייך דיר אין האַרצן אריין. ווי זאָגן זיי, די יעקעס: ביסט קאַפּוט!... און גענוג!...

— פאַר דיר, חיים משה, איז שוין אוודאי גענוג: ווער עס געווינט די אפּותיקי אין קאָרטן, דער וויל ווייטער נישט שפּילן... — נעמט א ייד אָפּ ביי אים דעם אַפּעטיט ווייטער צו רעדן.

הונטמאַן פאַרלאָזט דאָס רעדל און לאָזט זיך אהיים. ער גייט מיט אָקסענע טריט. זיינע רעיונות אין קאָפּ מאַכן אים שווער די פיס. אויף אַזוי פיל איז ער אויך אַ ייד, ער זאָל אונטערפירן אַ סך־הכל... ער וואָלט „סאָבסטווענאָ גאָוואָריא" געמעגט זיין צופרידן פון דער לעצטער שורה.

געלט פארמאָגט ער דאָך איצטער א סך מער ווי פריער. און אייטערן געלט איז ער דאָך איצט א גאַנצער פריץ! ער האָט נישט שלעכט פאַר-רייסגעזען, אז א ביסל ערד וועט שיין אין זיינע הענט פארבלייבן... די חוי-בית וועט ער אייפטאָגען; מיט די ציין ארויסרייסן!... און ביי דער ערשטער מעגלעכקייט, גלייכט ער זיך אוים מיט די שותפים (זיי זענען שוין איצט נישט אזעלכע קנאַקערס!), און מע טרעט צו אויפשטעלן די מיל; א מיל נאָך גרעסער ווי געווען!... ווען ער וואָלט עס געקאָנט מאכן אליין! אָבער אייף א חלק ווינציקער פון פיפציק פראָצענט וועט ער נישט איינגיין. זיי וועלן קיין ברירה נישט האָבן. זיי זענען קאבצעלאָקעס געבליבן... נאָר גע-דולד מיז עס האָבן. דער שלים איז עפעס נאָך נישט גלאַטיק... דאָרט אין ראַסיי איז א רעוואָליציע... צו וועט מען קריגן געלט באַר די מעל-וועק-סלען?... מע מאָר זיך נישט איילן. מע מאָר נישט עסן נאָך א קאַליע מאָגן, כל-זמן ער האָט זיך נישט אינגאַנצן אייגעסטאָליעוועט... אך! ווי דערלעבט מען שיין די מיגוט, מע זאָל דארפן א פארקאַמשע מאָן די אַרבל און זיך א נעם טאָן ווידער פאר דער ארבעט!... דערווייל... איז עפעס נישט נאָכט און נישט טאָג. נאָר באַגינען.

גיין. ער איז נישט ציפרידן, היינטמאָן. ער איז נישט ציפרידן מיט זיך אליין אייך. צייטנווייז קלערט ער אפילו, אז ער איז נישט אינגאַנצן געזונט. ווייטיקן אין די געלענקען. רייש אין די אייערן. און דער שלאָף — דער שלאָף איז שוין צו אָפט נישט דער וואָס אמאָל. ער צעשיט זיך ווי אונטערגעגראָבענע זאַמדיקע ערד.

...נישט אַנדערש — טראַכט ער — אז אין יענעם באַגינען, ווען ער איז געפאלן חלשות ביי דער שוועל פון דער מיל, האָט זיך עפעס ביי אים אינעווייניק איבערגעריסן, אין ס'קאָן זיך שוין מער נישט באַהעפטן, כאָטש ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן אין דער אַרבעט — פארקערט... יאָ, ווען ער איז פארמאָגן מיט אלע רמ"ח אברים אין ארבעט, און געשעפט — פאר-געסט ער איז די מיחושים. נאָר ווען וואָס צו טאָן איז נישטאָ — גיט זיך עס גיט צו דערפילן... און וואָס איז דאָ איצטער צו טאָן?... און אז דער גוף איז נישט מיט אלעמען, ברעכט זיך אייך דאָס געמיט... קוקט מען זיך ארום, און מע זעט, אז ס'איז נאָך גאָרנישט אין אָרדענונג. ס'איז דאָך נישטאָ מיט וועמען א וואָרט צו רעדן! מירל? אויב נישט אינגאַנצן, איז זי האַלב משוגע... מלחמה... שרעק... וואָס איז עס חידוש? בונעם? דער בחור וואקסט אין ווערט שטאַרק... ער ווערט א מענטש... נאָר שוין באַ-ציימנס נעמען אין צושרייבן אים צו זיך פאר א זון, ער זאָל אים ירשנען

— דאָס קאָן איינפאַלן נאָר איר, מירלען!... משוגע!... מע קאָן שוין דען רעדן מיט אים א וואָרט ערנסט? נאָך א פיר־פינף יאָר... און די מאמע? — עובר־בטל... ער! ס'איז אזש קאַלט אין די ביינער פון זיין אליין... ווען נאַ־סטיע וואָלט געווען!... ער האָט אפשר גאָרנישט אזוי גוט געטאָן וואָס ער האָט זי דעמאָלט משלח געווען... אפילו אויב ס'איז ביי איר יאָ עפּעס געווען... און ס'וואָלט געווען געקאָסט געלט, וואָלט עס אויך זיך אָפּגע־צאָלט. אין דער צייט וואָלט זי עס געווען כשר אָפּגעפּאַרדינט... דווקא אויף דער עלטער דאַרף דער מענטש האָבן עמעצן, וואָס זאָל אים דער־וואַרעמען... נאַסטיע...

פּלוצלונג, ווי א שלאַנג וואָלט אים א ביס געטאָן, מוט ער זיך א וואָרף הינטערווייַלעכטס און בלייבט שטיין מיט א פּנים פול שרעק:

...און וואָס, אז זי קערט זיך אום, נאַסטיע, מיט א קינד?! מיט א נישט־געמלטן יורש?!...

— מיר גייען עסן! — באַפעלט ער שטרענג און בייז, ארייַנקומענ־דיק צעשויבערט און בלאַס אין שטוב אריין.

מירל הייבט זיך אויף. זי איז באַרוועס. זי גייט מיט פּאַמעלעכע שטומע טריט אין קיך אריין. זי גייט אזוי שטום, ווי זי וואָלט נישט גע־גאַנגען, ווי זי וואָלט נישט געפאָלגט זיין באַפעל... זי קומט אריין צוריק, ווי א שאָטן, מיטן טישטער, און גרייט פּאַמעלעכן צום טיש. אזוי פּאַמע־לעכן, ווי זי וואָלט עס געטאָן פאר זיך, נישט פאר אים...

סע הייבט אָן אויפזידן אין אים צאָרן.

ער גייט אריין מיט אויפגערעגטע פיס אין קיך, זיך וואַשן. בונעם, וועלכער פּאַרטרעט כסדר דער מאַמען אלס קוכער, שטייט ביי דער קיך. א צו גרויס פייער ברענט אויפן פּריפּעטשיק לויט זיין מיינונג, הינט־מאַנס. נאָר ער, „דער פּרינץ", בונעם, טראַכט אפּנים אַנדערש, אַ סימן — ער פאַרגינט זיך נעמען און צולייגן צום פייער א גרויסן קיניקן שפּאָן...

— „פּרינץ מיינער"! דיך קאָסטן, ווייזט אויס, די שפּענער זייער ביליק — צעבייזערט ער זיך.

בונעם, פאַרטאָן אין דער ארבעט, נעמט א קאָכלעפל און שוימט אָפּ שווייגנדיק א טעפּל.

— דאָס פייער איז דיר צו קליין, דו קליינער „שמשעניאַק"? — און איידער נאָך בונעם באַווייזט זיך אויסצודרייען און געבן אָן ענטפער — וואָס האָסטו איינגענומען שטומעניש, דו יורש מיינער?! וואָס שטומען

עפעס אלע אין שטוב?... איך פרעג דיך — וואָס זשאַלעוועסטו עפּעס נישט קיין שפּענער?

— איך ווייס, דער פעטער דאַרף שוין עסן, לייג איך צו אַ שפּאָן, ס'אָל גיכער פאַרטיק ווערן.

— וואָס? די וועטשערע איז נאָך נישט פאַרטיק?

אויף דער שוועל באַווייזט זיך מירל, ווי אַ שאָטן פון דער פּאָדלאָגע אַרויסגעוואַקסן, און סע שפּילט אויף איר די שיין פון פייער אויפן פריי־בעטשיק:

— ער האָט נישט אויסגעפייעט.

— פאַרוואָס?

— איך האָב קאָפּוויטיק... פון געבטיקן גרעט־וואַשן...

— דערפאַר גייען די קאַטשקעס באָרוועס?

— האָב איך גאָרנישט געקאָנט היינט טאָן.

— נו, איז וואָס?

— האָט ער געטאָן אַליין, מיין זון.

— וואָס אַליין?

— אַרויסגעהאָנגען דאָס גרעט אויף דער זון.

— וואָס נאָך?

— צוגעגרייט דעם שעפל פאַר דער קו, אויסגעטאָלקן זי.

— און — שוין?!

— און אָנגעפּאָיעט די פערד.

— נו, איז וואָס? איז וואָס?

— איז ער שפּעט אַרויסגעקומען מיטן צושטעלן די וועטשערע.

— און געגעסן האָט ער כאָטש פאַרן צושטעלן די וועטשערע?...

— יאָ. איך האָב אים געגעבן.

— וויל איך אים אויך געבן! — שיסט ער אויס, און זיין האַנט מוט זיך אַ שטרעק אַראָפּצולאָזן בײַגעטען אַ הייסן פּלעס.

נאָר די בליִנדע האַנט פאַלט מיטן גאַנצן אימפּעט נאָר אויף מירלס קאָפּ: ווי אַ שאָטן איז זי אויסגעוואַקסן צווישן אים און איר באַדראָטן זון. זיינע אויגן, הונטמאַנס, רציחהדיק־רויטע אויגן, וואָס ווילן אַ פּאַרש טאָן דעם רעזולטאַט, דערזעען גלייך דעם מעות. אַן אויגנבליק איז ער פאַרבליפט. אָבער באַלד ציגדט זיך זיין רציחה אָן נאָך מער, שוין מאַקע אויף איר אַליין, אויף מירלען: זי!... איז שולדיק אין אַלץ!... אין אַלץ!... — און

זיין האַנט מוט אויף איר א פּאַל מיט א פויסט אַרויף און אַראָפּ, אָן אויפהער, ווי א ריזיקער האָגל אויף שמייענדיקער תבואה...

— פעטער — מוט זיך בונעם א רים אָוועק פון פּריפּעמשיק, א צי מוענדיק מיטן קאָכלעפל דאָס פארזידנדיקע טעפּל — וואָס מוט איר?

— א — אך! — מוט מירל א שפּרונג אונטער מחמת דעם ברי פון דעם אונטערגעלאָפענעם זאָט אונטער אירע באָרוועסע זוילן — לאָז אים... לאָז אים... לאָז ער זיך קילן אויף מיר... זונעלע!... — — — —

די אַלטע חיה ריווע דעם יורדס, הונטמאַנס מאַמע, הגם א יידענע אָן מיחושים און קוים געבויגן, — גייט מיט דריבנע און געאיילטע טריטע-לעך, מיט איר אייביקן פייער-טאָפּ, צום קבר. זי איז דאָך שוין באַלד ביי די שבעים. און פונדעסטוועגן וואָלט זי נאָך עד-היום געזעסן אין מעלז-שענקל, ווען כּע וואָלט זיך נישט געווען אין די מלחמה-יאָרן „אויסקראַ-מען“. זי דערעסט איצט די לעצטע גראָשנס פון איר צוויימן „קניפּל“, וואָס איז דאַכט זיך געווען א סוד פאַר איר אַליין. א פּשיטא, אז קיינער האָט עס ביי איר נישט צוגענומען. אפילו הערצל, דער בן סורר-ומורה, וואָלט עס נישט דערשנאַפּט... אנו, זי איז עס אים שוין איצטער מוחל, הערצלען, דאָס ערשטע „קניפּל“. וואָס פאַר א תכלית איז דען געוואָרן פון דעם צווייטן? אויף טרוקן ברויט, מ'שטיינס געזאָגט, איז עס איר אוועקגעגאַנגען... שלעכט! קהלס פארזאָרגער העלפן איר גאַנץ ווייניק סיי מיט געלט, סיי מיט אמעריקאנער פּראָדוקטן, בלויז דאָס ביסל געקעכץ וואָס זי קריגט אין דער פאָלקס-קיך.

— אייער זון איז דער גביר פון שטאָט — וואַרפט מען איר אין פּייערטאָפּ אַריין, ווען זי קומט בעטלען — ער איז נישט קראַנק צו נעמען אייך, אַן אַלטער קראַנקער מאַמען, צו זיך. ער איז דאָך אָנגעשטאָפּט מיט געלט, ווי א חזיר מיט מנופת.

הונטמאַן ווייסט וועגן די דאָזיקע רייד. זי קומט און דערציילט זיי אים. נו... וואָלט זי פונדעסטוועגן געווענדט זיך צו אים: — חיים משה לעבן, דיין אַלטע מאַמע פאַלט שוין פון די פיס. נעם זי צו אין שטוב אַריין, — וואָלט ער אפשר, הגם מיט א בימער האַרץ, איר בקשה ממלא געווען. מילא, אבי נישט קיין גרייטן גראָשן פון קעשענע. וואָס זאָל מען

מאָן? וואָלט פאַר ענטת־נפש נאָך א גרויער האָר אין באָרד צוגעקומען...
פונט זי עס דאָך אָבער נישט, די אַלטע. זי זיפצט בלויז אויפן אייגענעם און דעם זונס ביטערן גורל, און שעלט די „סאָנעציייען", וויפל טע גייט נאָר אין זיי אריין. דעמאָלט נעפינט ער עפעס נישט פּאַסיק א זאָג צו טאָן: — ווייסט וואָס, מאַמע?! קום צו מיר... — ער קאָן איר פּשוט נישט אָנטוישן, אז ער איז ביכולת, זי צו זיך צו נעמען...

ווען זי צערעדט זיך אמאָל אין דער פאָלקס־קיך מיט אן אלטער חברטע, וואָס האָט אויך אין גרויסע צרות די מלחמה איבערגעלעבט, זיפצט זי אָפּ, די אַלטע חיה ריזזע דעם יורדם, און שלאָגט א פּויסט אין א פּויסט איבערן פּייערטאָפּ:

— ווייי, וויי! ווען די מיל איז נאָך געשטאַנען, האָב איך אַלץ געמיינט — די מעל ליגט אים אויף דער באָרד. צום סוף — וויי איז געבער צו דער אלטער מאַמען! — די זיקנה האָט זיך דאָך שוין אריינגעכאַפּט אין איר, אין זיין גאָלדענער באָרד אריין! אין זיין מלכותדיקער באָרד אריין! מע קאָן דאָך שוין באַלד די גאָלדענע האָר אין איר ציילן! און זיין קאָפּ?... מיר זאָל זיין פאַר אים! אז וואָס, מ'שטיינס געזאָגט, האָט ער געהאַט איז זיין לעבן אהיץ צרות און צרות. קיין רינד און קיין קינד. דעם פרעמדן „קדיש" וואָס ער שטאָפּט? און קיין ווייב האָט ער אויך נישט... וואָס? א ייד אין זיינע יאָרן... ער איז דאָך נאָך פאַר די פופציק, לאַנג לעבן זאָל ער! און זי איז שוין — אריבער... עלנט ווי א שטיין איז ער דאָך געבער. מיר, דער ווייסטער אלמנה, איז דאָך בעסער פון אים: האָב כאָטש א „קדיש" אָן אייגענעם איבער הינדערטאונצוואַנציק יאָר... מיין טאַטן, עליו השלום, איז עס אויך נישט באַשערט געווען — האָט ער כאָטש גע־האַפּט אויף אן איידעם... און ער...

זי ווישט ארוים די טריבע טרערן, וואָס צעגייען איבער אירע קנייטשן, און הויל זיך פארערדן ווענן עפּעם אנדערש:

— איז וואָס איז דאָס לעבן זיינס? האָרעוועט געבער יומם־ולילה אויפן שטיקל ברויט... אוודאי וואָלט איך אים געוואָלט העלפן מיין זון. מיין חיים משהלען. נאָר פרעגט, מיט וואָס? אז אליין בין איך אָרעם ווי די נאַכט, אויף בעפל־ברויט געקומען. וואָס קאָן איך פאַר אים טאָן מער ווי דאָס איינע — קיין שטיקל ברויט ביי אים נישט פועם זיין?...

בלייבט עס ביים אלטן. איינע אליין ווינט זי זיך דאָרטן אין איר שטיבל אויף דער פערשטאָט. גייט אום איבער די גויאישע הייזער און כאַ־טעס, ווו זי קרינט א שטיקל ברויט, א ביסל וויערטילך, א בינטל גרינ־

ווארג, דעם טאָג איבערצוקומען. דאָס ביסל נעקעכץ פון דער פאָלקס־קיך באַזאָרגט איר לעצטנס א שכנה, וואָס קריגט דאָס אייגענע פאר איר איי־גענער מאַמען... און וויפל דאַרף דען אַן עלטער מענטש זאַט צו ווערן? וואָלט זי אזוי מיט זון געווען באַזאָרגט.

נאָר שטעטל ביימלט אוים אלע וויסטע חלומות צו זיין קאָפּ:

— מילא זי, איז אפשר עובר־בטל שוין. אַנישט וואָלט זי דאָך געגאַנגען און זיך אוועקגעזעצט ביי אים. ער וואָלט זי ארויסגעוואָרפן? זי וואָלט זיין דאָך אונטער זיינע הענט צעשאָטן! ווי א צעלעכצט פעסל... אָבער ער...

— הונטמאַן בלייבט הונטמאַן!

נישט זעלטן דערהערט ער עס, הונטמאַן, ווי „שונאים בארעדן" אים, נאָר „משאָרט איך וואָזמי"! ער נעמט זיך לחלומין נישט צום האַרצן דאָס „בילן" זייערס. זאָל דאָס זיין די לעצטע זאָרג זיינע. נישט מער — צער האָט ער פון איר, טאַקע פון דער מאַמען. ער איז דאָך א זון... פרעג, וואָס? אזא אַלט מענטש, און דאַרף זיך אַזוי מוטשען אויף דער וועלט! נאָר צוריק גערעדט, איז איר בעסער פון אים (דאָס ווילן זיי נישט באַרעכענען די שונאים זיינע!): זי לאָזט דאָך איבער א „קדיש" נאָך זיך איבער הונ־דערטאונצוואָנציק יאָר... אָ, איר קדיש וועט ער אָפּהיטן נישט ערגער פונעם טאַטנס, עליו השלום. ער איז נישט קיין בעל־מלאָכה און נישט קיין עם־הארץ, חלילה, „ניע טאַק לי"?... ער ווייסט וואָס ס'הייסט כיבוד־אב־ואם...

— וואָס איז דאָ לאַנג צו טראַכטן? דערווייל איז איר אוודאי נישט גוט... ווען זי שטאַרבט, וואָלט איר א סך בעסער געווען.

אין איינעם אַ ליכטיקן פרימאָרגן טראָגט מען אים אונטער אַ פינצטע־רע בשורה „אויף צו שמעכעניש":

— נו, חיים משה! ווי געפעלט עס דיר?

— וועלכס?

— דאָס וואָס דיין מאַמע ווערט אַ גבירנטע אין שטעטל?

— ?!

— די פערשטמאָטער יידן זאָגן, אַז זי דערהאַלט שוין צום דריטן מאָל דאָלאַרן פון אמעריקע!

— דאָלאַרס?!! — שרייט אויס הונטמאַן, און ער איז פאַרוואַנדלט אין אַ שטיק רויט צעטומלעניש — דאָלאַרן פון אַמעריקע?! פון וועמען?! וועמען האָבן מיר דען דאַרפֿן?

די בשורה־אַנטמערזאָגערס קוקן זיך איבער מיט פאַרוואונדערונג און שאָקלען צו אויף אים מיט שפּאָט:

— ??! אַז אָך און וויי!...

— אַ האַרץ פון אַ הונט און אַ קאָפּ פון אַ קאַץ, וואָס איז דאָס? — רעדט עמעצער הורך די ציין.

אָבער באַלד „סמאַליעוועט" ער זיך איין, הונטמאַן. ער פאַרשטייט, אַז מע האָט געוואָלט מיט אים אַ־שפּאַס טרייבן, אַ שמאָך טאָן, און ער לאָזט זיך נישט פאַרפירן:

— איר מ'נישט געטראָפן דאָס אָרט. ס'איז איר געבער אַוודאי נישט גיט, דער מאַמען. נאָר חוזק מאַכן אויף איר חשבון...

— קין!... — זייעט ווידער עמעין הורך די ציין און „ציט אויף דעם פריבת" — און דיין ברודער הערצל האָסטו פאַרגעסן?

— הערצל?!! — בלייבט ער שטיין דערשיטערט, קוקט אָן די אַרו־מיקע מיט פאַרשנדיקע אויגן, דערפילט זייער ערנסט, לאָזט שווער אַראָפּ די אוינגלעדלעך, דרייט זיך אויס און גייט אָפּ.

ער גייט פאַמעלעך און פלאָנטערט זיך מיט די טריט און די אייגענע מחשבות:

...אויך הערצל האָט געמאַכט געלט!... דער גנב!... און וואָסער געלט! דאָס בעסטע געלט אויף דער וועלט!...

ער פילט אַ טיפן פאַרדרוס:

...אָט דער קליינער האָט „געטמייעט" צו מאַכן געלט!... און ווי אַזוי? פון דער מאַמעס „קניפל"... איצטער שמעלט ער אַרויס „חזיר־פיסל־בשר"... באַפּט אויס ביי איר די מאַמע... נישט היינט — איז מאָרגן וואָלט ער דאָך די מאַמע גענומען צו זיך... ער איז דאָך אַ זון פּינקט אַזוי ווי הערצל!... „גיע מאַק לי"? איצטער קאָן זי נישט וועלן גיין צו אים, די מאַמע... וועט מירא האָבן, ער זאָל ביי איר די דאָלאַרן נישט צונעמען.

ער פילט אַ באַנג טון. אַ טיף באַנג טון:

...אַ שאָד, אַ גרויסער שאָד, וואָס ער האָט נישט די מאַמע באַ־צייטנס צו זיך גענומען!

ער ווייסט:

...נישקשה, די מאַמע האָט נאָך איר שכל נישט אָנגעוווירן. אויב ער

וועט זיך איילן מיט דער זאַך, וועט פֿאַר אים קיין גוטס נישט אַרויסקו־
מען... (ער האָט זיך צוגעאײַלט מיט גאַסטיען... ער!... די האָר
שטעלן זיך קאַפּויער!) מע מוז האָבן „טערפּעניע“. מע מוז וואַרטן, צו־
קוקן דאָס גרייטע און „טשאַטעווען“...

מיט קיין איינציק וואָרט גיט ער זיך נישט אַרויס פֿאַר דער מאַמען,
אַז ער ווייסט עפּעס וועגן דאָלאַרן. ער פֿאָרשט בלויז איר פּנים, וואָס ער
האָט עם שוין אַזויפֿיל יאָרן נישט געזען, כאָטש ער האָט אַ סך מאָל גע־
קוקט אויף דעם. ער זוכט דעם סוד פֿון די דאָלאַרן אין אירע אויגן, וואָס
קוקן נאָך אַזוי קלוג... יאָ, איר פּנים איז שוין צעפּרעסן פֿון דער עלטער...
ווי לאַנג קאָן אַ מענטש דען ציען?... מיט איר לעבן וועלן זיך אָפּשטעלן
אויך די דאָלאַרן... אָבער די דאָלאַרן קאָנען איר פֿאַרלענגערן די יאָרן...
זי דאַרף זיך צופּילנעווען אַ ביסל.

ביסלעכווייז, אונטערגנבֿנדיק זיך, ווערט ער וואָס ווייטער אַלץ ווײ־
כער צו איר, צוגעלאָזענער. ער קומט צו איר אין שטוב אַרײַן. ער פֿאַר־
בעט זי צו זיך אין גאַסט; און די אַלטע קוועלט אַרײַן אין זיך שטיל:
ער איז דאָך אַזוי גוט צו איר, חיים משהלע! איר זון זאָל לעבן!

· זאָגט ער איר איינמאָל:

— דו דאַרפֿסט זיך נישט אָפּלאָזן. און אַז מען איז שוין אַלט, איז
וואָס? דעם קבֿר מיט די ווערעם פֿאַרשפּעטיקט מען קיינמאָל נישט... אויב
דו גייטיקסט זיך אין עפּעס...

— חס־וחלילה! וואָס מ'שפּײַנסגעזאָגט דאַרף האָבן אַן אַלט מענטש...
אַ דאַנק דיר, חיים משהלע, אַ דאַנק! הונדערט יאָר זאָלסטו מיר לעבן!...

זי כאַפּט זיך שיר־שיר נישט אַרויס וועגן הערצלס דאָלאַרן. נאָר
עפּעס־וואָס דערלאָזט איר נישט עס צו טאָן.

צײַטנווײַז, ווען זי פֿאַרדרייט מיט ציטערנדיקע פֿינגער די דאָלאַרן,
רוקט זיי אַרײַן אין איציע בערם בלעכענעם ברילן־שײַדל און פֿאַרשטעקט
עס אין דעם גריבל צווישן דער וואַנט אין דער הרובע — האָט זי דעם
ציטעריק־זיסן געפֿיל פֿון יאָרן־יאָרן צוריק, נאָך דער חתונה מיט אים,
עליו־השלום, ווען זי האָט געזאַמלט דאָס ערשטע „קניפּל“ פֿאַר חיים משהס
וועגן.

...און חיים משהלע קאָן זיי נאָך וועלן צונעמען, די דאָלאַרן!... ער
דאַרף זיי טאַקע האָבן אויך... ?... איז דאָך אָבער הערצל אויך איר זון...
זי איז שוין איצט שלום מיט אים. זײַן אַלטן חטא האָט ער שוין אויס־
געקויפֿט... ער איז דאָך פֿאָרט נאָך אַ „קדיש“ איבער הונדערטאונצוואַנ־

ציק יאָר... פאַרוואָס זאָל זי אים אַן עוולה טאָן? זיי האָבן זיך ייִנגלווייז שטאַרק גישט ליב געהאַט, די ברידער...

אַזוי גייט זיך אַוועק די צייט. „גוטע פריינד" זענען אים פון צייט צו צייט מודיע מיט שטאָך: „חיים משה, די מאַמע האָט געלט דערהאַלטן!..." ער טוט אויף דעם בלויז אַ ברום. ער מאַכט זיך ווי די זאַך גייט אים גאָר-נישט אָן. אָבער — ער לאַכט פון זיי! — ער ווייסט עס נאָך פריער. פאַר אַ קלייניקייט האָט ער אָפּגעמאַכט מיטן בריוומרעגער, ער זאָל אים יעדעס מאָל איבערגעבן וויפל געלט זיין מאַמע האָט דערהאַלטן. און ס'איז ביי אים אין זכרון זייער גוט פאַרצייכנט דער דאַטום מיטן סכום. דאָס געלט גייט שוין אַרייַן ביי אים אין חשבון פון זיין פאַרמעגן: אַזויפיל און אַזויפיל ביי די מעשמשאַנעס; אַזויפיל אין אַזויפיל ביי די גייע קאָלאָניסטן די פּוילישע; אַזויפיל אין אַזויפיל אין די פלעשער אין שטאָל אונטערן קוי-מיסט, אַזויפיל און אַזויפיל ביי דער מאַמען אין דאָלאַרן... ווען זי וועט שטאַרבן... ניין! וואָס איז דאָ קיין צייט נישטאָ?... אַז הערצל וועט איר נאָך אַ פּאָר הונדערט דאָלאַר איבערשיקן, וועט ער דאַרפט אַ קבצן ווערן?! ס'אַ שאָד זי זאָל שטאַרבן, די אַלטע. סע דערלייגט עמעצער צון איר?...

איין זאַך שרעקט אים — סע זאָל, חלילה, קיין אומגליק נישט גע-שען! מע זאָל זי נישט באַפאַלן און באַראַבעווען; אַן אַלט מענטש איינע אַליין אין שטוב. אַזוי... איז נישטאָ וואָס מורא צו האָבן. זי איז אַ „פּייער-קאַסע", די מאַמע. שוין דאָס דריטע „קניפּל" ביי איר. פאַרלירן וועט זי עס נישט, און באַגגבענען וועט מען איר אויך נישט. נאָר טאָמער?...

מאַכט ער צו שטאַרקע קיימלען צו די טירן אין זיין שטוב אויף דער פערשטאָט; מאַכט צו בראָבעניעס צו די לאָדן; און קלאַפּט אַרום די סטרע-כעס, מע זאָל נישט קאָנען אויפן ביידעם זיך אַרויפקריגן. און סע מאַכט זיך אויך גאַנץ אָפּט, אַז —

— איך גיי דאָ גראָד פאַרביי, איז וואָס אַרט מיך, אַז איך וועל אַמאָל ביי דיר איבערנעכטיקן?...

— הונדערט יאָר זאָלסטו מיר לעבן, נחת מיינער! אויף אַלע נעכט געזאָגט געוואָרן...

— אפשר זשע וואָלסטו עמעצן אין שטוב אַריינגענומען? איך ווייס? אַ שכנטע... אַן עלטערע ייִדענע אַ שטייגער... אָדער...

— ניין, ניין! — שאָקלט זיך אָפּ די אַלטע, ווי פון אַ בייסיקער פליג — איך האָב ליב צו זיין אַ מענטש פאַר זיך... כל זמן די אברים דינען.

איך קאָן דאָס ביסל נעקעכץ אליין זיך צוגרייטן... כ'האָב פיינט, אז פרעמ־
דע אויגן קוקן מיר אין טעפּל אריין...

— דאָס ביסטו אויך גערעכט, — איז דער זון גלייך מסכים און באַ־
וונדערט דער „מאַמעס קאָפּ“... יאָ. זי האָט נאָך דעם גאַנצן קאָפּ אויף
די פּלייצעס!... זי וועט די דאָלאַרן פון האַנט נישט אזוי גיך ארויסלאָזן...
איז אפשר פּרווון בעטן זי צו זיך?! דאָס טויג אַוודאי נישט. סע וועט איר
גלייך איינפאַלן, אז איך וויים שוין פון זיי... אז זיי האָבן מיר פארשמעקט...
און טאָמער נאָך וועט זי גיין צו לייט אַן עצה פרעגן?... סע וועלן זיך שוין
געפינען „גוטע פריינד“ וואָס וועלן איר שכל אין קאָפּ ארייגלייגן.

...דאַרף מען, הייסט עס, ווייטער שווייגן און ווארטן און „משאַ־
טעווען“...

סע קומט נאָר אומגעריכט:

— איך בין געקומען מיט דיר זיך אַן עצה האַלטן, חיים משהלע.
וואָס זאָל איך טאָן? שוין אַ לענגערע צייט ווי סע קומען מיר אָן דאָלאַרן
פון אמעריקע, פון הערצלען. נו, סע זאָל ליגן ביי מיר אזוי־אָ, ווי אַ
„קניפּל“, איז דאָך קיין תכלית נישט. איך פארלעב דאָך דעם גרייטן
גראָשן... אפשר ווען איך גיב עס אוועק אויף פּראָצענט... סע זאָל ליגן
אין זיכערע הענט... מ'איז שוין טאַקע געווען ביי מיר וועגן דעם...

דער זון ווערט בלאַס און פינטלט מיט די אויגן: אז אזא אומגליק
קאָן געשעען איז דאָך אים גאָרנישט איינגעפאַלן!... נאָר ער שלאָגט איר
נישט איבער: זאָל זי רעדן, אז זי רעדט שוין יאָ.

— איך וויים? סע שרעקט זיך מיר דאָס האַרץ, אזוי צי אזוי... איך
בין דאָך אַן אלט מענטש... און גלאַט, אז מע ווינט צעווישן ערלים, איז
אַז דאָס געלט וועט זיין ביי מיר... אַנומלטן, בייגאַכט האָט כוועדקע באַ־
זילס אָנגעקלאַפּט.

דער זון הערט ווייטער אויס מיט אַ שווער־פארטראכטן אראָפּ־
געלאָזטן קאָפּ: זי איז זייער גערעכט, די „פייער־קאַ...!“, די מאַמע, וואָס
קאָנען העלפן אלע זיינע באַוואָרענישן?... ס'זאָל נישט געשעען... איז אפשר
איצט די פּאַסיקסטע צייט צו זאָגן איר, זי זאָל איבערגיין אהער, צון
אים?... ניין! דאָס טויג נישט... ניין!... זאָל זי זיך לעבן הונדערטאונצוואַנ־

ציק יאָר, נאָר איר צייט וועט דאָך קומען... חברה=קדישא... וועט ער קאָנען זאָגן: ער ווייסט? ווער האָלאַרן? וואָס האָלאַרן?! איך ווייס נאָרנישט דערפֿון... איר זאָגט, ס'איז דאָ! — געטמס!... זי האָט אפילו יאָ געהאַט האָלאַרן — און אלט מענטש, עובר=בטל — האָט מען זיי אוודאי ביי איר צוגעצירשנט... איך ווייס?... אָבער אז זי וועט זיין ביי אים!? ניין. דאָס טויג נישט.

— וואָס זשע פאר אן עצה גיסטו מיר, חיים משהלע? ראָט מיר ווי אן אייגענער זון...

...וואָס עצהט מען איר? — טראַכט ער. ער באַהאַלט אויס פאַר איר טריבן פֿאַרגליווערט=פֿרעגנדיקן בליק זיין פּנים מיט די מחשבֿות. זיין בליק איז, ווי א חזיר=האָר, אָנגעשטאָכן אין איר דאַרער פֿויסט, וואָס ביינדלט זיך אַרויס פֿון הינטער איר שאַל. ווילנווייז ציטערט ער, דער פֿויסט... אין דאָס ציט אים, הינטטאַנגען, ער ווייסט אליין נישט פֿאַר וואָס, ווי א מאַגנעט.

— המם... — טוט ער ברום, ווען דער ביטרער גאַנג איז שוין צוגעטראַכט.

ער רעכנט איר אויס עטלעכע רייכע לייטישע ייִדן און שטאָט, וועמען מע קאָן דאָס געלט געטרויען מיט א רואיק האַרץ: מיכאל זוסמאַן, הערשל רייזע משה יאָבלם אין מאַגיע גאָלדהאַרץ. ער גיט יעדערן פֿון זיי אָפּ א געהעריקן שבח. זי קאָן זיכער זיין, די מאַמע, אז זי וועט קריגן צו דער צייט פֿינקטלעך דאָס פּראָצענט צום פֿארלעבן. און צו יעדער צייט, ווען זי וועט נאָר וועלן — דעם קרן... אבי די צייטן וועלן נאָר זיין רואיקע...

— עצהסטו מיר, הייסט עס, חיים משהלע, איך זאָל דאָס געלט ביי זיך נישט האַלטן?

— פֿארשטייט זיך. איך זאָג דאָך דיר ביי וועמען. ביי זיך איז קיין אויפֿן נישט... המם... נאָר אויב דו ווילסט גאָר, מאַמע לעבן (אירע אויגן לייטערן זיך אין קוועלן אָן מיט ליכט: אזעלכעס הערט זי דאָך פֿון אים דאָס ערשטע מאָל: מאַמע לעבן!)... אויב דו ווילסט... אין לעבן אריין גייט עס מיר נישט... ערגער, בעסער — איך גיב זיך שטענדיק אן עצה מיטן שטיקל ברויט... איז אויב דו האָסט נישט מורא פֿאַר דיין זון... איך האָב דיר, האַכט זיך, קיינמאָל נישט באַגנבעט... קענסטו האַלטן דאָס געלט ביי מיר... איך וועל דיר צאָלן א פּראָצענט נישט קיין קלענערן פֿון עמעצן אַנדערש. און פֿינקטלעך אויך... מא, ווי דו ווילסט זיך... אוודאי

וואָלסטו מיר, מאַמע לעבן (ווידער: מאַמע לעבן!) א גרויסע טובה געטאָן...
מיט א באַרן גראָשן קאָן מען עפּעס אויפטאָן...

— חיים משהלע... און הערצל וואָס וועט זאָגן?

— הערצל?... — ווייסט נישט דער זון, וואָס צו טאָן אים, דעם ברודער: צי זאָל ער אים פאַרשווארצן, אָדער פאַרקערט...

— ער האָט זיך דאָך נאָך אזויפיל יאָרן דערמאָנט אין מיר. אין דער אַלטער מאַמען. „טייערע, ליבע מאַמע!" שרייבט ער מיר אין יעדן בריוו... פון אזוי וויט! פון יענער זייט ים אזש!...

— נו, יאָ — איז דער זון מסכים, פאַרשטייענדיק, אז ס'איז גלייכער צו האַלטן פון הערצלען — ער האָט דיר דעם קרן מיטן פּראָצענט, מיט פּראָצענט פון פּראָצענט אָפּגעצאָלט... גאַנץ פיין פון אים... און ווידער — ער איז דאָך א זון!...

— און איך האָב אים פאַרשאָלטן! — פאַרקרימט זיך דער אַלטער מאַמעס פּנים צו געוויין — האָב זיין נאָמען פון דער היים אויסגעמעקט...

— מאַמע! — פירט איר דער זון צוריק אויפן וועג — און אויף מיר איז שוין גאָר קיין רחמנות נישט?

— איך זאָג דען? — שאָקלט זי מיטן קאָפּ — נישט איין מאָל זאָג איך צו זיך אַליין: ווער דען איז מחויב א קינד צו העלפן, אז נישט א מאַמע?... נאָר וואָס וועט הערצל זאָגן?...

— דאַרפסט דען הערצלען וועגן דעם מודיע זיין? — העלפט ער איר אריבערציען די וואָגשאָל אויף זיין זייט — און אז א ברודער האָט אמאָל א טובה פון א ברודער, — איז אַן עוולה?

— ביסט געריכט, חיים משהלע, ביסט גערעכט... מע זאָגט, ער איז דאָרט אַ מיליאָנער געוואָרן! ווי אין אַ מעשה־ביכל... אָן זיין שאָדן אויף דיר געזאָגט געוואָרן! נאָר... איך ווייס? אַוועקגעבן זיין געלט...

— אַוועקגעבן?! דו ניסט עס דען מיר אַוועק?... לייעסט עס מיר, פּונקט ווי דו לייעסט עס אַן אנדערן... אז הערצל האָט דיר אָפּגעגעבן, וועל איך דיר נישט אָפּגעבן?! און פּראָצענט וועל איך דיר צאָלן נישט ערגער פון א פרעמדן... סע וואָלט פּשוט געווען א זינד פאַר גאָט און א חרפּה פאַר לייט... און ווידער — איך האָב דאָך דיר געזאָגט — ווי דו ווילסט.

ער לויערט אויף דער מאַמעס פויסט. זי שווידערט הינטער דער שאַל, און ער פילט — שוין. איצט קאָן יעדער נישט־פּאַסיק וואָרט פאַלן ווי א שטיין אויף דער וואָגשאָל. גלייכער שווייגן. בלויז זיין בליק איז איינגע־האַטשיקט אין דער פאַרבאָרגענעם פויסט און ציט אים צו זיך שטומשווייגנ־

דיק, אָבער מיט באַצווינגדיקן ווילן. און... מיטאַמאָל טוט ער זיך פון הינ-טער דער שאַל א שמעק אַרויס, דער פּויסט, טוט זיך קאָנוואָלסיוו א צעעפן, און פון צווישן די צעפּאָרענע קנאָכיקע פינגער פאַלן אַרויס, ווי טויטע פייגעלעך פון א נעסט דורך צווייגן — צוזאַמענגעקוועטשטע, נעקאָרטשע-טע צעגנער- און צוואָנציקער-דאָלאַרן. הונטמאַן טוט זיי א כאַפּ מיט פאַר-כאַפּטן אָטעם און גיריקע קראַלן.

וואַרעמע טרערן פון נעראַנגל און נערירטקייט גיסן זיך נעדיכט פון דער מאַמעס אָנבריטיקע אויגן:

— נעם, חיים משהלע, מיין זון! גאָט זאָל דיר העלפן, זיי זאָלן צידינגען דיין מזל. זאָלסט מיט זיי מאַרוויען זיין. און פּריצענט... וויפל דו וועסט קענען... וויפל דאַרף איך דען האָבן צום פּאַרלעבן? און אַלטער שאַרבן. וועט מיר עפּעס בלייבן אויך פון פּריצענט. ווייס איך? וועל איך קלייבן א גראָשן צו א גראָשן... און אז די צייט וועט קומען, וועסט מיר אומקערן דעם קרן אויך. אזוי ווי הערצל... אַיאָ, מיין זינעלע?

אָבער דער זון ענטפערט שוין נישט... עיבר-בטל!... ווי לאַנג קלערט זי נאָך צו לעבן?... — לייפט דורך א מחשבהלע דורך זיין מוח.

ער גלעט אויס מיט די האַרטהייטיקע פינגער די צעקנייטשטע דאָ-לאַרן און קנייטשט דעם שטערן פון פאַרדרוס: וואָס? אזוי האַלט מען געלט?...

— יאָ — דערמאָנט זיך די אַלטע — פאַרן פּריצענט וועט מען נאָך דאַרפן שטעלן א מצבהלע אויפן טאַטנס קבר, עליו-השלום... דאָס ברעטל איז שוין איננאַנצן פאַרפּוילט... הערצל פרעגט זיך טאַקע נאָך אויף דעם אין א בריוו... און פון מיין טאַטנס צייט, פון דיין זיידנס, עליו-השלום, וואָס דו הייסט נאָך אים, איז שוין אויך באַלד קיין זכר נישטאָ... וואָס זאָגסטו, חיים משהלע?!

— גוט, גוט! — לייגט ער אַריין די אויסגעגלעטע דאָלאַרן אין בוי-זעם-טאַש — איך וועל טאָן אַלץ... פאַרשטייט זיך... נאָר איין זאַך וויל איך דיר דערמאָנען... ביסט דאָך א קלוגע ייִדענע... איך דאַרף נישט, פרעמדע צינגער זאָלן מיך נעמען אויף די ציין... מענטשן זענען דאָך אומזיסטע שונאים... „ניט טאַק לי"? און...

ער רייסט זיך איבער, באַלויכטן פון א פּשוטן אָבער פיינעם איינפאַל: ווי נאָר ער וועט זען, אז ס'האַלט מיט איר שטאַל, מיט דער מאַמען, טוט ער א שפּאַן א פערד און א פיר אַוועק זי אין דער קרייזשטאָט!... און דע-מאָלט... שמעקט ער איר אַרויס א גרויסע פיג, דער חברה-קדישא!...

סע גיים כשורה. די דאָלאַרן — א נעשעפּס, אין וועלכן ער לייגט צאָרנישט אריין און נעמט דערפון גאַנץ גישקשה ארויס — מערן זיך... ער איז, ווייזט אויס, נישט קיין קליינער אויסברעננער, הערצל. שיקט געלט גלאַט אין דער וועלט אריין. דאַרט מוז ער פון דעם געלט נאָר א תכלית מאַכן! א רציחה!... סע איז א מצווה וואָס מער פון אים ארויסצוקריגן. ס'איז ווי פון א פייער אַרויס.

ער שרייבט דעריבער אָפּטע בריוו צו הערצלען. נישט פון זיך, פאַרשטייט זיך. ע ר וויל מיט אים קיין געשעפטן נישט האָבן. נאָר פון דער מאַמען. ער דיקטירט, הונטמאַן, בונעמען, און די מאַמע חתמעט זיך אונטער מיט אזא חתימעלע, ווי קליינע ווערעמלעך וואָלטן אויפן פּאַפּיר געקראָכן. אין די בריוו גיסט ער אוים דעם גאַנצן ביטערן מזל, דער מאַמעס, איר פינצטערע און וויסטע דאָליע:

...פון זינט דער טאַטע, עליו השלום, איז געשטאָרבן, 15 טעג אין חודש כסלו, איז אַלץ געגאַנגען מיט דער פּוטער אַראָפּ. דאָס מעלשענקל האָט גאַנצע יאָרן קוים געזשיפּעט. אין די מלחמה-יאָרן האָט זיך עס אינגאַנצן אויסגעליידיקט. גיסים — חיים משה. ער האָט איר די גאַנצע צייט אונטערגעהאַלטן. וואָלט נאָך גוט געווען אפילו אָן דעם שענקל. איז אָבער חיים משהן א גרויס אומגליק געשען. ער האָט זיך געהאַט דערשלאָגן צו אן איינענער „פּאַראָווער“ מיל: א גביר געווען. זענען געקומען די קאָזאַקן און זי צו אַש געמאַכט. זיין צער, חיים משהס, זאָל מאַקע נאָר פאַר איין גאָט אין הימל קומען! וואָרן וואָס האָט ער געבעך אחוץ זיין שווערם שטיקל שטוב?! דאָס ווייב, נחום הערש דעם געלגם מאָכטער, דעם אייזנקרעמערס, איז פאַר קיין ייִדישער טאָכטער געדאַכט אן עקרה, קראַנק, א שטוב אָן א קינד. נאָר אן עסער, א פרעמדן עסער האָט ער אויף זיך גענומען; א פרעמדן „קאָמפּאָט“ צו די אייגענע צרות. פרעג, וואָס? און דאָ — דער נחת, וואָס ער האָט פון דער מאַמען?! ער בעט איר, זי זאָל צו אים איבערגיין, וויל זי נישט: זי קאָן דעם צער נישט צוקוקן... די שנור דאַרף א דאָקטער, און ער אַליין, חיים משה, איז אויך קראַנק, פאַר קיין ייִד געדאַכט (ס'אַרא גיבור ער איז געווען, ווען ער איז געקומען פון פּאָניעס דינסט!). ווען ער האָט באַדאַרפט אין דער וויסטער מלחמה אריין גיין,

האָט ער זיך געמאַכט אַן אויער. נו, דרייט עס אים היינט אין קאָפּ. דרייט, אַז איין נאָט זאָל זיך דערבאַרעמען. ער קלאָגט זיך צייטנווייז, אַז סע פּינצ־מערט אים פאַר די אויגן... ווען ער וואָלט געהאַט אַ ביסל געלט. —

...און די „בהמה" דאָרטן, הערצל, שיקט און ווערט נישט מיד. אַ מעלקעדיקע קו!... נו, איז אויב די שותּפים וועלן ווייטער נישט וועלן צוטרעטן אויפבייען די מיל, וועט ער איבעראַיאָר, אם־ירצה־השם, אליין צוטרעטן דאָס צו טאָן. כע־כע־כע! אַ חלק פון גאַנצע הונדערט פּראָ־צענט וועט ער האָבן אין דער מיל!...

אָבער די אומרואיקע צייטן לאָזן נישט צו רו. דער שלום איז ערגעץ ווייט־ווייט. און אַרום — אומרו. מע שמועסט וועגן פּאָגראָמען אויף ייִדן. — — —

באַלאַכאָווצעס, צרות, האַרצקלאַפּעניש, טויט־שרעק.

אַ דאַנק נאָט! דאָס פאַרמעגן ווערט נישט גערירט. זיי זוכן און אַקערן ביי אים, נאָר די פאַרבאַהאַלטענע סחורות פאַרן שונא, פאַרן באַל־שעוויק, באַווייזן זיך נישט. און דאָס געלט? כאַ־כאַ־כאַ! האָט ער דאָך שׂכל געהאַט און באַצייטנס עס פאַרגראָבן ביי דער מאַמען אין גערטל אויף דער פּערשטאָט... אין דער אַלטער כאַטע פאַלט די שפּיר־הינט נישט איין צו זוכן... ניין, דאָרט מוז איך נישט. שונאים קאָנען אויסטערישקען... זי דער־האַלט דאָלאַרן!... — — —

באָלשעוויקעס. „באָרוועסע לייט". „לייזיקע", „פּאַרשיווע לייט".

איין מעלה האָבן זיי אַפילו: אַלע מוזן אַרבעטן! אויס דאַרמאָיעדני־קעס! זיינע רייד שמעקנדיק. נאָר וואָס פאַר אַן אַרבעט האָבן זיי דאָס אויס־געזוכט! קערן די גאַסן און וואַשן די פּאָדלאָגעס! און מע דאַרף דאָך פאַר־שטיין: ווו איין און ווו אויס, ווער און וועמען!... אים שלעפּן זיי אויף אַרבעט! היגע סטאַרקאַטע בחירים אין שקצים, וואָס האָבן ביי אים אַליין געאַרבעט, ביי אים אַליין פאַרדינט ברויט! אַז אָך און ווי צו זייער שׂכל! זיי וועלן זיך אוודאי לאַנג האַלטן מיט זייערע פּאַראַנדקעס!... אַז ווייבער זענען אויך ביי זיי גאַנצע מאַכערס... באָלשעוויטשקעס!... באָר־וועסע שיקסעס... אַך!... ער איז פאַרביי! — און אַז פּלוצלינג טוט זיך פאַר אים אַ באַוויז, אין סאָלדאַטסקע הויזן און שינעל, נאַסטיע?! איז דער טויט...

די „לייז" קריכן איבערן שטאַל, איבערן גאָרטן, און זוכן ביי אים אַ וואַגאָן זאַלץ. מע האָט זיי איבערגעגעבן. זוכט! זיי זאָגן צו, אַז קוים וועט זיך די זאַלץ באַווייזן, וועט מען אים, דעם הינטישן שפּעקוליאַנט,

צום „ווענטל“ צושטעלן. מיט די קוילן ווי אַ רעשעטע דורכלעכערן. אוי־ מיט דעם זאַלץ געדיכט איינזאַלצן, ער זאָל נישט פאַרשטונקען ווערן. זאָלן לייט האָבן פון וואָס א מוסר־השכל זיך אראָפּצונעמען... — עס ציטערט טאַקע אויף אים די פעל. אָבער געפינען, געפינען זיי טאַקע נישט מער ווי דאָס מעסטל שווארצע זאַלץ אין קיך!... פון וואנען זאָל זיי איינפאַלן, די לייזיקע קעפּ, אַז דער וואַגאָן זאַלץ איז אין אַ מוטער־נאַכט באַגראָבן געוואָרן ערגעץ אויף איינעם פון זיינע פעלדער?!...

...יאָ. ס'איז אזוי ווי ער האָט נביאות געזאָגט: איין לייטישע שוויצבאָד, און סע וועט פון די לייז קיין זכר נישט בלייבן!... זיי ציען אָפּ! זיי ציען אָפּ!... און מיטן שפּאַן און די פערד איז ער ארייגעפאלן!... דאָס גיט ער זיי צושטייער צו דער פּליטה... נו, מילא. זיין כפּרה! ס'איז ווערט אַבי איינמאָל פאַר אַלעמאָל — פּטור!... ער איז פאַרבליבן ער, אַלע זיינע שונאים אויף צעפּיקעניש! — — —

פּויליש מילימער — — —

די וועלט הייבט זיך אָן סוף־כל־סוף איינצוסטאַליעווען. און שוין טאַקע אויף א רעכטן אמת. נישט אזוי? מע דאַרף ערגעטס א טראכט טאָן וועגן אַ תכלית. די עקססטע צייט צו נעמען זיך צום אויפשטעלן די מיל!

און איינמאָל, אין א פּראָסטיק־ברענענדיקן פאַרטאָג, לאָזט ער זיך אין דער קרייז־שטאָט, וועגן דער מיל טאַקע. בונעם שפּאַנט איין פערד און שליטן, און ער, הונטמאַן, אין מולעפּ מיט דער בורקע צוזאַמען, אין קאַפּישאָן איבער די אויגן, און אין וואליענקעס איבער די קני — וואַליעט זיך אַריין אין שליטן. ער ליגט אין אים ווי אַ בער אין דער נאָרע. שווייגט, ברומט און נאָגט זיינע מחשבות... ער מוז אַ סוף מאַכן מיט די שותּפים, אַהין אָדער אַהער. אָדער לאָמיר צוזאַמען צומרעטן זי אויפבויען, די מיל, אָדער... קויפט אָפּ ביי מיר מיין חלק אין דער חורבה מיטן פּלאַץ... ס'איז דאָך א קלייגער באַטרעף... וואָס? איר ווילט נישט? טאָ פאַרקויפט איר מיר אייערע חלקים...

אָבער אין קרייז־שטאָט ווייזט זיך אַרויס — סע טוט זיך נישט אַזוי גרינג, ווי סע קלערט זיך. ס'איז דאָך א מעשה מיט עטלעכע שותּפים. זאָגט דער — טאָג, זאָגט יענער — נאַכט. און דער עיקר צרה איז דאָס, וואָס לעאָן מינצער איז שוין עפּעס גאָרנישט ד ע ר. ער איז צו שפּעט געקומען פון דאָרטן, לעאָן מינצער. די רויטע לייז האָבן אים אזוי צעביסן, פונקט ווי ער וואָלט געווען אַ ליאַדע פּאַרך און נישט קיין אַדוואָקאַט... איצט טעג שוין דער אדוואָקאַט זיך מיט א י ם אַן עצה האַלטן...

און דאָך — אבי דער סוף איז א גוטער! — פאָרט ער אהיים זאַט
מיט נחת: ביי אים אין בוזעם⸗טאַש ליגט א נאָטאַריעלער פּאַפּיר, אז די
מיל מיט איר גאַנצן פלאַץ געהערן צו אים, צו חיים מאָשקא שאָפּטאָן!

...א וואָך צייט געפּטרט. און הוצאות. אָבער ס'איז כדאי!... פאר דער
וואַפּנע, צעמענט, צינק⸗בלעך און שמירעכץ, וואָס ער האָט פאראייננוועגס
איינגעקויפט, האָט ער, דאכט זיך, קיין גראָשן נישט איבערגעצאָלט... און
איצט, גלייך ווי ער קומט אהיים, דאַרף מען זיך זעען מיט די צוויי פון די
וואַלד⸗סוחרים, קויפן ביי זיי דאָס נייטיקע געהילץ, און באצייטנס, כל⸗זמן
סע שטייט א גוטער שליטוועגס, אראָפּפירן עס אויפן פלאַץ. דערביי וועט
ער איבעטן אליין. וואָלט זי געווען אינגאַנצן געזונט (ער וועט איצ⸗
טער נישט איינגליינן פאר איר די וועלט!), איז דאָך שוין בינעם דער
צווייטער. סיי ווי שטייען די פערד פוסט⸗און⸗פּאַסט און פאַרדינען נישט
דעם האָבער... און גלייך פאר פּסח — צו דער ארבעט!... ארבעטער
וועט מען דאָס מאָל מוזן נעמען יידישע, די גוים זענען צו שטאַרק פאר⸗
נומען מיט דער פעלד⸗ארבעט... ווי שווער עס איז ארויסצושלעפּן די פעל⸗
דער פון זייער פאַרוואָרלאָזיקייט אין די מלחמה⸗יאָרן. סיידן עס וועלן זיך
נאָך אומקערן די אָרעמע פּויערים, וואָס האָבן נישט קיין ערד... ניין. אָט האָט
זי זיך נישט אומגעקערט, נאַסטיע... ווייל זי האָט נישט צו וואָס... און
אפשר? אפשר איז זי נאָר געפּטרט? מהם. יאָ. איז ארום שבועות וועט
ער צופאָרן קיין וואַרשע איינקויפן די מאַשין... די כוחות זאָלן אים נאָר
דינען. ער איז נישט אינגאַנצן ביים געזונט. צייטנווייז שטעכט אים אין
די שלייפן, און דער פּאַטילניצע, אזש ס'ווערט פינצטער אין די אויגן.
און די אויערן רוישט א מיל, און דער קאָפּ טאַנצט אויף די פּלייצעס...
אייב ס'וועט אזוי ווייטער אָנהאַלטן, וועט ער דאָס מאָל נישט קאַרג
זיין... צוליב דער מיל טאַקע... און ווען ער וועט שוין ממילא זיין אין וואַר⸗
שע, וועט ער אריינגיין צו א פּראָפעסאָר... צו יענעם פּראָפעסאָר, צו
מירלס... ס'וועט גיין אויפן חשבון פון דער מיל...

...די מיל!... מע דאַרף צו איר א לויטערן קאָפּ...

— העי! הו! טו זיך א ריר! מע דאַרף די פערד וואַסער דערלאַנ⸗
גען! — וועקט היגטמאַן בינעמען פון שלאָף און וואַרעם געלעגער ארויס.

— שוין, שוין! — שפּרינגט בונעם אויף און הערט דער מאַמעס פאַרשלאָפן קול פון מאַמע־מאַמעס שלאָפצימער ארויס:

— וועק נישט דאָס קינד, וועק נישט!... לאָז זיך דעם אויסרויען א ביסל די יונגע ביינער...

הונטמאַן נעמט זיך צוהערן מיט א שווערן „פאַרשטאָפּטן" אויער צום דרויסן אין געסל, וו עס דאַרף באַלד לאָזן הערן דעם ערשטן סקריפּ דער ברונעם־זוויה. ס'איז אים ליב דער דאָזיקער באַגינען־קלאַנג, וואָס באַגעגנט דעם ווינטער־מאָגנס פאַרהאָרעוועט פּנים פון דער נאַכט אַרויס.

...ער וועט היינט גיט באַקוקן דאָרט אין מיל דאָס גאַנצע אייזן — צי טויג עס שוין אינגאַנצן צו גאָרנישט?...

א האַסטיק קלאַפּן פון אן אומבאַקאַנטער האַנט אין לאָדן רייסט איי־בער זיין מחשבה אין מיטן פאַרקנעפּלען דאָס לעצטע הייזן־קנעפּל... אַ?!

— דאָס קינד איז געקומען צו פאָרן! — שפּרינגט מירל אויף פון געלעגער און צעלאַכט זיך מיט אינערלעכער טיפער פרייד.

...דאָס קינד?!... — ווערט הונטמאַן דערשראָקן צום טויט: דאָס קלאַפּן איז א בייז קלאַפּן... אפשר, חלילה, נאַסטיע מיטן קינד!...

— ווער איז?! וואָס איז?!

— חיים משה! אייער מאַמע איז פאַרביי!

אַ?! — פאַלט אים ארויס א הייזעריקער קלאַנג, וואָס קערט זיך אום צוריק פון לאָדן מיט א ווידערקול, ווי א גריליץ — אַ?!

— חיים משה! עפן די טיר! — זאָגט מירל מיט א מענטשלעך קלאָרן טאָן, און פאַרענדיקט פּלוצעם מיט אויסברוך פון געוויין — דאָס קינד ווערט דאָך געפרווירן אינדרויסן...

— שטיל, משוגעת!

הונטמאַן ציט שנעל ארויף די שטיוול, נישט באַווייזנדיק איין פוס אַרומצוּוויקלען מיט דער אָנוּשע, כאַפּט זיך אַריין אין ברייטן לאַנגן וועג־טולעפּ, און גייט שנעל ארויס.

— זי האָט זיך נעבמן דערפילט עפּעס נישט מיט אַלעמען — רוימט אים איין דער מאַמעס שכנה, ווי א סוד, פון איר געדיכטער שאַל ארויס — אַן אַלט מענטש... אַליין... בין איך געבליבן ביי איר נעבטיקן. ארום דריי־סיר אוודאי... אין שטעלכן טוט אַזאַ קריי דער האָן, ווי מיט א חלף... ס'האָט דאָס האַרץ א שניט געטאָן... איך הער זיך איין... ווייַ איז מיר נישט!... איך וויל עס גאָרנישט פאַרן מויל ברענגען... גאָט הער דערבאַ־רעמדיקער ווייסט, צי איר וועט זי נאָך טרעפן...

— און זי האָט גאָרנישט געזאָגט, די מאַמע?

— שווער געווען צו פאַרשטיין. האָט עפּעס געמורמלט, געמורמלט אין שיין. איינציקע ווערטער בלויז דערכאַפּט — חיים משה... הערצל... אַמעריקע... דאָלאַרן...

— דאָלאַרן?! — מיט הונטמאַגנס קאָפּ א שוידער... — אפשר האָט איר די טעג באַמערקט דעם בריוומרעגער ביי איר?... איך בין א גאַנצע צייט אין דער היים נישט געווען. המם... און איר האָט זי אַזוי געלאָזן? אַליין? . . . . . . . . . . . . . . .

— וואָס הייסט? — באַליידיקט זיך די יידענע — משוגע, מיינע שונאים?! כ'האָב תיכף א געוואַלד געמאַכט. ס'איז פול דאָרט דאָס שטיבל...

— איך קאָן דען נאָכהאַלטן זיין טראָט? — שאָקלט זי מיטן קאָפּ, בלייבנדיק הינטערשטעליק — א זון צו מאַמען! פאָרט א זון...

סע טראָגט אים, הונטמאַגנען. סע טראָגט אים דער געדאַנק: זי האָט אוודאי דערהאַלטן געלט פון אַמעריקע... אוודאי, א דרייסיק „לאָקשן“... שיין אַזאַ לאַנגע צייט נישט אָנגעקומען... איצט אין מיטל — ווער ווייסט?... אייב ער וועט נישט באַווייזן צו דער צייט צו קומען — קאָנען זיי נאָך צו גרונט גיין, די דאָלאַרן!

ער לאָזט זיך מיטן קירצערן וועג, מיטן טייך. אין מיטן צעשפּרייטן טולעפּ טוט ער זיך א רייס אַריין אין שטיבל. ווי אָנגעפלויגן. ער בלייבט שטיין. דער טולעפּ וויקלט אים צוריק איין... די מאַמע ליגט שוין אָפּגע-הויבן.

ס'מאַכט נישט אויף אים קיין איינדרוק. ס'איז אַ טויטע זאַך, וואָס רעדט נישט צו זיין האַרצן. זיינע אויגן באַוועגן זיך פון בר-מינן צו די בעטן. איינס, דעם טאַטנס, איז אָנגעוואָרפן מיט בעטגעוואַנט; דאָס צווייטע, דער מאַמעס, איז ליידיק. ארום — שטרויעלעך און שטרוי-שטויב. ער טוט זיך א כאַפּ פאַרן קאָפּ... אייב זי האָט געהאַלטן די דאָלאַרן אונטער די קישנס, איז דאָך שוין נאָך זיי! וויי!...

זיינע אויגן טוען א בלאָנדזשע ביוז-אָנגעכמורעט, מיט שטאָלערנע האַמשיקלעך פון חשד, אויף די פאַרזאַמלטע אַרום. די ווייבער — בלויז זיי ווייגען. צעגייען אין געוויין, גלייך ווי זייערע אייגענע מאַמעס וואָלטן געשטאָרבן. אין די מאַנצלייט, שטייען און שמועסן אין די ווינקעלעך... קיינער פון זיי לאָזט זיך נישט כאַפּן אויף דער ווענטקע...

— ווו איז מיין מאַמעס אָנטועכץ?! — טוט ער מיט א געמאַכטער

אָבלדיקייט און נישט-געמאַכטער בייזקייט אַ פרעג אויף אַ קול. ווי אַ שטרענגער אויפּאָרשער.

דאָס ווייבערישע געוויין ווערט איבערגעריסן. ס'ווערט אַזוי שטיל, אַז דאָס שטיבל איז פול-אָנגעשטאָפּט מיט מת. און נישט פאַרשטייענדיקע בליקן הענגען אויף אים ווי ווערעם.

ער זוכט אַליין אויף דער מאַמעס אָנטועכץ. קערט עס איבער און נישטערט אין דעם... נישטאָ די דאָלאַרן! ער זוכט אין שענקל, אין שאַפּ-קעלע, אונטער די בעטן... נישטאָ! ער זוכט און וואַרפט איבער אין קוּ-פערט... אין אַ בלעכן בריל-שיידל ליגן אַ ביסל רוסישע קופּערנע מטבעות, און שוין!...

סע קלעמט אים דאָס האַרץ, און אַ פיינלעך בייסעניש קריכט אַרום איבערן גאַנצן לייב: אַזאַ היזק! אַזאַ היזק! און... ער איז דאָך אומגליק-לעך!... וואָס וועט אַ זאָג מאָן חברה-קדישא?!...

— מע האָט מיר באַגנבעט! מע האָט מיר ברלות געשטעלט! — צערעוועט ער זיך, און ווי פון אַ שחיטה אַרוים — פריער די באַלאַבאָוועצעס מיט די באָלשעוויקעס מיין פאַרמעגן... און איצטער דער מאַמעס...

ער פוט אַ שפּאַן צו איר צוקאָפּנס, האַלט איין מיטאַמאָל דאָס בימרע-געמאַכטע געוויין, קוקט אויפן בר-מינן מיט פירהאַלט, און שאָקלט מיטן קאָפּ:

— פאַרוואָס האָסטו נישט געוואַרט ביז איך וועל קומען, מאַמע? דיין לעצט ביסל האָב-און-גוטס איז דאָך אין דער ערד אַריין געגאַנגען... מיין ירושה... מיין לעצט ביסל האָפענונג...

ער בלייבט שטיין דערשלאָגן, שטום און פאַרזונקען, דאַכט זיך, אין מחשבות פון פאַרגענגלעכקייט און טויט...

— חיים משה, — ציט אים אַ שטים פאַרן אייער פון פאַרזינקעניש אַרוים — מע דאַרף געלט אויף ליכט.

— אַ? וואָס? — הייבט ער אויף קעלבערנע יאַטקע-אויגן, ווי מאַסקע פון יענער וועלט געקומען — וואָס וויל מען נאָך פון מיר? ווידער געלט?

— געלט אויף ליכט! נאָך ליכט דאַרף מען קויפן.

— ליכט? פינצטער איז מיר! נאַט אייך אויף ליכט... וואָס? איך וועל עפּעס זשאַלעווען?!

דער פּראָסטיקער פּרימאָרגן ביינט איין דעם קאָפּ אונטער דער טריכטע און קוקט אַריין דורכן פענצטער. ער שרעקט איבער די פאַרוויינטע גראָשנדיקע ליכטלעך אויס ברעמינגס צוקאָפּנס. מאַנסלייט גייען שטילשווייגנדיק אַוועק. ווייבערישע פאַרחושכטע און פאַרנעצטע פּנימער ריגען אויס צוזאַמען מיטן געוויין און געיאָמער. ער פאַרבלייבט אַליין מיט דער שטייפער שטילקייט און דעם פאַרגליווערטן ברעמינג. ער איז פאַרזינקען אין זאָרג און שלעכטע פאָרגעפילן. און ס׳איז פאַר אים אומגעריכט, ער פּוט אַזש אַ ציטער, צו דערפילן לעבן זיך אַ מענטשן מיט אַ וואַרעמען אָטעם. ס׳איז הערש מרדכי „קילע“! דער שינא זיינער! דער גבאי־שני פון דער חברה־קדישא. ער טרעט צו אָן הקדמות צו דער זאַך:

— מע דאַרף אָנהייבן זיך מתעסק זיין. ס׳איז נישט מער ווי אַ ווינטערדיקער טאָג. דאָס „פעלד“ איז געפרוירן. איז... וויפל מיינסטו, חיים משה, זאָל עס דיך קאָסטן?

— הער, הערש מרדכי — טוט ער אים אַ קוק אַריין אין די אויגן אָבלדיק־שטיל און באַצערט, און רעדט מיט אַן ערנסט־צוגערעמפּט קול — ווען מיין אומגליק האָסטו דאָך שוין אוודאי געהערט... דאָס לעצטע ביסל פאַרמעגן מיינס איז דאָך דאָ פאַרברענט געוואָרן... קיין דאָלאַר אויף קיין רפואה איז נישט איבערגעבליבן... ווי מיינסטו? אפשר שוין באַצייטנס גיין צו פּאָליציי מעלדן וועגן דעם?... וואָס? ס׳וועט אַרויסקומען אַ בזיון־המת?... ביסט מאַקע גערעכט... מיין מאַמעס כבוד איז ביי מיר נענוג טייער... איך רעכן זיך מיט גאָרנישט... וואָס? וויפל איך קלער, סע זאָל מיר קאָסטן?... איך וועל זיך נישט שטעלן דינגען. וויפל יעדערער צאָלט פאַר דער קרקע, צאָל איך אויך... נאָר די קרקע זאָל זיין לעבן איר טאַטן... אַזוי האָט זי פאַרלאַנגט פון מיר... און פאַר אַלע קליינע הוצאות וועל איך אויך באַצאָלן, פאַרשטייט זיך: פאַר די שמשים, פאַרן קברן, פאַר חברה אַ גלעזעלע בראָנפן... ניין? ס׳האַלט גאָרנישט דערביי?... גלייב מיר, דאָס איז אויך איבער מיינע כוחות... נו, ווי איר ווילט זיך: יאָ — יאָ, נישט — נישט... פונדעסטוועגן בין איך פּשוט משעקאַווע, וויפל אַ שטייגער מעסט איר זיך אָן?

— הער, חיים משה — לעצט, וואָס די חברה פֿאַרלאַנגט — פֿינף הונדערט דאָלאַר.

ער דערפֿילט באַשײמפּערלעך, הונטמאָז, אַז ער האָט געקריגן מיט אַן אײזערנער פֿויסט אין דער פּאָטילניצע: פֿינף הונדערט דאָלאַר!!! דער שאַרבן גיסט זיך אים אָן מיט אַ פֿינצטערער מאַסע. און פֿאַר די אויגן לויפֿן פֿײַערדיקע נאָדלשפּיצן...

— נו, נעמט און דערשטעכט מיך! — זאָגט ער פֿאַרצווייפֿלט, שוואַרץ, און ווערט אַנטשטומט.

הערש מרדכי קוקט אויף אים אין דערוואַרטונג עפּלעכע רגעס, פּוט אַ ציִ מיט דער פּלײצע, און לאָזט זיך צו דער טיר. דאָרט בלײַבט ער שטיין, דרייט זיך אום, און פֿרעגט:

— איז וואָס איז דײַן לעצט וואָרט צו דער חברה?

— און וואָס איז דער חברהס?

— פֿינף הונדערט דאָל...

— מכות!...

ער בלײַבט זיצן ווי־הער אַליין מיט זײַן עקשנות, וואָס שטייט אין אים, ווי אַ פֿערד „דיבאָם": ניין און ניין! ער וועט זיך נישט לאָזן באַראַבעווען אויפֿן גלײַכן וועג אין מיטן העלן טאָג!... דער מאַמעס כבוד?... וואָס? אַ „נבלה" איז זי, חלילה, אַז פֿאַרן „פֿאַרשלעפּן" זי, זאָל איך זיך ביז צו איין העמד אויסטאָן? דאָס איז דאָך דער גרעסטער אומכבוד... נו, מיר וועלן זען... — — —

סע הייבט אָן נאַכט ווערן. די ליכטלעך ווערן העלער, און די שאָטנס — טונקעלער. דער בר־מינן ווערט עפּעס מער בר־מינן, און די שטילקייט אַרום — שטילער. געדיכטער. פֿון צייט צו צייט בלויז זיפֿצן די ליכטלעך און קלאַפּן מיט די ציגנגלעך, ריסנדיק איבערן צוקאָפּנס פֿון דעם בר־מינן. ער זינקט, מיט הפסקות, אין דרימל און פֿאַרטראַכטקייט. עס טראַכט דער דרימל, און עס דרימלט די פֿאַרטראַכטקייט... דער בר־מינן איז אים פֿרעמד, כאָטש ער ווייסט — ער איז זײַן אייגענע מאַמע... ער איז לייב פֿון זײַן לייב, און ביין פֿון זײַן ביין... ער איז אים טאַקע נישט פֿרעמד, דער בר־מינן... ער פֿילט צון אים אַ בייז געפֿיל אַזאַ... אייביק אויסבאַהאַלטן אַ בר־מינן. קאָן מען נישט... הערצל וועט זיך סוף־כל־סוף דערווּסן... איז אוים דאָלאַרן!... און איצט — גיי באַצאָל פֿאַר אים, פֿאַרן בר־מינן, פֿינף הונדערט דאָלאַר! אַנישט ליגט ער. רירט זיך נישט פֿון

אָרט, און גיי טו אים עפּעס! שאַ!... און וואָס וואָלט געווען, ווען פּלוצעם טוט ער זיך אַ הייב פון אָרט, דער בר־מינן, און אַ גיי אַוועק אַליין צום בית־עולם?! כאַ—כאַ—כאַ!... זיי וואָלטן אים שוין באַגראָבן אָן דאָלאַרן. די הינט!... אַך, מאַמע, מאַמע! איך האָב איצט אַזוי פיל צרות פון דיר!...

דאָס האַרץ צעגייט אים פּלוצעם אין דרימל, ווי אַ שטיקל אייז אין אַ געהייצטער שטוב, און טריפט אָפּ אַ טראָפּן נאָך אַ טראָפּן... וואָס? ס׳רינען אים טרערן פון די אויגן?! ער ווישט אים מיט דער פויסט זייערע מאָלן, עפּנט זיי, און טוט שאַרף אַ קוק איבער בר־מינן. ווי ער וואָלט פון אים עפּעס דערוואַרט... סע צאַנקט אַ ליכטל, טרינקט זיך אין דעם לייכ־טער־רעדל. אַ שוואַרצער פליגל פּאָכעט איבערן בר־מינן. מיטאַמאָל טוט זיך דאָס פייער־צינגל אַ כאַפּ אַריין אין רעדל און ווערט געלם, ווי סע וואָלט דורכן לייכטער אין ד׳ערד אַריין. פון אַ רויטן פינק טוט זיך אַ דריי אַרויף אַ שוואַרצן רויך־ווידעלע און לאָזט־אונטער אַ שטינקנדיקן ריח איבערן שטיבל. ער איילט זיך אַריינצושטעקן אין רעדל אַ צווייט אָנגעצונדן ליכטל.

ס׳איז שוין אָווענט. סע עפנט זיך מיט א סקריפּ די טיר, און סע שלייכט אַריין העריטל רייזע משה יאָסלס, הינטמאַנס א קרוב פון טאַטנס צד. אַ דאַרער, יראת־שמימדיקער יונגערמאַן, וואָס יום־כיפּור שטייט ער אַ גאַנצן מעת־לעת אויף די פיס, ווי א וואַקסן ליכט. דערפאַר איז ער אפשר א גאַנץ יאָר סמילעוואַטע, און זיין קאָפּ איבער דער סמילעוואַטעקייט איז פיל מיט אומעט אין די גרויסע ברוינע אויגן.

— חיים משה — זאָגט ער הייזעריקלעך און פרום, קראַצט זיך דאָס שיטערע שוואַרצע בערדעלע, וואָס באַוואַקסט בלויז זיין גאָמבעלע, און זיין פלייש־קע נאָז איז פיל מיט ביטערניש — חיים משה... מיר זענען איי־נענע... איך בין געקומען דיר מודיע זיין: ס׳איז שלעכט! דיין בלוט גיסט זיך אין די גאַסן. מע טרינקט אויף דיין חשבון...

— זיי טרינקען? זאָלן זיי אלע ביז איינעם דערטרינקען ווערן אין איין לעפל וואַסער!... הער נאָר!? און דיך האָבן נישט זיי אהער־געשיקט?...

— חס־וחלילה! סע טוט מיר ווי דאָס האַרץ: מען עסט און מע זויפט... יידיש בלוט... אַלץ אויף דיין חשבון...

— אויף מיין חשבון? איך האָב זיי געהייסן? זיי האָבן א געשריפטס פון מיר? הע! אליין ריכטן זיי זיך איין, און אליין וועלן זיי זיך, במחילה, אינטערוויש.

— זיי וועלן אליין באַצאָלן מיינסטו? וואָס רעדסטו, חיים משה? ווער? אָט דאָס געזינדל עמך־שער־און אייזן? שלמה „קאַצאַפּ“? הערש מרדכי שניידער? גאָדל יאנקיעס?... און אפילו דער „גאַשבראַט“ מיכאל זוסמאַן מיינסטו?!

— דו זאָלסט אפילו קראַפּירן — זאָגן זיי — און קיין סענט נישט ווייניקער! און כדי זיך צוצוגעבן מוט, זשליאָקעט מען. מיר איז א חידוש אויף דיר, חיים משה, דו זאָלסט נישט פארשטיין, אז נישט אזוי רעדט מען מיט חברה, ווען דער מת ליגט פאר די אויגן?! מכות?! האָרך, חיים משה.

— וואָס זאָל איך האָרכן? — זאָגט הונטמאַן כמעט גלייכגילטיק — ווען זאָל איך האָרכן? די שוסטער־יונגען? די פּאַלגעס? די הינט?

— יעדער הונט אויף זיין מיסט — זוכט עפּעס הערשל רייזע משה יאָסלס מיט די פינגער אין זיין בערדל.

— איז וואָס־זשע ווילסטו זאָל איך טאָן? — רעדט ווייטער הונטמאַן מיט אַזאַ קאַלט־לעבערדיקייט, אַז הערשל טוט אויף אים א גרויסן פּראַ־גע־קוק: צי ער איז נישט פאר צרות ממורף געוואָרן? וואָס איז ער אזוי רואיק ביי זיך?...

— זאָל איך זיך אליין דעם גרגרת מיט א מעסער איבערשניידן? אוועקגעבן זיי פינף הונדערט דאָלאַר פאר גאָרנישט מיט גאָרנישט?

— זאָלסט זיי אוועקגעבן פינף הונדערט דאַלאַר?—הייבט אָן הערשל ווייך, זייער ווייך, גלעטנדיק כמעט — נײן, דאָס זאָג איך נישט. דאָס מאָר־סטן גאָרנישט טאָן... דו ביסט נישט איינער. איך האָב אויך אן אלטע מאַמע ביז איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר!... נישט היינט, איז — מאָרגן, איבערמאָרגן. קיין מענטש ווייסט נישט זיין טאָג... איז טאָר מען זיי טאַקע, די לאָבוזעס, קיין וועג נישט ווייזן. אָבער אלץ מוז דאָך זיין מיט א מאָס און מיט שכל! נישט אזוי? אז מען איז אריינגעפאַלן, איז פאַרפאַלן! פאַרשטייסט?... ווען דו וואָלסט מיך פאָלגן, איז מיין דעה און עצה... דו גיב מיר א כוח־הרשאה, זיך אויסצוגלייכן מיט זיי... א צוויי הונדערט דאָלאַר, רעכן איך, ווען זיי אויך צונעמען... וואָס? יידיש געלט איז שוין טאַקע הפקר?

— אזוי?! דו ווילסט זיין קהלס שאַלאַמן־שמש?... ס'זאָל דיך אליין ווייניקער קאָסטן? ווילסט שניידן מיין קעשענע, כדי צו פארלאַטען דיי־נע?... אזוי, מיין „ליבהאַרציקער“ קרובֿ?! ניין! איך גיב נישט! קיין גראָשן געלט נישט.

— איז דאָס דיין לעצט וואָרט, חיים משה? וועסטו קיין חרטה נישט האָבן?

הונטמאַן לאָזט אַרויס אַ טרוק און דרייט זיך אַוועק. הערשל קוקט אים נאָך באַדענקט. ער פאַרגייט אים פון פאָרנט און קוקט אים פאָרשע־ריש אין פנים אַריין. ער איז אָנגעברוגזט, מרה־שחורהדיק, געקאָרטשעט און האַרט, ווי בוים־קאָרע. די באָרד — צעקאָשטעט און גרוי, ווי אַ טרו־קענער ביים־מאָך (ווי אַלט ער איז געוואָרן איבער'ן טאָג!). אָבער דער גוף איז עקשנותדיק־שטייף... גיין. רעדן איצטער צון אים, איז גערעדט צו דער וואַנט.

— מנע... מע דאַרף אים לאָזן איבערנעכטיקן מיטן בר־מינן — שעפּטשעט ער שטיל, מיט דער כוונה, אַז דווקא די שטילקייט זאָל וועקן חיים משהס פאַרשטאָפּטע אויערן — וועט ער בעסער ווערן...

און ער לאָזט איבער הונטמאַנען אַליין מיטן טויט...

— — — באַגינען. דער ווינטער־דרויסן גלאָצט אַריין מיט שניי־גע־פרוירענע שייבלעך — טויט. אין שטיבל איז טויט און קאַלט. די ליכט־לעך צוקאָפּנס דעם בר־מינן ברענען רואיק, ווי פאַרגליווערט. די שיין איז טריב ווי אַ שאָטן. שאָטנס טונקעלע זענען ווי פאַרפרוירן. ביים טיש, קאָפּ אויף די הענט, אין טולעפּ איינגעהילט, זיצט דער אַבל, הונטמאַן, און שלאָפט. שלאָפט און וואַכט אין חלום:

...פינצטערע נאַכט. דאָס אייז פּלאַצט אונטער די טריט. אַ שווידער לויפט דורך איבערן לייב ביי יעדן פּלאַץ: אָט זינק איך אַריין! און די דאָלאַרן זענען נאָך אַלץ נישטאָ! ווו האָט זי זיי ערגעץ פאַרגראָבן, די מאַ־מע?... אך! ס'איז אַזוי קאַלט! דער ווינט בלאָזט אַרונטער הינטערן טו־לעפּ... זע נאָר — פון צווישן די טשערעטן אַרויס פינקלען גליענדיקע קוילן! מע דאַרף זיך דערוואַרעמען לעבן זיי. יאָ — ער גייט צו זיי. ער וועט נעמען אַ קויל... די הויט פון זיינע הענט איז געהאַרטעוועט ווי לעדער — זי וועט זיך נישט אָפּבריען... ער וועט זיך מיט זיי באַלייכטן דעם וועג. ער וועט גיין צו דער מיל... דאָרטן, אין דעם פאַרזשאַווערטן קעסל, ליגן זיי אַוודאי, די דאָלאַרן. המם... ס'איז גאָר דער מאַמעס אייביקער פייערטאָפּ... פון צווישן די גליענדיקע רויטע קוילן צינגלט זיך אַרויס אַ בלוי־גרין פלעמל, — וואָס זאָל דאָס באַטייטן?... אפשר איז עס דער טאָפּ קוילן מיטן פריצס בריליאַנט?... די מאַמע פלעגט אים אַזוי אָפט דערציילן די מעשה, ווען ער איז נאָך אַ קליין ייִנגעלע געווען... יאַ, ער שטעקט אַריין די פינגער און זוכט דעם בריליאַנט. סע גליט און בריט, ווי פראָסט. אָט איז שוין

דער דנאָ פון מאָפּ. ער האָט אים דערמאָפּט!... אַ צי אַרויס! אַ קאַלטער בלייער פייער! דער צוואָנציקער דאָלאַר. א סך דאָלאַרן!... אפילו אין פייער ווערן זיי נישט פאַרבּרענט! ווי עס בּרימ! בּרימ פּראָסטיק... ניין! איך לאָז אים שוין מער פון האַנט נישט אַרויס!...

— איך האָב אים! — שעפּטשעט ער מיט פּרייד פון צערודערטן שלאָף אַרויס. א שוואַכער קרענקלעכער שמייכל קריכט אַרויס איבער דער צעשויבערטקייט פון זיינע וואָנצעס און באָרד. ער עפנט אויף פּאַרשלאָ־פענע רויטלעכע אויגן. מיט א בלאָנדזשענדיקן בּליק דערגעענטערט ער זיך צו דער האַנט, וואָס ער האָט נאָר וואָס פון דער הויזן־קעשענע אַרויס־געשלעפּט און וויל אין איר דערזעען דעם צוואָנציקער דאָלאַר פון דעם פייערטאָפּ... ווירקלעך, דאָס בּינטל פינגער איז נאָך פעסט צוזאַמענגע־נומען... אָבער — סע שטעקט אין דעם בּלויז אַן אשר־יצר־פּאַפּירל!...

— אַ חלום? — טוט ער אַ פּרעג. דער שמייכל פּלאָנטערט זיך אַרויס פון זיין צעשויבערטקייט און פּאַלט אַראָפּ פאַרגליווערט ווי א טויטער זשוק. זיין פּנים ווערט רוי און האַרט, ווי געפרוירן רוי פלייש. ער שטעלט זיך אויף און טוט א שפּיי:

— אַלע ווייסטע־שיסטע חלומות צו זייערע קעפּ!

מיכאל זוסמאַן, גבאי־ראשון פון דער חברה־קדישא, וואָס זיין טאַטנס אַפּאָפּלעקציע („די שמאַלץ איז אים צום האַרצן דערגאַנגען“) האָט אים אין די אַלטע גוטע צייטן קיילעכיקע אַכט הונדערט רובל אָפּגעקאָסט, ס'הייסט, ער האָט דער חברה אַזויפיל פּאַר דער קבורה באַצאָלט — קילט זיך איצט די געבליבן אויף הונטטאַנען. דער גרויסער זאַל פון זיין ירושה־מויער קעגנאיבער דעם מאַרק איז שוין דעם צווייטן טאָג אין רשות פון דער חברה. ער לייגט אויס דאָס געלט אויף אַלעם נייטיקן. און עס גייט דאָ „א לעקעך און בראָנפן“, וואָס אַזעלכעס האָט נאָך דאָס שטעטל נישט געזען. אַזאַ „סעודת־מצווה“ איז נאָך אין פּנקס נישט פאַרשריבן געוואָרן. דער זאַל איז פאַרוואַנדלט אין א שענק. שטאָט דעם אַרויסגעטראָגענעם פּליושענעם מעבל, שטייען דאָ די גרויסע שטאָלן־טישן און בענק פון שטאָט־בית־מדרש. אַרום די טישן זיצן עטלעכע דורות חברה־לייט: אַלטע און יונגע; אָפּגעדינטע, דינענדיקע, און אַזעלכע וואָס גרייטן זיך ערשט

דערצו. דאָס זענען מיינסטנסטייל עמך־ישׂראל־אײזן, א גאַנצע מחנה, ווייל אויך ניט אליין איז מען דאָ... ווער ס'האָט מיט זיך דעם טאַטן אָדער שוועד, ווער דעם ברודער אָדער חבר, און ווער די קינדער. ס'איז היפּש ענג ארום די טישן. ס'קומען אויך אריין סתם מאַרק־מענטשן פֿון דעם פּראָסטיקן רייבן, ווי מע זעט ניט קיין לעבעדיקן הינט אויף א רפֿואה, איר זאָלט זאָגן. זיי ווילן זיך דערוואַרעמען און טאַקע איבער־כאַפּן דאָס האַרץ אויך.

— אָך! פֿאַרוואָס ניט? מע זאָגט, חלילה, קיינעם ניט אָפּ.

— חברה האָט א ברייט האַרץ און אָפֿענע הענט. מע קאָן נעמען, מע קאָן אָבער געבן אויך. אדרבא...

אין דער שפּירט כאָרבלט אָן איינהער פֿון די פּלאַש־העלדזלעך ארויס און שטראָמט פֿון גלעזער מיט גרינגע פֿייערן און גיריקע העלדזער אריין.

און אז מע ווערט פֿאַרטאַמערט פֿון דעם אַלעמען, קומען הפסקות פֿון אָפּרו. דעמאָלט ווערן אויף די טישן ארויפֿגעלייגט א סך שמועסן, מעשׂיות און געשעענישן. מע שמיעסט וועגן דער שווערער פּליכט פֿון דעם חברה־מאַן און זיין שטענדיקער גרייטקייט צו קרבנות־פֿולע מעשׂים. מע דערציילט מעשׂיות און געשעענישן, פֿון וועלכע מע זעט ארויס דאָס פּחדנות פֿון די באַלעבאַטישע ייִדן און די העלדישקייטן פֿון די חברה־לייט.

און חברה דערפֿילט זיך גרויס און וויכטיק: מע מיז זיי האָבן, „דאָס גראָבע געזינדל"! אָן זיי קאָן קיינער דעם וועג אויף יענער וועלט ניט מאַכן! די גבירים קאָנען זיך אליין ניט באַגראָבן.

דאָ דערפֿילט זיך מ'כאל זוסמאַן, דער גבאי־ראשון, ווי א קרוב פֿון א געהאָנגענעם, ווען מע רעדט וועגן שטריק, און ער טוט א פֿיר דעם שמועס אויף אן אנדער „קאָליע".

— און מע טאָר ניט פֿאַרגעסן, אז איצט, נאָך דער מלחמה, שטייט דאָך דאָס שטעטל חרוב־ומחרב. די פּאַרקנס פֿון ביידע בית־עלמינס זע־נען צעבראָכן.

— די באָד־בענק זענען צעפֿיילט, אז ס'איז סכנות־נפֿשות.

— און דער עיקר די מקוה. די מקוה פֿאַר די נשים. אויב מע וועט זי אליין ניט פֿאַרמאַכן, וועט זי די מאַכט פֿאַרקלאַפּן. נו, און די ווײַבער געוואַלטעווען דאָך... סיידן און פֿאַלאָנקעס צו גיין!...

— אזא זאך איז א רציחה!...

— דאָס מענהן מיר דאָך: מיר ווילן עפּעס גולט פֿאַר זיך? פֿאַר דער שטאָט וועגן!...

— הורך וועמען דען זאָל דאָס שמעמל אויפגעריכט ווערן?

— ער איז נישט קראַנק, דער קאַרגער כלב, אויסצולייזן זיין מאַ־מען... פאַר איר לעבן האָט זי קהל געקאָסט מער פון אים: פּאַלקס־קיך... מעות־חימין... זאָל ער ערשט באַצאָלן!...

— הערט, איך וועל אייך עפּעס דערציילן. וועגן אים טאַקע. וועגן הונטמאַנען, — שטעלט הערש מרדכי אַוועק די אויסגעלייִדיקטע גלאָז, פאַרבייסנדיק אויף גיך — הערט. איינמאָל, ס'איז דעמאָלט נאָר א גרויסער יאַריד געווען. סאַמע פאַר די גויאישע חגאות. לויפט ער זיך אַזוי, הונטמאַן, מיט א סוהרישן קאָפּ, א ביסל געבויגן פאָרויס, ווי אן אָקס ווען ער וויל דורס זיין. ווי זיין שטייגער איז, הינטמאַנס. ער איז נאָך דעמאָלט נאָר א יונגערמאַן געווען. נישט לאַנג נאָך דער חתונה. לויפט ער אַזוי, און עס קומט אים אָן אַנטקעגן דער בריוומרעגער. א נייער נאָך געווען. נאָר־וואָס אָנגעקומען. ווייסע הברהגיקעס מאַכן נאָך מיט אים שפּאַס: „מיקאַנטאָ שאַבעס" יעסט? אָדער „יוינאָ מאַצאַ ביי מאַנויאַר" יעסט?... און ער בלייבט שטיין, זוכט, און זוכט צווישן די בריוו און קאַרטלען... — „גיעט"!

דער עולם צעלאַכט זיך הויך.

— איז שטעלט ער אים אָפּ, דער בריוומרעגער, הונטמאַנען:

— הערט נאָר, ווער איז דאָ חיים מאָשקאַ שאָפּמאַן?

— חיים מאָשקאַ שאָפּמאַן? — בלייבט ער שטיין, הינטמאַן, קוקט אָן פאַרוווּנדערט דעם בריוומרעגער און באַטקעט אַרוים — חיים מאָשקאַ, דאָס איז, אייגנטלעך, איך... נאָר שאָפּמאַן? א? שאָפּמאַן?... זאָל אים דער טייוול נעמען!...

דער עולם האַלט זיך פאַר די זייטן פון געלעכטער.

— זעט זשע אַבער, ווי דער כלב קאָן שווייגן!... ווי ער מאַכט זיך דאָס נישט ווויסנדיק...

— נישט געזאָרגט. זאָל ער נאָר דערפילן אָנקומען היינט די צווייטע נאַכט, און קיינער פון אונדז וועט נישט קומען צון אים — וועט איר שוין זען, ווי ער וועט אָנהייבן אפילו צו קווימשען... דער מת וועט אים נישט רוען לאָזן. ס'איז דאָך פאָרט א מאַמע!...

— אוי־וויי! א מאַמע! א גרייסער באַטרעף ביי אזעלכע. די גע־שיכטע מיט שאַמע ליפּעס געדענקט איר? ער האָט נישט אראָפּגעטראָגן דעם טויטן מאַמן אין קעלער אריין?...

— א מאַמע איז נישט קיין מאַמע... און ווידער — אויף שאַמען
האָט מען דאָך נעזאָגט, אז ער איז טאַקע נישט דעם טאַטנס... א ממזר...
— אויב דער היינטיקער כלב וועט זיך נישט ארויסווייזן ערגער פון
דעם אמאָליקן ממזר...

אזוי גייט אוועק א שעה נאָך א שעה. און איידער מע קוקט זיך ארום,
איז שוין נאָך האַלבן טאָג. די שטימונג ביי דער חברה הייבט אָן ווערן
שטרענגער. עס זאַפט זיך ארײַן בייזקייט אין די בלוטן... שוין באַלד דער
צווייטער טאָג אוועק.

סע הייבן אָן אריינקומען אויטערוואַרטע לייט: בשורה־טרעגער,
גייעס־בעקער, פליאַטקע־פירער און הענע־מאַכערס. מע סודעט זיך. מע
מאַכט מיט די הענט. מע רעדט אינדערהייך. מע שרייט. מע קריגט זיך.
און דאָס אַלץ מישט זיך אויס אינאייגעם, און ס'ווערט א גרויסע, געדיכ־
טע, זידנדיקע קנויל פון געטומל...

— דער רב האָט געזאָגט: מ'האָט צופיל א קאָפּ געטאָן... איבער
דער מאָס... דאָס פּרעסן און זייפן איז גזילה...

— גייט, זאָגט אים, דעם שטרײַמל, זאָל ער נישט באַראַבעווען די
אָרעמעלייט אויף די הייזן...

— זאָל ער איבערגעבן דעם טאָנאָפאָל פון די הייזן דער חברה,
שענקט זי אים אוועק אלע מתים...

— סע וואַקסט דען פון אים? פון גביר וואַקסט עס. ער האָט אונטער־
געשיקט צום רב הערשל רייזע משה יאָסלס...

— מאַגיע גאָלדהאַרץ האָט באַפּיילן: אויב ס'איז קענן רבס ווילן,
וועט ער זיך אָפּרעכענען... די מעשה וועט אָנקומען אין קרייז־שטאָט...

— צים „קנעפּל"! וואָס?... חברה־קדישא האָט אים אונטער דרערד!

— גייט טאַקע, זייט מיחל, רב הערשל רייזע משה יאָסלס, און דער־
מאָנט אים: ער זאָל אינזינגען האָבן שטאַרבן פּ אַ ר זיין שווינער. וואָרן
מאָמער פאַרקערט, האָט נאָך קיינער אַזאַ בייזע שווינער נישט געהאַט...

— סע שאַדט נישט. סע האָבן אים די פריערדיקע
מתים צו ביליק געקאָסט: זיין שווער, זיין מאַמע, עליו השלים... זיין טאַטן
האָט ער אייך פאַר זיין לעבן...

— אדרבא. דאָס איז דאָך מיין טענה: אזא קאַרגער נפש, ער האָט
זיך אליין א גאַנץ לעבן נישט פאַרגינען, וועט ער אייך געבן הונדערטער
דאָלאַרן?!... גלאַט זיך צום נאַר מאַכן... באַרעכנט זיך, חברה־לייט...
בזיון־המת...

— מאַקע דערפאַר... פון נאָך זיין שווערס טויט איז דאָך קיין ייד פון זיין שטוב מיט קיין נדבה נישט ארויסגעגאַנגען!

— ביים אויפשטעלן די טיל האָט ער דאָך קיין יידן קיין גראָשן נישט נעגעבן צו פאַרדינען!... א גוי קאָסט ביליקער... אפילו קיין יידישע דינסט...

— לחיים, לחיים!

און סע גאָרגלען ווידער די פלעשער. דער פרישער שפּירט נעמט דורך די געדיכטע הייסע לופט מיט זיין משאַריקן ריח און שיכורט די מוחות פון דרויסן. ער וואַרעמט, היצט און ברענט די קישקעס פון אינע־ווייניק.

— פאַרבייסעכץ! פאַרבייסעכץ! — שרייען ווילד פריידיקע טאָנעני־דיקע קולות.

מע כאַפּט מיט הוילע הענט הייסע גריוון. מיט בלאָטיקע נעגל צעט־טרייבערט מען בריענדיק געבראָטן געגדזן־פלייש, פיינקוכן, לעקער, האַרטע אייער, זויער קרויט מיט מעלצוקער באַשיט, שמעקעדיקע דורכזעעוודיקע זויערע אוגערקעס.

אין זאַל איז טונקל, נעפּלדיק, ווי אין מרחץ. אונטער טישן, בענק וואַלגערן זיך: ליידיקע פלעשער, שערבלעך פון צעבראָכענע טעלער, שאָ־לעכץ פון אייער, ביינדלעך, קאָרקעס און קאַרדאָנדלעך פון פּאַפּיראָסן. ס'איז א ווילדער יאַריד.

— ער גייט! ער גייט אהער, הונטמאַן! — דערהערט מען פלוצלינג א געשריי.

— אהא! וואָס האָב איך געזאָגט? צו נאַכט וועט ער בעסער ווערן...

— נאָר, חברה — האַלט זיך פעסט! נישט נאָכגעבן!

— איר הערט? מע זאָגט דאָך, ער וויינט. ער גייט און וויינט. טרערן רינען אים אין באָרד אריין.

— ס'איז השתנה!

זיין פּנים איז חושך. די אויגן, רויטלעך, פיבערן מיט א בייז, שלעכט פייער.

— וואָס זאָל איך זאָגן? ס'איז גלייכער צו שווייגן... די מאַמע האַלט מיר פאַרמאַכט דאָס מויל... אָט־א־פּנים איך וויל דען, אז חברה זאָל צו מיר דערלייגן? איך באַצאָל און שוין!

— איז דאָך נישטאָ וואָס צו רעדן! צאָלט איין דאָס געלט דעם גבאי־ראשון, רב מיכאלן... און מע טרעט שוין צו. חברה!

הינטמאַן שטעקט אריין א הילצערנע האַנט אין די הויזנקעשענעס און רעדט ווי צו זיך:

— פאַרפאַלן! איך וויל שוין נישט מאַכן קיין חשבונות... מע קאָן רעכענען ווי מע וויל... איין זאך נאָר: דאָס שיכורן אויף מיין חשבון זאָל שוין אויפהערן. ס'איז א בזיון־המת. אָט איז דאָס געלט... בלומיק...

— כאַ־כאַ־כאַ! — צעלאַכט זיך איינער. און ס'איז ווי ער וואָלט געלאַכט פאר דער שווייגנדיקער מאַסע — ער לייגט דאָך אנידער אזש צוויי הונדערט גילדוין! איר זעט נישט?

— זאָל ער גיין פינוואַנען ער איז געקומען און מאַכן דערמיט „אשר יצר"!...

— איר זענט געקומען, חיים משה — זאָגט מיכאל זוסמאַן און קילט זיך דאָס בלוט — חוזק מאַכן פון דער חברה?! איר ווייסט, וויפל איך האָב שוין אויסגעלייגט בלויז אויף הוצאות?

הינטמאַן קיקט זיך ארום, ווי א הינט אין דער שטייג פון א הינט־שלעגער, און זייעט דורך די ציין צום עולם:

— וויפל זשע פאָרט ווילט איר? אָנגעכאַפּט א מענטשן פאַרן נאָרגל און...

— קורץ און שאַרף — ענטפערט אים מיכאל זוסמאַן — פינף הונ־דערט דאָלאַר!... פריער אָדער שפּעטער... די הוצאות ביז איצט — אייפן חשבון פון די פינף הונדערט דאָלאַר... פון איצט און ווייטער — אויף אייגענעם השבון... היי, דאַרמן! ברענגט אריין פייער!... און מאַכט אן אָרדענונג אויף די טישן...

חיים משהס פּנים רויטערט זיך אַנטקעגן דעם אריינגעבראַכטן לאָמפּ. די אויגן פלאַקערן מיט משוגענער אומבאַהאָלפענער רציחה, און פון מויל קריכט ארויס א רויטע גליענדיקע שלאַנג:

— באָ — אָ — אָל — שע — ווי — קע — ם — ם!

ער ווערט מיטאַמאָל קליין. אריינגעפאלן אין זיך אריין. ער הילט זיך שטאַרק איין אין פּולעפּ און גייט ארויס. ער לאָזט זיך צוריק מיטן מייך צום ברי־מינגן. אָבער ער פילט נישט, ווי ער גייט. דאָס מיען פאר אים די פיס. ס'איז רעכט, אז מע טראָגט אים... ער אליין איז פארזונ־קען אין טראכטן... זיין ערשטן באַשלים האָט ער געבראָכן — ער איז געאַנגען צו זיי... דערפאַר דעם צווייטן וועט ער נישט ענדערן! קיין זאך וועט אים נישט אָפּשרעקן... ער איז גערעכט.

— מערדערס! מער — ר — ר — דער — ר — ס — ס — ס — !

— שעפּטשעט ער אין קאָלנער אריין — אפילו דער טויט זאָל מיר זיין!...

זיין אייגן געשעפּטש וועקט אים פון פארטראכטער פארזינקעניש. ער הייבט אויף דעם קאָפּ. ער שטייט נישט ווייט פון עפּעס א הויכער פיל־פענצטערדיקער וואנט, וועלכע שניידט איבער מיט איר שניי־פארזוימטן קאַנט די לבנה. א?!... זע נאָר! וווהין די פיס האָבן אים פארפירט! ער איז דאָך ביי דער מיל!... וואָס האָט ער איצטער דאָ צו טאָן? א!... ער האָט טאַקע די טעג געהאַט באַשלאָסן אריבערצוכאַפּן זיך אהער צו באַטראַכטן דאָס אייזן: צי טויג עס שוין טאַקע אינגאַנצן צו גאָרנישט?... אפשר אריינגיין טאַקע א קוק טאָן? ס'איז ליכטיק, אויב די לבנה איז פונקט איבער איר... שניי... אָבער אלץ איז דאָך פארשאָטן מיט שניי?... ווען דער בר־מינן וואָלט שוין געווען אזוי פארדעקט!... זיי ווילן דאָך, ער זאָל זיין גאַנץ פארטעגן פאר דעם אוועקגעבן... ווי זשע וועט ער נעמען געלט פאר אירעטוועגן, פאר דער מיל? ווי קאָן מען כסדר צוזעען איר חורבן... א בר־מינן ארויסגעשטעלט אינדרויסן...

— ברררו! ברררו! — קומט א היהש גיריק ברומען פון דער קעסל־אָפּטיילונג.

ער טוט א שוידער. סע לויפט אים דורך א געדאנק: הינט גריזשען שוין איר געביין!... דער מא... דער מילס!...

ער גייט צו און טרעט אַריבער די שוועל. ער שטרויכלט איבער די אָנגעוואָרפענע רערן, וועלכע רירן זיך נישט, צוגעפרוירן צו דער ערד. די לבנה איז אים איבערן קאָפּ, דער שניי בלענדט בלוי. ער בלייבט שטיין אין דער טיר־רעם פון דעם קעסל־צימער... אַן אָפּגעשונדן פערד האַלט אויסגעשטרעקט די פיס, ווי אָרעמס. ווי זיי וואָלטן פארבעטן צו זיך געסט. אין זיין אויפגעטרענטן בויך מיט ארויסגעקערטע קישקעס נאָרעט, רויעט זיך אַ שוואַרצער הונט, בורטשענדיק און פאַרזונקען.

ער קוקט מיט אַ שאַרפן, מטורף־שאַרפן בליק אויף דעם עקלדיקן און שוידערלעכן בילד. סע כאַפּט אים ארום א ווילדער רחמנות צו דעם אומ־גליקלעכן פערד, עפּעס ווי צו זיך אליין... ווי מ'ע טרענט עס מיינע קישקעס!...

ער קריצט מיט די ציין אויף „די הינט“... זיינע אויגן זוכן אויף דער ערד און דערזעען א לאַנג שטאָל שטיק אייזן... דאָס איז גוט!... ער בייגט

זיך שטיל איין, הייבט עס אויף בגנבה און פאַרמעסט זיך אויפן הינטס קאָפּ...

א ווילדער, יאָמערנדיקער ביל מיט זיך א שנייד אריין אין דער לבנה-פּראָסטיקער וועלט און שטאַרבט אָפּ מיט אזא שטילקייט, מיט אזא פאַרגליווערינג, וואָס קריכט אריין אין זיין געביין, אין הינטמאַנס, און מאַכט פאַרשטאַרן זיין מוח אין האַרץ...

פיל פיין און גרייל לויפט ער ארויס אין דרייסן. ער שטרויכלט איבער דער שוועל, פאַלט, הייבט זיך אויף און לויפט ווייטער. די פיס טראָגן אים איבערן טייך צו דער פערשטאָט.

הערשל רייזע מישה יאָסלס גייט געאיילט ארויס פון שטיבל פאַרווינטערט-דערשראָקן פון היים-מישהס האַרטנעקיקן נישט-ענטפערן אויף זיינע פראגן. גלייך ער וואָלט טויט-שטום געוואָרן. זיין פנים איז פינצטער, קאַלט-מערדעריש. ס׳איז א פחד מיט אזא מענטשן אליין אין א שטיב צו זיין!

ס׳איז קאַלט. די פּראָסטיקע נאַכט דריקט דאָס שטיבל מיט ברוסט און אָרעמס פון אייז. הינטמאַן נעמט זיך איינהייצן אין הרובע. איינגעהייצט, זעצט ער זיך אויף א קליין בענקעלע קעגנאיבער דעם אָפענעם הריבע-טירל. די שיין שפּילט אויף זיין פאַרגליווערט פנים און פאַרקאָלטנטער באָרד און קאָן אין זיי נישט אריינדרינגען.

סע זענען פאַרגליווערט אין אים די מחשבות. אזוי פאַרגליווערט, ווי דער אָווגט וואָס ברענט זיך לאַנגזאם אויס אין פייער. ער פאַרמאַכט די הריבע. די רויט-גליענדיקע קוילן ווערן געלם ווי אַ זונפאַרגאַנג. און ער דרייט זיך אויס מיטן פנים צום בר-מינן.

סע ווערט זייער גיך היים און הושנע. ער גייט ארויס אינדרויסן און פאַרמאַכט די לאָדנס. ער קומט אריין צוריק, זעצט זיך אויפן אָרט און גליווערט ווייטער. אָן און אויפהער. בלויז ווען א ליכטל דערברענט, הייבט ער זיך אויף און צינדט אָן א צווייטס... זאָל דער מאַטען נישט פינצטער זיין...

די אייגנלעדלעך זענען קלעפיק און בייסן. נאָר ס׳איז א פוילקייט זיי אָנצוקראצן. ער הייבט אָן איינדרימלען. סע מוט אים בייסנדיק א קיצל אין נאָז, ווי א פליג וואָלט אהין פארקראָכן און שפּאַצירט דאָרט ארום מיט גראַבלענדיקע פיסלעך. ער עפנט שווער די אויגן, ציט מיט אַריין די הייסע לופט, פארהאַלט זי אויף די נאָז-וועגטלעך און פּאָרשט זי שמעקנדיק. המם... סע פילט זיך א ביסל רויביקייט, א לייטמער סוואָנד פון די ליכטלעך, און... נאָך עפּעס א ריח... א? זומער, ווען די פיס שוויצן, אין די אָנימשעס הייבן אָן פוילן, שפּירט זיך אן ענלעכער ריח. א נבלה-ריח. ער שמעקט ווידער די לופט, ווי א הונט... א? ער קומט פון דאָרטן, דער ריח? דער ריח פון בן-מינן?... די מאַמע... שמינקט שוין?!...

ער, וואָס האָט זיך נאָך קיינמאָל אין זיין לעבן פאר קיינעם נישט פאַרשעמט, צינדט זיך מיטאַמאָל אָן פאַר בזיון. ער לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ אויף די דלאָגיעס, און ס׳גייט אויף פאַר זיינע אויגן אַ בילד פון די קינדער-יאָרן: ער און הערצל... פרייטיק פארנאַכט. אין שטוב שמעקט. ווייבער-קייט... שיין... ס׳ברענען די שבת-ליכט... די מאַמע פארדעקט די אויגן... בענטשט ליכט...

דאָס האַרץ ליגט אין ברוסט ווי אַ שטיין פון שטומען וויי. אין קאָפּ איז ענג און פינצטער, ווי מע וואָלט אין אים אַריינגעדריקט אַ גאַנצע חושבדיקע נאַכט. ער צווינגט זיך איינצושלאָפן... איבערשלאָפן!...

...די מאַמע זיצט געבויגן... דרימלט איבער אַ זאָק מיט שפּיזלעך... די שפּיזלעך כאַפּן אויף אן אייגל נאָך אן אייגל... ער, א יינגעלע נאָך, זיצט לעבן איר... דרימלט אויך איין... זיין קעפּל מוט א פאַל צו דער מאַמעס שויס... אוי!... א שפּיזל מוט אים א שמאָך דורך אן אויג מיט-מיט אין מוח אריין... כאַ-כאַ-כאַ!... ווער לאכט עס?... דער מאַמע האלט הערצלען אויף דער האַנט, אוןביידע לאכן... מוט א שפּרונג אריין בוגעם און שרייט צו אים:

— מאַמע!....

— מאַמע?! — פרעגט ער מיט גרויס וווּנדער — וויפל מעג וואָלט געלאָזן ליגן דעם מאָמן פארשטונקען?...

— דער מאַמע הערט? נאַסמיע איז געקומען...

— נאַסמיע?!!

— יאָ. מיט אַ שראָלעבן... די מאַמע האַלדזט עס און קושט עס..

אין מיך טרייבט זי, יאָגט מיך פֿון אירע אייגן, ווער זשע וועט דיך ירשענען, מאַמע?...

— לויף אַהיים, בינעם. זאָג איר: כ'דאַרף זי נישט האָבן!... וואָס וויל זי?... כ'וועל זי הרגענען מיט הערצלען צוזאַמען!...

...כע טראָגט זיך איבערן ברייטן ווייסן פֿעלד אַ רייטער... ביים פֿערד איז אָפֿן דער בויך, און סע שלעפּן זיך נאָך הינטער דעם די קישקעס... הינטן לויפֿט נאָך א שוואַרצער הונט און וויל כאַפּן א קישקע... פֿון זיין קאָפּ טריפֿט בלוט אין גלאַנצנדיקן שניי אריין... דאָס פֿערד טראָגט אָן און שטעלט זיך אים אַנטקעגן...

— גוט מאָרגן! — באַגריסט אים דער רייטער איבן פֿערד. א זעל־נער... אַ באָלשעוויק... נאַסטיע!... מיטן קינד לעבן זיך... אַ קליין זעלנערל...

— וי האָבט איר מיך נישט געוואַרנט? האָבט נישט געוואַרט אויף אונדזער קינד? אַן אַנדער זון זיך גענומען?...

— מיין זון האָט דיר נישט געזאָגט, וואָס איך האָב באַפֿוילן?

— באַפֿוילן? וואָס פֿאַר אַ האַר ביסטו מיר? וואָס פֿאַר אַ באַפֿע־לער?...

— שטילער, באָלשעוויק!... אַ טויטער ליגט דאָך דאָ!...

— עך, טויטע! כ'האָב אַ סך אַזעלכע געזען...

— ס'איז מיין מאַמע!

— דיין מאַמע? איך האָב דאָך איר אַן אייניקל געבראַכט... אונדזער קינד...

— אונדזער קינד?...

— יאָ. מיכאַלקאָ... ווי הייסט דיין מאַמע?

— כאַיטאָשקאַ, — זאָגט דאָס זעלנערל.

— אָט איז דיין מאַמע. קוק אים אָן...

זייערע בליקן ראַנגלען זיך... דאָס שייגעצל איז דאָך ער אליין: אַזוי האָט ער זיך אַמאָל געזען אין שפּיגל פֿון טייך... ווען די מאַמע האָט אים מיטגענומען פֿרייטיק אָפּצובאָדן...

— מאַמע, קוק אָן דיין אייניקל!...

— אַ נישט־געמלטער ממזר? — שרייט דער בן־מינן...

אַ ווייסער פֿראָסט לויפֿט הינטער זיין הויט.

— נאַסטיע, אַוועק מיטן באַסטרוק!... כ'וועל אים הרגענען!

— פּרווו! דיין טויט וועט זיין פֿריער... צום „וועגטל“!...

און זי ווערט פֿאַרהוילן הינטער אַ זייל שניי־שטויב, וואָס דאָס פֿערד שלאָגט אַרויף מיט די קאָפּיטעס... און דער הונט וואָיעט, וואָיעט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ער קוקט זיך זינגלאָז אַרום. ווו איז בונעם? און נאַסטיע? און דאָס ממזרל?... אַ חלום?! ווו איז ער אין דער וועלט? ... איז שוין אַריבער די נאַכט?... וואָס איז אַזוי טונקל?... די ליכט ביים בר־מינן צוקאָפּנס זענען שוין אַלע אויסגעברענט. דער לאָמפּ אייבן טיש גייט אויס. שטיל. ווי דער דרויסן וואָלט געווען בלויז וואַנט. אַלץ אין שטיבל: די ווענט, די סטעליע, די פּאָדלאָגע און דאָס מעבל — אַלץ איז טויט... ווער האָט עס אַ פּיפּס געטאָן? די שטילקייט?... זי וויגט זיך, די שטילקייט, ווי אַ באַוועגלעכער שאָטן... ווו האָט זי, די שטילקייט, אַ פּיפּס געטאָן?... וואָס שווינדלט עס פֿאַרביי די אויגן אויף דער פּאָדלאָגע?... ווי אַ שאָטנדיק בליצעלע... סע שנירלט זיך צום בר־מינן... סע טוט ווידער אַ פּיפּס. און באַלד ריזלען פֿאַרביי, פּיפּסענדיק, איינס נאָכן אַנדערן — מייזעלעך!... מייזלעך גריזשען די מאַמע!... די מאַמע, וואָס האָט ליכט געבענטשט... די מאַמע, וואָס האָט זאָקן געשטריקט... די מאַמע, וואָס האָט זיך מיט אים, אַ געמלט כשר יינגעלע, אין טייך געבאָדן...

ער שפּרינגט אויף און טוט, פֿול מיט הייסער רציחה, אַ טופּע מיט די פֿיס. די מייז טוען זיך אַ צעלויף. די טונקעלע שיין טוט זיך מיט־אַמאָל אַ צעכוואַליע און בלייבט נישט. דער קנויט פֿון לאָמפּ רויכערט און פֿאַרגייט אין רויטקייט. פֿינצטער. דורך די לאָדן־שפּאַרונעס שפּאַרט זיך נאָך קיין שיין נישט אַריין. הושך, שוואַרץ, אַ קבר... — ליכט! ליכט! — קלינגט אים אין די אויערן הילכיק און ווייך. און ס'איז וואַרעם אין זיי, ווי עס וואָלט אין זיי בלוט געוונען... ערגעץ וואָיען ווײנענדיק הינט: נבלה! נבלה!... מירל וואָיעט משוגע הינטער די לאָדן: — מיין קינד! גיב מיר אָפּ מיין קינד!... — נאַסטיע לאַכט, לאַכט יאָמערדיק: — נעם צו ביי מיר דאָס קינד. נעם צו דעם ממזר!... — — — סע יאָ־מערט וויסט די הרובע מיל: — נישט אויפֿגעבויט ווערן!... נישט אויפֿגעבויט ווערן!... און די מאַמע אויף דער פּאָדלאָגע שטומט מיט פֿירהאַלט: — חיים משהלע, זון מיינער, ליכט, קדיש מיינער, ליכט, ליכט!... זיינע הענט בלאָנ־דזשען אַרום איבער די קעשענעס פֿון זיינע בגדים. אָט זענען די שוועבע־לעך!... אַך! ער האָט דאָך פֿאַרגעסן ליכט אָנצוגרייטן!... וואָס זאָל ער אָנ־צינדן? קיין נאַפֿט איז אויך נישטאָ. ער רייבט אַ שוועבעלע נאָך אַ שוועבעלע.

די געדיכטע פינצטערניש וואַרט איבער אַ בעקוונדע אַרום דער שיין, און שלינגט זי באַלד ווידער איין מיט אים אינאיינעם. ער גייסטערט אַרום מיט אַ בלינדן גוף אין בלינדע הענט אין אַלע ווינקעלעך: אפשר געפינט זיך זי אַ ליכטל. אפשר פאַרוואַלגערט זיך אַ ליכט אין אַלמער, צי אין קופערט ערגעץ? ניין. נישטאָ. אין ערגעץ נישטאָ. ווײַ! וואָס טוט מען?! ער שטייט אין מיטן פינצטערניש ווי אַ שטורקאַן־קנויט, וואָס וואַרט אויף אַ פינק פײַער. ער שטייט און שטייט. זײַנע אויערן הערן זיך אָנגעשטרענגט איין, וואַקסן אַרײַן אין דער שטילקייט ווי וואָרצלען, און פּלוצעם... זיי פּיפּסען שוין ווייטער, די מײַזלעך! מײַז... גאַנצע מחנות גייען זיי צו דער מאַמען... זיי וועלן זי איבערגריזשען, די ממזרים... בלויז די ביינער וועלן בלײַבן... אַזוי ווי פון דער מיל... וויפל וועט די חברה הייבן זיך באַצאָלן פאַר די ביינער?... ער לויפט צו אין זיכט, ער ווייסט אַליין נישט וואָס, אין די בעטן. ער וואַרפט איבער פאַרשידענע זאַכן, און זיי פאַלן אים פון די הענט אויף דער פאָדלאָגע... אָט! וואָס איז דאָס?... דעם טאַטנס הײַנפּאַסעק אַוודאי... און אָט! זײַן גאַרטל... ווען דאָס וואָלט בעסער דעם טאַטנס הבדלה געווען... וואָלט ער אָנגעצונדן ביי דער מאַמעס ציקאָפּנס... אַ? באַלד... צו וואָס דאַרף ער דעם פּאַסעק מיטן גאַרטל?... ער דאַרף שוין!... ער וועט מיט זיי די מײַז פאַרטרייבן!...

ער איז ווידער ביים בעט־מיטן צוקאָפּנס. ער רײַבט ווידער אָן אַ שוועבעלע, דאָס לעצטע שוועבעלע. ער בייגט זיך מיט דעם איבערן בעט־מיטן. ער הייבט אונטער די דעק איבערן „ראָש“. איבער דער בלאַסער געלקייט פון דער מאַמעס פּנים לויפט פאַרביי אַ שאָטנדל, ווי אַ רויכל. עפּעס טוט מיט שרעק אַ שפּרינג אים אין די אויגן אַרײַן: — פּיפּס!... אַ מויז!...

די האָר טוען אים אַ פּריר אונטער דעם היטל. ער גייט אין אַ יאָרמילקע פון שניי. ער גלייבט זיך אויס אין אײַזיקן פּחד. דאָס שוועבעלע, אַרויסגעפאַלן פון די פאַרגליווערטע פינגער, הערברענגט אויף דער מאַמעס געלע פּנים... ער קוקט וואַנזיניק אין אַלע זײַטן, אַראָפּ, אַרויף, זוכנדיק הילף. ער דערזעט אין באַלקן דעם קריק... אויף דעם קריק איז געהאַנגען זײַן וויגעלע... די מאַמע האָט אים פאַרוויגט... מע דאַרף איבערהענגען דאָס וויגעלע... די מאַמע וועט אים איינשלעפערן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויף מאָרגן, נײַן אַזייגער אינדערפרי, לאָזט זיך צו הונטמאַנען אַ שליחות פון דער חברא־קדישא. זיי טראָגן אים אַ לעצטע התראה: —

איב ער, חיים משה, מאַכט נישט תיכף־ומיד קיין סוף צו דער זאַך, זאָל ער וויסן זיין — דערפאַר וואָס ער דערלאָזט צון אזא בזיון־המת פון זיין אייגענער מאַמע — וועט עס אין פנקס פאַרשריבן ווערן, אַז ווען עס וועט קומען זיין טאָג, זאָל מען אים באַגראָבן הינטערן פּלויט...

אָבער זיי בלייבן שטיין איינגעגראָבן, נישט איבערטרעטנדיק די שוועל:

איבערן בר־מיננס, מיט ליכט נישט־באַלויכטענעם, אויפגעדעקטן „ראש“, גליווערן צוויי הענגענדיקע שטיוול. הונטמאַן, ארומגעגאַרטלט דעם טולעפּ מיט א גאַרטל, הענגט אויף א פּאַסעק, פאַרטשעפּעט אויף א קריק...

זיי קומען ביסלעכווייז צו זיך. קוקן זיך איבער. און יעדער זאָגט אָפּ זיין פּסוק —

הערש, רייזע משה יאָסלס, מיט פרום־פאַרגלאָצטע אויגן:

— „ברוך דיין אמת“!

שלמה „קאַצאַפּ“ מיט לאַכעדיקע פינטעלעך אין די אויגן:

— ער האָט אונדז ארויסגעשטעקט א מיאוסן צונג, דער חברה, הונטמאַן.

גאָדל יאנקיעס, וואָס האָט ליב דעם עמוד מערער פון אלץ אין דער וועלט, כמעט מיט אַן ערנסט פּנים:

— נאַדיר! האָט אויסגעכאַפּט דעם עמוד הינטערן פּלויט נאָך פאַרן פּנקס!...

און צולעצט הערש מרדכי שניידער מיט צופרידענעם צאָרן:

— ווי א הונט געלעבט, און ווי א הונט געפּגרט!...

4־1932, אין די פּעריען־הדשים, אָמוּאָצק — שרודבאָרוו.

# א רציחה

כ'בין אַריינגעקומען פון מנחה־מעריב.

— באָבע, ס'איז שוין פאַרטיק דאָס עסן?

די באָבע איז געשטאַנען ביים פריפעטשיק, דאָס פנים באַלויכטן פון נעם פייער, האָט געפאָכעט אויף דעם מיטן פאַרטעך, אַריינגעקוקט אין דעם פאַרהיישט, און מיר אויף מיין פראַגע נישט געענטפערט.

אין קיך האָט קיין לאָמפּ נישט געברענט. די רויטלעכע־שיין, וואָס איז געפאַלן פונעם פריפעטשיק, איז געווען סימנע און האָט געפאָכעט מיט שאָטנס.

כ'האָב זיך שווייגנדיק אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול, געקוקט שטום אויף די ציטריקע ווענט און זיך איינגעהאָרכט, ווי ס'האָט זיך געשלענגלט אין געדאַנקט אַ טריקענער הלשיתדיקער וואָרעם פון הונגער אינטערן האַרץ־לעפעלע.

— האָסט געהערט? — האָט די באָבע פלוצעם געפרעגט אין שטיינ־געבליבן.

כ'האָב אויסגעדרייט צו איר דעם קאָפּ:

— ?

מיט אַן אָנגעשטרענגט פנים, נאָך אַלץ קוקנדיק מיט אָנגערוקטע ברעמען אין פייער אַריין, האָט זי פאַרענדיקט:

— איטע חיה ביילעס איז געשטאָרבן!

— פון וואָס איז זי געשטאָרבן? — האָב איך סתם געפרעגט.

די באָבע האָט טרויעריק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, אַ פינגל געטאָן מיט די ברעמען. איר נאָז האָט אַ צוק געטאָן און זיך צעשפרייט מיט אַזאַ מין בימערקייט, ווי געשטויסענער פעפער וואָלט אין איר פאַרגאַנגען. זי האָט זיך אויסגעדרייט צו מיר און, שוין מיט אַן איינגעלאָשן פנים,

מיר טרויעריק געענטפערט, אַראָפּלאָזנדיק יאושדיק די הענט מיטן פאַרטעך:

— פון וואָס שטאַרבט מען היינט?... פון הונגער. דער דריטער קרבן שוין, השם־ישמרנו! געשלעפּט זיך טאָג־איין, טאָג־אויס אויפן פעלד, געבויגן דעם רוקן אינדרייען אויף דער ברענענדיקער זון און געקליבן די זאנגען... לאַנג קאָן מען דערמיט אויסקומען?

זי האָט צוריק אויסגעדרייט דאָס פּנים צום פייער און אַריינגערעדט דערין מיט אַן אָנגעשפּיזטן בליק:

— און ד אָ וואָס וועט זיין?... שוין בעסער דורך דער שווערד...

— הער שוין אויף מיט דיינע מעשות, הער שוין אויף! — האָב איך זי מיט אַ וואָרטשען איבערגעשלאָגן. כ'האָב מורא געהאַט, זי זאָל זיך באַלד נישט צעלאָזן וועגן מיין ברודער משה חיים, וואָס איז אין דער מלחמה געהרגעט געוואָרן.

די באָבע האָט זיך קיינמאָל נישט אַנדערש געקאָנט פאָרשטעלן זיין טויט, ווי נאָר — מיט אַ שווערד דעם קאָפּ אָפּגעהאַקט!

כ'בין ווידער געבליבן זיצן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. דאָס הונגער־קלעמעניש אונטערן האַרץ איז איבערגעגאַנגען אין אַ טעמפּער, שטומער פּיין.

ס'האָט זיך געטראַכט פון איטע היה ביילעס טויט, פון איר לוויה, וואָס וועט זיין היינט ביינאַכט.

„...ס'וועט שווער זיין צו טראָגן — געשוואָלן דאָך מכתמא...“

די באָבע האָט אָנגעצונדן דעם לאָמפּ, געגרייט צום טיש, געלייגט דאָס שטיקל ברויט, וואָס כ'האָב אָפּגעשפּאָרט פון מיין האַלב־פונטיקער טאָג־פּאָרציע, געשטעלט אַ טעפּעלע באָרשט פון בוראַקעס־בלעטער און אַ שיסל קאַרטאָפלעס.

איך האָב גענעסן געאיילט, זשעדנע, געשטאָפּט דעם הונגער־וואָרעם. אינטערן האַרץ. דאָס עסן איז גיך געלם געוואָרן. כ'האָב אויפגעקליבן די קרישקעלעך און געוואָרפן אין מויל. כ'האָב געשפּירט, אַז דער מאָגן איז צעעפנט, ווי דאָס מויל פון אַ טויט־דערשטיקטן מענטשן, און בעט שטום און שוואָמיק: נאָך! נאָך!...

אָבער אויף נאָך איז געווען אומזיסט צו וואַרטן. כיידן צונעמען ביי דער באָבען פון איר חלק. נאָר די באָבע האָט אַזוי פאַמעלעך געקייט מיט די יאַסלעס, באַמעמט געסמאַקעוועט און געסליגעט, אַז זי איז מיר אַ שאָד געווען.

-- ביסט זאַט, שלמה? — האָט די באָבע געטראָפֿן מיין פֿאַרלאַנג
— אפשר נאָך א פֿאָר קאַרטאָפֿליעס?

-- ניין, באָבע, כ'בין זאַט, — האָב איך זי אָפּגעוועגדט.

כ'בין אַריינגעגאַנגען צו זיך אין שלאָפֿצימער. אין דערפֿינצטער, אין וועלכער כ'האָט זיך קוים אַריינגעזייעט אַ שוואַכע שיין פֿון קיך הורך דער האַלב אָפּענער טיר, האָט איין מיר אַ גלאָז געטאָן דאָס גלאָז פֿון דעם גרויסן פֿאָרט־עט פֿון מיין אומגעקומענעם ברודער משה חיים, איבערן צופּוסנס פֿון מיין געלעגער. כ'האָב א פֿינטל געטאָן מיט די אויגן און אויסגעדרייט דעם קאָפּ. פֿון דער קעגנאיבערדיקער וואַנט האָט מיר אַ בלענד געטאָן דער קאַלטער, זילבערנעך שימער פֿון דעם גרויסן שפּיגל.

מיין בליק איז שווער געפֿאַלן אין זיך אָנגעשלאָגן אויפֿן פּירעק פֿון דעם קיפּערט, וואָס האָט שוואַרין געטונקלט ביי דער וואַנט אונטערן שפּיגל.

אינעם קיפּערט איז געלעגן אונדזער גאַנץ פֿאַרמעגן, אין קליינע זעקעלעך צו ביסלעך: קאָרן, קאָרנמעל, געריטשטענע קאַשע, היימישע הירזש, אַ פּאָר פֿישקעלעך האָניק=ערזאין און עטלעכע שאַכטעלעך סאַבאַרין.

„...ווי לאַנג וועט עס מאַקע איבהאַלטן? וואָס וועט זיין דערנאָך?“ — האָט פֿון מיר אַרויסגעפּליטערט די מחשבה, וואָס איז פֿאַמעלער, ווי אַ משערעפּאַכע, אָנגעקראָכן אויף מיין מוח.

איך האָב רעזיגנירט זיך אַ זעץ געטאָן אויפֿן קופּערט און געפֿילט, ווי זיין אָפּגעשטאַנענע דעק האָט זיך אונטערגעגעבן, ווי אַ שפּרענזינע.

„און דאָ האָבן זיי זיך נאָך אַהער זאגאַדיעט!“ — האָט ביין פֿאַרענדיקט מיין מחשבה. שוין זינט איניקע וואָכן, פֿון נאָכן שניט, אַז די מיינז האָבן מיר ביינאַכט קיין רו נישט געגעבן. זיי האָבן מיר געשטערט דעם שלאָף מיט זייער שקראָבען אין דעם קופּערט. און אינדערפֿרי פֿלעג איך בלייבן שטיין מיט ווייטיק אין צאָרן פֿאַר דעם פּחת און קויט, וואָס זיי האָבן נאָך זיך געלאָזן אויף די זעקעלער.

„...וויפֿל, אשטייגער, קאָנען זיי דאָס אויפֿעסן, א?“ — האָב איך געמאַכט אַ חשבון אין קאָפּ. דער סך=הכל איז אויסגעפֿאַלן גאָרנישט קיין גוטער.

„...און קיין קאַץ איז נישט צו קריגן פֿאַר אַלץ אין דער וועלט!... אַלע האָבן זיי אויסגעשאָסן, קירע!“

צולעצט האָב איך זיך אויפֿגעהויבן און געפֿילט מיט האַרצווייטיק, אַז די דעק הייבט זיך מיט.

די באָבע האָט געהערט, אַז מיין בעט האָט אַ סקריפּ געטאָן, האָט זי אַריינגעדרייט אין קיך דעם לאָמפּ, ס'איז געוואָרן להלוטין פינצטער.

אימרואיק האָב איך אָנגעהויבן איינצודרימלען. אָבער צולעצט בין איך געבליבן ליגן, ווי אַ שטיין, און פעסט איינגעשלאָפן.

אַ פאַרטויבטער יאָמער פון דרויסן האָט אָנגעקלאַפּט אין די שויבן פון מיין פענצטער און אויפגעריסן מיך פון שלאָף. איך האָב זיך נישט דערוועקט אינגאַנצן. ס'איז געוואָרן שווער אויפן געמיט און, ווייטער דרימלענדיק, האָב איך זיך איינגעהאָרכט און פאַרשטאַנען: ס'איז האָרטן, אין דער הייך, אויפן שאָסיי איטע חיהביילעס לוויה.

אַז דער יאָמער איז ערגעץ אָפּגעשטאָרבן, בין איך ווידער אַריינגעפאַלן אין שלאָף. אָבער דער שלאָף איז שוין נישט געווען קיין פעסטער. ס'האָבן מיך געפּייניקט אימהדיקע חלומות. איך האָב זיך געזען צווישן די נושאים פון איטע חיה ביילעס מיטה.

...איטע חיה ביילעס ליגט אויף דער מיטה געשוואָלן... אַ גאַנצער באַרג... שווער צו טראָגן... די אַקסלען זעצן זיך... שווער איבערצוכאַפּן דעם אָטעם.. מיר גייען פאַרביי אַ בוים. ...פאַרטשעפּען זיך פאַר זיינע צווייגן... כ'שלאָג זיך אָן מיטן פּוס אין אַ וואָרצל־קניפּ... כ'שטרויכל... טו זיך אַ וואַקל... דער באַרג פלייש און ביינער טוט זיך מיט זיין שווערער משא אַ בייג אויף אַ זייט... פאַלט... איך ווער דערשטיקט... אוי!

כ'האָב געעפנט די אויגן, אָפּגעאָטעמט, געקומען צו זיך.

די מייז אין קופערט שקראָבן די מיטנאַכטיקע שטילקייט, וועלכע ציטערט פון איבלדיקן געפיל. אין קיך בייזערט זיך די באָבע מיט אַ כראָפּ.

כ'האָב בייז אַ מרוקע געטאָן, אַראָפּגעשפרונגען פון בעט צום קופערט און אַ טרעסל געטאָן די דעק.

ס'איז מיטאַמאָל שטיל געוואָרן. כ'האָב אָפּגעוואַרט אַ רגע, זיך צוריקגעלייגט אין בעט און זיך צונויפגעדרייט אין דרייען. אָבער איידער איך האָב נאָך באַוויזן איינצודרימלען, האָט מיר שוין ווידער געגראַבלט אין אויער דאָס שקראָבען. שעלטנדיק בין איך ווידער אויפגעשפרונגען, אַרויפגעוואָרפן זיך מיט ביידע פויסטן אויף דער דעק און אָנגעהויבן באַראַבאַנעווען מיט רציחה.

דערנאָך בין איך פאַרמאַטערט געלעגן און הנאה געהאַט פון דער פעולה פון מיין אָנשטרענגונג.

כ'האָב זיך בארואיקט און בין איינגעשלאָפן.

איך בין ווידער שטאַרק געשלאָפן, ווייל זיך אויפכאַפּנדיק האָב איך

געפֿילט, אַז איך קעמף מיט אַלע כּוחות פֿאַרן שלאָף. אָבער אויפֿכאַפּן זיך
האָב איך געמוזט, ווי עמעצער וואָלט געריבן מיין האַרץ מיט אַ מעמפער
ציזאַגג. כ'האָב געעפֿנט די אויגן, פֿאַרווּנדערט זיך אַרומגעקוקט, און נישט
פֿאַרשטאַנען, וואָס מיט מיר איז געשען, ווו איך בין ערגעץ.

אין צימער האָט געגעלט אַ ציטעריקע, בלאַס=גאָלדיקע מיסטישע
שיין. פֿון דער וואַנט איבער מיין ציפּוסגנס האָט פֿון דער שווערער, שוואַר=
צער רעמבעגגער ראַם אַראָפּגעקוקט אויף מיר מיט אַ הודבגעמענדיקן בליק
מיין אומגעקימענגער ברודער משה חיים. ס'איז מיר געוואָרן נישט היימ=
לעך, כ'האָב אַוועקגעקוקט, אָבער געשפּירט, ווי דער בליק פֿאַרפֿאָלגט מיך
זייטיק.

„דער פֿאָרטרעט דאַרף דאָ נישט הענגען“, — איז מיר פּלוצעם פֿאַר=
שלאָפֿן אַראָפּגעפֿאַלן פֿון מייל. כ'האָב זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו
דער וואַנט. ס'האָט מיך פֿאַרשלונגען אַן אויסטערליש גאָלדיק=בלוטיק,
געלעכטעלט קוואַדראַט=איין — די פֿענצטער=אָפּשיין פֿון דעם לבֿנה=אונ=
טערגאַנג. כ'האָב פֿאַרשטעקט דעם קאָפּ אין קישן.

איך דרימל איין... דאָס געלענער הייבט זיך אויף אַזוי לייכט מיט
מיר צוזאַמען און פֿוט מיך מיטאַמאָל אַ טראָג אַוועק באַלבסין, ווי אַ לייכט
פּיניק וואָלקנדל, ערגעץ אין דער וועלט אַריין...

...דער זימפּיקער כמעט פֿון דעם מיריע=טייך איז צעטראָטן...
אַ שלאַכטפֿעלד... הרוגים... פֿערד... משה חיים... דער קאָפּ פֿאַרריסן צום
הימל... דער ווינקלדיקער שטערן — אַ בלאַסער לבֿנה=כערפּ... די אויגן
איבגעריסן, גלאָזיק — פֿאַרגליווערטע שטערן... דאָס מייל געעפֿנט ווייט
אין בריים, ווי אַ שוואַרצע לאָך... אין האַלדז אַ שוואַרץ לעבעלע...
אַ וואָרעם מיט אַ הויט קעפּל קריכט פֿון דעם אַרויס... דרייט זיך מיט אַן
איבגעציינגן האַלב גיפּל אין דער ליפּט, שמעקט אַרום און אַלע זייטן
און לאָזט זיך אַראָפּ איבן שוואַרצן פֿאַרגליווערטן בלוט=שנידל, וואָס ציט
זיך לענגיים משה חיימס צעבראָסטעטער ברוינער ברוסט... ניין... ס'איז
נישט קיין וואָרעם... ס'איז... ס'איז אַן עקל פֿון אַ מייזעלע... דאָס מייזעלע
אַליין איז הינטערן שטאַרבן... גריזשעט האָרט די פֿאַרגליווערטע געהירן...
עס שווינדלט פֿאַר די אויגן... אַ שוואַרצע כמאַרע... דערנענטערט זיך...
לאָזט זיך אַראָפּ, ווי אַ שוואַרצע וואַנט, צו דער ערד... טוט זיך אַ יאָג איבערן
שלאַכטפֿעלד... אַ מחנה מייז... ווייער אומפּעט טוט מיך אַ וואָרף פֿון די
פֿיס... ס'ווערט מיר פֿינצטער אין די אויגן... ווי אַ ווינט=כוואַליע טוט עס
מיר אַ לויף איבער רוקן...

כ'האָב זיך האַסטיק געטאָן אַ זעץ אויף. אין צימער איז געווען פינצ־טער. די לבנה איז געווען פאַרגאַנגען אָן די מינדסטע שפּורן. די מיוז האָבן געהוליעט, הוצפּהדיק געפּיפּסעט אין פריילער געשקראָבעט, ווי ס'וואָלט געווען ביי זיי אַ יום־טוב.

ס'האָט אין מיר אַ זאָט געטאָן:

— אהא, דאָס האָבן זיי מיר געטאָן!

כ'האָב פאַרקריצט מיט די ציין. אַ בלוטיק פעדעמל האָט אויפגעגליט אין מיינע געהירן. כ'האָב אַ שפּרונג געטאָן פון בעט גלייך און ווייך, ווי אַ קאַץ, בין אריין אין קיך, אויפגעזוכט אַ דיקן שפּאָן, גענומען דעם לאָמפּ און פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר. כ'האָב שטיל אנידערגעשטעלט דעם לאָמפּ אויף דרערד ביים קופערט, מיט פיבערדיקע פינגער אויפגע־עפנט באַהיטעוודיק די דעק און איינגעהאַלטן דעם הייסן האַסטיקן אָטעם. כ'האָב זיך געשראָקן, דאָס שטאַרקע קלאַפּן פון מיין אויפגערעגט האַרץ זאָל נישט קאַליע מאַכן.

פּאַמעלעכן האָב איך אַרויסגענומען אַ זעקעלע נאָך אַ זעקעלע. יעדע וויילע האָט אַ שווינדל געטאָן פאַר מיינע אָנגעשטרענגטע, שטעכיקע בליקן, ווי אַ שאָטן, אַ קליין, עלאַסטיש, פלינק־רירעוודיק חיהלע און איז פאַר־שוונדן געוואָרן צווישן די זעקעלעך, נידעריקער צו דער דעק צו.

קעגן יעדן בליציקן דורכגלימש פון אַ חיהלע האָט מיין האַרץ אַ שפּרונג געטאָן פון עקל געמישט מיט שרעק, אַז אָט־אָט גייט מיין גאַנצע אָנשטרענגונג און מי אַוועק לאיבוד! און ווען די שרעק האָט זיך אַריבער־געזען פאַר אומזיסט, האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַ שיכורע פרייד פון נצחון און בלוטיקער נקמה.

דער קופערט האָט זיך ביסלעכווייז אויסגעליידיקט. כ'בין שוין געווען ביים ציל. נאָך איין זעקעלע אין ווינקל! דאָרט האָבן זיי זיך ציזאַמענגע־דרענגט. עס צאַפּלט דאָרט שאָטנהאַפּטיס.

מיין האַרץ האָט אַ שטויס געטאָן אין ברוסט. אין די אויגן איז גע־וואָרן הייס, זאַלציק. די קני האָבן אַ ציטער געטאָן — באַפּ! כ'האָב פלינק אַ וואָרף געטאָן דאָס לעצטע זעקעלע.

ס'האָט אַ שווינדל געטאָן און געשווינדלט פאַר די אויגן. מיין דיקער שפּאָן האָט רציחהדיק געפּאַטשט און געקלאַפּט איבער דער דעק און די ווענטלעך. קליינע שאָטנדלעך, ווי שווארצע זיגזאַגעדיקע בליצעלעך, האָבן זיך שווינדלענדיק געדרייט, געשלענגלט און מיטגעריסן מיינע בליקן, וואָס

האָבן געטרייסלט פֿון אַזאַ שנעלער באַוועגונג, זיך געריסן פֿון די איינ־
לעבער, מיטרייסנדיק מיט אַ טעמפּן ווייטיק מיינע געהירן.

דער שפּאָן האָט זיי אָן רחמנות און אָן אויפֿהער פֿאַרפֿאָלגט. זיי האָבן
געשפּרונגען, ווי שוואַרצע פֿלעקן, גלייך אין די אויגן אַריין. איך האָב זיך
געמיטעלט פֿון שרעק און עקל, אָבער נאָך ווילדער, נאָך רציחהדיקער
אומגעלאָפֿן מיטן שפּאָן, זיך געצילט, געטראָפֿן און פֿאַרפֿעלט, און ווייטער
געקלאַפּט אויף רעכטס און אויף לינקס. אייניקע האָבן זיך, ווי דינע שניי־
דעלעך, אַדורכגעשנירלט פֿאַרביי דעם שפּאָן צום קופּערט־ראַנד און, איי־
דער וואָס־ווען, פֿאַרשוווּנדן. האָט מיך אָנגעכאַפּט אַ יאושדיקער צאָרן,
דערנאָך אַ באַנג טאָן אויף דער אבדה, און כ׳האָב מיט פֿאַרטאָפּלטער
רציחה געקלאַפּט אויף די איבערגעבליבענע מייזלעך שוין אָן אַ ציל און אָן
אַ חשבון.

עטלעכע מייזלעך זיינען שוין, ווי פֿלעקן, געלעגן אומבאַוועגלעך אויף
דער דעק. כ׳האָב עטלעכע מאָל געשפּירט, ווי דער שפּאָן האָט זיך אַ גליטש
געטאָן איבער אַ ווייך־סאַמעטן קערפּערל, ווי אונטער אים האָבן דין
אַ טרעשטשע געטאָן צאַרטע ביינדעלעך. אָבער איך האָב ווייטער געטאָן
די אַרבעט, כאָטש אַ דראָזש האָט אַדורכגענומען מיין לייב. אַ מייזל האָט
ווייטיקלעך אַ פּיפּס געטאָן אונטער מיין שפּאָן, ס׳האָט מיר אַ צוויק געטאָן
ביים האַרצן.

— אַ! — האָב איך נקמהדיק געזייעט דורך די ציין. כ׳האָב געפֿילט
אַן עמעצן אין זיך, וועלכער מאַכט אַ פֿאָרוואָרף, פֿאַר וועלכן ס׳איז אַ בזיון,
און כ׳האָב אים פֿאַרטויבט מיט צוקנדיקע ליפּן און הייסן אָטעם:

— אַ! איר וועט שוין וויסן?!...

איצט, שוין נישט אַזוי פֿון רציחה, נאָר פֿון פֿאַרביטערטער עקשנות,
האָב איך זיך געיאָגט מיטן שפּאָן בלויז נאָך איין איינציקן חיהלע. ס׳האָט
זיך געדרייט, געשלענגלט, געשנירלט, איז געשפּרונגען און שיר־שיר נישט
אַנטרונען, ס׳האָט זיך האַרטנעקיק נישט געלאָזן דערשלאָגן.

דער שפּאָן האָט עס סוף־כל־סוף געטראָפֿן. און ווייל דאָס איז שוין
געווען דאָס לעצטע, האָב איך פֿון דעם שפּאָן מער נישט אַוועקגענו־
מען. האַלטנדיק עס צוגעדריקט, האָב איך מיט דער צווייטער פֿרייער האַנט
אויפֿגעהויבן דעם לאָמפּ און באַלויכטן דעם קופּערט. איבערגעקערט מיטן
זילבער־ווייסן בייכעלע אַרויף, דאָס פּיצעלע מאָרדעלע מיט די צוויי געלע
שטשירענדיקע ציינדלעך פֿאַרריסן, האָט עס געקוקט אויף מיר מיט גלאַנ־

צנדיקע, שמייכלענדיקע, אַרויסגעקערטע אייגעלעך, ווי שוואַרצע גלעזערנע פּאַמשערקעס.

ס'האָט אַ לעצטן צאַפּל געטאָן מיטן גלאַטן עקעלע, לייכט אַ דריגע געטאָן מיט די אויסגעשטרעקטע פיסעלעך און — געבליבן ליגן פאַרשטאַרט. מיטן געפיל פון מיפן עקל און נאָך עפּעס אַן אומקלאָר געפיל האָב איך אַ שטיץ געטאָן פון זיך מיין כלי־משחית, דעם פּאַרבלוטיקן שפּאָן.

אָבער אַוועקרייסן דעם קאָפּ פון דעם שרעקלעכן שלאַכטפעלד האָב איך נאָך אַלץ נישט געקאָנט. איך האָב געציילט:

— איינס, צוויי, דריי...

דאָס דריטע איז געווען פאַרוואונדעט ביי אַן אויערל, וואָס האָט אַרויסגעשטעקט פון בלוט, און אַן אייגל איז דעם געווען אָפּן און אָנגעדראָלן.

— פיר, פינף, זעקס, זיבן...

דאָס זיבעטע האָט נאָך געזשיפּעט, געדופקט מיט אַן אָדערל אונטערן פעלבעלע ביי דעם העלדזעלע.

— אכט, ניין...

...אכט קליינע ברידערלעך און שוועסטערלעך, — איז מיר דורכגעלאָפן אַ געדאַנק, ווי אַ מייזל, אין שאַרבן, אין איינע אַ גרויסע, די לעצטע.

...די מאַמע — האָט דער געדאַנק אַ שקראָבע געטאָן.

מיין מיפער עקל און דער אומקלאָרער געפיל אין מיר האָט זיך מיטאַמאָל פאַרמוישט אויף אַ מיפן צער און חרטה. אַ שרעקלעכער פּחד איז באַפאַלן מיין געוויסן פאַר דעם, וואָס כ'האָב דאָ נאָר וואָס אָפּגעטאָן. כ'האָב זיך אויסגעגלייכט מיטן לאָמפּ אין דער האַנט, און צולייכטנדיק זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן, ווי כ'וואָלט האָבן אַ חשד, אַז עמעצער, וואָס געפינט זיך דאָ פאַרבאָרגן, האָט צוגעזען דאָס מיאוסקייט, וואָס כ'האָב דאָ אָפּגעטאָן מיט מיינע הענט. ס'האָט מיר געקלונגען אין די אויערן, ס'איז מיר טונקל געוואָרן אין די אויגן. טונקעלע, פעטע פלעקן זיינען פאַרביי זיי דורכגעשוומען. כ'האָב געשפּירט עפּעס אַ קלעפּיקייט אויף מיינע פינגער, — האָב באַטראַכט די הענט און זיך געחידושט, וואָס איך זע נישט אויף זיי קיין שפּורן פון בלוט. כ'האָב געוואָלט זען מיין פּנים. בין צוגעגאַנגען צום שפּיגל אין האָב, אריבערהייבנדיק דעם לאָמפּ איבערן קאָפּ, הורכדרינגענדיק אין אים אַריינגעקוקט.

אַנטקעגן מיר איז געשטאַנען אין דער גרויסער דעמבענער ראַם מיין אומגעקומענער ברודער משה חיים, אין תכריכים, אומבאַוועגלעך, ווי

אַ סמאַטיע. ער האָט געקוקט אױף מיר מיט גלעזערנע אין דאָך דורכ=
געמענדיקע בליקן... ער האָט אַ געשריי געטאָן...

אַן אימה האָט מיר, װי מיט אַ האַמער, טעמפּ אַ זעץ געטאָן פון
הינטן איבערן קאָפּ. אין מײן שאַרבן האָט, װי אין אַ לאַמטערן, אַ בליץ
געטאָן אין זיך אַ לעצט געגעבן אַ פלאַם. אין די אױערן האָבן זיך צעקלינגען
גלעקער, װי פון צענדליקער קלױסטער=טורעמס. כ׳האָב זיך אַ װאַקל גע=
טאָן. דער לאָמפּ איז מיר אַרױסגעפאַלן פון האַנט — — —

מײן באָבעס געװאַלד און דאָס ליכט װאָס זי האָט צעשראָקן גע=
האַלטן איבער מײן פנים, האָט מיר אױפגעריבן די װיעס. איך בין געלעגן,
אין דעם אינטערשטן װעש, אױסגעצױגן אױף דער פּאָדלאָגע, לעם דעם
אָפענעם קופערט צװישן אַ שטיק אָנגעװאָרפענע זעקעלעך. און אין די
אױערן האָט מיר נאָך אַלין פאַרטיבט, אָבער דאָך דײטלעך, געדינערט די
שטים פון מײן אומגעקומענעם ברודער משה חיים:

— אַ ר צ י ח ה!

1927

# צוליב דער גילדענער פאָן...

דער לערער דוד דעם ליטוואַקס, ווי ער האָט געהייסן פאַר דער מלחמה פון פערצנטן יאָר, אָדער ה״ד דראַטווער, ווי מ׳האָט אים אָנגעהויבן רופן אלס מיליציאָנער פאַר דער אָקופּאַציע, איז געווען א שוסטער א לאַטוטניקס א זון. זיין טאַטע־מאַמע, יצחק דער ליטוואַק און צפּורה די ליטוואַטשקע, האָבן געשטאַמט פון דער ליטע ערגעץ. מיט יאָרן צוריק, ווען דער הייגטיקער לערער איז נאָך א ייגגל געווען, זענען זיי צו א הסכם געקומען, אז מאַכן זייער בן־יחידל פאַר א שוסטער, ער זאָל פארשוואַרצט ווערן און אָפּפינצטערן אלע זיינע יאָרן, ווי דער טאַטע זיינער, ווערט מען קיינמאָל נישט פארשפּעטיקן.

— א קינד, — האָט געזאָגט יצחק דער ליטוואַק — דאַרף מען ראַשית־חכמה לערנען יידישקייט, מאַכן אים פאַר א יידן צווישן יידן פאַר גאָטס וועגן, און דערנאָך ערשט נעמען לערנען אים אן אומנות, מאַכן אים פאַר א לייט צווישן לייטן פון לייט וועגן.

ער אַליין, יצחק, האָט ביז דרייצן יאָר געלערנט אין אַ ישיבה, און ס׳האָט אים, חלילה, נישט געשאַט צו ווערן א שוסטער. פאַרקערט, נאָכן אָפּלערנען שבת אין בית־מדרש א בלאַט גמרא, ערגער אָדער בעסער, איז אים די גאַנצע וואָך גרינגער צו זיצן געבויגן איבער דער נאַסער פּאָדעשווע.

מיטן צונעמען דעם בן־יחיד צום וואַרשטאַט האָט מען אָפּגעלייגט אויף וואָס שפּעטער, און אז ס׳איז נישט געווען צו באַצאָלן קיין שכר־לימוד דעם גמרא־מלמד, האָט יצחק דער ליטוואַק אָפּגעשפּאָרט צייט פון זיין וואַרשטאַט און אליין געלערנט מיטן בן־יחיד א שטיקל גמרא. ער האָט געזען באַשיימפּערלעך, ווי זיין בן־יחיד ווערט, ברוך־השם, א ייד צווישן יידן פאַר גאָטס וועגן. האָט אָבער נישט דערלעבט צו מאַכן זיין זין פאַר א לייט צווישן לייטן פון לייט וועגן. צו אלע זיינע מעלות איז יצחק דער ליטוואַק נאָך געווען א ייד מיט א לונגפעלער. און כאָטש זיין דודל, דאָס בית־

מדרש־יינגל, זיין שיינגל, האָט אים פאַרשאַפט אַ סך נחת־רוח, וואָס האָט אים ממש ביים לעבן דערהאַלטן, האָט ער אָבער פריער אויסגעשפּיגן די לונגען, איידער ער האָט דעם זון געגעבן לערנען זיין אומנות. האָט פאַר־שפּעטיקט מיטן מאַכן אים פאַר א שוסטער.

נאָכן מאַגס טויט, נאָך וועלכן ס'איז געקומען דאָס משוגעת פון זייער בת־יחידה די כלה־מויד, האָט צפּירה די ליטוואַטשקע אָפּגעגעבן מיט גרוים געוויין „דאָס קינד“ אין א דאָרף אריין צו א רענדאַר צו קנעלן מיט זיינע „דאָרפס־גויים“.

אָבער דעם ליטוואַקס „תכשיט“ איז שיין דעמאָלט געווען „אַן אָנגע־פּלאַצטער“: איינער א פאַרשטעלטער מתנגד און משכיל פון די בית־מדרש־בחורים האָט דעם „קליינעם שוסטערוק“ גענומען אין דער ארבעט אריין און אים „אייפגעקלערט“ — קענען לערנען איז נאָך ווייניק, מע דאַרף זיך אויך בילדן. און אין דעם מאָגערן קלומעקל, און וועלכן די מאַמע האָט אים אריינגעפּאַקט א פּאָרל וועש, א פּאָר שקאַרפּעטקעס פאַרצירעוועטע, א לייבצודעקל מיט פאַרגעלטע ציצית, דעם מאַמנס תפילין־זעקל און א פּאָר רעפּטלעך שוואַרץ ברויט באַשמאָלצן מיט אייל און מיט א ציבעלקע (ער זאָל איבערבאַפן דאָס האַרץ איבן וועג, ווייל — אז מע פאָרט, קריגט מען אַפּעטיט) — האָט דער ליטוואַקס אוועקגעפירט בגנבה אין דאָרף אריין אויך אן אלטן מאַמעטיקן דרייזינגס רוסיש־יידישן ווערטערבוך, עטלעכע רוסישע ברעסטאָמאַטיעס און איין ביכל מיט קליינע אותיעלעך איוף יידיש, וואָס לערנט אוים איוף פּעריציק זייטלעך בסך־הכל גאַנץ חשבונען, אפילו תשבורת.

אין דאָרף האָט דער פריש־געבאַקענער לערער מיט מער התמדה גע־קנעלט מיט זיך אליין, איידער מיט זיינע תלמידים, און ער מיט זיך האָט געקאָנט זיין מער צופרידן, ווי דער באַלעבאָס מיט אים.

פאַר דער קירצער עקזיסטענץ פון דער ערשטער ביבליאָטעק אין שטעטל איז ער דורך חברים באַזאָרגט געוואָרן מיט רוסישע ביכלעך אין דאָרף אריין, און האָט צענדליקער ביכער „דורכגעשטודירט“ פון מאָוול צו מאָוול. ביז... ביז איין ביכל איז אריינגעפאַלן צו זיין דאָרפישן באַלע־באָס, יענער האָט אין דעם אריינגעקוקט און איז געקומען צו לויפן אין שטעטל אריין צום דיין מיט א געוואַלד: „פון דער ביבליאָטעק שיקט מען זיין מלמד ביכלעך, וואָס שרייבן קעגן תורת־משה!“. זיין מלמד, דער דעם ליטוואַקס, האָט ער געהאַט מיטגענומען מיט זיך און צוריק אים שיין נישט גענומען.

ווען דוד דעם ליטוואַקס האָט זיך נאָך עטלעכע יאָר קנעלונג אין די דערפער אומגעקערט צוריק אין שטעטל אריין מיט דרייזינגס רוסיש־יידישן ווערטערבוך, און אויסגעריבענעם, מיט צעפּאַלפּערטע טאָוולען, נאָר אַ גאַנצן אַיין קאָפּ, האָט ער, אַ יונג בחורל נאָך, גישט געשראָקן זיך צו נעמען קאָנקורירן מיטן אַלטן יאנקל „שרייבער“.

— איך בין גישט קיין „שראַבער“, — האָט ער יענעם אוועקגעמאַכט מיט בּיטול — אַ „שראַבער“! כי־כי־כי... איך בין אַ לערער, אַ מאָדער־נער לערער.

ס'איז גישט געווען קיין לייכט געראַנגל צווישן אים מיטן אלטן יאנקל „שרייבער“, ווי תמיד, ווען דאָס נייע וויל פאַרנעמען דאָס אָרט פונעם אַלטן. נאָר געזיגט האָט, אויך ווי שטענדיק, דאָס נייע. דאָס מאָל — גיכער אַדאַנק דעם מלאך־המות: ביים אויסברוך פון דער מלחמה איז יאַנקל „שרייבער“ געשטאָרבן.

אָבער זיין פולער זיג, דוד דראַטווערס, איז געקומען, ווען דער דייטשי־שער שטאָט־קאָמענדאַנט האָט אים באפרייט פון זיין מיליטאַנטישן פּאָסטן און אָנגעשטעלט פאַר לערער אין דער דייטשישער אָנפאַנגס־שול פאַר יידישע קינדער. דוד דראַטווער האָט אַ גלאַנץ געטאָן אין שטעטל, ווי אַן אָפּגעשייערטע קופּערנע פאַן. זיין מאַמע, צפּורה די ליטוואַטשקע, איז דעמלט געקומען אין מאַרק אריין, כאָטש ס'איז געווען אַ וואָכעדיקער מיט־וואָך, שבתדיק אָנגעטאָן, פאַרפּוצט מיט אַ ווייסן פאַרטעך. זי האָט גע־שיינט. באַקאַנטע ווייבער האָט זי אַליין אָפּגעשטעלט און זיי דערציילט וועגן איר זונס אויפגעריכטער מערכה:

— גאָט זאָל מיר איצט באַשערן אַ לייטישע שנור.

לויט זיין ווילקענוודיקייט און זיין לערערישן פאַך, פון וועלכן ער האָט געצייגן ווי ס'איז פרנסה, איז שוין דוד דראַטווער געווען אַרויפגע־היבן פונעם באַלמעלאָכישן גראַד. זיין יחוס אָבער, וואָס האָט זיך געשלעפּט פונעם שוסטער, האָט אים אין די אויגן פון „דער גאַנצער וועלט“ געהאַלטן צום האָזיקן גראַד ווי מיט דראַטווערס צוגענייט און מיט שטיפטן צוגע־קלאַפּט. ער אליין, ווען ס'וואָלט זיין אין אים געווענדט, וואָלט מיט גרוים חשק זיך ארייגעפּלאָנטערט אינעם באַלעבאַטישן גראַד: אַ גאָלדענע יויך איז אוודאי באַטעמטער פון אַ פּערל־גרויפּענער יושקע. נאָר יענער גראַד האָט אים פאַרגעדענקט זיין טאַטן (אַ שוסטער און אַ ליטוואַק הערצו!), און פאַרהאַלטן אים מיט אַן אָפּשפּאַרנדיקער האַנט: צו נאָענט גיי פונ־

רעסטווענן נישט צו... סע שמעקט פון דיר מיט אלטע שקראבעס און נאַסער פאָדעשווע.

דער באַלמעלאָכישער גראד איז אָנפּאַנגס גראָד גוטה געווען זיך צו גרויסן מיט אים: זעט, הייסט עס, אז אויך מיר, קיים ווילן מיר גאָר, קאָנען מיר אויך! גאָר שפּעטער האָבן אנדערע אָנגעהויבן זיך אויף אים צו פאַרשטיין, אַז „ער שעמט זיך מיטן אייגענעם טאַטן אין קבר“. און יצחק דער ליטוואַק איז דאָך געווען „אַן איידעלער ייד און ערלעכער מענטש!“ — האָבן זיך אנדערע באַלמעלאָכעס אָפּגעקערט פון אים, דעם באַלעבאַטישן נאָכקריכער, דעם ראק, וואָס קריכט אויף צוריק.

-- גאָר אים, דעם באַלעבאַטישן פּאַרך, ציט עס דווקא אַהין, ווי אַ חזיר איפן הייליקן אָרט, — האָט אַמאָל געזאָגט וועגן אים מיט פּיינטלעכן שפּאָט זרח דער רויטער.

הרד הראטווער איז דעריבער געהאָנגען צווישן דעם גראד און יענעם גראד אויף משקולת, נישט אַהין און נישט אַהער. און ווי אַן אימרו פון א וואנטזייגער, האָט ער זיך געשאָקלט אי אהין, אי אהער. גאָר זיין מאַמע, צפורה די ליטוואַטשקע, וואָס האָט אמאָל געדינט אין רבינס הויף פאר אן אַם און זיך דאָס געדענקט פאר א יחוס, און בקבלה געהאַט פון איר מאַמען, אז זיי שטאַמען פון הורית מלמדים, — האָט אים, דעם אויסדערוויילטן בן־יחיד אירן, געשטיפּט תמיד דווקא אהין, צום באַלעבאטישן גראד:

— האַלט זיך, מיין זון, ביי די פיינערע לייט... ווו ס'איז איידעלער די האַנט, איז אויך איידעלער דאָס האַרץ.

זיין מאַמע, צפורה די ליטוואַטשקע, כאָטש ער איז שוין לאַנג פון איר פארטעך אוועק, האָט ממש געוועלטיקט איבער אים: ער האָט מורא געהאַט פאַר איר צינגל מיט איר מענה־לשון, און ס'איז אַ שאַנד געווען פאַר לייטן איר ליטווישע אויסשפּראך, פון וועלכער אזויפיל יאָרן האָבן זי נישט אָפּגעווינט — א ליטוואַק איז אן עקשן.

מלחמה־צייט האָט הרד הראטווער איבערגעלעבט א דראמע, וועגן וועלכער מ'האָט אין שטעטל נישט ווייניק גערעדט. א ריי יאָרן איז ער נאָכגעגאַנגען דבורהל בערעקס — א מיידל פון יחוס, א מיידל, וואָס לייענט א רוסיש ביכל און רעדט וועגן ליטעראטור. ער האָט זי ליב געהאַט. האָט אין איר געזען אן אידעאַל. זי איז געווען „אינטערעסאנט“ שוין דערמיט, וואָס זי האָט אינטערגעקרענקט אויף די לינגען. צוליב דעם האָבן זיך אירע עלטערן אָפּגעהאַלטן זי חתונה צו מאַכן, און איידער וואָס־ווען איז זי פאַר־

עלטערט געוואָרן. צו טאָג מיט איר א ליטווישן שידוך איז געוואָרן שווער, און מ'האָט זיך געשראָקן, זי זאָל נישט אַריינוואַקסן אין גרויען צאָפּ. דערהווייל זענען אירע עלטערן געשטאָרבן, און דבורהל, די אַלטע מויד, איז געוואָרן א יונגע יתומה. נאָר אזא יונגשאַפט איז פאר א שידוך, פאַר־שטייט זיך, קיין מעלה נישט. גראָד דעמלט האָט דער דראַמוועד געלאָזט אויפהאָרעווען אין זיין האַרצן די האָפענונג, אז דבורהל וועט ווערן זיינע. ער וועט אריין אין די פעדערן פון איר יחוס, און די שאַנד פון זיין אָפּ־שטאַם וועט פארדעקט ווערן. דבורהל די יתומה פלעגט מיט אן ערגעטס־פאַרוואונדערטן אָנבליק צוגייגן אן אויער צו זיינע קעצישע ליבע־רייד, און אים האָט זיך אויסגעדאכט, אז אירע האָר, די העל־גאָלדענע, שימערן אויך, און אירע אויגן, די העל־בלאָע, קוועלן אָן מיט א פארבאָרגן ליכט. נאָר פאַרענדיקן פלעגט עס זיך דערמיט:

— קענן ווילן פינעם פעטער מיט דער מומען מיט דער גאַנצער משפחה קאָן איך נישט גיין. פיעל אוים ביי זיי...

ביז דער מלחמה האָבן אירע פעטער און מומע די אויערן מיט די פינגער פארשטעקט:

— ס'איז נאָכנישט הימל ביי דרערה, מע זאָל זיך דאַרפן משדך זיין מיטן ליטוואַק... זאָל ער זיך דאַרט האָבן א ליכטיקן גן־עדן... מהיכא־תיתי... מע זאָגט, א גאַנץ ערלעכער באַלמעלאָכע געווען... נאָר פון אונדזער משפחה גאַנץ ווייט אָפּגעשיידט...

דער דראַמוועד אָבער איז געווען איינגעשפּאַרט — די מאַמע, צפורה די ליטוואַטשקע, האָט אים ביי יעדער געלעגנהייט אונטערגעוואָרעמט, און אליין דאָך פון ליטווישן שורש — און האָט געוואַרט מיט קעצישער געד־דולדיקייט: נאָך א יאָר, נאָך א יאָר, וועלן זיי אלע בעסער ווערן. זאָלן זיי נאָר דערזעען א גרויע האָר אין איר צאָפּ... א פארזעסענע מויד איז ביי ייִדן נישט בעסער פון א משומד אין דער משפחה.

ערשט מיטן אויסבראָך פון דער מלחמה און מיט דער הפקרות, וואָס זי האָט גורם געווען, איז געקומען אן ענדערונג. ביי דבורהל דער יתומהס פעטער אין שטוב האָט מען געעפנט א „קאַפע" פאר אָפיצירן, נישט, חלילה, פאר פראָסטע סאָלדאַטן... דעם פעטערס מיידלעך האָבן געפּוּיעט די אָפיצירן מיט „קאַפע", און יענע האָבן די מיידלעך דערפאר געקאַרמעט מיט שאָקאָלאַדע פון די פינגער גלייך אין די פּיסקעלעך אריין, ווי מע האָדעוועט טייבן. אין שטעטל האָט מען געמורמלט, אז אויך די דאָזיקע יחוסדיקע טייבן זענען שוין ווייט פון טייבן־צניעות... וואָס מיט מען נישט

צוליב פּרנסה? נאָר פון דער אַלטער קרענקלעכער יתומה, וואָס איז שוין דעמלט ענלעך געווען צו א לימענע, האָט מען אפילו קיין ביסל זאַפט פון פּרנסה נישט געקאָנט ארויסקוועטשן: — „דיזע ראָזע וועלקט“, — פלעגן זיך פון איר שיין גאָרנישט העפלעך אוועקקערן די איידעלע אָפיצירן, איי־ דער זייער „קאַפּע“ איז פארמישט געוואָרן מיט אן איבעריק ביסל שמאַרקן רים... און זי האָט אָנגעהויבן ווערן נאָר אַ שטער צו דער פּרנסה. די קוי־ זינקעס פלעגן זיך פאר איר א ביסל אונטערשעמען און א ביסל אויך איר רחמנית האָבן.

דעמלט האָט מען דאָרט אין שטוב געגעבן דראמוּוּערן מיט תרעומות אָנצוהערן:

— וואָס שלעפּט ער אָפּ די זאך? אז א בחור שלעפּט זיך לאַנג נאָך א מיידל, איז עס פאר איר נישט קיין מעלה צו קיין שידוך. אָדער, ענטוועדער...

גראָד האָט דאָס דראמוּוּערן געטראָפן אין א צייט, ווען ער פלעגט שוין צו די מיחסים אריינקומען זעלטענער: ער האָט איצט געהאַט ביי זיך אין שטוב אליין א צווייט „פארדרייעניש“.

מיט די טראָגנבראָדער הײמלאָזע האָט עס צו זיי פארטראָגן זיינס א גליך־געשוועסטערקינד, א יונג געזונט מיידל מיט יאָדעריק ליבע, פייער אין די ביינער און פלאַם אין די אויגן. היה האָט זי געהייסן. האָט געוווינט ביי זיי און נישט געפאלן זיי צו לאַכט. האָט געעסנט ביי זיך און אלקערל א „מיי־היין“ און פארדינט פּרנסה נישט בלויז פאר זיך אליין. און אָוונט פלעגט זי איפּשטעלן דעם סאמאָוואַר און זיך פארפּוצן. און באַלד פלעגן זיך באַווייזן די סאָלדאַטן פון דער ווירטשאַפט־קאָמאַנדע. זיי פלעגן מיט־ ברענגען מיט זיך פון כל־טוב.

— מע דאַרף נאָר וויסן ווי מיט א סאָלדאַט אומצוגיין, — פלעגט זי זאָגן מיט א כיטרע קיק דער מומען, צפּורה דער לימוואַטשקע — וואָס וויניקער אים געבן, און וואָס מער ביי אים נעמען.

און אין צימערל פלעגט מען זיך פארווײלן ביז טיף אין דער נאַכט. דיך דראמוּוּערן האָט געביסן די אייפערזיכט. ס'האָט אים געקרענקט. ער וואָלט מוחל געווען די גליקן. נאָר ס'איז שוין געווען פארפאַלן: א דייַ־ טשישער סאָלדאַט איז ווי אן עכבר — קוים האָט ער זיך זאַנאַדיעט אין שטוב אריין, וועסטו שוין פאר אים די לאָך נישט פארקלאַפּן; האָסטו איינמאָל געוויזן דעם יעקע אן אָפענע טיר, וועסטו זי שוין פאר אים נישט פארמאַכן — ער וועט זי ארויסשלאָגן, ווי א שגין א שייב. פארקערט, אָפּט

האָבן די דייטשן פֿאַרמאַכט די טיר צו עוואן אין אַלקער אַריין פֿאַר זײַן סאַמע קורץ נעזל; וואָלט עס נישט אַזוי קורץ געווען, וואָלט עס שוין געהאַט אין אָפּגעקלעמטן שפּיץ. און ער, דער קוזין, איז געבליבן שטיין מיט דער נאָז, ווי אַ קאָטער פֿאַר אַ פֿאַרשלאָסענער שאַפֿע מיט סמעטענע.

— היער איזט קיינע שולע. וואַס זאָלטע דען דער לערער היער מאַכן?!

און זיי כאַבען דאָרט פֿון יענער זײַט טיר, די דייטשינעס, און אויך חוה איז שוין דאָרט אַ גאַנצע דייטשקע — שפּרעכט דייטשיש און כיכיקעט דייטשיש... נאָר צוריקגערעדט — מיט דבורהלען דאָרט איז דען בעסער? ס'איז מכת־מדינה.

אויך זײַן מאַמע, צפּורה די לימוואַטשקע, כאָטש אַ פֿרומע, האָט זיך וועגן דעם נישט ווייסנדיק געמאַכט. זי פֿלעגט בלויז אַמאָל אויסשפּײַען אין אַראָפּציען דאָס דעכל פֿונעם קאָפּטיכל איבערער די אויערן — ס'הייבט, זי זעט נישט און הערט נישט, און אין פֿרעמדע געשעפֿטן מישט זי זיך נישט אַריין. נאָר ווען חוה פֿלעגט איר אויף מאָרגן אַרום צוועלף אַזייגער, אַ פֿאַרשלאָפֿענע נאָך, מיט פֿיילקייט אין די גלידער, אַרײַנברענגען די מתנות, וואָס די „לייט" האָבן איר נעכטן איבערגעלאָזט, — האָט זי זיי באַטראַכט מיט אַ שנעלן נאָר שאַרפֿן אָפּשאַצנדיקן בליק. אין אַז זיי האָבן געפֿונען חן אין אירע פֿרומע אויגן, און דאָס איז געשען כמעט שטענדיק, האָט זיך אַ שמייכל אויסגעקרומט אויף איר פּנים, און זי האָט כימרעפֿרום אַ זאָג געטאָן:

— זאָל זײַן פֿון אַ קאָזאַק, אַבי צום לעבן... דורל האָרעוועט נעבעך שווער און ביטער; מע דאַרף אים אונטערהאַלטן די קרעפֿטן... ווי דייטשן ברענגען זיך עס אוים אומזיסט און אומנישט פֿאַר אַ גלעזל טיי.

— זעט איר, מומע, — האָט עס חוה געמאַכט צו גאָרגישט — סע קאָסט זיי מייער אין קראָם אַריין? דאָס אַלץ גנבענען זיי דאָך פֿונעם צעבהאַוז.

דוד דראַטוועער איז שוין דעמלט נישט אין שטוב. העכסטנס חלומט ער איצט פֿון הוהלען אין שולע אויף אַ לעקציע, אָדער בעת אַ הפסקה. אָבער געזען זיך מיט הוהלען האָט ער געהאַט נאָך פֿאַר דער מאַמען. דאָס פֿאַלט גאָר צפּורה דער לימוואַטשקע נישט איין... ווי נאָר חיה האָט נאָך האַלבער נאַכט אַרויסבאַגלייט די לעצטע געסט אירע, האָט ער זיך שוין בגנבה אַרײַנגעשלייכט צו איר אין אַלקער. מיט זײַנע דיקע פֿענסטער־גלעזער אין נידעריקער ראיה האָט ער אַרויסגעזוכט אין דעם נעפּל פֿון ציגאַרן־

רייך די מעשים, וואָס האָבן זיך דאָ אָפּגעטאָן נאָר מער ווי בלעקן פון פּאַפּיראָסן־קאַרדאָנדלעך, פון ציקערלעך־ און שאָקאָלאַדע־פּאַפּירלעך אויף דער פּאָדלאָגע האָבן זיינע קליינע ארויסגעקראָכענע אויגן נישט דערזען. ער האָט געשנאַפּט די ליפּט מיטן קורצן געזל און די אינטערגעשיירענע ריקע יאָנגעס... נו, וואָס? סע שמעקט מיט טאַבאַק־רויך, פאַרשטייט זיך, און, שטאָט טיי, מיט ביר. וואָס דען זאָל טרינקען א דייטשישער סאָלדאַט?

„...יידיש בלוט? — מיט א צימער זיין אייפערזיכטיק פארווגדעט דאַרץ — אפשר נאָגן זיי טאַקע חוהס בלוט?“

נאָר חוהלעס שאַרפע ריחות דאָ אין צימער זאָגן גאָרנישט אויס וועגן דעם.

און ווען חוהלע איז צוריק אַריינגעקומען מיטן בעזעם, האָט געגנומען פאַרקערן און בעת־מעשה אָפּגעשפּעט פון די „כּאַמילעס“... — „אַ קרענק האָבן זיי זיך עפּעס דערלעבט ביי מיר“... — האָט ער זיך גלייך, מיט א געפיל פון נקמה־שמאָלץ, באַרואיקט. ווי זי וואָלט מיט דער האַנט אָפּגע־שמעלט דעם אימרי פון זיין האַרץ. דאָס האַרץ איז אזא מין זייגער, וואָס באַוועגט זיך רעגלמעסיקער אָן און אימרי. און ער האָט געגנומען „פאָר־זעצן זיין ראָמאַן מיט זיין חוהלען“, אפילו אויב ער איז ערשט היינט אין אָוונט געווען און וויזיט ביי דבורהלען...

צי פאַרווילן זיך מיט דבורהלען האָבן אים די אָפיצירן קיינמאָל נישט געשטערט. אַן אָפיציר איז דאָך נישט קיין סאָלדאַט! נאָר... חוהלע איז דאָך נישט דבורהל... ס'הייסט, וועמען פאַרגלייכט ער צו אַן אָפיציר, און וועמען צו א סאָלדאַט?...

ער איז פאַרפלאָנטערט אין זיינע אייגענע געדאַנקען און געפילן, דוד דראַמוועך... וועגן דבורהלעס צניעות איז אים היינט שווער עפּעס צו זאָגן: די אָפיצירן טשעפּען זי נישט — דאָס זעט ער. נאָר ווען ער אליין טשעפּעט זי יאָ, מיט זי שוין היינט גאָרנישט, פון אים זיך אָפּצוטשעפּען. חוהלע — גראָד פאַרקערט, אז זיין האַנט ווערט צו לאַנג צוליב נייגעריקייט צו דער־גיין ביי איר א מיידלשן סוד, ווערט זי טאַקע צאַרט, אָבער שטויסט אים אָפּ אַנטשיידן:

— הערט אויף, דוד, נישט פאַר אייך פּאַסט עס... איר זענט דאָך...

זי דערזאָגט נישט, נאָר ער שטויסט זיך אליין אָן דאָס ווייטערע: א גרויסער מענטש...

א צווייט מאָל ווידער פאַרענדיקט זי מיט גאָר עפּעס אנדערש:

— אויב איר וועט מיט מיר חתונה האָבן, דעמלט... — און זי פאַר־ענדיקט ווידער נישט, נאָר צעלאַכט זיך.

און ער האָט זי ליב באַקומען, חוהלען, און זיין האַרץ האָט זיך אָנגע־הייבן וואַקלען צווישן איר — א יונג און פריש און געזונט מיידל, וועלכע שטאַמט אָבער פון דעם זעלבן שער־און־אייזן־יחוס, וואָס ער, און דבורה־לען — אן אלטע, פארוועלקטע און קרענקלעכע מויד, דערפאַר אָבער א גליד פון הויכן יחוס; צווישן דבורהלען דער מיוחסת, וואָס אפילו היינט זעט עס נאָך אויס, ווי זי ברענגט זיך פאַר אים אויף דער עקידה, און חוהלען, וואָס א קרוין וואָלט ער איר אויפן קאָפּ ארויפגעזעצט, ווען ער זאָגט איר שוין דאָס וואָרט: „וועסט זיין מיין ווייבל, חוהלע". אָבער דבורהל איז דאָך אן אינטעליגענט מיידל, לייענט ליטעראַטור, און מע קאָן מיט איר שמועסן וועגן ליטעראַטור און פּראָבלעמען, און חוהלע איז נאָר א פּראָסט מיידל!...

ער האָט געהאַט אויסצווויילן צווישן אן אָנהייב הייסן זומער און א סוף קאַלטן האַרבסט, און ס'איז קלאָר ווי זיין וואָל וואָלט אויסגעפאַלן. נאָר זיין מאַמע, צפּורה די ליטוואַטשקע, וואָס האָט אמאָל אָפּגעשפּאָרט מחמת נויט פון זיין מויל איר מאַמע־מילך פאַר א „הויפיש קינד" און בקבלה געהאַט פון איר מאַמען, אז זיי ציען דעם יחוס פון גאָר פיינע מלמ־דים, איז געשטאַנען צווישן אים און חוהלען אויף דער וואַך, ווי א קוואָקע איבער אירע הינדעלעך:

— ערשטנס, ווער איז חוה מאַמע? א שניידער? איז וואָס זשע, כ'בעט דיך, וועסטו האָבן אויפגעטאָן מיטן חתונה האָבן? פון א רעטעך ארויס, אין א כריין אריין. א שניידער, מיינסטו, איז א גרעסערער יחוס פון א שוסטער?

— צווייטנס, איז דבורהל א יונגע יתומה — אזוי־אָ וואַרפט מען זיך עס מיט יתומים?! און חוה?... זי האָט שוין אוודאי פארגעסן ווען זי איז א יתומה געוואָרן. א קינד איז זי נאָך געווען, ווען טאַטע־מאַמע זענען איר געשטאָרבן.

— דריטנס... וואָס איז זי אליין, חוה טאַקע? וואָס מיינסטו, זי איז שוין טויב, די מאַמע דיינע? איך האָב די אויערן פון הינטערן קאָפּיטל אפּערגענומען, מיינע אויערן האָבן רעכט פארנומען דאָס געשעפּטשעכץ מיט די אויסגעלאָזענע געלעכטערס הינטער איר מיר נאָכן פארקלאַפּן זי. ווי שפּילקס האָבן זיי מיר געשטאָכן, די געלעכטערלעך אירע; און יענע, די דייטשן, האָבן געהירזשעט, ווי די אָגערס... און דבורהל בערעקס — קיין

שונא וועט איך איר קיין שטיוב נישט לאָזן פאַלן, מע זאָל זי זעען זיצן אפילו ביי אן אָפּיציר אויף די קני (אז די קני זאָלן אים נאָר אָפּפאַלן!)... האָט זי זיך צוליב גוט און ברויט געלאָזט אמאָל א לאָק א קרייזל טאָן — איז נאָך אייך, חלילה, נישט קיין בייז... דער זכות פון די אבות וועט איר ביישטיין.

— וואָס קומט אַרויס פון דעם, וואָס זי איז א געזונטע שטיק, הוה, אז ביי מיר אין די אויגן האָט זי א פּנים פון א פּאַראַסקע?! אין... וואָס איילט זי זיך אזוי מיטן חתונה האָבן? זי דאַרף דו זאָלסט איר די חרפּה צו־ דעקן?... יאָ, יאָ. דאָס בייבל איז טאַקע ביי איר א שיינס און קיילעכיקס, ווי אן עפּל, נאָר מיר דאַכט זיך עפּעס, אייב עס וואַקסט נישט?... אין יענע, די שוואַכע, די איידעלע, איז דאָך כישר, ווי א לוימערער מלאך. זאָל נאָר איר מזל אזוי לייכטן אין הימל. איך זאָל דערלעבן פון איר כאָטש אן אייניקל אָנצוקוקן!

דיל דראַטווער האָט געקריצט מיט די ציין אויף דער מאַמעס „לימ־ וואצקער לאָגיק“. זיינע קוין־ראַיהדיקע אויגן זענען פאַרגאָסן געוואָרן מיט טרערן פון אומבאַהאָלפענעם צאָרן און האָבן געפיבערט מיט רויטע אָדער־ לעך אין די ווייסאַפּלען. ער האָט זיך שוין געשטעלט אינגאַנצן אויף דער זייט פון היהלען און אפילו אויף דער זייט פון דעם באַלמעלאָכישן נידע־ ריקן יהיב:

— אדרבא, ביי זיי, ביים באַלעבאַטישן גראַד האָט זיך צו אלעמי־ ערשטן אָנגעהייבן דער זנות, דער העבט שטינקט פון קאָפּ...

נאָר אינטערגעבן זיך האָט ער געמיזט, ווייל דערמיט האָט אים די מאַמע דערקלערט מיט א קווימש:

— דיין משיגענע שוועסטער געדענקסטו?!... ווי אזוי זי האָט אויס־ געשלאָגן די מאַפּליעס געדענקסטו? געדענקט זשע, אזוי וועט דיין מאַמע אויסשלאָגן דער מרדם אויגן! ווי איך בין צפירה די לימוואַטשקע.

— מויך! — האָט זי ווילד א געשריי געטאָן צו הוהן, וואָס איז גראָד אָנגעקומען פון גאַס אויף איר קווימש — מיין זון איז נישט קיין דיימשי־ שער סאָלדאַט. אים פאַרדריי נישט קיין ספּאָדיק. ער וועט דיר נישט פאַר־ שלייערן דאָס בייבל דיינס... פאַרגעדענקט זיך עס! ווי איך בין צפירה די לימוואַטשקע...

דאָס האָט זי אַרויסגעלייגט פאַר זיינע אויגן און אויערן. וואָס ווייי־ טער, האָט ער נישט געוווסט, ווייל ער איז א מבולבלער אַרויסגעלאָפן אויפן גאָרטן „איבערוואַרטן דאָס פייער“. און ווען אין א שעה שפּעטער האָט

ער שוין געטראָפן אין שטוב הוהס זאכן צונויפגעפּאַקטע און זי האָט אים אויסגעשטרעקט די האַנט צום געזעגענען זיך מיט א צעפלאַמט פּנים, ווי די זון געזעגנט זיך פארנאַכט מיט דער פינצטערער וועלט, איז ער צו־געפאַלן צו איר מיט א געבליפ, און זי האָט געהערט דורך זיין הייבן אָטעמען און די שטעכעדיקע וואָנצעס ארויסקריכן א ציששענדיקע שלאַנג:

— א קללה אויפן קאָפּ פון...

— סע פּאַסט נישט פאר אייך, דוד, — האָט אים הוהלע פארטאַכט דאָס מויל מיט אירע הארטע ליפּן, ווי יאַדערן, און איז ארויסגעלאָפן מיט א געוויין, אוועקטראָגנדיק א רעטעניש: וועמען האָט ער נישט דערשאָלטן, דוד? זיין אייגענער מאַמען, חלילה, צי יענער, דער יחוסדיקער צוקער־ליאלקע?... אייב יענער, פארוואָס האָט זי אים נישט געלאָזט די קללה פארענדיקן? וואָלט זי שוין כאָטש זיכער געווען, אז ער וועט מיט יענער נישט חתונה האָבן אויף צו להכעיס דער „מומע“ צפורה...

* * *

„ווייט פון די אויגן, ווייט פון הארצן“. אז הוהלע איז שוין געווען אוועקגעפאָרן, האָט זיך דוד דראטווער גרינגער געמאַכט דאָס הארץ: פאר־פאלן. איבער זיך אליין קאָן א מענטש נישט אריבערשפּרינגען... א יונג מיידל איז גוט אויף א שפּיל צו טאָן, אָבער פאר א ווייב זי האָבן?... דאָס לעבן האָט אים שוין גענוג געלערנט: א יונגע ציג, זי זאָל איבער פרעמדע פּלויטן נישט קריכן, וועסטו נישט איינהאַלטן. וואָס פעלט עס אים א ציג, וואָס וועט זיכער גיין אין שאַדן?... און?... הוהלע, די חוה, צי האָט איר טאַקע קיין אין דייטשישע שלאַנג צו קיין זינד נישט אָנגערעדט?... גי, גענוג מיט יינגלשע זאכן זיך פארנומען!

אין א פּאָר הדשים ארום איז דוד דראטווער געשטאַנען אונטער דער חופה מיט דבורהל בערעקס. זיין ערנסט פּנים איז בלאַס געווען, ווי ער וואָלט דעם גאַנצן טאָג געפאסט לויטן יידישן מנהג. דער כלהס פארגעלט פּנים האָט אויסבאַהאַלטן איר ווייסער שלייער, ס'איז אָבער געשטאַנען אן אן אָנטבלויזטס פארן חתנס בליק. זיין בליק האָט געגליווערט אין זיך, ווי ער וואָלט נישט קאָנען דורכדרינגען די גלאָצנדיקע גלעזער פון זיין פּענסנע. דאָס שווארצע בענדעלע פון דער פּענסנע איז אומעטיק־אומבאַ־וועגלעך אראָפּגעהאָנגען, ווי עפּעס א טרויער־צייכן. נישט פרייליך זענען אויך געווען די מחותנים, בלויז דעם חתנס מאַמע, צפורה די ליטוואַטשקע, וואָס די מיוחסדיקע מחותנים פון כלהס צד האָבן זי ווי נישט געזען, איז געווען צעיאַכמערט און צעהאָצט: זי האָט געהערט דאָס פלאַטערן פון דער גילדענער פּאָן איבער דער חופּה פון איר בן־יחיד...

# חברים פון נוים און פיין

## .1

עלינקע. ווער אין שיל האָט אים נישט געקענט? באַמש ער פלעגט דורכשליכן צווישן די קינדער שטיל און נישט־אָנזעעוודיק, ווי אַ ווערעמל צווישן גראָז. קיינמאָל האָט קיינער נישט באַמערקט, ווען עלינקע איז אין שיל אַריין געקומען. אָבער געווען איז ער צו יעדער ציים. סיי פאַר די לעקציעס, סיי בעת זיי, סיי בעת די פויזעס. אויסער די קלויב־שעהען, ווען ער פלעגט פאַסטען וייער אייגציק ציגעלע צווישן די לעפּעבעס הינטער־שטעטל.

צווישן דעם קינדער־קרענצל, ווו ער האָט זיך געפונען, פלעגט שטענ־דיק אַרייסקימען אן אומאָרדענונג, רייסערייען, פאַרבימערונג, און נישט זעלטן געוויין. אויף קיינעם פלעגן זיך די קינדער אַזוי פיל נישט פאַר־קלאָגן, ווי אויף אים:

— עלינקע שלאָגט זיך הינטנארומער!

— עלינקע האָט געטאָן אַ „פוילישע קניפּעלע“!

— עלינקע האָט מיר געמאַכט אַ „הינטערקלעצל“!

אָבער קיינער האָט גאָר עס נישט געזען. און ס'איז אויף עלינקען נישט געווען אָנקענטיק. לויט זיין ערנסט־באַזאָרגטן פּנימל, וואָס האָט זיך פאַרבאָרגן אין שאָטן פון דאַשיק פון זיין גרויס היטל, האָט אויסגעזען גאָר פאַרקערט, אַז עמעצער האָט אים אַ קלאַפּ געטאָן איבערן קאָפּ, אַזש דאָס היטל האָט זיך איבערן פּנים אַראָפּגעצויגן.

קיינער איז נישט אַזויפיל מאָל אַריינגערופן געוואָרן אין לערער־צימער, ווי ער. אָבער דאָרטן, פּנים־אל־פּנים מיט די לערערס, איז ער אוראי נישט געווען דער שולדיקער עלינקע, אויף וועלכן די קינדער דער־ציילן אזויפיל שלעכטס. באַמש דאָס איז דאָך אמת געווען. ער פלעגט שטיין איינגעשרומפן אין זיך, דאָס קעפּל אַראָפּגעלאָזן, און די אויגן אויף

דער פּאַרלאָגנע. עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט זיך מיטן גאַנצן גיפֿל צוגעהערט צו דעם, וואָס די לערערס רעדן צו אים, ווי זייערע רייד וואָלטן זיך געגאָסן אויף אים פֿון אויבן. אַזוי זעט אויס אַ בידנע פֿויעריש פֿערדל אויפֿן יאַריד, ווען עס גיסט אַ שלאַקס־רעגן. ער פּלעגט שווייגן, עקשנות־דיק שטומען.

— נו, עלינקע, וואָס־זשע זאָגסטו אויף דעם? — מוט דער לערער אַ פֿרעג, אומגעדולדיק־פֿאַרדריסלעך.

אָבער ער בלייבט אָן ענטפֿער. בלויז די שוואַכע, בלאַס־בלויע ליפּ־לעך, עלינקעס, באַוועגן זיך צוקנדיק. דורך זיין נעזל, וואָס קרימט זיך ליכט פֿון פֿאַרדרוס, קומט אַרויס אַ שוואַכער אומבאַשטימטער ברום און שוין.

ס'איז אויסגעקומען, ווי ער וואָלט נאָך מענות געהאַט. ווי עס וואָלט אים נאָך אַרויסגעקומען. נאָר גאָר זעלטן, ווען אַ לערער פּלעגט מיט צוויי פֿינגער, ווי מע נעמט אָן אַ שמעק טאַבעק, אויפֿהייבן זיין גאָמ־בעלע און באַמיען זיך צו פֿאַרקוקן אים מיט אַ גוט פּנים אין די אויגן אַריין — פּלעגט זיך מאַכן, ער זאָל אַ שמייבעלע טאָן, עלינקע, און אַ יאָג טאָן אי מיט תרעומות, אי מיט צולהכעים:

— פֿאַרוואָס ווילן זיי זיך מיט מיר נישט שפּילן? וויל איך זיי שלאָ־גן!

— אָבער אַז דו וועסט שלאָגן קינדער, וועלן מיר דאָך נישט קענען האַלטן דיך אין שול, עלינקע?!

— נו־נו. איך וועל זיי שלאָגן. און אַז מע וועט מיך אַרויסשיקן פֿון שול, וועל איך אַ גאַנצן טאָג פֿאַשען דאָס ציגעלע אין פֿעלד.

עס איז מיט אים גאָרנישט געווען צו מאַכן. די לערער פּלעגן אַריינ־רופֿן די קינדער, וואָס האָבן זיך אויף אים פֿאַרקלאָגט, און זיי דערקלערן, אַז מע דאַרף זיך מיט עלינקען אויך שפּילן, אַז ער וואָלט דאָן בעסער געוואָרן און אַזוי ווייטער. נאָר אויך זיי פּלעגן, ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן עלינקען, אַרויסווייזן אַ נישט־דערוואַרטעטע עקשנות:

— מיר וועלן זיך מיט אים נישט שפּילן! ער קען אונדז נייטן?

און די צרות מיט עלינקען זענען ווייטער געווען אָן אויפֿהער. די לערער האָבן שוין איינמאָל ערנסט אַ שמועס געטאָן, אַז מע דאַרף אים אַרויסשיקן פֿון שול: ר'איז שוין סייווי איבערגעוואָקסן. אַ יינגל פֿון אַ יאָר צוועלף אין דריטן קלאַס! נאָר ווי קען מען טאָן אַזאַ זאַך? אַז ווען

מיט מיט בלייז אַ קיק אויף דעם עלנטן נפש, כאַפּט אָן אַ שווידער: פון אַ יאָר צוועלף, און זעט אויס ווי פון אַ יאָר אַכט! זיין קליין־מאָגער ברוין־און־בלוי פּנימל מיט די בלוי־בלאַסע ליפּלעך, מיט די שוואַרצע אויגן, ווי גרויסע טינט־פלעקן, קוקט אַרויס אַזוי פּיצינקע, אַזוי פייגלש־רחמנותדיק פון הינטער דעם גרויסן געשעגקטן הימל. דאָס העלדזל, מאָגער, געדגלדיק און שוואַך, קוקט אַרויס, ווי ביי די האָנטשיקלעך, וואָס זייערע העלדזלעך זענען נישט באַפעדערט. אויף זיינע אַקסעלעך הענגט אַן איבערגעריבן פּאַלטעכל, וואָס איז צו־לאַנג און לאָזט אַרייסקוקן ביי־נין, קורצע הייזלעך איבער נישט באַזאָקנטע דינע פיסלעך אין גרויסע קאַמאַשן. צוליב די גרויסע זאַכן איז אים קימט אויס, אַז ער איז שוין אַמאָל גרויס אין פיל געווען, נאָר שפּעטער איינגעשמאָגערט געוואָרן אין דעם אָנטיעבין, ווי אַ יאָדער אין אַ נוס. און די שמילינקע שמילקייט פון זיין גאַנץ קערפּערל האָט ווי איינגערוימט יעדערן אין אויער אַריין:

— איך בין אַ יתום!

2

עלינקע איז טאַקע געווען אַ יתום. נאָך גאָר אַ קינד, איז אים זיין מאַמע געשטאָרבן. ער געדענקט זי אַפילו נישט. ער פילט נאָר כסדר, אַז זי האָט געמוזט זיין פּונקט דאָס פאַרקערטע, וואָס סע איז די שטיפמאַמע. די שטיפמאַמע איז שטענדיק בייז, שרייענדיק, און שלעכט. פאַרפאָרעט מיט אירע אייגענע קינדער, אָדער ווי זי רופט זיי „ווערעם“, שמאַרצט ער איר דאָ שטענדיק, עלינקע, ווי אַ פּלאָקן אינמיטן וועג. אַרומפאַדענדיק אַרום די קינדער, מיט צעשויבערטע פאַרפעדערטע האָר, די בלוזקע נישט פאַרשפּיליעט נאָכן אנזייגן דאָס פּיצעלע קינד, מיט אַ צעריסן קליידל און נישט פאַרשנירעוועטע שיך אויף באָרוועסע פיס, — פלעגט זי אייסזען, ווי אַ קוואָקע, ווען זי דערפילט איבער אירע הינדלעך דעם שאָטן פון אַ שוליק. אָבער זיין מאַמע האָט געמוזט זיין שטענדיק מילד, שטיל און גוט. און אפשר, פלעגט אַמאָל עלינקע טראַכטן, איז זי גאָר אויך קיין שלעכטע נישט, די שטיפמאַמע. ווען זי וואָלט נאָר נישט געהאַט מיט זיך צו טאָן, מיט אירע קינדער! דערפאַר זיין מאַמע, איז אוודאי נישט געווען קיין שלעכטער. אַ סימן ס׳איז אים אין לעבן געגאַנגען, עלינקע זאָל קיין גראָבער יונג נישט אויסוואַקסן. ער זאָל קאָנען צווישן מענטשן קומען, און אַן אַדרעס מיט אַ יידיש בריוול אָנשרייבן. דערפאַר

מאַקע האָט ער דאָך אים אין שול געשיקט און פלעגט פון אים אָפּט א באַריכט אָפּנעמען:

— נו, ווי גייט עס מיטן לערנען? מיטן שרייבן?

כאָטש די שטיפמאַמע האָט געשריגן, אַז די שילע איז אויף איר קאָפּ. אַזאַ גרויסער זמערדיקער פרימאָרגן, און זי האָט נישט, ווער סע זאָל זיך אויף דער ציג אומקוקן! דער טאַטע אָבער האָט געטענהט:

— ניין. דאָס נישט! אַ כפּרה די ציג, זי זאָל אפילו פיר קוואָרט מילך א טאָג געבן!

ער פלעגט אויך נישט זעלטן קומען אין שול אַריין, זיך אויספרעגן, ביי די לערער וועגן זיין „בחור". די שול־קינדער האָבן אים געקענט, און פלעגן אָפּט רעדן וועגן אים:

— מע רופט אים מייקל שינדער.

— גיי, דו ווייסט! ער איז גאָר אַ לאַטוטניק.

— יאָ. ער גייט אויפן דאָרף, פּויערישע בגדים צו פאַרריכטן.

— פאַרוואָס־זשע רופט מען אים שינדער ?

— ער שינדט לאָשעקלעך.

— המם. פע! נבלה!

— סע שפּירט זיך מאַקע פון אים.

— אָבער אַ גאַנצן זומער שמעקט פון אים. ער איז אַ שומר אין א סאָד. איר וועט זען, אז עלינקע וועט אָנהייבן ברענגען עפּל און באַרן אין שול אַריין.

— אָבער דערווייל ש...מעקט פון אים, פון עלינקען.

— אַז ער עסט כסדר קנאָבל!

— שמעקנדיק גאָר ער ברענגט אין שול אַריין ברויט מיט קנאָבל!

— ער עסט קנאָבל אַזוי אויך.

— סע שפּירט זיך פון אים אפילו פון דערווייטנס.

— און ער וויל גאָר, מיר זאָלן זיך שפּילן מיט אים!

מייקל שינדער איז אויסערלעך גאָר אַ מיאוס מענטשל געווען. אַ קליין דאַר יידל. ער האָט געהונקען אויף אַ פוס, און זיינע דאַרע אַקסל און הענט האָבן זיך געוויגט בעתן גיין. זיין פּנים, כאָטש אַ טאַטיש, מיט אַ קליין צו־געקלעפּט בערדעלע, האָט גלייך דערמאָנט מיטן אָנבליק אין עלינקען. נאָר ס'איז געווען גאָר אַ מאָדנע, עפּעס ווי אַ מאַסקע. איין אויג איז אים געווען האַלב אויסגערונען, און ס'האָט זיך דערפון דורך אַ שפּעלטל אַרויסגעזען אַ ווייס־אפּלדיק סערפּעלע; פון הינטער אַ פּינטלדיקער וויע האָט עס

אַזוי געלאַכט און צוגעוווּנקען. דאָס צווייטע אויג ווידער, דאָס געזונטע, פלעגט זיך אַלעמאָל אַזוי גרויס צעעפענען, ווי עס וואָלט וועלן אַ קוק טאָן פאַר צוויי אויגן פאַראַמאָל.

ווען די שיל־קינדער האָבן אים דאָס ערשטע מאָל דערזען אַזוי אויף אַ פּויזע מיט דעם היטל אין דער האַנט, די האָר אויפן קאָפּ אויפגעשטעלט, זוכנדיק מיט די צעפּאָרענע אויגן אַ לערער — האָבן זיי זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און אויסגעשאָסן און אויסגעפּאָרסקעט אַ גרויס געלעכטער. מייקלס פּנים איז רויטלעך געוואָרן, דאָס געזונטע אויג — גרויס, גלאַנ־ציק, דאָס סערפּעלע פון צווייטן אויג — בליטיק, און ער האָט אַ זאָג געטאָן מיט פאַרדריסלעכן פירהאַלט:

— אַזוי פירן זיך אויף קינדער פון אַ יידישער שול? עס לערנען אייך, וויזט אויס, שלעכט די לערער!

דאָס געלעכטער איז איבערגעהאַקט געוואָרן. די קינדער האָבן זיך דער־פילט שולדיק קעגן דעם באַליידיקטן מאַטן, און נאָכמער קעגן די לערער, צו וועלכע זיי זענען געווען שטאַרק צוגעבונדן. עס איז געוואָרן שאַ. עלינ־קעס מאַמנס אויג איז אַרומגעשוואומען איבער זייערע ערנסטע פּנימער און געבליבן שטיין פאַר זיי, ווי אַ שטרענגער גערעכט־שטראָפנדיקער לע־רער. כע האָט זיך געדוכט: עס איז שוין אַזוי לאַנג שטיל! און כע איז געווען פריקרע, און מע האָט נישט געוואַגט איבערצורייסן די שטילקייט. נאָר פּליצלונג האָט אַ קינד אינטערגעשפּרונגען, ווייטיקלעך אַ קוויטש געטאָן, און זיך נעבאַפּט פאַר אַ זייט. אַלע האָבן גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט עלינקע בגנבה נקמה גענומען פאַרן מאַטן מיט אַ קניפּ. עלינקעס ווידער איז געשטאַנען פאַרקוקט אין פענצטער, ווי נישט אים מיינט מען. זיין פּנימל איז פיל געווען מיט בריגז, דאָס געזונט ווי אָנגעפילט מיט טערפּ־קען זאַפט. צוליב זיין מאַמן און צוליב דעם געפיל פון שולד פאַר דער עוולה, וואָס זיי האָבן אים, עלינקען, געטאָן מיט זייער לאַכן, — האָבן זיי אים דאָס מאָל פאַרשוויגן. נאָר זיין מאַמע אַליין האָט זיך צו אים דערנענטערט, אים אָנגענומען פאַר אַן אויער און מיט כעס אַ צי געטאָן:

— די פאַרן מאַמן שמעל זיך נישט איין! קום, פיר מיך אָריין צו די לערער.

.3

מיכל צעבער איז געווען אַ קינד פון אַ נגידישער שטוב. ער איז געגאַנגען גוט אָנגעטאָן. אין שול פלעגט ער קומען מיט אַ פיינער לערערנע־

מעקע און אין איר האָט ער אויסער די ביכלעך, העפטן און שרייב-מכשי-רים, שטענדיק געהאַט אַ זעמל מיט פּומער מיט האַרטע אייער, אָדער וויס ברויט מיט שמאַלץ און ווורשט. אָפּטער אויך גאַשעריייען. אַ גומער פון נאַטור; פּלעגט ער זיך אָפּט טיילן מיט די חברים. און פונדעסטוועגן האָט ער זיך קיין חבר נישט דערוואָרבן. ווען ער האָט מכבד געווען מיט עפּעס, מהיכא-תיתי, האָט מען זיך נישט אָפּגעזאָגט, אָבער חברן זיך מיט אים, אויף דעם איז קיינער קיין בעלן נישט געווען. שוין אָפּגערעדט פון שפּאַצירן מיט אים פאַרנאַכט איבערן שאָסיי פון שטעטל. דערפון האָבן זיך אַלע אויף גאָר אַ גראָבן אופן אָפּגעזאָגט. ער האָט געוווסט, פאַרוואָס דאָס איז: מע שעמט זיך מיט אים. זיין קורצער קאַליקער פוס, וואָס איז איינגעפּראַוועט אין אַ סקריפּענדיקער מאַשינקע, שטייט אים אין וועג. אַז ער מוז נאָכגיין מיט די העוויות פון אַ מענטשעלע, וואָס מע ציט עס אָן פּאַר אַ פּאָדעם, און דאָס וואַרפט מיט די הענטלעך און פיסלעך! באַזונ-דערס האָט ער זיך באַמיט איינצוקויפן זיך כאָטש ביי די מיידלעך אין חברשאַפט. ער האָט זיך באַדיי געשטעלט אויף זייער צד בעת מחלוקתן צווישן זיי מיט די יינגלעך. ער האָט זיי געקייפט מתנות. אָבער אַלץ איז געווען אומזיסט. דעם פאַרקריפּלטן פוס אויסצוגלייכן, האָט דאָס אַלץ נישט געהאָלפן.

דערפאַר מאַקע פלעגט זיך משהל שטענדיק כאַפּן פאַר יעדער אַרבעט, זיין ביי אַלץ דער ערשטער, כדי צו באַווייזן: „נאַט זעט, חברה, כאָטש איך בין אָט אַזוי-אָ... פונדעסטוועגן...". שוין בלויז זיין קומען אין שול איז גע-ווען מיט האַרמידער. ער איז געגאַנגען שנעל, אונטערשפּרינגנדיק, מיט צעוואָרפענע גלידער, און די פוס-מאַשינקע האָט צוגעקלונגען מיט אירע אייזנדלעך און געסקריפּעט מיטן לעדער. ער איז שוין דורשטיק געווען צו טאָן, אויפצוטאָן. ער האָט זיך געריסן צו יעדער אַרבעט מיט ברען. ביי יעדער מלאכה אַריינגערוקט זיך בראָש. ער איז געווען אומדערמידלעך און טיכטיק איבער דער מאָס, האָט פּשוט געפלאַקערט, ווי אַ פייער אין ווינט. אָבער אויף גרויסע צרות, פלעגט זיך אַזאַ אַרבעט פאַרענדיקן ביטער. זיינע איבערגעאיילטע קריפּל-באַוועגונגען האָבן אַ תל געמאַכט פון זיין גאַנצער מידיקייט. זיין פרייד פון אַרבעט און נצחון האָט זיך פאַרוואַנדלט אין פּיין פון שאָהנברענגען און מפּלה. האָט מען גערוימט די גאַס אַרום דער שול, איז אַ בעזעם אַריין אַ קינד צווישן די פיסלעך, ס'איז געשטרויכלט געוואָרן און געפאַלן; ליאַרעמדיק געוויין און טומלדיקער צוזאַמענ-לויף. האָט מען אין קלאַס איבערגעשטעלט די בענק, זענען עטלעכע מינ-

מערם צעבראָכן געוואָרן. דער מינט האָט פאַרפליוכעט א קינדס פנימל און געמאַכט דעם קינד אַ געגעריש געזל; געוויין און געלעכטער, פאַרהוב און געשריי. ווער איז דער שולדיקער? אַלע אין איין קול: מישהל צעבער! ד אָ ס האָט ער אליין צעבראָכן, יענץ האָט ער עמעצן אינטערגעשלאָגן. אַז צו אַלץ כאַפּט ער זיך!

מישהל פלעגט דאַן שטיין מיט אַ רויט פאַרשעמט און צעצאָרנט פנים. זיינע גרויע אייגן האָבן געגלאַנצט, ווי אָפּגעשייערטע צינערנע קנעפּ. די ליפּן האָבן אים געציטערט, ווי אַ ברעם אונטער אַ שווערער טרער. זיין בליק האָט געזוכט אַן איינציקן, מיט אים זיך אָפּצורעכענען. דאַן פלעגט ווערן שטיל.

צי די לערער מיט ספּראַוועס קעגן אים, ווי קעגן עלינקען, פלעגט מען גישט גיין. מ'האָט דאָך אָפּטער געקריגן פון אים עפּעס אַ נאַש, און ווי האָט מען געקאָנט זיין אַזוי אומדאַנקבאַר? די בעסערע שילער ווידער, די אָנפירנדיקע, האָבן געדענקט, אַז צו יעדן שול־יום־טוב, צו יעדער שילערישער אונטערנעמונג, גיט דאָך מישהל צעבער די גרעסטע באַשטייערונג.
און היין דעם האָט מען מורא געהאַט פאַר זיין קאָנוולסיון צאָרן.

עס פלעגט זיך דאָך מאַכן, אַז דער פאַרדרוס, די אויפרעגונג קעגן אים איז אַריבער די ברעגן. מע האָט אים פאַר די לערער גישט פאַרשוויגן. דאַן לאָזט ער אין אויפגעבריזטן צאָרן הענט און פיס אין גאַנג. חברה ריקט זיך אָפּ פון אים, און לאָזט אים „מאַכן אַ ווינטמיל“ אין דער ליפט. אָבער ווען ער טרעפט עמעצן, טוט פון זאָט פון קינדערישן צאָרן אַ בריענדיקער שפּריץ אויף אים: קרומער הונט!

מישהל בלייבט שטיין געליימט. מיט צעהויקערטע אַקסל און צעפּאָרענע הענט אין פיס. דער ברייטער הויז־קלאָש פון זיין קאַליקע פוס איז הויך אַרויפגעהויבן און עס קוקט אַרויס מיט מונקעלן גלאַנץ די פוס־מאַשינקע. די פליצעס איינגעשטעלטע שטילקייט אַרום שטיקט אים, ווי וואַסער אַריבער מויל און אויערן. ער וואַגט זיך גישט קיין ריר צו טאָן. ער ווייסט, אַז מיט זיין יעדן ריר איצטער מיטן קראַנקן פוס, וועט די מאַשינקע אַ קלינג אין אַ סקריפּע טאָן מיט אַ קרעכץ. זיינע רויט־צעפּיבערטע אייגן פאַרלויפן מיט טרערן. דער חברה דאַכט זיך, אַז אָט באַלד וועט ער וויינען מיט בלוט. זיי ווערן בלאַס, קריגן חרטה אויף זייער האַנדלונג קעגן אים. און שווייגנדיק, פול מיט געפיל פון שולד, צעגייען זיי זיך איינציקווייז און לאָזן אים אַליין.

...אַליין! עס גייט ווידער אויף אין אים אַ טיפע פאַרביטערונג. עס

קומט אויף אין אים אַ ווילן אָפּצוטאָן עפּעס אַזעלכעס, וואָס זאָל אויפ־
טרייסלען נישט נאָר זיין היים, די שול, נאָר דאָס גאַנצע שטעטל, די וועלט.
ער פאַרקריצט די ציין. פאַרקאַשערט דעם הויז־קלאָש איבערן פאַרקריפּלטן
פוס, און קלאַפּט מיט די פויסטן איבער דער מאַשינקע.

אָבער זי קלעפּלט גלייכגילטיק מיט די אייזנדלעך און הילכט טעמפּ
אָפּ מיט האַרטן לעדער.

.4

איינמאָל אין אַ הייסן זומער־טאָג, נאָענט צו די פּעריען, האָט זיך די
לופט אין די ענגע קלאַסן אַזוי צוזאַמענגעפּרעסט, אַז ס׳איז שווער געווען
צו אָטעמען. דאָס אָפענע פענצטער פון דריטן קלאַס איז געווען, ווי אַן אָפן
מויל, וואָס דורשט נאָך אַ ביסל לופט און קאָן עס נישט דערכאַפּן. די לופט
אין דרויסן איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך, דורכגעוועבט מיט שטראַלן פון
אַ גליענדיקער זון. אומבאַוועגלעך איז אויך געווען ביי די קינדער אין די
קעפּלעך. די לעקציעס זענען אַהין נישט אַריין, און זיי זענען אַזוי שווער
געווען, די קעפּלעך! די קינדער האָבן זיי אונטערגעלענט, שווער געאָטעמט
און געשוויצט. אויך הער לערער האָט געשוויצט, געליטן פאַר זיך און נאָכ־
מער פאַר די קינדער, און אַ טראַכט געטאָן, צי וואָלט ער נישט געדאַרפט
פאַרקירצן די לעקציע. דער קלוגג צו באַפרייען די קינדער לאָזט ציפּיל
וואַרטן אויף זיך. די קינדערישע פּנימער האָבן אויסגעזען נישט נאָר ליידנ־
דיק, נאָר אויך בייז. אַלעמאָל זענען אויפגעקומען צווישן ישכנים אויף
אַ באַנק סכסוכימלעך. יעדערן האָט זיך גערעכט, אַז דער חבר מאַכט אים
ענג. באַזונדערה אומרואיק איז געווען אויף דער באַנק, ווו עלינקע איז
געזעסן. דער לערער האָט עטלעכע מאָל באַמערקט, ווי זיינע שכנים פאַר־
דרייען מיט די נעז און רוקן זיך אָפּ פון אים. נאָר ווען ער האָט שוין גע־
וואָלט אַ פרעג טאָן וועגן דער סיבה, האָט דאָס גלעקל בשורהדיק אַ קלונג
געטאָן, און דער קלאַס האָט זיך שטורעמדיק און געדיכט אַרויסגעקנוילט.
דער לעבעדיקער קנויל האָט מיטגעשלעפּט אויך דעם לערער, וואָס האָט
געוואָלט פאַרביטן אַ וואָרט מיט עלינקען.

געבליבן אין קלאַס איז בלויז עלינקע. ער איז היינטיקן פרימאָרגן אַזוי
דערשלאָגן געוואָרן, אַז אפילו דער דרויסן, די פרייהייט האָט אים שוין
נישט געצויגן. דאָס וואַסער, וואָס ער האָט געטרונקען בעת די פויזעס, איז
נישט בכוח געווען צו לעשן זיין דורשט. דאָס ברויט און קנאָבל, וואָס ער
האָט געגעסן אויפן ניכטערנעם איז אים געלעגן אונטערן האַרץ, ווי אַ גע־

זאַלצענע וווּנד. מער ווי אַלעמאָל האָבן זיך היינט די קינדער פון אים אָפּ־
געריקט. און נישט איינמאָל האָט אים בעת דער לעקציע אַריינגעצישעט
אין אויער אַ שנאהדיק קול: סע שטינקט פון דיר!

סע מיז זיך אָפּרעכענען! — האָט אין זיין פאַרגליווערט מוחל גע־
שטעקט אַ מחשבה, ווי אַ פאַרשטאָכענער האָלץ.

ער האָט געטראַכט, פון געוויינהייט וועגן, שוין גאַנץ קאַלטבלוטיק,
וועמען היינט דאָס אמתע קניפּל צו געבן. אַזאַ וואָס זאָל ביי יענעם, ווי
אַ צווענגל, אַ שטיקל לייב אויסרייסן. אָבער דאָ איז אים איינגעפאַלן אַ
געדאַנק וועגן אַ נייער נקמה, אַן אַלגעמיינער. אַלע האָבן זיך היינט צוּן
אים צוגעשטשעפּעט! און ער האָט אַרויסגענומען פון קעשענע אַ גרויסן
קנאָבל און גענומען רייבן מיט אים אַלע רעקן פון די בענק. איבער זיין
פייגלשן פנימל איז איבערגעלאָפן אַ קליין שמייכעלע פון שטיפערישקייט
מיט נקמה־פרייד צוזאַמען. און ס'איז פאַרזונקען געוואָרן, ווי אַ שטראַל
אין וואַסער, ערשט אין דעם איינגבליק, ווען דאָס גלעקל האָט איבערגע־
ריסן זיין אַרבעט.

די קינדער זענען אַריין, אײַנגעזעצט זיך. די לערערין איז אַריינ־
געקומען, און די לעקציע האָט זיך אָנגעהויבן. מ'האָט געצייכנט. די קינ־
דער האָבן געמוזט זיצן געבויגן מיט די קעפּלעך צו די בענק. עלינקע
האָט שטילערהייט טריאומפירט: זאָלן זיי זיך אָנשמעקן! און ער האָט פאַר־
געסן זיינע צרות.

— פע! — האָט אַ שילער מיט אימפּעט זיך איבערגעלייגט — די
באַנק אַווירט!

— פע! פע! פע! — האָבן די קינדער אָנגעהויבן זיך איבערשרייען,
ווי אין אַ געוועט.

ס'איז געוואָרן אַ טומל. די לערערין האָט זיך איינגעבויגן צוּן אַ באַנק,
און מיט אַן אומצופרידענער צערייצטער נאָז זיך צוריקגעכאַפּט. די קינ־
דער האָבן אויסגעשאָסן אַ פריילעך געלעכטער. די לערערין האָט געפּרוּווט
אָנשטעלן אַן ערנסט, ברוגז פּנים. אָבער זי האָט זיך קלאָר געמאַכט, אַז
כל־זמן די בענק וועלן נישט אָפּגעוואַשן ווערן, קען קיין רייד נישט זיין
וועגן ווייטער פירן די לעקציע.

— ווער האָט דאָס געטאָן די שיינע אַרבעט? — האָט זי שטרענג
אַ פרעג געטאָן.

די קינדער האָבן זיך קענטיימיק באַטראַכט. איינער אַלעמען און אַלע
יעדערן באַזונדער. ביז לסוף האָבן זיך אַלעמענס אויגן אָפּגעשטעלט אויף

עלינקעס פּאַמילניצע. זיין פּנים איז געהאָנגען איבערן צייכנהעפט ערגעטס־
אָנגעצויגן.

— ס'איז דיין אַרבעט, עלינקע? — האָט די לערערין געפרעגט מיט
אַזאַ טאָן, אַז אָן זיין ענטפער ווייסט זי עס שוין אויך.

עלינקע האָט מיט אַ פאַרשלאָסן מויל געשוויגן.

— פאַר אַזאַ זאַך מוזטו באַשטראָפט ווערן! — האָט די לערערין
באַדענקט אויסגערופן.

און די שטראָף איז טאַקע גלייך געקומען:

— דער פערטער קלאַס איז ערשט אַוועק אויף אַ שפּאַציר אין וואַלד
אַריין. מיר גייען אויך. נאָר דו, עלינקע, בלייבסט זיצן.

.5

עלינקע האָט נישט געהאַט קיין תרעומות אויף דער לערערין. געפילט,
אַז זיין האַנדלונג האָט זיך אויף נאָך אַ גרעסערער שטראָף פאַרדינט.
נאָר פונדעסטוועגן האָט ער פאַרביטערט געטראַכט: ווען זיי וועלן מיר
שרייען, אַז עס הערט זיך מיר פון מויל, וועל איך זיי אָנקנאָבלען די בענק!
זאָלן זיי וויסן! ווען איך וואָלט געגעסן זעמל מיט פּוטער, אָדער ברויט
מיט שמאַלץ ווי זיי, וואָלט זיך פון מיין מויל אויך נישט געשפּירט. גרוי־
סע בריות זענען זיי!

אין דער שטילקייט האָט זיך פון יענער זייט טיר געהערט אַ לעק־
ציע פון אַ קלאַס. דאָס האָט אים צעריסן די מחשבות. ער האָט זיך אַהין
איינגעהערט... דאָ איז אַריינגעפלויגן אַ בין מיט אַ בייז זשומעריי. זי
האָט זיך זשומענדיק געקרייזט פריער אין צימער, דערנאָך אַרום זיין קאָפּ,
און צוגעצויגן זיין אויפמערקזאַמקייט. וואָס איז זי אַזוי בייז? — האָט
עלינקע אַ טראַכט געטאָן, און ס'איז אים איינגעפאַלן אַ מאָדנע געדאַנק:
זי בייזערט זיך אויך, פאַרוואָס די בענק זענען אָנגעריבן מיט קנאָבל! איך
דאגה!

ער איז אין כעס געוואָרן אויף דער בין. האָט זיך איינגעשרומפּן,
אַרויסגענומען דאָס היטל פון דער באַנק, זיך פאַרטייענדיק נאָכגעשפּירט
דער בין, און פאַראַמאָל אַ זעץ געטאָן מיט דעם אין דער לופט. אָ, צילן
און טרעפן האָט ער געקאָנט אויסגעצייכנט! די בין איז גאַזנדיק געליגן
אויף אַ באַנק־דעק. אַ רגע איז זי געווען פרימשמעליעט. דערנאָך האָט זי
פאַרבראָכן מיט ציטעריקע פיסעלעך און געבעטן מיט אַ וויינענדיק קול:

— עלינקע, עלינקע! האָב־זיש־זישע רחמנית! האָב זיש־זישע... אָבער עלינקע האָט נישט געקענט רחמנות האָבן. אָט פֿריער מיט א רגע האָט זי זיך דאָך, די בין, געבייזערט אויף אים, הלמאי ער האָט פֿאַרקנאָבלט די בעזק!

און ווי ער האָט זיך אין דעם דערמאָנט, איז אין אים אויפֿגעגאַנגען דער גאָרער צאָרן קעגן די אַלע באַליידיקונגען, מיט וועלכע די שול־קינ־דער האָבן אים באַטײלט פֿאַר זיין קנאָבל. ער האָט ארויסבאַקומען אַ שפּיל־קע פֿון זיין לאַץ און זי מיט אריינגעזעצט אין ברישטל פֿון דער בין. די בין האָט שווינדלענדיק געפּאָכעט מיט די פֿליגלעך און איז פֿאַרגאַנגען איך אַ יאָמערלעכן זמרל. אַזש ס׳האָט אָנגעהויבן שטעכן אין עלינקעס הערצל. אָבער ער האָט זיין אייגענעם ווייטיק אויך נישט געקענט פֿאַרגעסן. און כדי צו פֿאַרטייכן אין זיך דעם מיטלייד צו דער בין, האָט ער זיך געבײ־זערט אויף אַ קול:

— גיב האָניק, וועל איך קיין קנאָבל נישט עסן! גיב האָניק! ברויט מיט האָניק איז געשמאַק.

ער האָט צוגעטראָגן די בין גאָר נאָענט פֿאַר די אויגן, און געשטאָכן אין איר הינטערל א דערוואַרטנדיקן בליק. ווען ס׳וואָלט אָנגעהויבן רינען האָניק, וואָלט ער מיט דורשטיקן פֿאַרגעניגן אויסגעשטעקט די צונג אים אויפֿצונעמען. אָבער ער וואָלט זיך איבער דעם נס נישט געוווּנדערט. עס איז דאָך אים מאַקע געקומען, עלינקען, האָניק, נאָך דעם ווי ער האָט אזוי לאַנגע צייט געלעבט מיט קנאָבל בלויז. דאָס וואָלט געווען אַ זאַך פֿון גע־רעכטיקייט, נישט מער. אָבער דער נס איז נישט געשען. די בין האָט רק ווייטער געמאָן דאָס אייגענע. געוויינט און געוויינט דאָס זמרל, זיך אפּגע־רוט אַ ווייל, און ווייטער דאָס אייגענע.

עלינקע האָט אָנגעשטעלט די שפּילקע קעגן אָפּענעם פֿענצטער, און מיט אַ צילנדיקן שנאָל אַרויסגעשאָסן די בין אינדרויסן:

— גיי צון אַלדי רוחות!

ער האָט זיך צוריק אַגידערגעזעצט. דער האָניק איז אים נישט אַרויס פֿון זינען. ער האָט זיך דערמאָנט אַ שטיקל ברויט מיט האָניק, וואָס משהל צעבער האָט אים אַמאָל געגעבן. ס׳איז אים אָנגעלאָפֿן סלינע אין מויל און האָט אַ רין געטאָן אינדרויסן אַרויס. ער האָט געקייעט לופֿט מיט ציין און ליפּן, און דער צונג, ווי פֿון נעצן אויפֿגעשוואָלן לעדער, האָט זיך שווער באַוועגט אין מויל. דער הונגער האָט אים אַ סמאַליע געטאָן אינעווייניק.

... מע דאַרף אַהיימגיין, — האָט ער אַ טראַכט געטאָן.

ער האָט גענומען זיין איינציק ביכל, העפט און הענטלפּען, און איז אַרויסגעגאַנגען. נאָר ער האָט זיך דערמאָנט: אינדערפרי האָט די שטיפֿמאַמע געזוואַלדעוועט, פאַרוואָס ער גייט אַוועק אַזוי פרי אין שול, און פאַרשפּילט נישט דאָס קינד! — איך האָב דאָך נישט קיין צייט קיין מעפּל קאַרטאָפליעס אָפּצושיילן צום מיטיק! — גיי! גיי! — האָט זי אים נאָכגעשריגן און נאָכגעשאָלטן — און דערלעבן שוין נישט אַהיימצוקומען! וועסט היינט ביי מיר קיין מיטיק נישט קריגן...

— וואָהין־זשע גיין? ער האָט זיך אַ קער געטאָן מיט אַן אומקלאָרן באַשלוס, און איז געגאַנגען סתם אַזוי. אומגעריכט האָט ער זיך דערזען אויפֿן שליאַך, וואָס פירט צום וואַלד.

6

דער וועג, ווו ער איז געווען איינגעפאָרן, איז געלעגן אונטער אַ דיקן גרויילעכן שטויב, ווו ער איז נישט געווען איינגעפאָרן, האָט ער מיט טויזנטער שפּאַלטן, ווי געשפּאָלטענע ליפּן, געגאַרט נאָך רעגן. עלינקען האָט אויך אָן אויפהער געמאַטערט דער דורשט. עס איז אים אַזוי הייס געווען! עס האָט אים אַזוי געקלאַפּט אין מוח און געקלונגען אין די אויערן! די זון, האָט זיך אים געדאַכט, ליגט אויף די פּלייצקעס ווי אַ גליענדיקער פּויק מיט גלעקלעך, אין וועלכן מע באַראַבאַנעוועט. ווען ער קומט שוין אין וואַלד אַריין! דאָרט איז כאָטש קיל.

ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צו אַ פעלד־ראַנד פּאַזע דעם וועג און געהאַלטן זיך אין שאָטן פון דער שיטערערביימער־שורה. זונשיין און זונגלי האָבן זיך געטומלט מיט שאָטן און לעבלעכער לופט. דאָס וועלדל האָט אָנגעהויבן אים אַנטקעגנהייבן דעם גרין־שוואַרצן קאָפּ פון הינטער דעם הויכן הויגל, אויף וועלכן ער, עלינקע, איז אַרויפגעגאַנגען.

...אַז איך וועל שוין זיין, — האָט ער געטראַכט — וועט מיר די לערערין נישט אַוועקטרייבן. ס'איז אַזוי גוט מיט די קינדער און לערער צוזאַמען! איך וועל האַלטן דאָס מויל כסדר צוגעמאַכט, כע זאָל זיך נישט שפּירן פון דעם... אומזיסט וועלן זיי מיך נישט טשעפּען.

די דאָזיקע מחשבות האָבן אָנגעהויבן לינדערן זיין געמיט. די ביימער האָבן שטיל געשאָרכעט איבערן קאָפּ מיט די בלעטער. עס האָט זיך געדאַכט: ער איז שוין אין וואַלד. נאָר מיטאַמאָל איז ער געשטרויכלט געוואָרן איבער עפּעס. ווי איבער אַן אַרויסשטאַרצנדיקן רוקן פון אַ בוימ־

וואָרצל. ער האָט זיך נישט גלייך אויפגעהויבן, ווי געוואָלט זיך באַדענ=
קען וועגן אָט דעם געשעעניש. האָט ער, אָט אַזוי=אָ ליגנדיק מיטן פּנים
אַראָפּ, דערהערט אַ כליפּענדיק וויינען. ער איז איבערגעשראָקן אויפגע=
שפּרונגען. זיבנדיק אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ, האָט ער דערזען מישהל צע=
בערט פאַרוויינט פּנים. ס'איז געווען ווי אויסגעווייקט. זיי האָבן זיך קענג=
זייטיק אָנגעקוקט, בעת עלינקע האָט אין פאַרלעגנהייט אָפּגעקלאַפּט פון
זיך דעם שטויב. זיי זענען ביידע געווען פאַרוואונדערט פון דער באַגעגע=
ניש. אָבער מער — עלינקע. איך וואָס האָט מישהל צו וויינען? שוין נישט
איין מאָל האָט ער אים מקנא געווען. ווייל וואָס פעלט אים מישהלען?!
אַ מעקע האָט ער, די שענסטע אין שיל. אין ביבלער, און העפטן, און
שרייב=מכשירים. און אין דער מעקע — דאָס שענסטע און דאָס בעסטע.
נישט נאָר פאַר זיך אַליין, נאָר אויך אַנדערע מכבד צו זיין. דאָס ברויט
מיט האָניק, וואָס ער האָט אים דעמאָלט געגעבן, גייט נאָך איצט אויף מיט
אַ זיבן מעם אין זײַן טרוקענעם מויל.

— וואָס האָסטו געוויינט, מישהל? — איז אים אַרויסגעפאַלן פון
מויל, כאָטש זיי האָבן געלערנט אין באַזונדערע קלאַסן, און קיין מגע=ומשא
נישט געהאַט.

מישהלס קאַליקע פּוס האָט אַ צוק געטאָן אויסצושטרעקן זיך און אַ
יעין מאָן עלינקען אָנשטאָט א תשובה. אָבער דער מיטפילנדיקער טאָן פון
דער פראַגע איז אים פּין אייער אין האַרץ אַריין און עס ווייך געמאַכט.
עלינקעס פּנימל איז געהאָנגען איבער אים רחמנותדיק. עס האָט געוויינט
אָן טרערן.

— גאָרנישט, — האָט ער געענטפערט נישט מיט קיין פאַרדריס=
לעכן אָבער אויסמיידנדיקן טאָן. ס'האָט געהייסן: זייער אַ סך. נאָר ס'איז
שווער צו רעדן.

עלינקע האָט זיך אומגעבעטן אַ זעץ געטאָן לעבן אים. ער האָט
געפילט, אַז ער מעג און דאַרף אַזוי טאָן. זיי האָבן געשוויגן. אָבער
שטימערהייט איז אָנגעגאַנגען צווישן זיי א האַרץ=שמועס. סע האָבן גע=
רעדט זייערע הייסע באַצערטע בליקן פון איינעם צום אַנדערן.

— ווי זענען די לערער מיט די קינדער? — האָט עלינקע נאָך אַ פּויזע
שטיל געפרעגט.

— זיי זענען שוין לאַנג אין וואַלד, — האָט מישהל געענטפערט.

פאַרשטאַנען אָבער, אז עלינקע האָט געמיינט עפּעס מערער צו פרעגן,
האָט ער ווייטער געצויגן:

— דער לערער האָט געזען, אז ס'איז מיר שווער נאָכצושפּאַנען די קינדער, דער שוויים האָט זיך פון מיר אין רימשקעס געגאָסן, האָט ער גע־בעטן איך זאָל נישט מיטגיין...

עלינקע האָט דערפילט, ווי משהלס קול זאַפּט זיך אָן מיט טרערן און געוויין, האָט ער אים געוואָלט טרייסטן, און זיך פארקלאָגט:

— און מיך האָט די לערערין באַשטראָפט, איך זאָל בלייבן אין שול.

— פארוואָס?

— איך האָב אָנגעקנאָבלט אלע בענק.

— וואָ־אָס? — פארשטייט נישט משהל.

— איך האָב אָנגעריבן אלע שול־בענק מיט קנאָבל.

משהל צעלאַכט זיך:

— האָסט געוואָלט די בענק זאָלן ווערן באַטעמט, אז די קינדער זאָל זיך נישט פארגלוסטן פון זיי אוועקצוגייט?

א קליין שמייכעלע קריכט ארויס פון עלינקעס ליפּן־ווינקעלע און קריכט אראָפּ דורך זיין דאַר גאָמבעלע צום דינעם רחמנותדיקן גערגעלע, פון די אויגן שטעקן ארויס בליקעלעך, צוויי גלאַנציקע לאך־שטראַלעכ־לעך, ווי זילבערנע נעדעלעך.

— די קינדער זאָגן, אז סע אַווירט פון מיין מויל קנאָבל, — זאָגט ער גלייכגילטיק, ווי סע וואָלט אים איצט נישט פארדראָסן אויף זיי — האָב איך זיי אויף צו להכעיס אלע בענק מיט קנאָבל אָנגעריבן; זאָל זיי שמעקן!

משהל דערפילט עלינקעס קנאָבלדיקן אָטעם. ער ווערט ערנסט און זאָגט:

— צו וואָס זשע דארפסטו עסן קנאָבל? עס פילט זיך טאַקע פון דיין מויל. קיינער קאָן עס נישט ליידן.

עלינקע קערט אוועק אויף א רגע דעם קאָפּ און שוועגקט דורך דאָס מויל מיט דער פרישער לעבלעכער לופט. זיין פּנים ווערט רויט און שווארץ. איז פארחושכט, ווי א פאררוסט גלעזל פון א ברענענדיקן נאַפט־לאָמפּ:

— איך קאָן דאָך נישט עסן דאָס דאַרע שטיקל ברויט פּיסנע. אָן נעשמילץ. סע וויל זיך נישט אראָפּגליטשן דורכן גאָרגל. אפילו די ציג...

זיין שטים רייסט זיך אָפּ, מחמת טרוקעניש אין מויל. ווי א פליגעלע וואָלט זיך אים צוגעקלעפּט אין האַלדז. ער הוסט עס שטיל אָפּ. משהל פארשטייט אים און טראַכט א וויל. עס פאַלט אים איין א גאַר פּשוטע זאַך:

— עלינקע, — זאָגט ער — הער, דו ווילסט מיר זאָלן זיין חברים?

עלינקע הייבט אויף צו אים א פנים פיל מיט ציטריקן גלויבן־אומגלויבן, צוטרוי־אומצוטרוי:

— דו מיט מיר חברים? דיין טאַטע איז דאָך א גביר, און מיינער א... דו עסט דאָך זעמל מיט פּוטער, מיט אייער, און האָסט אפילו שאָקאָלאַדע! און איך עס קנאָבל, און סע... ש... ש...

— און די האָסט צוויי געזונטע פיס! — שרייט אוים מישהל — און ווען די גייסט, דאַרפסטו נישט נאָכשפּרינגען. קלאַפּט נישט די פוס־מאַשינקע. און אז מע גייט אויף שפּאַצירן און אויספלוגן, בלייבסטו נישט הינטערשטעליק.

— קום, — זאָגט עלינקע בלימריש גלייכגילטיק, בעת אינעווייניק גייען שטראָמען ווארעמע איבער זיין לייב — קום, וועלן מיר פאַמעלעך אהיימגיין.

— ווילסטו, הייסט עס, זיין חברים? — פארשטייט אים אזוי מישהל,

— מירן שטענדיק גיין צוזאמען.

— יאָ! — זאָגט עלינקע גערירט — און איך וועל שוין מער קיין קנאָבל נישט עסן.

— מאַקע אזוי, — לייטערט זיך אוים מישהלם פנים, ווי א זון פון אונטער א וואָלקן אפערקומענדיק — מיר וועלן זיך אלע פרימאָרגן טיילן מיט מיין פרישטיק. איך האָב נענונג.

אויפגערעגט, און פריידפולער שטימונג הייבן זיי זיך אויף צו גיין. זיי גייען לאַנגזאַם און שטעטל אריין. זיי שווייגן און האָבן דאָס געפיל ווי זיי וואָלטן רעדן אויף אַ הויך קול. סע שרייט און זיי דאָס בלוט, אויפגעזאָטן פון היץ און פייערלעכקייט. זיי דערהערן הינטער זיך דעם פריילעכן טומל פון די זיך אומקערנדיקע, זיך־דערנענטערנדיקע שיל־קינדער. אָבער זיי קיקן זיך אפילו נישט אום. די קינדער יאָגן זיי אָן מיט שנעלע שפּרייזן. מע ווערפט זיך מיט זיי איבער. פריילעך, אָן בייז־פרייד. און ווייטער געשפּרייזט. מישהל מיט עלינקען בלייבן ווידער פון הינטן. נאָר סע אַרט זיי נישט. זיי זענען פול מיט יום־טובדיקייט.

* * *

זייער חברשאַפט האָט אָנגעהאַלטן. אָבער באַלד זענען דאָך געקומען די פעריען. משהל צעבער איז ארויסגעפאָרן אויף א זומערוווינונג. עלינקע

איז, פאַרשטייט זיך, געבליבן אינדערהיים. ער האָט גאַנצע טעג געפּאַשעט דאָס ציגעלע און געטראַכט וועגן משהלען. ער האָט געוווּסט, אַז משהל עסט היינט נאָך בעסער ווי פריער. נאָר ער האָט אים נישט מקנא געווען אים האָט זייער גוט געשמעקט דאָס ברויט מיט קנאָבל, וואָס ער האָט זיך מתיר געווען צו עסן כל־זמן משהל איז נישטאָ. קיינער זאָגט דאָך אים איצט נישט, אַז עס שפּירט זיך אים פון מויל. דאָס ציגעלע זאָגט זיך נישט אָפּ אפילו צו קושן מיט אים. כאָטש ס'איז אַ געזונט ציגעלע מיט פיר גלייכע פיסעלעך...

— אזוי, אזוי, — פלעגט ער טראַכטן זיך ווי האָניק, נאָר דורכגע־גומען מיט אַ ביסל פעפער־ביטערניש — משהל וועט קומען... מע וועט ווידער לעבן אין חברשאַפט... משהל וועט דאָך אַנדערש נישט ווערן... זיין קראַנקער פוס וועט דאָך שוין געזונט נישט ווערן...

# איר טאַטנס מפּלה

איינמאָל קערט זיך שפרה אים פון גבריאלן אהיים א שטאַרק־פאר־
שפעטיקטע — ס'איז שוין פארטאָג. אין זייער געסל גאָך ציט זי אראָפּ
די טופליעס און גייט באַהיט, מיט קעצישע טריט, צו זייער הינטערשטער
טיר: זאָשע, זייער דינסטמיידל, איז שוין זיכער איינגעשטאַנען אויסצו־
מעלקן די קו פארן טרייבן זי אין טשערדע אריין! — זאָשע איז נאָכנישט
„אירע", זי איז ביי זיי ערשט דעם ערשטן חודש, און קאָן איר נאָך אָפּ־
מסרן פארן טאַטן. דער טאַטע אליין קאָן א ליאַרע מינוט אויפשטיין.

...ש...ש...ש... — האַרט פאר דער טיר כאַפּן איין שפרהס אָנגעשטייפ־
טע אויערן א ליכט געריוש פון שטאַל ארויס... הייסט עס — זאָשע פּאָ־
רעט זיך שוין האָרט ביי דער קו.

שפרה פארנעמט דאָס שניידיקע קייען פון דער קים קינבאַקן, איר
יוסט אָפּסאַפּען. זי הערט דעם זאַטן פלייץ פון די מילכשטראָמלעך, וואָס
קלאַפּן אין דנאָ און אין די ווענטלעך פון בלעכענעם מעלק־עמער.

און אָט אזוי, מיט די טופליעס אין די הענט, בלייבט זי שטיין פאר
דער טיר, שפרה.

...וואָס מעלקט זי אזוי האַסטיק, זאָשע? דער קלאַנג פון דעם מילך־
רעגן איז עפּעס נישט ריטמיש. ווי דער מעלקערינס פינגער האָרטן וואָלטן
געווען געדייצט און דענערווירט. צי האַבט זיך עס איר?... דורכן רייש
פינעם געמעלק דערגרייכט צו איר געהער א געשעפּטיש פון א מאַנצביל.
זאָל זי האָבן האָרט זייערן אַ געזועל, צי גאָר עמעצן פון די בראַטאָקעס?...

ס'באַצווינגט זי די ווייבערישע נייגעריקייט, און זי פאַרהאַלט זיך לענ־
גער, כאָטש זי ריזיקירט אין צימערניש, נישט צו האָבן דאָ באַלד א ווייסט
באַגעגעניש מיטן טאַטן. זי שטעלט אראָפּ די טופליעס איין הרערד און
שאַרט זיך צו צו דער שטאַל־וואנט. איצט באהערשט זי נאָך א געפיל —
זי שעמט זיך פאר דעם וואָס זי גייט טאָן, ווי גבריאל וואָלט דאָ געשטאַ־
נען הינטער איר פּלייצע, און לייגט פונדעסטוועגן צו אן אויג צו א שפּאַ־

רונע צווישן צוויי ברעמער. איך פארזשמורעמער אָנגעצונדענער בליק שנײַדט זיך אריין, ווי א שמראַל, אין דער מונקלקייט פון שמאַל. און ס'אַנמפּלעקט זיך פאר איר אזא סצענע:

...די קו הייבט ארויף פונעם צעבער ארוים דעם באַהאָרנמן קאָפּ, ווי זי וואָלט איבערדרייסן דאָס פּרעסן, כדי זיך איינצוהערן אין א סודיקן געשפרעך. אירע אויגן גאַפּיען אזוי אומעמיק־ערנסט. אין שאָטן פון איר דיך הויערט אויפן בענקעלע זאָשע, די שיינע, שלאַנקע פּאָלקע, געווענדט מיטן נאַקעטן רוקן פון העמד ארויס אהער. אָט מעלקט זי זייער איילנ־דיק, און אָט, פּארקערט, הייבט זי אָן באַוועגן מיט די הענט פּאַמעלעך, פּוילבלער. איבער איר, אויך מיטן רוקן אַהער, שטייט געבויגן א בלאַנק־ווייס געשפּענסט. א מאַנצפּאַרשוין. קיינער פון די געזעלן אין אפילו נישט די בראַמאָקעס טראָגט נישט אזא בלאַנק הינטערוועש אינדערוואָכן.

דאָס ווייסע געשפּענסט שעפּטשעט איבער זאָשעס קאָפּ. שפּרה פּאר־מוישט איר אויג אויף איר אייער ביי דער וואַנט־שפּאַרונע און טוישט זיי באַלד ווידער: ווער פון זיי וועט מער שמילן איר נייגעריקייט?

דאָס געשפּענסט שעפּטשעט אין דער מעלקנדיקער זאָשען אריין, ווי איינמענהדיק, פּאָדערנדיק, איינרייידנדיק און בעטנדיק. שפּרה פּארנעמט דעם טאָן פון דעם געשעפּטש, כאָטש קיין ווערטער קאָן זי נישט פּאַנ־גען: דער רויש פונעם מעלקן פּארשלינגט זיי.

דאָס מעלק־עמער ווערט פולער, דער גערויש פונעם מעלקן — פּלי־סיקער און ווייכער; סע בלאַסט שוין פון עמער ארויס די שוימענדיקע מילך. דער פלייץ פון די מילך־שטראָמלעך הייבט אָן ווערן שיטערער, שטילער... אפשר וועט זי איצט דערהערן א וואָרט? דאָס געשעפּטש איז היים, ווי א בלאָזזאַק וואָלט עס אונטערגעוואַרעמט. די מילך אין עמער שוימט, בלעזלט, הייבט זיך אויף, ווי זי וואָלט זיך געבריט אויפן הייסן געשעפּטש. זי שפּרענקלט און שפּריצט ארויס פון דער כלי, זי שוימט אריבער איר ראַנד.

דאָס געמעלק איז פּארענדיקט. זאָשע שטעלט זיך אויף מיטן עמער מילך אין די הענט און בלייבט שטיין האַנט ביי האַנט מיטן געשפּענסט. שפּרה דערהערט שוין אויך ווערטער פון געשעפּטש ארויס, נאָר דאָס קול איז איר א פרעמדס... ווי האָט זיך עס אהערגענומען א פרעמדער אין הינטערוועש?! די ווערטער — ווי זיי וואָלטן געקומען פון א מויל, וואָס בלאָזט אויף א הייסער קאַרטאָפליע צווישן די ציין, נישט אַראָפּצושלינגען זי, נישט ארויסצוּוואַרפן:

— זאָשע... קום באַלד ארויף... איידער די יונגען... ב'וואָרט אינעם היי... געדענק...

און דאָס געשפּענסט נעמט קריכן מיטן לייטערל אויפן בוידעם. שפּרה דערזעט עס און פּראָפיל.

— וואָס־ס־סס הייס־ס־ס־ט דאָס־ס־ס? — צישעט עס פון איר מויל ארויס, און זי דערטראַכט מיט שרעק און שאַנד: דער טאַטע?! גאָט מיינער!

א הייסער רויטער שטראָם פלייצט זי דורך ווי א כוואַליע, מיט זי א שטויס אָפּ פון דער שטאַלוואַנט צו דער טיר. זי טרעט ארויף מיט די פיס אויף די אויסגעשטעלטע טופליעס. זי טוט זיי א כאַפּ און — אריין מיט זיי אויף די שפּיץ פינגער, ווי א גנב, און שטיל אריין.

ביי דער טאַטע־מאַמעס צימער בלייבט זי שטיין מיט א פארשטיקטן הייבן אָטעם. די טיר איז אָפּגעלענט, און שפּרהס קמאַליענדיקער בליק זיכט דעם טאַטנס געלעגער — אויף דער קישן שוואַרצט זיך נישט זיין קאָפּ. זי האָט, הייסט עס, קיין טעות נישט געהאַט.

„טאַטע“! — שטעלט זיך איר דאָס וואָרט, ווי א ביין, אין האַלדז און בלייבט איר דאָרט שטעקן ביז ווייטיק...

„וואָס שלאָפט זי, די... בהמה?!“ — צינדט זיך אין שפּרהן אָן א כעס אויף איר, און זי לויפט אריין צו זיך אין צימער. דאָ טוען איר די טופליעס א פאַל ארויס פון די צעבעטעטע הענט, און זייער קלאַפּ הילכט אָפּ מיט פחד אין איר האַרצן: „...דער טאַטע מיט זאָשען דאָרט אויפן בוידעם אין היי זאָלן נישט דערהערן... כאַ־כאַ־כאַ!“

זי וואַרפט זיך אריין אין בעט... ווי גוט ס'וואָלט געווען איצט זיך אָפּצוטונקען אין א שלאָף, א געדיכטן און שווארצן ווי סמאָלע, וואָס פארשטאָפּט אלע הויט־פאָרן, אז גאָרנישט פון דער דרייסנדיקער וועלט זאָל אין דיר ארייננדרינגען!

„...דער טאַטע איז דאָך אוודאי היינט נישט איין מאָל געווען דאָ א קיק צו טאָן אויפן זייגער. ער האָט געזען, אז איך בין דאָ באַגינען נישט אהיימגעקומען. ער קאָן באַלד אריין אהער מיך מקיים־פּסק זיין... שוין נישט מיט בלויזע ווערטער, נאָר מאַקע לייטיש: „דו... נפקא דו!“ — וועל איך שווייגן? איך וועל אים!...“

פאַר שרעק פארענדיקט זי נישט דעם געדאַנק.

זי אָטעמט הייס. רעיונות רעמפּן זיך אין איר באַוווסטזיין:

„...ווי שעמט ער זיך נישט פאַר זיך אליין, אן אלטער ייד?!“

„...וואָס מאַכט ער נאָך צביעותדיקע אָנשטעלן פאַר דער וועלט און שלעפּט די ייִנגלעך אין בית־מדרש אַריין דאַווענען?"

„...וואָס פּיינט ער זיך אַזוי אויס מיטן געלט פֿאַרן רב און שוחט?"

„...וואָס גיט ער נאָך געלט אויף דער תּלמוד־תּורה און צאָלט אַפילו חודש־געלט די ציוניסטן אויף ארץ־ישׂראל?"

„...ווי האָט ער נאָך האַרץ און חוצפּה זיך נוקם צו זיין אין דער מאַמען?"

„...א... אַ רחמנות אויף איר!... אַ רחמנות? אַ גאַנצן מעת־לעת איז זי דאָך אין שטוב, שלאָפט מיטן טאַטן אין איין צימער — ווי זעט זי דאָס נישט, וואָס הינטער איר גאָז קומט פֿאָר?"

„ווי שטויסט זי זיך דאָס נישט אָן פּונוואַנען עס נעמט זיך די חוצפּה פֿון אַלע דינסטמיידלעך קענן איר — גלייך ז יי וואָלטן זיין די באַלע־באָסטעס. און ז י די דינסט?

„...ווען זי פֿאַרקלאָגט זיך אַמאָל פֿאַרן טאַטן אויף אַ מיידל, אַז זי איז פֿויל, ווי אַן אַלטע קאַץ; אַז זי זיצט גאַנצע טעג מיט פֿאַרלייגטע הענט אייפן בויך, ווי זי וואָלט אין אים אַ ממזר אויסבאַהאַלטן; אַז מע מאָר איר, דער חוצפּהניצע, גאָר קיין וואָרט נישט זאָגן, — הערט ער זי אויס, דער טאַטע, מיט אַן אומצופֿרידן־פֿינצטערער פּנים און גיט אָפּ געראַכט דעם מיידל, און זי, די מאַמע, זידלט ער אויס ערגער ווי די לעצטע דינסט. און וואָס טוט די מאַמע? לאָזט שטילשווייגנדיק אַראָפּ דעם קאָפּ מיט דער אונטערטעניקייט פֿון אַ געשלאָגענעם הונט. נישט קיין הונט — אַ בהמה איז זי, די מאַמע!"

„...און — מיט וואָס פֿאַר אַ רעכט קאָכט ער זיך אַזוי, נפֿתּליע מעבל־מאַכער, דער שיינער ייִד, אויף די ייִנגלעך — „הלמאי זיי פֿאַרשטעקן די גיזהרעם ביי די שיקסעם אין די פֿאַזוכעס און זוכן דאָרט פֿליי?" קענן אים זענען זיי דאָך צדיקים, די בראַטמאַקעס, — זיי האָבן דאָך נישט קיין אייגענע ווייבער".

„...אַזוי וואָס קומט ער דאָס אָהער קוקן אייפן זייגער און רעווידירן, צי איך בין דאָ?"

דאָס צערודעניש אין שפּרהן לאָזט זיך נישט פֿאַרוויגן און איינ־שטילן: אָט קומט ער אַריין... אָט קומט ער אַריין.

נאָר גראָד היינט דערוואַרט זי זיך נישט אויפן טאַטנס אַריינקום. צי איז ער גראָד היינט ביי איר אין צימער נישט געווען, צי דאָס האַרץ זאָגט אים, אַז ער דאַרף זי איצט אויסמיידן? — —

אויך שפרה מיידט אים אויס אין די גאָענטסטע טעג. איר דאכט זיך אויס: זי וועט אים, אַן אָנגעטאָנענעם, דערזעען אין דעם אונטערוועש.

אויך זאָשען מיידט זי אויס. זי שעמט זיך אריינצוקוקן איר אין די אייגן — בלויע אזעלכע, ריינע, אומשולדיק־תמעוואטע: זי וועט אין זיי דערזעען די סצענע אין דער טונקלקייט פון שטאַל, פון וועלכער ס'וועט זיך ארויספלעקן א געשטאַלט אין בלאַנקן אונטערוועש.

שפרה האָט אפילו היינטיקע וואָך א ווידערווילן צו דער מילך פון זייער קו, גלייך ווי די קו וואָלט אין עפעס שולדיק געווען — זי איז געווען א שטומער עדות פון איר מאַטנס געפאַלנקייט און איר, שפרהס, בזיון.

נאָר פרייטיק אינדערפרי דערוואַרט שפרהן אן איבערראַשונג: זאָשע דערלאַנגט איר א פרייש פלעצל מיט פוטער מיט א פאַרענדיקער גלאָז מילך און מיט א זאָג:

— דאָס לעצטע מאָל דערלאַנג איך דיר, פאַניענקע. היינט האָט זיך געענדיקט מיין חודש, און כ'גיי באַלד אוועק פון אייך... אויף ווידערזעען.

— מיין מאַמע האָט דיך אָפּגעזאָגט? — טוט עס שפרהן א הייב פינעם האַרץ. דאָס האַרץ אין איר קלאַפּט הויך, און אירע גליענדיקע, שוואַרצע אויגן גיסן זיך צוזאמען מיט זאָשעס, די קילע און בלויע.

— יאָ, — זאָגט זי שטיל — כ'בין נישט קיין פאָלגעוודיקע, זאָגט דער באַלעבאָס.

„...זי איז אים, הייסט עס, אויפן לייטער נישט נאָכגעגאַנגען" — טוט שפרה א טראכט מיט פרייד. ווען זי וואָלט געווען מיט זאָשען באַפריינדעטער, וואָלט זי זי ארומגעכאַפּט און אויסגעקושט. שפרה דערלאַנגט איר די האַנט און דריקט פריינדלעך, מיט דאַנקבאַרקייט איר פאַרגרעבטע דלאָניע:

— איך ווינטש דיר אלדאָס בעסטע, זאָשע!

זאָשעס באַקן פאררויטלען זיך, ווי די זון וואָלט געשפילט מיט איר בלוט אונטער דער הויט.

— איך ווינטש דיר, זאָלסט האָבן בעסערע באלעבאַטים, ווי מיין מאַמע, זאָשע.

זאָשעס בלויע אויגן ווערן פייכט, ווי פון ראָסע.

— איך ווינטש דיר, זאָלסט אינגאַנצן נישט דארפן האָבן קיין באַלעבאַטים.

— אויף ווידערזעען. די פאַניענקע איז מיר א שאָד, — טוט זיך זאָשע מיטאַמאָל א קער אוועק און גייט ארויס.

„...ס'האָט זיך איר אוודאי א מרער אָנגעדרייט אין די אויגן" — מוט שפרה א טראַכט און א טרונק אוים מיט פארגעניגן, ווי א דור־שטיקע, די גלאָז מילך, וואָס זאָשע, דאָס אָרנטלעכע פוילישע מיידל, האָט פאר איר אנידערגעשטעלט.

דעם גאַנצן טאָג איז שפרה פריילעך און זינגט ווי א פויגל באפרייט פון דער שטייג. זי פרייט זיך אויף איר טאַטנס מפּלה.

אין אָוונט קומט נפתליע אריין אין שטוב, א שבתדיקער און רואיקער, מיט אן אויפגעלייגטן „גוט־שבת!". א רגע קומט שפרהן פאָר, אז דאָס, וואָס זי האָט געזען מיט עטלעכע טעג צוריק אין דער מונקלקייט פון זייער שטאַל, איז בלויז אן אויסדראכטעניש געווען, א האַלוצינאַציע נאָך א שטור־מישער ליבע־נאַכט, א קאָשמאַר, וואָס זי האָט אים זיך אליין גורם גע־ווען. אָבער... זאָשע איז דאָך גישטאָ! זי מוז היינט, אָנשטאָט זאָשען, דערלאַנגען דאָס עסן צום טיש.

— נישט באַשערט, אז עפּעס לייטיש זאָל ביי מיר זיך האַלטן! — באַדויערט מאַכציע, אוועקלייגנדיק דעם לעפל נאָכן אָפּעסן די לאָקשן מיט יויך — א געזונטע שטיק געווען, זאָשע, און א פאָלגעוודיקע.

נפתליעס בליק ווערט פינצטערלעך, זיין פּנים — בייזלעך־פארוואָלקנט (ווען ס'איז ערשט נישט שבת, וואָלט ער זיכער גענומען פאררייכערן א ציגאַר), און ער טוט א וואָרטשע:

— א געזונטע שטיק — נישט קיין געזונטע שטיק, נאָר ארבעטן האָט זיך איר אפּנים נישט געגלוסט. אנישט וואָלט זי דאָך נישט אוועקגעגאַנ־גען פון א שטעלע ביי נפתליע טעבלמאַכער. ווו ערגעץ אנדערש וועט זי האָבן בעסער?

— אן אָרנטלעכע געווען, זאָשע, — טוט זיך שפרהן, ווי פון זיך אליין, א ריים אָפּ פון די ליפּן.

נפתליעס אויערן גייט עס פארביי ווי אומבאַמערקט.

— המם... — בלייבט מאַכציען שטעקן אין קעל עפּעס, וואָס זי האָט צו זאָגן, און זי זאָגט עפּעס אנדערש — מילא. מע וועט מוזן בעטן ביי א דאָרפסגייער גלייך נאָך שבת אימערצעשעם, ער זאָל א זוך טון אין די דערפער עפּעס א לייטישע דאָרפסמויד פאר אונדז.

און נפתליע נעמט „פאררעדן די ציין" מיט זמירות־זינגען.

„...ווי שיין ער זינגט זיי, די זמירות! ווען זאָשע וואָלט נישט געווען קיין אָרנטלעך מיידל, וואָלט ער איצט אזעלכע זמירות נישט געזונגען..."—

טוט שפּרה א טראַכט. און אין איינגעלייגטע גייט זי נאָכן אָפּרוימען פּונעם טיש אַוועק צו איר גבריאלן אויף א גאַנצער נאַכט:

— מאַמע, כ'וועל היינט נישט אהיימקומען שלאָפֿן. כ'וועל נעכטיקן ביי א חברטע.

און ווידער גייט עס פֿאַרביי נפתליעס אויערן ווי אומבאַמערקט.

ער קוקט איצט מיט זייער ווארעמע אויגן אויפֿן ווייב.

# נפתלי שויב

### .1

— גוט מאָרגן!

חנהס געהער, וואָס בעת דער אַרבעט איז דער רויש פון דער נייַ־מאַשין אַ געווייַנלעכער צושטאַנד פאַר אים, נעמט אויף די קורצע קלאַנג־לאָזע באַגריסונג. אירע פּיס ווערן פאַרגליווערט אויפן וויגשטאָלן, און זי קערט איר פאַרטאָרעד פּנים אין שטוב אַריין:

— גוט יאָר!

כמעט ביי דער טיר נאָך שטייט אַן אָפּגעבליאַקעוועטער בחור. נישט קיין היגער. ווען נישט זיין בחוריש אויסזען, וואָלט מען זיך באַ־דאַרפט אויפהייבן, גיין צו דער שאַפע אָפּשניידן אַ רעפטל ברויט פאַר דעם אָרעמאַן. אירע ברוינע גרויסע אויגן אין פאַרגליווערטן פּנים מאָנען אַ דערקלערונג. ער דערנענטערט זיך מיט נישט־הערבאַרע טריט, ווי אויף הוילע פּיאַטעס.

— מ׳האָט מיר געזאָגט, חברטע, אַז ביי אייך וואָלט איך געקאָנט קריגן צו דינגען אַן אָרט צום שלאָפן?

חנהס שטערן טוט זיך אַ רונצל. אויסמיידנדיק זיין בליק, וועלכער קוקט אַרוים דורך די פאַרזשמורעטע, רויטבאַזוימטע אויגנלעדלעך מיט צוויי בלענדנדיקע זילבער־פינקעלעך, באַטראַכט זי זיין פּנים. ס׳איז רויט־לעך, אויפגעלאָפן, ווי אַ לייכט געשווילעכץ, און גערוכט באַזיימט מיט קלייען, איינגערעמט אין אָפּגעבליאַקעוועטער רויטער האָריקייט...

— וואָס איז אייער פאַך? — פרעגט זי אים.

— איך בין אַ סטאָליער־געזעל. נפתלי שויב, און... ווי איז אייער נאָמען, חברטע?

אין זיין שטים שפּירט זיך אַ לאַשטשען זיך, אַ זיסקייט פון היימיש ווערן. אין זיינע אויגן, טריבע, ווי נישט געלייטערטע צימוקים־ווייַן, קוקן האָניקדיק, אין דערוואַרטונג אויף אַ תשובה.

— חנה מישל. אַ שניידערין, ווי איר זעט.

דאָ דערזעט זי זיין רויטהאָריקע, באַקלייענטע האַנט,אויסגעשטרעקט צון איר אויף צו באַקענען זיך. גערן־נישט־גערן, אַליין זיצנדיק נאָך, לאָזט זי אַרויס דעם שטאָף פון דער האַנט און דערלאַנגט זי אים. זי דערפילט אַ פעטסן דריק פון אַ ווייבלעכער, שווייסיקער האַנטפלאַך, ווי נאָרנישט פון קיין אַרבעטער. אָבער זיס און זיך אַריינגנבענענדיק זענען די באַגלייט־ווערטער דורך אַ רויטלער־געלן שמייכל:

— ס'איז שטענדיק אייגנגענומען צו דריקן די האַנט, המם... די פאַר־פראַצעוועטע האַנט פון אַ פּראָלעטאַריערין... בפרט, אז זי איז אַ סימפּאַ־טישע... איז וואָס־זשע זאָגט איר מכוח אַן אָרט צום שלאָפן?

— זעצט זיך, — ווייזט זי אים אויף אַ בענקל דערלעבן.

— אַ שיינעם דאַנק!

— אפשר... וואַרטעט צו. מיין מאַמע איז גראָדע היינט אין דער היים, וועט מסתמא באַלד אַריינקומען. און... איר וועט מיר אַנטשולדיקן — איך וועל דערווייל ווייטער אַרבעטן.

— ביטע, ביטע, חברטע. שטערט אייך נישט. איך בין דאָך אַליין אַן אַרבעטער. אַרבעט איז וויכטיקער פון אַלץ. נישט אמת?

זי ענטפערט נישט. ווייל אויסער מיט דער אַרבעט איז זי אינערלעך איינגאַנצן פאַרנומען מיט אים. אַ קערנדל פון עפּעס האָט דער מענטש אין איר אַריינגעוואָרפן... צי וויל זי, ער זאָל זיך ביי זיי איינקוואַרטירן, צי נישט?

נפתלי שויבס טריבע אויגן ליגן איצט ערנסט אויף דעם בערגל פון איר יינגלש געשווירענער פאָלקע, און זיינע בליקן, שאַרפע ווי מעסערלעך, שניידן זיך אין איר שאַרבן אַריין. נאָר זי שפּירט עס נישט.

— שטערט אייך נישט. איר אַרבעט פאַר זיך, צי פאַר אַ מייסטער?

— אַ? — פרעגט זי איבער, נישט איבעררייסנדיק די אַרבעט.

— איך פרעג אייך, חברטע, צי איר אַרבעט פאַר זיך, צי פאַר אַ מייסטער?

— וואָס איז דען די נפקא־מינה?

— איר פרעגט אַזאַ זאַך?! פון זיך אַליין לאָזט זיך אַ מענטש נישט עקספּלאָאַטירן. פון אַנדערע איז שוין — ווי איינער... איך, למשל... גיי שוין אַרום דאָ ביי אייך אין שטעטל אַ פּאָר וואָכן אַרבעטסלאָז. ווייל איך וויל נישט איינגיין אויף די אומגערעכטע לוינבאַדינגונגען פון די היגע מייס־טערס. זיי האָבן נישט געטראָפן דאָס אָרט! איך בין נישט קיין קליינ־

שטעטלדיקער דערשלאָגענער נעזעל. איר וועט נאָך זעען, איך וועל זיין אַ מוסטער פאַר אַנדערע. אָבער...

חנהס ברויגע אויגן גיסן אים אָפּ אַן אויגנבליק מיט ליכט פון סימ־פּאַטיע... איז ער, הייסט עס... זי אַליין געהער גאָנגישט צו קיין פּאַרטיי... שווער אויסצוקלייבן, זיך פונאַנדערקלייבן... די מאַמע... אָבער...

— יאָ, — קומט איר פאַרשפעטיקטע תשובה — איך אַרבעט פאַר זיך. מיין מאַמע איז אַ דאָרפגייערין, האָט זי מיר איינגעשאַפט אַ קונד־שאַפט צווישן די פּויערים.

— און אייער טאַטע?

— מיין טאַטע איז שוין לאַנג געשטאָרבן. דער שטאָט־בעדער געווען. האָט זיך פאַרקילט.

— יאָ, — זיפצט אָפּ נפתלי, מיטפילנדיק — יונג שטאַרבן אַרבעטער. באַווייזן נישט אפילו פון די קינדער אַ ביסל נחת צו האָבן... אַז מע האָט אַזאַ טאָכטער, ווי איר...

— אָט איז זי, די מאַמע!

.2

פריידע די דאָרפגייערין איז זייער צופרידן מיט איר קוואַרטיראַנט.

— אַ בחור, ווי אַ שטיל וואַסער. זיין דעך הערט מען נישט אין שטוב.

אַזוי זאָגט זי פאַר שכנים, און פאַר זיך אַליין דערטראַכט זי: און צאָלט פאַרן טעלעגער ווי אַן אַנדערער פאַר אַ גאַנץ צימער. אַז ער צאָלט, מסתמא קען ער דאָך...

נישט מער, זי ווייסט נישט דאָס, וואָס עס ווייסט איר טאָכטער: אין שטעטל איז דאָ אַ „פּרץ־ביבליאָטעק" מיט אַ מיטגלידערשאַפט, וועלכע באַשטייט פון אַ היפּשן קאָמוניסטישן יוגנט־קרייז; און צו דעם קרייז גע־הערט אויך זייער קוואַרטיראַנט, חבר נפתלי.

וואָלט זי געוווּסט, פריידע, וואָלט זי אים פאַר קיין קוואַרטיראַנט נישט אָריינגענומען! זי האָט זיי נישט ליב, די „רויטע", וויל:

— זיי די „רויטע", האָבן ליב די באָלשעוויקעס, זאָגט מען. און די באָלשעוויקעס — ביי זיי איז נישטאָ קיין מיינס און דיינס! קיין אייגנס!... אַז איך פאַרמאָג מיין אייגנס אַן אייגן שטיקל שטיבל, זאָל איך עס נאָך אַוועקגעבן זיי! עס זאָל מיר אפילו אין לעבן גיין! דאָס שטיקל שטיבל איז חנהלעס נדן — איך זאָל שוין ווערט זיין צו דערלעבן די פרייד.

— אך, דו פארשטייסט עס נישט, מאמע, רעד נישט, — שלאָגט איר די מאַכטער איבער און באַשליסט אַן איבעריק מאָל: ניין, מע מאָר איר, דער מאמען, גאָרנישט זאָגן וועגן נפתלין. ער מוז פארבלייבן קאָנספּיראַטיוו... ער מוז דאָ, ביי אונדז אין שטוב, פארבלייבן!... ערשטנס, ווי מוט מען דאָס אָן עולה אַזא ווילן בחור? א מענטש, וואָס פראַכט גאָר פאַר יענעם און פאר זיך גאָרנישט. ער איז בכלל נישט ווי אנדערע בחורים. ער האָט דאָך איר ביז היינט נישט געפרווּוט פארטשעפען אפילו, ווי געוויינלעך א בחור א מיידל, ווען מ'איז אזוי אָפט צוזאמען. זיין לייב און לעבן איז דורכגעזאַפּט מיט קאָנספּיראַציע... ווען נישט די מאמע, וואָלט זי אליין אפשר איצט... צוליב דער מאמען, ווייזט אויס, פרווט ער נישט ווירקן אויף איר אין דעם זינען. ווייל נישט קאָליע מאכן די ליבע צווישן איר און דער מאמען. דאָס הייסט אַן אָרנטלעכער מענטש!... און צווייטנס — ס'איז עפּעס גלאַט א שאָד...

אין קורצע וואָכן, אימבאַמערקט אַזוי, געשעט עס. פריער ווערט דאָ נפתלי — א היימישער, וואָס בלייבט לענגער א ביסל אין שטוב אויף א שמועס, מיט איר און אפילו מיט דער מאמען; דערנאָך — א שטיביקער, וואָס זיצט אָפּ שעהען לעבן איר גיימאַשין, זיך ציקוקנדיק צו איר אַרבעט; און לעצטנס — אן איינענער, א לייבלעכער.

— איך פיל זיך ווי אייערער א ברודער, חנה, — אָטעמט ער איר איינמאָל אריין אין אויער אזוי ווארעם הורכן טרוקענעם רויש פון מאשין.

...ניין, — טראַכט זי — זי איז פאר אים מער ווי א שוועסטער. ער האָט זי ליב! זי זעט דאָך: רעדן מיט איר, פארברענגען אין איר געזעלשאפט איז פאר אים נישט נאָר א פארגעניגן, נאָר א באדערפעניש. און זי?... פארוואָס האלט זי זיך צו אים אזוי פרעמד?

און אנומלט אינמיטן א זומערדיקער נאכט, אין שטוב איז דושנע און הייס, דורך די לאָדן־שפּאַרונגען בליצן אריין טרוקענע כמארעס, וואָס מאַטערן זיך אומזיסט אויסציקוועטשן פון זיך א רעגן, — כאַפּט זיך חנה אויף פארמאטערט אין זיסלעך־פארשמאכט פון יוגנט־חלומות און דערפילט: נפתלים ווען האָט זיך איר אריינגעגליטשט אין געמיט, אין הארצן אריין.

...צי וואָס זיך האלטן אזוי פרעמד? פארוואָס נישט ארויסווייזן אים קיין ליבשאפט? זי... האָט דאָך אים ליב, ווי ער — זי! צו וואָס זאָל זי א י ם... און ז י ך מאטערן?

נפתּלי דערשפּירט, אַז „עס ציט שוין די קרע“, און אומגעריכט, גישט באַמערקנדיק קיין איבערגאַנג, דערפילט זי, חנה, אויף אירע קילע באַקן דאָס צערטלען און גלעטן פון זיין וואַרעמער פייכטער האַנט. ס'איז אַ געשעענער פאַקט, וואָס זיין אַרויסשיילן זיך איז פאַרהוילן, ווי אַ פאַר־שלאָפענער באַגינען. דאָס פייכטקייט פון זיין האַנט איבלט איר אַ ביסל, אָבער דאָס געפיל, וואָס ציט צו אים, איז שטאַרקער פון דאָזיקן קליניקייט.

מיט הייסע שנעלע שפּרייזן גייען אַוועק די זומערטעג. און נאָך היי־סער און שנעלער גייען זיי זיך אַנטקעגן, חנה מיט נפתּלין, אין זייער דער־גענענטערונג. אַזוי שנעל גייט זיך אין אַ באַקאַנטן געגנט, ווען מ'איז שוין נאָענט צום ציל. קושעגישן אין האָלדזעגישן אויף טריט און שריט, קוים איז מען נאָר מיט זיך אַליין. שפּעטע, מיטנאַכטיקע שפּאַצירן הינטערן שטעטל. פאַרשיכורנדיקע געלעגערס צווישן געדיכטע הויכע זאַנגען.

זיין האַנט, נפתּליס, איז צייטנווייז אַזוי פלינק און גליטשיק, אַז אויגנ־בליקלעך נישטערט זי דורך דעם גוף מיט דער נשמה. חנה באַווייזט אַפילו נישט צו פאַרקיילעכיקן איר געדאַנק: אפשר איז עס שוין צופיל געטאָן ביי אַזוי ווייניק ווערטער וועגן ליבע?... און דערנאָך איז דאָך שוין פאַר־פאַלן... אַ קנופּ אין פאָדעם מוז מען מאַכן פריער... ס'איז, אמת, צייטנווייז זייער שווער אויף דער נשמה.

און איינמאָל — — — אָך!... נו, וואָס? זאָל זי שרייען? אַז זי איז אַזוי אומטעכטיק... ווי אַ פליגל־צעפלאָשעטע הון, ווען דער שוחט פליקט איר דעם פוך פון העלדזל פאַר דער שחיטה — — — האָט זי זיך גע־דאַרפט צערעמאָניען? זי איז דאָך נישט קיין „באַלעבאַטיש מעכטערל“ מיט אָנשטעלן! איז דען נישט קלאָר פון זיך אַליין, אַז זיי זענען חתן־כּלה? און אַ חתן איז ער דאָך, נפתּלי, נישט קיין אַבי וועלכער!

...מאָדנע: אין דער מאַמעס אויגן האָט ער אויך געפונען חן.

— נאָרנישט קיין שיינער, — שפּאַסט זי, די מאַמע — אָבער אין האַרצן גנבעט ער זיך דיר אַריין, ווי ראָסעלע־יויך אין ערב־שבתדיקער פוכקער בולקע.

...כאַ־כאַ־כאַ!... דער מאַמעס פאַרגלייכן. זי באַציט זיך צו אים אַזוי גוט, די מאַמע צו נפתּלין, אַזוי היימיש באַדויערט זי זיין אַרבעטסלאָזי־קייט, ווי אַן אייגענע מאַמע... ווער ווייסט, צי זי מאַכט זיך שוין נישט דאַרמן, הינטערן פאַטשיילקעלע, קיין חשבונות, דאָס מאַמעלע, וועגן „די קינדער“... זי האָט אַ שאַרף אויג, דאָס געטרייע, דאַרע, אויסגעפלייטשטע מאַמעלע. נאָר... אַליין דערציילן איר וועגן ד ע ם איז שווער.

## .3

ציפעליק פאַלן איינמאָל דער מאַמעס וויעס אויף חנהס בויך און מוען א פינגל, ווי זיי וואָלטן אים איידל א מאַפּ געטאָן. חנהס פּנים צינדט זיך אָן. זי טוט א פאַרדעק דעם בויך מיט צעעפנטע דלאָניעס, ווי זי וואָלט גיין אים בענטשן.

...גייט שוין אייף אין אים א ליכטל פון א נייַ לעבן?! — צינדט זיך אָן אין פריידען א פלעמל, און זי הייבט אויף אַן א ביסל פאַרחידושט פּנים צו דער מאַכטערס אַנגעצונדענע אויגן, און פרעגט קורץ און שטיל:

— שוין?...

איבעראַשט און דערשראָקן איז זי נישט, פריידע די דאָרפגייערין. זי נעמט דאָס אויף, ווי א נאַטירלעך געשעעניש, אָן געפיל פון שאַנד און באַליידיקונג. עס וווּנדערט איר בלויז א ביסל, ווי אַן אומדערוואַרט פרייַ געקומענער פרילינג אמאָל. טיף אין איר נפש גייט אדרבא אויף אזא שטילע פרייד: זי, א דאַרער שטעקן שיין, גייט אויף אין בליעכץ! זי גייט א באָבעלע ווערן!

אָט דאָס האָזיקע דאַרע יידענעלע מיטן באַקסערגעם פייגלשן פּנים איז נאָך אַלץ געזונטער, שטאַרקער און מונטערער פון די פליישיקע, ברייט-געזעסיקע באַלעבאָסטעס, צו וועלכע זי טראָגט אַריין פּוטער, אייער און עופות צו פאַרקויפן. אין שווערער גייט, אין ביטערן געראַנגל צו פאַרדינען הירנה פאַר זיך מיטן קינד, איידער חנה איז א זעלבשטענדיקע שניידערין געוואָרן, האָט זי זיך פאַרהאַרטעוועט. זי האָט באַקומען איר אייגענעם קוק אייפן לעבן. צווישן איר און דער מאַכטער שטייט נישט דער אונטערשייד אין די יאָרן, ווי א צעשיידנדיקע וואַנט. זי פילט מיט דער מאַכטערס יונג לעבן. זיי פאַרשטייען זיך. זי איז נאָך גאָרנישט אזוי אַלט, זי זאָל שוין האָבן פאַרלוירן אפילו אירע פערזענלעכע געפילן פון ווייבלעכקייט, פון בענקען פאַרבאָרגן נאָך א ביסל פרייד און באַרוישונג. מיילמאָל אין דאָרף, אים א זונטיק, בעת א כאָראָוואָד-טאַנץ, אַז די צעהוליעטע פּויערן-יונגען טיען זי א צי אַריין מיט רייטע, גליענדיקע געלעכטערן-געשרייען אין קרענצל אַריין, — פאַרלירט זי זיך גאָרנישט. אדרבא, זי טאַנצט מיט מיט זיי מיט פרייד. און פאַר איבערגעכטיקן אליין ביי א פּויער אין שייער שרעקט זי זיך אויך נישט. טוט איר א פּויער א וואָרן מיט א גראָבהויטיקן פינגער און שעלמישן איינגל: „און דו, פריידא, זע, גיב נאָר אכטונג, אַז א וועלכער לייטישער יונג זאָל נישט אייף דיר רייטנדיק צום טייוול פאַר-

פאָרן!...“ — ענטפערט זי אָפּ מיט שפּאַס: — א פויער טאָר מען נאָר מיט קיין שטיק חזיר־פעטס אליין נישט לאָזן — ער וועט אָפּבייסן, און פון איר אין מאָרדע נישט קריגן...

ניין, זי וועט חנהלען נישט פירהאַלטן. זי וויל בלויז די זאַך אויף זי־בער פעסטשטעלן, און חזרט איבער שוין אפילו אַן חידוש:

— שוין?

חנהס קאָפּ הענגט אַראָפּ, און אירע אויגן מיט גרויסע ווייסאַפּלען קייקלען זיך אויף דער פּאָדלאָגע, ווי ווייסע פאָדעם־קנייל־עכלעך. נאָר ווען זי פאַרנעמט פון דער מאַמען בלויז שווייגנדיקע אָפּוואַרטונג, ווי דורשטי־קע שפּילקייט פון ערד פאַר א רעגן, הייבט זי אויף דעם קאָפּ מיט א לייכטן שולד־שמייכל. זי שטרעקט אויס צו דער מאַמען די הענט, פאַלט אויף אי־רע דאַרע אַקסעלער מיט א צעכליפּעטן געקלאַנג, און ס׳פאַלט איר פון מויל אַראָפּ:

— יאָ, מאַמעלע, מיר האָבן שוין... צווישן זיך... חתונה געהאַט...

— און די אייגענע מאַמע נישט פאַרבעטן... מיין טייער קינד? — דריקט זי די מאַמע מיט א לייכטן פירהאַלט צום האַרצן.

חנה פילט אין גליקלעכער גערירטקייט, ווי די מאַמע דריקט זיך אַריין מיט איר גאַנצן מאָגערן געביין אין אירע איבּגייענדיקע, שטייפגעוואָרענע ברוסטן.

### 4.

אָבער נאָך דעם ווי דער שוים פון זייערע געפילן גיסט זיך איבער, דער־זיין פון אינעווייניקסטער פרייד איז אויסגעטרונקען, דערפילן זיי, ווי אויף זייערע געמיטער זעצט זיך אָפּ א טריבער הייוון. עס פאַרפירט זיך צווישן זיי אַן ערנסטער און נעשעפּטמעסיקער שמועס:

— מע דאַרף זיך באַוואָרענען נישט אַריינצופאַלן אין לייטנס מיילער.

— מ׳איז דאָך אין שטאָט צווישן יידן, נישט אין דאָרף צווישן ערלים.

— וואָס קאָן איך מער טאָן, ווי נישט אַריבערשטעלן אַ פוס איבער אונדזער שוועל?

— אָבער דאָס קינד וועט אַריבערשטעלן א פיסעלע.

— איז וואָס־זשע זאָל איך, מאַמע, טאָן? ס׳איז דאָך א כשר קינד — ער האָט דאָך מיר, חלילה, נישט פאַרגוואַלטיקט. מיר האָבן זיך דאָך ליב...

ביז לסוף פאלט פריידעס פעסטער באשלוס:

— ס'עט אפן איבעררעדן מיט נפתלין.

— וואָס עס דארף געשעען שפּעטער, זאָל געשעען פריער.

— אז ס'איז שוין אזוי געשען, זאָל זיין א חופה... אבי מען דעקט אי-
בער דער כלהס קאָפּ, ווערט אליין פארדעקט — דער בויך אויך... ווער עס
וועט ציילן די חדשים, זאָל זיך דער דעם צינג אָפּבייסן!

אין דעם זעלבן אָוונט, בעת דער וויעטשערע, פוט מען מאקע היימיש-
לער א שמיעס. אָפנהארציק. וואָס אויף דער לינג, דאָס אויפן צונג.

נפתלי איז, ווי שטענדיק, רואיק. בלויז דאָס רויטלעכע געשווילעכץ-
פנים איז אויפגעלאָפענער א ביסל, און די זייטן פון די אויגנלעדלעך —
רויט, ווי פליענדיקע שנייצלעך פון אויסגעלאָשענע ליכט.

— פארשטייט זיך, פארשטייט זיך, — באשטימט ער מיט האָניק
פריידעס פשיטע שוואַרצברויטענע רייד.

— איך פארשטיי זייער גוט די מחותנתטע — די שוויגער, וואָלט איך
געזאָגט. איך האָב וועגן דעם שוין פאר זיך אליין א טראכט געטאָן. יאָ.
נאָר די זאך איז די... המם... וואָס איך זע נישט קיין מעגלעכקייט זיך איינ-
צואָרדענען דאָ הי... אין פוילן, הייסט עס... אז איך בין אליין ארבעטסלאָז
און ארבעטסלאָז! איך לעב דאָך כסדר פון דעם גרייטן, ופון דעם, וואָס מיי-
נע קרובים אין קאנאדע שיקן 'מיר צו... וואָס-זשע? איך וועל זיך לאָזן, ווי
אנדערע עקספּלאָאַטירן, האָרעווען, און קיין לעבן, ווי עס באדארף צו זיין,
נישט מאכן?!

חנה בראָט די גאנצע צייט אירע אויגן אין דעם פייער-ציגל פון אב-
טער לעמפּל און שווייגט פיינלעך. אירע אָנגעשטרענגטע אויערן זעגן מיטן
געהער אומגעזעענע פארשטעקטע אין איר בייך, פון וואנען זי נעמט אויף זיין
קול, נפתלים. א שטיל, צוגעשטיקט קול פון א מויל, וואָס איז ווי פאר-
שטאָפּט מיט וואטע.

— וואָס-זשע איז די עצה? — נעמט פריידע איבערקלייבן די דינע
קנאָכנדיקע פינגער, ווי דארע צווייגלעך, גרייט זיי צו פארברעכן און
איבערברעכן.

— וועגן איינאָרדענען זיך בעסער אָדער ערגער, אָדער אפילו גאָר
שלעכט, דארף, דאכט זיך, ביי אונדז קיין פראגע נישט זיין? — נעמט
חנה ארויס די אויגן פון לאָמפּפייער און שטעלט זיי אָן דורכדרינגענדיק
אויף נפתלים פנים.

אָבער ער פאַרראַט זיך נישט מיט קיין צעמישטקייט. בלויז זיינע פּוך־
וויכע פינגערלעך אינטענסיווער, בעת זי ציט ווייטער:

— מיר זענען דאָך פּראָלעטאַריער! ווי מע קאָן, אַזוי לעבט מען.
מ'עט ווייטער לעבן צוזאַמען. די מאַמע פאַרדינט, איך אַרבעט אויך, און דו...

— נישט אין דעם גייט עס, חנה, נאָר אין דער עקספּלאָאַטאַציע דאָ
אין פּוילן...

— איך קאָן נישט... הממ... — ווענדעט ער זיך צו פריידען מיט
שטילע ווערטער, וועלכע פאַלן אָבער ווי דונערן אויף איר קאָפּ — די שוויי־
גער מעג דאָך עס איצטער וויסן, אז איך בין א „רוימער", א קאָמוניסט.
הממ... יאָ, חנה ווייסט עס שוין פון לאַנג, נאָך פאַר ד ע ם. די שוויגער
ווייסט, וואָס דאָס הייסט? און... איך האָב א חשד, אז די געהיימאַגענטן
שפּירן מיר שוין נאָך... נו, קאָן מען אַזוי־אָ — פון דער חופּה אין תּפיסה
אריין?!

— מע קאָן, נפתּלי! — בייסט זיך חנה איין עקשנותדיק די
אונטערשטע ליפּ.

פריידע ווערט לאַנג, דאַר, ווי א שטעקן, און אויף איר שטעקט, ווי
אַן אָנגעצונדענער פּאַפּירענער לאַמטערן, איר בלייכגעוואָרן, אויפגעשוויצט
פּנים מיט צעפיבערטע אויגן.

— אָבער דו הערסט דאָך, חנה, וואָס ער זאָגט, נפתּלי, וועגן די גע־
היימאַגענטן, — פאַרברעכט זי די דינע קנאָכעדיקע פינגער, ווי דאַרע צווייַ־
געלעך, און עס הערט זיך, ווי זיי קנאַקן — פאַר אַלעמען דאַרף מען א
טראַכט טאָן, ווי עס זאָל זיך ראַטעווען דער טאַטע פון דיין קינד!... וואָס
טוט מען? וואָס טוט מען זיך פאַר אַן עצה?

— אַן עצה? — שעפּטשעט נפתּלי און קוקט זיך ארום אין דער
שאָטנדיקייט פון צימער, ווי ער וואָלט מורא האָבן פאַר זיין אייגענעם
שוואַרצן שאָטן, וואָס זיצט אויף דער וואַנט הינטער זיין פּלייצע מיט אַ
קאָפּ העכער פון אים. זיינע אויגן קריכן פאַמעלעך, ווי שפּינען, איבער
חנהס צימעריק, בלאַס און טונקל, שפּינוועבסן פּנים און זוכן צו פאַנגען
אירע אויגן — גאָלדיקע פליגן.

ער זאָגט אומעטיק:

— ס'איז דאָ איין עצה... אַנטלויפן קיין קאַנאַדע צו די קרובים.

— און מיט מ י ר וואָס וועט דעמלט זיין? — פרעגט חנה אויס־
געלאָשן־פאַרצווייפלט.

— אָ! — שמעלצט זיך א זיסלעכער שמייכל אויף נפתּלים פּנים —

ווי בין איך שוין דאָרט! מיינע קרובים וואָלטן מיר גלייך איינגעאָרדנט, אָפּגעזוכט פאר מיר ארבעט. און אין א פּאָר חדשים ארום וואָלט איך דיך ארויסגענומען צו זיך, איידער עס וואָלט נאָך עפּעס וואָס קענטיק גע־וואָרן אויף דיר... טייערע חנה, מיין ווייב!

חנה, וואָס בייסנדיקער אומצופרידנקייט האָט זיך אָנגעהויבן אריינגנבענען אין איר געמיט, ארויסגעשטופּט פון דאָרט נפתלין און געהייסן לונן אויף אים, ווי אויף א פרעמדן, — דערפילט ביי זיינע לעצטע ווערטער, ווי ער גלימשט זיך אין איר ווידער אריין...

— אָבער... מיר קאָנען דאָך דערווייל?... — רייסט זיך איר שטים, ווי א שווערער פאָדעם.

— התינה האָבן? — ביגרט נפתלי צו אין אייגענעם פאָדעם מיט א מאָן פון לייבטן פאדראָס — איבער די ווילסט עס אין גרויס איילעניש, ס'זאָל אויף זיך ציען אייגן פון לייטן, פארוואָס נישט? און מיר איז קיין מניעה נישט. אפילו באלד!... ביי אונדז, קאָמוניסטן, קאָן מען זיך בכלל אָן די צערעמאָניעס באגיין... דער עיקר, אבי מע האָט זיך ליב...

דערווייל מאכט פריידע דעם חשבון — ער איז גערעכט, נפתלי. ווי קאָן מען עס איצטער, ווען ער איז אין געפאר, שמועסן וועגן דעם.

— זאָל זיין געניג, קינדער! — שלאָגט זי איבער דאָס שווייגן און ווענדט זיך צו אים — און וואָס־זשע גייט עס? נעם און אנטלויף!

— און היציאת? — פרעגט ער שטיל, אראָפּלאָזנדיק דעם קאָפּ צום קאנט פון טיש — ווען חנה וואָלט געהאט גדן...

— און זאָלסט שרייבן צו דיינע קרובים קיין קאנאדע?

— כ'האָב שוין געשריבן. היינטיקן דינסטיק מאקע. ווי נאָר איך האָב באמערקט, אז מע שפּאָנירט מיר נאָך. אָבער... פארשטעלט האָב איך גע־שריבן... מאָמער ווערן מיינע בריוו געעפנט... איז ווער ווייסט, צי זיי וועלן זיך דאָרט אָנשטויסן... און איידער וואָס, ווען...

— הערט, קינדער! — זאָגט פריידע פייערלעך — הערש „פון די וואגעס" איז שוין לאנג א בעלן אויף אונדזער באטע. איך וועל זי אים פארקויפן, און ס'וועט זיין אויף היציאות... באשערט, ווייזט אויס, צו ווערן קאָמעניקעס ביי פרעמדע. וואָס קאָן מען מאָן? און אז נאָט וועט אייך דאָרט, קינדערלעך, א גוט לעבן באשערן, וועט איר מיר דאָס געלט אָפּ־שיקן... נישט צו דארפן אויף דער עלטער צו פרעמדע אָנקומען...

— וואָס הייסט? — פארשטייט נישט נפתלי מיט רוגז — איך וועל

לאָזן מיין ווייבס מאמע, מיין שווינער, זי זאָל זיך דאָ אליין ארומוואל־
גערן? ביי דער ערשטער מעגלעכקייט נעמען מיר דאָך אייך ארויס!

חנה איז גערירט. טרערן דרייען זיך איר אָן אין די אויגן. פריידע
ווײנט. און ביידע זעען אין שרעק און האָפענונג, ווי עס שווינדלט נפתלים
קאָפּ איבער א וואסער — א קאָפּ פון א זיך־טרינקענדיקן...

.5

אין די ערשטע וואָכן נאָך נפתלים עוקר זיין רעדן מאמע און טאָכטער
א סך וועגן אים. זיי צערטלען צוזאמען די האָפענונג אויף א צייט פון
פרייד און שטוביקן נחת. ער איז א פעיקער יונג, נפתלי. ער וועט זיינס
באַווייזן אָט אַזוי־אָ שטילערהייט, קוים האָט ער זיך אונטערגענומען. שטי־
לע וואסער גראָבט טיף און דערגראָבט זיך. און די האָפנונג הייבט זיך
אויף, ווי א פויגל מיט ברייט צעשפּרייטע פליגל, איבער זיי און צערטלט
זייערע געמיטער אין דערוואַרטונג, אין דעם קליינעם אַלקערל, וואָס זיי
האָבן געדונגען ביי א קריסט אויף מאָנאסטירער גאס. נאָר וואָס ווייטער,
ווען וואָכן קלייבן זיך צוזאמען אין א חודש, ווערן זייערע שמועסן קירצער
און טריבער, ביז לסוף רייסן זיי זיך איבער אינגאנצן. מיט יעדן טאָג,
וואָס פויזעט אוועק, און דער בריוופטרעגער באַווייזט זיך נישט מיט קיין
בריוו, פילן זאָרג און דערשלאָגנקייט אָן זייער ענג אלקערל. עס איז דאָ
ענג צו שמועסן. דאָס מויל, ווי געשלאָסן מיט א צוואנג, עפנט זיך
נישט אויף.

...וואָס איז מיט אים געשען, מיט נפתלין? האָט מען אים, חלילה,
נישט אויפן וועג ארעסטירט? פארוואָס קומט מען נישט אהער זיך נאָכ־
פרעגן אויף אים? ער איז דאָך געווען איינגעמאָלדן ביי זיי אין שטוב. צי
וואָגלט ער אַרום האָרט אין פרעמדן לאַנד אַרבעטסלאָז? ווי ער איז געווען
דאָ? און זיינע קרובים, וואָס האָבן אים כסדר געלט געשיקט? רייכע לייט,
האָבן זיי אים, א בעל־מלאכה, נאָר פון דער ווייטנס ליב געהאט... אויף
וואָסער אדרעס פלעגט ער דאָס געלט פון זיי דערהאלטן? אויף זייערן
דאָך נישט!...

— מע קאָן קריגן געלט „דאָוואָסטרעבאָוואניע" — אליין אויף דער
פּאָמשט אָפּצונעמען, — פּרוּווט חנה באַשיידן דער מאַמען דאָס רעטעניש.

...וואָס וועט זיין? מיט יעדער וואָך, מעת־לעת, שעה און מינוט
גייט ער דאָך אלץ מער אויף אין חנהס בויך. ער איז נישטאָ דאָ, נפתלי,
און ער איז פאַרט דאָ... איר אויפגערודערטער גוף ווערט אין זיינע שפּי־

רונגען ווינדערלעך גרוים. ער יורט אָן מיט אומבאַקאַנטע פּאַרלאַנגען און מאַרנע זאַפטן. ווי זי וואָלט זיין א ווייטער און ברייטער שוואַרץ־ערדישער שטח פאַר פּרילינג. נפתלי פילט, פילט דאָרט איבער, ווי מיסט, אין אי־רע טיפעניישן און פאַרוואַנדלט זיך גלייכצייטיק אין פרוכט.

כדי זיך אויסצובאַהאַלטן פאַר פרעמדע אויגן, מוז חנה אָפּזאָגן זיך פון דער אַרבעט. איפן נייטאישין וואַקסט אָן שטויב און זשאַווער. פריידע וויינט מער גישט איפן דאָרף צו פאַרדינגען עפּעס; מע מוז חנהן באַדינגען אין אָפּהיטן פאַר אַן „עין־הרע". און דער גרייטער גראָשן, דער נעקאַרגטער, וואָס איז איבערגעבליבן נאָך נפתלים הוצאות, גייט אויס, צאַנקט צוזאַמען מיט דער האָפענונג.

— וואָס וועט זיין? די „שאַנד" קאָן מען דאָך אויף אייביק נישט אויסבאַהאַלטן! מע וועט דאָך איינמאָל מוזן רופן די אקושערקע!

פריידע האָט שוין אפילו צוגעטראַכט א פּלאַן: ווען ס'וועט שוין האַלטן גאָר נאָענט דערצו, וועט זי מיט חנהן ציפּאָרן אין דאָרף צו א היי־מישער גויה. דאָרט וועט מען אָפּנעמען דאָס קינד... נו, און דערנאָך?... ניין... אַרום און אַרום איז דער פּלאַן נאָכנישט פאַרטיק. מיט חנהן קאָן מען נאָך וועגן אים נישט רעדן. מע דאַרף נאָך צוליינן א ביסל קאָפּ.

צווישן מאַמע און טאָכטער שטייט דער שותפותדיקער ווייטיק, ווי א שוואַרצע, שטומע וואַנט.

פריידע טראָגט נאָך א שטיקל האָפענונג צווישן די ווייטיק־פאַרביסענע ציין. חנה אָבער שפּרייזט שוין מיט דער רואיקייט און שטילקייט פון רע־זיגנאַציע פון וואַנט צו וואַנט, דערנענטערנדיק זיך מיט יעדן טראָט צו דער „קאַטאַסטראָפע", וואָס וועט קומען מיטן ניינטן־צענטן חודש.

* * *

חנה זיצט ביים פענצטערל אין שמאָלן בלינדן הויף־געסל אַריין. איר פאַרטריבער בליק וויגט זיך, שווינדלט אין דעם גריילעכן שניי־שיטן, וואָס זיפּט זיך אַריין אין הייפל, ווי אין א קאַסטן, און בלייבט ליגן אויף זיין דעק געדיכט און ווייס, ווי פוך. אָבער איפן פוך פאַלט נישט איר בליק: ער ווערט צוריקגעשטויסן, דער בליק, פון זיין ווייסן בלענד. אויך אין איר שאַרבן זיפּט זיך אזוי א שטומע גרויקייט, ווי אש. לאַנגווייליק, דערעסנדיק און איינשלעפערנדיק. נאָר אָט די גרויקייט, ווען זי זעצט זיך אָפּ אויף איר וועזן, בלייבט זי ליגן, להיפוך צום שניי, שוואַרץ, ווי א שיכט רים.

אין דעם גרויען געמיט־שטיב טונקלט פון צייט צו צייט בלויז א מחשבה:

...און די מאמע קלייבט שוין אזויפיל יאָרן פעדערן און פוך אויף בעטגעוואנט פאר מיר... צו וואָס טויג עס שוין איצט? פאר וועמען?...

דער גרוילעכער שנײ־שיט אין דרויסן און דער גרוילעכער שטויב אין געמיט הערן נישט אויף צו זיפּן זיך אויף די מחשבות, אין די מחשבות אריין:

...ווארמן... ווארמן... ווארמן אויפן „אומגליק"... ווארמן אויף אים... דאָס וועט זיכער קומען... ער? עט!.. שוין דער זיבעטער חודש...

עס זיפּט זיך און זיפּט זיך. עס זיפּט זיך די טונקעלע מאַגשיין, גע־מישט מיט שניי, און די אומפארביקע צייט איבער איר זיך־אליין־פרעמד־געוואָרענעם גוף, דעם אויפגעשוואָלענעם און אויפגעבוישטן. ביז עס קומען: דער קורצאָטעמדיקער פארנאכט; דער מרהשחורהדיקער רויט־פארוויינטער אָזנט מיטן אכטער לעמפּל, וואָס קוקט מיט נפתלים אַן איינציק אויג; און די לאַנגע־לאַנגע, הייסע און דושנע נאַכט. דעמלט פאַר־פלאָנטערט זיך איר גוף און נשמה אין א פייכטן, שווייסיקן שלאָף, ווי א פיש אין א נעץ פון נאסע, שווארצע שפּאגאטן...

.6

קלעפּ אין דער טיר. האלבע נאכט. פּאָליציי און געהיימאגענטן.

— נפתלי שויב ווו איז?... אזוי? ער איז נישטאָ, דער פויגל?... המם... מ'עט מאכן א רעוויזיע.

חנה און פריידע זענען אין אָנהייב דורכגעשוידערט און דורכגעציטערט פון שרעק. ביי חנהן קלינגען די ציין אין מויל. און דאָס אינגעווייד — ווי עס וואָלט געפּרירט אין בויך. דערנאָך לייטערט זיך אָיים אין זיי א פרייד אָן פאַרבלענדט זיי: אַז מע זוכט אים, איז ער דאָך נישט אין זייערע הענט; איז ער דאָך זיכער אין קאנאדע! איז אפשר?...

זיי שמייכלען זיך איבער.

אָבער נאָך דער שנעלער רעוויזיע הייסט מען חנהן זיך אָנטאָן. זי וועט מיטגיין אויפן פּאָסטערונעק.*

חנה פּאָלגט שטילערהייט. זי כאפּט ארויף אויף זיך צולעצט דער מאַ־מעס דיקע שאַל, אויסצובאהאלטן דעם בויך. די מאמע פארברעכט די

* פּאָליציי־אַמט.

הענט, ווי איבער א שרפה גישט איינצולעשן, און אירע פינגער־געלענקען קנאקן, ווי זיך איבערברעכנדיק:

— א בראָך איז צו דער מאמע! א בראָך איז צו דער מאמעס קאָפּ!

— שווייגן! שטיל! נישט מאכן קיין גערודער!... — מרומשען ביין די פּאָליציאַנטן אין איילן צו חנהס הילצערנע, פלאַטערנדיקע פינגער ארום האַלדז ביי א קנעפּל, וואָס וויל נישט גיין אין תפיסה פון דער פּעטעלקע, ווי זי אליין אין דער תפיסה אויפן פּאָסטערונעק.

איבער פרייד עם פּנים לויפן שווארצע און רויטע שאָטנס, ווי כוואַליעס, און איבער זיי ווינן זיך אירע אויגן, ווי ברענענדיקע שיפלער. חנה בלייבט שטיין מיט אראָפּגעלאָזטע הענט, גולמדיק פארגליווערט, מיט א פּנים פון שטיציקער ליים. אירע אויגן — צאנקענדיקע ליכטלעך אין לייטענע לייכטערלעך. צוויי פּאָליציאַנטן פירן זי אַרויס אונטער די אָרעמס. נאָך זיי גייען נאָך די געהיימאגענטן. איין פּאָליציאַנט בלייבט זיצן אָפּהיטן די מאמע, זי זאָל נישט ארויס מיט קיין געשריי און געיאָמער אין גאס. די גאס טאָר נאָך אָטאפּנים וועגן דעם נישט וויסן.

אין תפיסה אויפן פּאָסטערונעק דערזעט זיך חנה צווישן א גאנצער חברה יונגטלעכע. בחורים און מיידלעך. מיטגלידער פון דער „ליגע פאר קולטור און זעלבסטבילדונג". ווער עס האלט זיך פאר די קראַמפּעס פון פּענצטער און קוקט פינצטער אין דרויסן ארויס; ווער עס שטייט אָנגע־שפּאַרט אין דער וואנט און גאפיעט אין סופיט אריין; ווער עס זיצט אויף דער פּאָדלאָגע, אונטערהאלטנדיק דעם קאָפּ מיט הענט און קני. נאָר אלע שווייגן, שווער און אנטשלאָפן. איר אריינקומען האָט בלויז אויף אן אייגנבליק ארויסגערופן א נעכאפּטע קורצע באוועגונג, פיבערדיקע בליקן האָבן א זוך געטאָן איר פּנים, און גלייך זענען אלע פארבליבן צוריק אין זייערע פריערדיקע פּאָזיציעס. צו אומגעריכט איז דאָס, משמעות, געשען. עס מאכט דעם איינדרוק, אז זיי וואָלטן דאָ געהאלטן אינמיטן א שטרענג־קאנספּיראטיווער באראטונג, און דער הויכברוסטיקער, ברייטפּלייציקער פּאָליציאַנט, וואָס איז אויף דער שוועל ווי פון אונטער דרערד ארויסגע־וואַקסן, מיט דער שטייענדיקער ביקס, ווי א וואָרנפינגער, האָט זיי געליימט.

אָבער באלד ווערט זי געצווונגען, חנה, צו פארגעסן אין אלץ, וואָס ארום איר: אין דער וואנט פון איר אויסבאהאלטענעם בויך טוט מיט אימפּעט א שטויס, ווי א שאָסיי־שטיין, דאָס קעפּעלע פון דעם קינד... זי

קאָרטשעט זיך צוזאַמען, מוליעט זיך טיפער אַריין אין דער שאַל און זעצט זיך שווער אַנידער אין אַ ווינקל אויף דער פּאָדלאָגע. פרעמדע אויגן קריכן ערשט נייגעריק אַרום איבער איר שאַל, וועלנדיק דערגיין: „מיט וואָס פאַר אַ צוועק איז זי אַהער אַריינגעבראַכט געוואָרן? זי האָט דאָך צו זיי קיין שום שייכות נישט?" און פאַלן פון איר אָפּ, ווי שאָלעכצן. זי פאַרבאַהאַלט דעם דולן, צעמישטן קאָפּ צווישן הענט און ברוסטן און גייט אַריין אין זיך, ווי אַן אָנגעטרעטענער שלימאַק אין זיין מושל. זי איז אַליין מיט זיך.

מע ברענגט אַריין דעם לעצטן אַרעסטירטן, און ס'ווערט אויסגעלאָשן דאָס ליכט. אין דער שטילקייט הייבן אָן אַרומבלאָנדזשען שטילע, אָטעמ-דיקע רייד: פראַגעס און ענטפערס. מוט זיך מיטאַמאָל צוריק אַ צינד אָן דאָס ליכט, און אין דער טיר-ראָם פלאַמט אויף דער פּאָליציאַנט מיט קולי-קולות:

— צוויגישע זין! קיין שאָרך זאָל מען נישט הערן! קיין באַוועגונג! מע וועט פאַסעווען!

און ס'איז ווידער פינצטער. שטיל און שאַ. בלויז אָן אָטעמען.

די נאַכט ציט זיך מיט אַ שוואַרצן שטראָם פון געדיכטן, וואַרעמען פּעך. שטילקייט פאַרוואַנדלט זיך אין שלאָף. איבערגעשטורעמטע געמיטער און פאַרמאַטערטע קעפּ דרימלען איין הינטער פאַרפעכט-צוזאַמענגעקלעפּ-טע-אויגנלעדלעך. ווער עס רוט איבן אייגענעם פּויסט, וואָס ליגט דראָענ-דיק עמעצן אין דער וועלט אַריין, צי דעם פאַרהוילענעם פּאָליציאַנט מיט דער ביקס אויף דער שוועל; און ווער — אָנגעשפּאַרט מיט פאַרוואָרפענעם קאָפּ אין דער האַרטער וואַנט, דער גאָרגל פאַרריסן-אויסגעצויגן, ווי אין דערוואַרטונג אָן שרעק אויף אַ שניט פון אַ שווערד.

בלויז זי איינע, הנה מישל, שלאָפט נישט איין. אַ שאָסיי-שטיין וואַל-גערט זיך אַרום אָן אויפהער אין איר איינגעווייד. עס מאָטען זיך אַרום אים די קישקעס. און ווען ער מוט זיך מעכטיק אַ ציי, פון איר אַרויסצופאַלן, איז עס ווי אַלע קישקעס רייסן זיך מיט אים מיט. אין גאַנצן גוף — ווי אַלץ וואָלט זיך אין אים איבערגעבראָכן. טיפע פּייַנלעכע קרעכצן רייסן זיך פון איר. נאָר זי פאַרהאַלט זיי אין מויל און צעקייט זיי, ווי אָנגעגלימטע טשוועקעס מיט די ציין. זי ראַנגלט זיך, ראַנגלט זיך מיט די שמערצן און געבוירט שוואַכע מחשבות:

...וואָס מאַטערט ער זי, אַזויפיל, נפתלי?... וואָס מאַטערט ער זי?... וואָס האָט ער געוואָלט פון איר דער... רשע?... האָט זי איבערגעלאָזן מיט די ווייטיקן... מיטן צער... מיט דער פּיין... און — מאַקע אַנטלאָפן?... ווער

איז ער? א רייכן שיחטס א זון, ווי ער האָט איר דערציילט?... וואָס איז ער, נפתלי? טאַקע א קאָמוניסט, ווי א סך האָבן וועגן דעם גערעדט?... פאַרוואָס־זשע איז ער נישט איצטער דאָ מיט איר?...

אין פּליצלינג לאָזן די ווייען נאָך. זי אָטעמט אָפּ פאַרלייכטערט. עס חזרט זיך איר איבער פאַר די אויגן די סצענע פון דער רעוויזיע ביי זיי אין אלקער. קליינינקייטן, פּרטים, וואָס זי האָט זיי פריער גאָרנישט באַמערקט, דאַכט זיך, שטעלן זיך איר איצט דייטלעך, נענטער פאַר די אויגן... ווי עפּעס אן אָנשטעל וואָלט געווען די גאַנצע רעוויזיע!... וואָס הייסט עס? וואָס באַטייט עס?...

איצט פייניקן שוין בלויז די מחשבות. און עס ציט זיך, ציט זיך אזוי לאַנג די נאַכט. זי איז אינגאַנצן דערשעפּט. נאָר ביסלעכווייז גיסט זיך אין שאַרבן אריין א דרימלענדיק וואַסער. די געהירן צעווייקן זיך. א פינצטערניש אָטעמט דורך דעם גוף און נשמה. זי שווימט אַריין, ווי א לייכט שוואַרץ שיפל אָן א רודערער ערגעץ אין אן אנדער וועלט אריין. אין א וועלט פון די ווּנדערבאַרסטע אומבאַוווּנדערטע מעגלעכקייטן... — — —

זומער. הייסע, רושנע נאַכט. הינטערן שטעטל, קעגנאיבער פּוילישן צווינטער. זי ליגט מיט נפתלין צווישן הויכע זאַנגען. אַנטקעגן — לבנה־סערפּ אין הימל... זי איז אליין דאָס פעלד. זי ווארט אויפן לבנה־סערפּ, ער זאָל שניידן אירע זאַנגען... דער לבנה־סערפּ פאַרבלאַסט און פאַרגייט... די צייט ליפט, שווימט, ווי דער לעדער־רימען פון דער גיימאַשין... אַ צייט פון בלויז שוואַרצע נעכט מיט רויטע לבנות — אָן טעג... ס'וואַקסט ארויס פון דער ערד א גרויער ביים. ער איז באַדעקט מיט אייסטערליש שוואַרץ־רויטע בליטן. אויפן הימל פאַרנעמט זיך אויך א ליקוי־לבנה: א שוואַרצער קאָפּ פון א פּאָליציימאַן פאַרשטעלט זי... אָט שטייט ער לעבן איר, דער פּאָליציאַנט. ער נעמט ארום מיט מוסקול־אָנגעשטעלטע אָרעמס איר בוים־שטאַם. דריקט אים צו זיין שטאָל־געפּאַנצערטער ברוסט. טוט אים א ריס, ווי א צאָן מיט א צוואַנג. די ווארצלען רייסן אויך איר מיידלש־ערדישע לייבלעכקייט. זי ווערט אויפגעשוידערט, ווי פון אַן ערדציטערניש: גוואַ־אַ־אַלד! — — —

...האָט זי געשריגן? — טוט זיך א דריי, ווי צוויי גרויסע רעדער, אירע צעשראָקענע, צעמישטע אויגן און זוכן דעם גוואלד, וואָס גייט אויף אין די אייערן הינטערן געוועלב פון שאַרבן. שאַ... ניין. זי האָט בלויז אין זיך געשריגן. אין א פוסטן מדבר אריין. אָבער גלייך קומט דער פּתרון צו דעם חלום: וויי־ען! אָך! אין דער אַרומיקער שלאָפנדיקער שטילקייט פאַרוואַנ־

בלען זיך אירע אויגן אין צוויי ברענענדיקע װאַלד־געשרייען. מיט אַ שמערצלעכן ווײ דורך אַלע רמ"ח אברים רײסן זיי זיך פון זייערע לעבער איבער די פאַרשטשעמעטע צײן און קאָנוולסירנדיקע טרוקענע, בלאַסע ליפּן... הײנט װעט עס געשעען!... פּ אַ ר' דער צײט...

אירע אויגן, ווי שמורקאַצן, בלאָנדזשען ארום פארצווייפלט איבער דער תפיסה־קאַמער, איבער די שלאָפנדיקע קעפּ און פארהוּשכטע פּנימער: װאָס טוט מען, ברידערלעך און שוועסטערלעך? װאָס טוט מען? מאַמעלע לעבן!...

זיי פארטשעפען זיך, די אויגן, אין דעם צעקראַמעװעטן שמיקל דרויסן, וואָס דריקט זיך צום פענצטער. זייער בליק פאַלט אויף אַ ווייסן שניי־לייַ־לעך פון אַנטקעגנאיבערדיקן דאַך. די ווייסע בלענדקייט גײט אויף ווי אַ קילע שוים איבער די ברענענדיקע געהירן, זיי קילן זיך אָפּ און ווערן ביסלעכווײַז אין סאמע מיטן די ווײען. און מיטאַמאָל ווערן איר קלאָר, ווי שניי, צוויי זאַכן: ווער ס'איז געווען נפתלי, און וואָס זי האָט איצט צו טאָן... זי זאָל נאָר נישט פאַרשפּעטיקן! זי זאָל נאָר צוטרעפן אין דער געהע־ריקער מינוט!...

## 7

— פון שמאָל און פון אײזן מיז מען זײן! — טוט חנה מישל אַ שעפּ־טשע און באַהערשט מיטן ווילן דעם ריזיקן ווייטיק אין זיך — איצטער... איז עס...

זי גייט צו צום פּאָליציימאַן, טוט אים אַ צי פאַרן אַרבל, און רוימט אים איין שטיל מיט אַ נאַיוו, אויסערגעווײנלעך־רואיק פּנים:

— איך בעט אייך איבער, פּאַניע... איך דאַרף אין דרויסן...

ער שטעלט אָן אויף איר אַן עלעקטריש לעמפּל מיט אַ פאַרשעריטן קוק. זי לאָזט אַראָפּ פארבלענדט און כלומרשט פארשעמט דעם קאָפּ. ער טוט זיך אַ קראַץ דאָס בערשטל פון דער באַוואַקסענער גאָמבע, און מיט אַ ציניש שמייכל:

— אַ שאָד, וואָס איך קאָן מיט דיר נישט גיין. כ'וואָלט מיט דיר שותפות געמאַכט, קראַסאוויצע...

— פּאַניע! — פרווט חנה זיך טאָן אַ בייזער, דערשפּירט איר בויך ליגן אויף הייסע קוילן, באַהערשט זיך און געפינט דערפינדעריש דאָס

װיכטיקע מיטל — איך בין א שניידערין. דײַן װײַב װעט האָבן א גוטן קלייד...

— גוט, — װערט ער גלײַך קאָנטענט, עפנט די טיר, שרײַט ערגעץ אַרײַן א פּאָר װערטער, און לאָזט זי דורך.

א צװײטער פּאָליציימאַן פירט זי אַרײַן דורך א הינטערטיר אויפן פּאָדװיר. אינדרױסן װעבן זיך צוזאַמען לבנהליכט מיט שנייבלױקייט. װו דער שניי ליגט נישט און שאָטן פון געבײַען, פינקלט ער מיט בלײַען מעטאַל־שטעלין און מיט געשטײַבענע ברילאַנטן. צום סוף פון א שמאָלן לאַנגן גאָרטן, טיף אין שניי שטייט א װאַרטנדיקער אָפּטריט. ער װינקט צו איר מיט אן אײַנציק דרײַקאַנטיק אײגל פון אונטער א טיף אראָפּגע־ליקטער שנייענער קוטשמע. זי גייט צו אים מיט פאַמעלעכדיקע טריט, װי די פיס װאָלטן זײַן אין אַ פּענטע. דער גאָבנײַשט אויסגעטרעטענער שניי דערגרייכט איר כמעט ביז די קני און אַמעטט מיט קעלט אין איר הייסן שױס אַרײַן. זי מוט זיך אַ װאַקל. שװאַרצע רעדער דרייען זיך פאַר די אײגן איבערן בלײַען שניי. דער פּאָליציימאַן כאַפּט אונטער איר עלנבױגן און צעהירזשעט זיך:

— ס'איז טאַקע שװער צו גיין. אפשר פירן דיך אהין געאָרעמט?...

— כ'דאַנק. װאָס דאַרפט איר זיך, פּאַניע, באַמיען. איר קאָנט, פּאַניע, װאַרטן דאָ. כ'װעל נישט אַנטלױפן.

— אדרבה. פּרוּװ נאָר! — טוט ער שעלמיש א קלינגל מיט דער ביקס און, װי צו באַװײַזן, אז פון אים אַנטלױפט מען נישט. קערט ער זיך נאָר אום, שטעלט זיך אויף דער שװעל פון דער הױז־טיר און גיט צו אויף א קול דראָענדיק — קוים הערזע איך דײַן רוקן אויפן פּלויט, פּאַרשטאָפּ איך דיך גלײַך מיט א קויל פון הינטן, אז װעסט שױן פּאַרשפּאָרן אויפן גאַנצן לעבן און אָפּטריט צו באַניצן. כאַ־כאַ־כאַ!

זי הערט אים נישט להלוטין. דערשלעפּט זיך. א דיקער נאַקעטער בוים אין שניי פּאַרשטעלט זי פאַרן פּאָליציימאַנס אויגן. זי טוט א צי דאָס מידל פון אָפּטריט. אָבער דער געדיכטער שניי האַלט עס פעסט, לאָזט עס נישט עפענען. זי טוט נאָכאַמאָל מיט פעסטן כוח א שלעפּ. אך!... עס טוט זיך אין איר א ריס מיט א שאַרפן שרעקלעכן װיי, װי מע װאָלט פון איר אַלע אָדערן און נערװן פּאַראײנמאָל א טרען געטאָן. זי טוט זיך א צעשאָקל, װי א ביימל אין שטורעם. זי כאַפּט זיך אָן פאַרן פּלױט הינטערן אָפּטריט. דער אכזריותדיקער ריס אינעװייניק הזרט זיך איבער. זי פּאַרקריצט מיט די ציין דעם װײַגעשריי, װאָס װיל אַרױסשטורעמען הורכן מויל אין דער

גאָ־ער ווייטער וועלט ארײַן. מיטאמאָל טוט איר עפּעס א שפּאַר צווישן די ריבן. זי טוט זיך א בייג אײַן, בלייבט שטיין אויף די קני צעשפּרייט. פֿון איר אינעווייניק טוט זיך דורך אירע אויגן א גאָס א געדיכטע פֿינצ־טערניש, ווי שוואַרץ בלוט. ס'מישט זיך שווימענדיק מיטן בלויען שניי־בלענה. דער שניי ווערט שוואַרץ. שווארצע טרומנעס צעוויגן זיך פֿאר די אויגן. דער קאָפּ דרייט זיך ארום די אקסלען, ווי ער וואָלט פֿריי געווען אַרויסגעשטעלט אויף אַ צאַפּן. דרייענדיק זיך, טאַנצט ער אונטער מיט א געברום און איז שוין גאָר קיין קאָפּ נישט. פֿינצטער. ס'פֿאַלט שווארצער אש. נאָר די הענט לאָזן נישט נאָך און זייער קלאַמערן זיך פֿארן פּלויט, כדי נישט אינגאַנצן אומצופאלן. ווייל אונטערן שווארצן אש גליט נאָך אײן פֿונק אונטערבאַוווסטזיין: ראטעווען זיך! נישט אונטערגעבן זיך!... און אין איר הלשות־צושטאַנד איז פֿארבליבן נאָך איין שטאָלערן קערנדל אינסטינקטיווער ווילן: קומען צו זיך! צו זיך קומען!...

און מיטאַמאָל ווערט איר גוף לויז, לייכט, לופטיק און אויסגעלע־בערט הירכוים, ווי א זיפּ. זי הייבט זיך אויף. די אויגנלעדלעך עפענען זיך ברייט, און די אויגן שפּיגלען דעם שניי. אירע פּיס שטייען ווי אין א רי־זיקן קאַוואָן...

— ...ער האָט זיך פֿון מיר... ארויסגעגלימשט... דער גליטשיקער מענטש, — באוועגן זיך אירע ליפּן — שוין... נאָך אלעמען!...

זי טוט זיך אייליק א בייג אײַן און מיט אירע ביידע הענט, וואָס גליען ווי קוילן, שאַרט זי צו שניי פֿון ארום, צי פֿארדעקן דאָס בלוט אין די שאַנה.

— וואָס געדויערט עס אזוי לאַנג, דו הורנטאָכטער? — דערהערט זי דעם פּאָליציימאַנס בייזן זיהל־רוף.

זי גלייכט אויס דעם צעפּייניקטן רוקן. ווייס, ווי א שניי־מענטש, קומט זי ארויס פֿון הינטער דעם בוים. הילט איין דאָס פּנים אין דער שאַל, און מיט אָנשטעל פֿון פעסטע טריט שפּרייזט זי צוריק. עס פֿליט אָן א קראָ איבער איר קאָפּ און רייסט קריעה מיט א ווילדפֿריידיקן קרא איבער איר געטפילט קינד און געשטאָרבענער פֿארגאַנגענהייט...

8

הנה מישל ליגט ווידער אין איר ווינקל אויסגעצייגן און אײַנגעוויקלט אין דער שאַל. איר קאָפּ אויפֿן האַרטן קישעלע פֿון די הענט וויגט זיך

צווישן דרימל און וואכזיין. זי דרימלט שוין מחמת דערשעפטקייט, און אויך מחמת דערשעפטקייט כאַפּט זי זיך באַלד אויף. זי איז אזוי לייכט, אזוי אומקערפּערלעך, אז דער שלאָף האָט נישט ביי וואָס איר אָנצוכאַפּן, כדי זי אַריינצוציען טיפער אין זיינע אָרעמס. זי פילט זיך ווי אַ שוים, כאָטש ווייטיקן בלאָנדזשען נאָך אַרום אין איר, ווי כמאַרעלעך אויף א זיך־אויסלייטערנדיקן הימל נאָך א שטורעם... זי איז פריי! פריי פון דער לאַנגחדשימדיקער תפיסה...

א קלאַפּ פון דער טיר עפנט איר די אויגנלעפּלעך. עס זייעט זיך שיין באַגינען־שיין אין קאַמער אריין. אין דער טיר שטייט שוין נישט דער פּאָליציימאַן; זי ווערט אויף דער צווייטער זייט פאַרריגלט און פאַרשלאָסן. איצטער... ווערט זיין הימלעבער איינצידרימלען. נאָך דער קלאַפּ האָט קענטיק נישט נאָר זי אויפגעוועקט. עס הערט זיך: א געגעין, א שאַרווע מיט א פּנים, א זיפּין, א קרעכין, און איי. זי הייבט אָן שפּירן, ווי איינגעהאַלטענע אָטעמס מיט שאַרפע פאַרשנדיקע בליקן קריכן אַרום איבער איר שאַל, געשטערן האָרט, קריכן אַהויך צו איר קאָפּ, קעמען די האָר מיט אייזערנע ציינדעלעך און גראַבלען דעם שאַרבן. עס שיט זיך איר ווי הייסער זאַמד אין געהער אַריין:

— איז עס נישט אמאָל קיין „אויג און אויער“ דאָרט אונטער דער שאַל?

— דאָס „קנעפל“ האָט מען ספּעציעל אַוועקגענומען, אַז מע זאָל דאָ אָנהייבן דברן?

— שאַ! ש־ש־ש!...

הנה מיישל טוט זיך, פון שלאָף כלומרשט, אַ וואָראָשע, אָפּדעקנדיק דאָס פּנים. בליקן ווי בלינדע פינגער, טאַפּן פאַרזיכטיק איבער אירע גע־שלאָסענע אויגנלעדלעך:

— ניין, ס'איז א היגע. חנה מיישל, די שניידערין, פון באָד־גאַס.

— ווי קומט זי אהער? האַ?

— חבר נפתלי איז געווען ביי זיי אויף קוואַרטיר.

— אהא! די, וואָס ער פלעגט דערציילן, אז א שמועס ווען דער רויטער פאָן רעגט זי אויף, ווי א רויט טיכל אן אינדיק.

— זעט זשע, קיין איין הויז האָט מען נישט אדורכגעלאָזן.

— ווי די סקאָפּעס, איינעם ביי איינעם, פאַרנומען.

— שפּיצעלס!...

— ווי הייסט, מ'האָט דאָך קיין פרעמדן קיינמאָל נישט באַמערקט?

— קומט אויס, אַז ס'איז אַן אינעווייניקסטער...

— אויב אַזוי... זיצט ער אייך איצט דאָ מיט אונדז?... מיר זענען דאָך דאָ אַ ל ע. איינער זאָל עס פעלן!

עס שטעלט זיך מיטאַמאָל איין אַ שווערע, דריקנדיקע שטומקייט. דערשראָקן־פיבעריקע אויגן גלאַנצן אויף אין דער טונקלקייט און שניידן דורך די דושנעקייט מיט שאַרפן פון מעסערלעך.

חנה מישל זעצט זיך ווייטיקלעך אויף, און אירע טרוקענע בלאַסע ליפּן, צוקנדיק עפּעס צו זאָגן, פּלאַצן ווי טרוקענע שאָלעכצן.

— ווער? — פייניקט זיך אַ חברטע לעבן איר, שעפּטשענדיק צו זיך אַליין — ווער איז ער עם צווישן אונדז?... אַ פּאַרטעטער?

— נפתלי שויב! — פּלאַצט אַרויס פון חנה מישלס האַלדז, הייזעריקלעך, אָבער גענוג הויך, אַז אַלע וואַכנדיקע זאָלן הערן, און אייניקע זאָלן אויפשפּרינגען:

—וואָס? דער חבר נפתלי?

— יאָ. דער איינציקער, וואָס איז איצטער נישטאָ דאָ.

צעלאַכט זיך עמעצער:

— נפתלי איז איינער פון די איבערגעגעבנסטע חברים. קיין איין זיצונג האָט ער נישט פאַרפעלט. קיין איין באַראַטונג נישט דורכגעלאָזן. קיין איין „אויספלוג" אין וועלדל האָט אים נישט אויסגעמיטן. אין פייער און אין וואַסער איז ער געגאַנגען.

— האָט ע ר פאַראַטן?

— יאָ. ע ר האָט פאַראַטן! ער איז אַנטלאָפן קיין קאַנאַדע.

— רעדט נישט וואָס וואָס איר ווייסט נישט! — צעבייזערט זיך ווער, און זיין פּנים דאַרף זשאַריען פון צאָרן — אַן איינפאַל! חבר נפתלי אַרבעט נאָך ביז היינט אין דער קרייז־שטאָט אין דער פּאַרטיי...

— אַזוי... איז ער גאָר נישט אַנטלאָפן קיין קאַנאַדע? המם... (מיט עקשנות אין פייערלעך) זייט אַלע וויסן, חברים, ע ר, ע ר האָט פאַראַטן! איך... זאָג עס... איך...

— אָבער וואָס פאַר אַ גרונט האָט איר אַזוי פעסטצושטעלן וועגן אים? איר מוזט איבערצייגן!

— איבערצייגן?... אַן ערלעכער אַרבעטער וועט נישט באַרעדן, אָפּשפּעטן פון זיין חברטע... פון זיין ווייב... וואָס טראָגט פון אים אַ קינד... א י ך האָב ז י ך אויפגערעגט, ווען ער האָט גערעדט וועגן דער רויטער

פאָן? פארקערט. ער פלעגט דאָך שטענדיק מיך אָפּרעדן פון אריינטרעטן אין דער פארטיי... „ס'איז גענוג, אז איינער פון אונדז וועט פאלן א קרבן"...

אירע ווערטער פאלן, ווי פינקען, אויף טרוקענע געמיטער. און אין פלאַם פון אָנגעצונדענע באַוווסטזיינס שטייט די נאַקעטע וואָר:

חבר נפתלי איז א פראָוואָקאַטאָר!

# א ברודער־קבר

די שטילע, ווי גראָז, און לויטערע, ווי טוי —
מיין ברודער שמחה און זיין פרוי בתיה
מיט זייער אסתרקען און מאירלען

דאָס איז געווען אין לאָדזש, אין יאָר 1946.

מיר זענען געזעסן, א קליינע גרופּע לעבנגעבליבענע יידן פונעם שטעטעלע מריסק אין וואָלין, ביי אונדזער בן־עיר שמעון אדלער, א לערער אין דער אָרטיקער יידישער שול אויפן נאָמען פון יצחק לייבוש פּרץ.

ס'איז דעמלט געווען אַ צייט, ווען די ווייניק לעבנגעבליבענע יידן פון די טויט־לאגערן, די געראַטעוועטע אויף דער „ארישער זייט" און די רעעוואקואירטע פון ראַטנפאַרבאַנד „פלעגן זיך לאָזן ווילגיין" ביי געדעקטע טישן מיט גוטע מאכלים, פרוכטן און אפילו וויין. דאָס איז געווען, ווי מע דאַרף עס פאַרשטיין, נישט מחמת דער גרויסער פרייד, וואָס דאָס אייגענע פאַריתומטע שטיקל לעבן איז דורך אַ נס געראַטעוועט געוואָרן, נאָר ווי א פאַרשווינדענער, שטימער אָפּמאַך פון אבלים נאָך א פּאָלק, צו פאַרטרייבן די פינצטערע מרה־שחורה פון די געהירן, הערצער און פונעם גאַנצן צעבראָכענעם נפש נאָכן גרויסן בראָך, ווען דאָס גאָרע יידישע לעבן איז אויסגעוואָרצלט געוואָרן דורך אלערליי מיתות־משונות, איז אוועק מיטן רויך פון די גאַזאויוונס אין אָשוויענטשים און אנדערע טויט־לאגערן.

נישט איינער פון די זיצנדיקע דאָ ביים טיש פון דעם לערער שמעון אדלער האָט מיטאמאָל דערזען ביי זיך אין האַנט דעם קאָליריקן עפּל, ווי נאָר ער האָט אים אָפּגעשיילט און דעם ערשטן ביס געטאָן אין זיין זאַפטיקן לייב — א האַרט אָפּגעשיילט איי, מיט אש באַשאָטן... ס'קריצט אונטער די ציין... און ער איילט זיך צו פאַרטרינקען מיטן גלעזל וויין, וואָס שטייט פאַר אים, אראָפּצושווענקען דאָס אש פון דער צונג...

מיט א מאָפּל געפיל — פון דערפילן א הייליקן חוב לגבי די קדושים אין פון א שרעקעוודיקן גרויליקן ווידערווילן — האָט דאָ איינער, דאָ א

צוויטער ווידעראַמאָל און אָבעראַמאָל אַרויסגעפירט דעם שמועס וועגן דעם אימיגעהייערן אין מיטן בראָך, וואָס האָט אויך אונדזערן שטעטל נישט אויסגעמיטן, פאַר וועלכן די מרערן זענען פאַרגליווערט און ווילן נישט צעגיין...

אזייווי מיר אלע דאָ ארום טיש זענען געווען רעעוואקואירטע פון ראַטנפארבאנד, וואָס האָבן וועגן א ל ץ בלויז געהערט פונדערווייטן, און דער איינציקער, וואָס האָט ע פּ ע ס צעזעזען מיט די אייגענע אויגן, איז געווען דעם לערער אדלערס שוואָגער, איציק פּריסיק, א פּאַרטיזאַן אין די פּאָלעסיער וועלדער און היינט קאַפּיטאַן, וואָס אַרבעט אין אונבע * — איז ער דעריבער געווען דאָ די צענטראַלע פּערזאָן, צו וועלכער אלע אויגן זענען געווענדט. און ער האָט דערציילט און דער־ציילט מיט אזא נאָגנדיקן חשק, ווי א פאַרחלישטער פון דורשט קאָן זיך נישט אָפּרייסן פונעם ראַנד פון א קאַלטן קריג וואַסער. זיין פּנים איז געווען דורכגעשאָטנט מיט טרייסטלאָזן אומעט, און פון די אויגן האָט אַרויסגעוווייטיקט א צעשריגענער זשאַר.

פון די אלע אויסטערלישע שוידערלעכקייטן, וואָס מיר האָבן פון אים אייסגעהאָרכט, האָט אונדז אלעמען, דאכט זיך, צום שטאַרקסטן פאַר־שפּאַרט דעם אָטעם די געשיכטע וועגן דעם אומקום פון צוויי שניידערס ביי אונדז אין שטעטל: נח און יאנקעוו. ווער פון אונדז, געביירענע טריס־קער, האָבן זיי נישט געקאָנט, די דאָזיקע צוויי שניידערס, די קיינמאָל נישט צעשיידטע, די שטענדיקע חברים און פריינד!

נאָר איידער איך וועל לאָזן הערן מיין פּען פריסיקן אליין דערציילן, ווו און ווי אזוי זיי זענען אומגעקומען און צו קבורה געקומען, וויל איך זיי פריער, די שניידערס קדושים, באקענט און היימיש מאכן דעם פרעמדן לייענער, כדי אויך ער זאָל באַמיש מיילוויז אָפּפילן דאָס, וואָס מיר, זייערע בני־עיר, האָבן דעמלט אָפּגעפילט אין אונדזער קליינער מסיבה.

* * *

ביי אונדז אין שטעטל פלעגט אמאָל טרעפן, ס'זאָלן זיך פאַראייניקן די באַלמעלאָכעס פון די פאַרשיידנסטע פאַכן, ווען ס'איז נייטיק געווען זיך אַנטקעגנצושטעלן די באַלעבאַטים אין א וועלכן־ס'איז קהלשן ענין. ווי, למשל: ביים אָנגעמען א נייעם שוחט; ביים באשטימען די פרייז פון די הייוון, וואָס איינ איר אויסשליסלעכן פאַרקויף האָט א חזקה דער דיין;

---

* זיכערהייט־פּאָליציי.

ביים אַרויסרייסן מיט די ציין אַ מאַמיניא קבורה־געלט פון אַ „העקט" — א קאַרגן נגיד, וואָס האָט זיך פאַרן לעבן גישט געלאָזט קאָסטן אויף קהלשע הצטרכותן: „ווי שיין ער האָט זיך פאַרן לעבן געשמעלט, אזוי שיין זאָל זיין נבלה ליגן און וואַרטן, ביז חברה־קדישא וועט אים צו קבורת־ישראל ברענגען...", און דערסטגלייכן. געוויינלעך אָבער, א גאַנץ קיי־לעבדיק יאָר, איז צווישן די באַלמעלאָכעס גופא קיין גרויסער שלום־בית נישט געווען.

באַלמעלאָכעס פון איין פאַך פלעגן זיך האַלטן חשובער פאַר באַלמע־לאָכעס פון א צווייטן פאַך. למשל, מעבלמאַכער האָבן געהאַלטן, אז צי זיי־ער מאַלאַנט „דאַרף מען האָבן אי אײַדעלע הענט, אי אַן אײַדעלן קאָפּ... ס'איז א קאָפּ־אַרבעט, כמעט ווי זייגערמאַכעריי... א סימן האָט איר — פראָים מעבלמאַכער, וואָס איז אַפילו געווען אַ משכיל.. ער האָט מחבר געווען אַ ספרל „לשון צחות" — לשון־קודשדיקע שפּריכווערטלעך פאַר־טייטשט אויף יידיש־זשאַרגאָן... און ער האָט אויך זיין בענציען, זיין בן־יחיד, געלערנט דעם אייגענעם פאַך... נו, יאָ... דער וועט שוין קיין ספרל נישט מאַכן — אַנדערע צייטן הייַנט... אָבער אַן אײַדל האַרץ האָט ער — א מאַנצבל, וואָס לייענט שמ"רם א מעשה־ביכל...". איז ווי קאָנען זיך אַנ־דערע באַלמעלאָכעס גאָר גלייכן צו זיי!

צי נעמט, למשל, אויזונמאַכערס. אויזונמאַכערס האָבן זיך געגרייסט אַפילו קעגן מוליאַרעס, ווייל „נישט יעדער פאַרשטאַפּטער קאָפּ קאָן באַ־נעמען דעם שכל פון אַ גומער ליוכטע, וואָס דורך איר ציט די לופט אַרויס דעם רויך מיט דער סאַזע, ווי אַ שוואָם וואַסער... און דאָ האָט מען דאָך צו מאָן — איין שפּילעכל: — מיט ווינט און פלאַם!... פון דער ליוכטע געוועגדט זיך עס דאָך, סע זאָל, חלילה, אין שטוב קיין שרפה נישט אויס־ברעכן... וואָרן אז די ליוכטע איז געמאַכט אָן קאָפּ, וועט דאָס קראַצעניש פונעם קוימענקראַצער אַפילו פיר מאָל אין חודש העלפן, ווי אַ טויטן באַנקעס!..."

אזוי האָבן אויך שניידערס געהאַלטן, אז שוסטעריי איז גאָר א פאַר־גרעבטע מלאכה און „צווישן אונדז זאָל עס בלייבן — נישט אומזיסט רופן זיי די באַלעבאַטים „סמאָלע־קעפּ". א שוסטער מיז בייגן דעם קאָפּ פאַר יענעמס פיס, א מאָס פון זיי צו נעמען..."

און אזוי ווייטער, און אזוי ווייטער פלעגט יעדער באַלמעלאָכע דער־ווייזן „קלאָר ווי דער טאָג", אַז זיין מלאכה איז אַ שענערע, אַ כעשעווערע. איז שוין אוודאי אָפּגערעדט, אז ס'פלעגט נישט זיין קיין שלום־בית

צווישן באַלמעלאָכעס פֿון דעם זעלבן פֿאַך. ערשטנס, האָט כמעט יעדער געהאַלטן, אַז דער מייסטער איז ער, און אַ פּאַרטאַטש — דער צווייטער, צווייטנס, צוליב קאָנקורענץ: אין יעדן פֿאַך האָבן געאַרבעט מער מענטשן, ווי ס'איז נייטיק געווען, און איינער איז אַריינגעקראָכן דעם צווייטן אין דער פּרנסה — און גרגרת און אין די קישקעס אַריין.

דערפֿאַר טאַקע איז די הבֿרשאַפֿט צווישן די צוויי שניידערס, נח און יאַנקעוו, געווען אַ שם־דבֿר אין אונדזער שטעטל.

* * *

נח איז, ווערליך, אַ באַלמעלאָכע פֿאַר יענע צייטן, געווען אַ קענער אין די קליינע איטיעלעך, און יאַנקעוו איז קעגן אים געווען הערין אונטערשטעליק. און ווייל זייער הבֿרשאַפֿט האָט זיך פֿאַר אַלין אַרויסגעוויזן פֿאַר לייט אין זייער לערנען צוזאַמען, האָבן זיי באַלעבאַטישע לייט גערופֿן מיט היזק: „יששכר און זבולון".* און שפּעטער, בימי הביבליאָטעק, פֿון וועלכער בענציע מעבלמאַכער, בענציע פֿראָים דעם משכילס, האָט בשתיקה גענומען אַ ביכל און באַוויזן עס איבערצולייענען, איידער נאָמס סטראַפּטשעס האָבן די ביבליאָטעק הריבֿ געמאַכט, האָבן זיי, אַ דאַנק בענציען טאַקע, באַקומען אויך דעם צונאָמען „בנימין מיט סענדערלען".

וואָס אַן אמת, האָט וועגן פּרנסה־קאָנקורענץ צווישן נחן און יאַנקעוון קיין רייד נישט געקאָנט זיין. נח איז געווען אַ דאַמען־שניידער, און יאַנקעוו — אַ שניידער פֿאַר פּויערים, אַ מאַנדעטניק, וואָס פֿאַרגרייט סחורה פֿאַר די מאַרקטעג און יאַרידים, אָדער אַ פּויעריש פֿאָרפֿאָלק פֿאַלט אַמאָל אַריין צו אים אין שטוב, „ווי יוונים אין אַ סוכה", און אַ מיטוואָכנדיקן טאָג איינצוהאַנדלען אַ סוויטע אָדער אַ פּאָר תחתונים.

דאָס דאַמען־שניידעריי איז אין שטעטל פֿון איין זייט פֿאַררעכנט געוואָרן פֿאַר אַן איידעלערן פֿאַך, ווייל דאָ האָט מען דאָך צו טאָן מיט מאָדעס און מיט דער וועלט. אַז מע נייט אַמאָל, זאָל זיין איין מאָל אין אַ יובֿל, פֿאַר רבנים אַ טאָכטער, אָדער להבֿדיל, פֿאַר אַ פּוילישער פּריצע, און אַקאָמענעבע — שמעקט דאָך עס מיט אַ מאָדע־זשורנאַל... מיט וואַרשע... און אפֿילו, זאָגט מען, מיט פּאַריזש!... „נו, ווילסט מען זיך, קוקט ער דעמלט, נח, אין דעם זשורנאַל, ווי אַ האָן אין דעם „בני־אדם", פֿינקלט מיט די אויגן צו די געמאַליעוועטע דאַמעס דאָרטן, און אויף זיין הויכן, ווינקלדיקן שטערן, ווי ער וואָלט געווען אַ רבֿ און געדאַרפֿט פּסקענען

---

* צוויי שבֿטים וואָס האָבן געמאַכט אַ שותּפֿות, — לויטן מדרש.

אַ שאלה, גייען אַרום אנגסטן, ווי ראָסע אויפֿן גראָז באַגינען, ווען די מיטשערעדע גייט אין פֿעלד אַריין".

פֿון דער צווייטער זייט זעט איין דאָס שטעטל אין דעם דאָזיקן פּאַך אויך „עפּעס דאָסיקס" — מאנצבלשע שענדלעכקייט. פּאַר נתנאל סופר, למשל, איז עס גאָרנישט מיט קיין יידישע געהירן צו באַנעמען: ווי נעמט זיך עס צו אַ ייִדן — ער מעג אַפילו זיין אַ שנייִדער — אזאן איינשטעלעניש צו האָבן צו טאָן כסדר מיט נשים... מיר זאָלן אפילו אָננעמען, אז יעדעם מאָל ביי א מאָס נעמען שטייט דערביי זיין פּלוניתטע, נחס.. ווייל דאָ איז דאָך נישט קיין רייד וועגן זיין שטיין בלויז לעבן „די ווייסע גענדז" — ער מוז זיך דאָך צו זיי מיט דער מאָס, זאָל זיין אויף די שפּיץ פינגער, צורירן מ מ ש!... לויט אים, נתנאל סופר, וואָס לויפט אין מקוה אריין זיך זיבן מאָל אונטערצוטונקן פּאַר יעדן מאָל א־יסכתיבהן א „יידקיי־וואָוו־קיי", מעג מען אזא נח שנייִדער, א נקבה־שנייִדער — אין דאָס אויך נאָר אין זכות פֿון זיין לערנען אום שבת א פּרק משניות — אויפֿרופֿן צו דער תורה בסך־הכל צוויי מאָל אין יאָר: אום שמחת־תורה „עם כל הנערים" און אין מיטן יאָר צו דער „תוכחה"... אַז ווי קאָן ער זיך פאַרגלייכן צו זיין שותף אין לערנען, יאנקעוו שנייִדער! אמת, אויך יענער האָט רק צו טאָן מיטן „הלעיטני", מיטן פויער, נאָר פאָרט — מיט מאנצבל.

אָבער פאַר יאנקעוון איז נח געווען — זיין רבי, און אין א רבין האָט מען אמונה און מע זעט נישט אין אים קיין זינד.

* * *

די לייטישע לייט פֿון שטעטל וואָלט שווער געווען צו פּסקענען, ווער פֿון זיי ביידע, נח דאמענשנייִדער, צי יאנקעוו מאנדעטניק, שטייט אויף א „שפּלערער מדרגה". אָבער פֿון זינט דאָס שטעטל געדענקט זיי, האָבן זיי אַליין זיך געהאַלטן ווי גישט צעשייִדטע חברים, ווי זיי וואָלטן זיין מיט איין מאָס אָפּגעמאָסטן — גלייכע.

צוזאמען האָט מען זיי געזען פרייטיק בייטאָג אין מרחץ זיצן לעבנ־איינאנדער אויף דער אייבערשטער באַנק, פארשאפנדיק זיך איינאנדער גרויס הנאה און אָנמוענדיק זיך איינאנדער גרויס כבוד מיטן אָפּשמייסן איינער דעם אנדערן ביז צונטער־רויט; צוזאמען האָט מען זיי געזען דער־נאָך פונאנטן אויף דער גליטשיקער פּאָדלאָגע מיט די שעפעלעך קאַלטע וואסער, זיך איינאנדער אָפּגיסנדיק, און צולעצט — צוזאמען אראָפּגיין אין דער מקווה זיך אָפּצוטובלען פרום־יידישלעך לכבוד דעם הייליקן שבת, ווען סע רוט אויך די נאָדל, די מאשין און דאָס אייזנפרעסל.

שבת באַגין פֿלעגן זיי זיך טרעפֿן אין בית=מדרש, ווי חברה=לייט פֿון דער „חבֿרה=תהילים“, זיצן אַקסל צו אַקסל און זאָגן, ווי מיט איין מויל, א פּסוק נאָך א פּסוק, און זייער צוזאמענגעוועבטער געברום האָט ארומגעבלאָנדזשעט אונטער=ליפּטן. דערנאָך פֿלעגן זיי גיין צו יאַנקעוון, וואָס וווינט דאָ נישט ווייט הינטערן בית=מדרש, און טרינקען די שבתדיקע פּיעקעליק=קאווע, פּארווייסט מיטן גאָלדענעם הוים=ווערבל פֿון דער פּיעקעליק=מילעך, וואָס מאכט ארומשווימען פּעטע גאָלדענע אייגעלעך און האָט „די טייזנט טעמים פֿינעם מן אין דער מדבר“... ערשט איצט זענען זיי צוזאמען מעביר די סדרה און גייען צוריק אין בית=מדרש אריין מיט א צופֿרידן=זאטן גוף און דערהייבן=זאטער נשמה דאווענען. און אז עס טרעפֿט — עמעצער פֿון זיי ווערט אויפֿגערופֿן צו דער תורה, דערפֿילט דער צווייטער, ווי „סע טוט אים א טאָרקע די נשמה“ אריינצוגיין אויפֿן באַלעמער ביי=גאנד מיטן חבֿר. אים שמחת=תורה האָבן זיי שוין מאקע א חזקה אויפֿגערופֿן צו ווערן ביינאנד „עם כל הנערים“.

נאָך דער שבתדיקער סעודה און א קורצן מיטאָלגמ=שלאָף פֿלעגן זיי זיך ווידער טרעפֿן אין בית=מדרש און צוזאמען לערנען א פּרשה חומש פֿון דער סדרה פֿון דער וואָך. דער פֿאַרטייטשער איז געווען נח, און יאַנקעוון פֿלעגט אים טיט זיינע בלוי=שיינענדיקע אויגן ארייננקוקן און ערנסט=שטרענגן פּנים און גאָבזאָגן, ווי א הדר=יינגל דעם רבין. ס'פֿלעגט אפֿילו טרעפֿן, אז נח זאָל אויף אים ביזע=פֿריינדלעך א טרוקע טאָן, ווען ער האָט געמאכט א גרייז.

אָדער זיי פֿלעגן, סיי אינדערוואָכן, סיי שבת, אויסהאָרכן א בעל=דרשער, בעת וועלכן נח פֿלעגט ארויפֿקוקן צו אים אויפֿן באַלעמער מיט א פֿאַרשאַרצט היטל איבער זיין למדניש זיך קנייטשנדיקן שטערן און מיט א האלב אָפֿן מויל, און יאנקעוו פֿלעגט הערין ארייננקוקן, כדי אויפֿצוכאפּן א פֿארטייטשונג, וואָס ברומט זיך ארויס דערפֿון פֿון צייט צו צייט, בעתן פֿאָטאקעווען מיט א קאָפּ=שאָקל דעם בעל=דרשערס רייד. און פֿון מאָל צו מאָל פֿלעגן זיך זייערע אויגן — נחס מאט=בלויע און יאנקעווס בלוי=לייכטנדיקע — באגעגענען און זיך צוזאמענגיסן אין גרויסן בשותּפֿותדיקן געגנוס און נחת=רוח.

* * *

ביי נחן זענען שמחות פֿאָרגעקומען זעלטן: „ער פֿארמאָגט בסכהכל איין שטיקל מיידל און איין שטיקל יינגל“. דערפֿאר אָבער זענען פֿאָרגעקומען אָפֿטע שמחות ביי יאנקעוון: ס'איז ביי אים געווען א פֿולע שטוב

מיט מיידלעך און ייִנגלעך. און ווען ס'פּלעגט ביי אים פאָרקומען א ברית אָדער א בריתיצע, איז שווער געווען צו דערקענען אויף די פּנימער פון „יששכר און זבולונען", ווער פון זיי ס'איז אייגנטלעך דער אמתער בעל־שמחה. גיכער האָט עס אויסגעזען צו זיין נח, צי וועלכן יאנקעוו פלעגט זיך אלעמאָל צובייגן, זיך מיט אים ווענן אלץ מיישב צו זיין.

ביי יאנקעוון זענען מיט די יאָרן אונטערגעוואקסן די קינדער, די מיידלעך און די ייִנגלעך, וועלכע זענען געווען ביים טאטן אויף דער לער, האָבן אויסגעלערנט דעם טאנדעטישן פאך, און זיין מעמד־פּרנסה האָט זיך ביי אים פון יאָר צו יאָר מער פארפעסטיקט. זיין טאנדעט האָט אויף די יאָרים געגאָלטן. א פויער איז נישט בודק דאָס מלבוש, ווי א שוחט א לונג־און־לעבער, אָדער ווי אַ שטאָטיש ווייבל א קליידל ביי נחן. פון קיין מאָדעס ווייסט ער נישט, דער פויער. אבי סע גייט ארויף און אראָפּ, און די קנעפּ זענען פעסט צוגענייט. ער האָט נאָר ליב לאנג זיך צו דינגען און אראָפּ־דינגען — ווייסט מען שוין, אז מע דארף אים פאָרויס א סך איבערביטן, און ס'וועט שוין ארויסקומען גוט, ביידע צדדים וועלן זיין צופרידן.

ביי נחן איז אין דער פּרנסה געגאנגען פונקט פארקערט — מיט דער פּנימער אראָפּ. דעם רבינס הויף איז ארויסגעפאָרן פון שטעטל — איז שוין פון קיין לייטיש שטיקל ארבעט נישט שייך צו רעדן. די פּוילישע אָקאָמע־נעכעס ווערן פון יאָר צו יאָר אָרעמער, אָפּגעפּאָרענער אין דינגען זיך, ווי פּראָסטע דאָרפס־גויעס. און — ער איז שוין גלאט ארויס פון דער מאָדע. אפילו די שטעטלדיקע באלעבאטישע מיידלעך און יונגע ווייבלעך פאָרן קיין קאָוולע זיך נייען ביי די דאָרטיקע שניידערס לויט דער לעצטער מאָדע — אנהערש שטייט זיי נישט אָן די טראסקעווימשער מיוחסטעס!

נח פלעגט אלץ אָפטערער מוזן אָנקומען צו זיין חבר נאָך א גמילות־חסד אויף אויסצוצאָלן ביסלעכווייז. און — ווער ווייסט?... אָבער יאנקעוו פלעגט אים שטענדיק ברענגען דעם פארלאנגטן גמילות־חסד אין בית־מדרש אריין און אים ארייַנשטעקן נחן אין האנט אָן שום באוואָרעניש. און כאָטש אויף די רעשטלעך פון די גמילות־חסדים פלעגט ער טיילמאָל אַזוי לאַנג וואַרטן, ביז „נח האָט אפּנים פאַרגעסן, אַז ער איז אים נאָך עפּעס שולדיק", איז פונדעסטוועגן זייער חברשאפט צוליב דעם נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן. „...עלהיי, — פלעגט עס יאַנקעוו ביי זיך אין הארצן צו רעכט מאכן — איך האלט פאר זיך אליין א מלמד און צאָל אים שכר־לימוד... אז די קינדער לערנען ווייניק אין חדר...". ער האָט פארגעדענקט, יאנקעוו, וואָס זיי האָבן צוזאמען אלע יאָר איבערגעחזרט

אין „פרק“: „קנה — קויף, לך — צו דיר, חבר — א חבר: קויף זיך א חבר“. און איינמאָל האָט א בעל־דרשער פארטייטשט אין זיין דרשה, פונקט ווי ער וואָלט מיינען מאקע נח מיט אים: „חבר איז די טייטש — א חבר, גלאַט א חבר, און חבר איז אויך די טייטש — א לערנער, א תלמיד־חכם, און דאָס מאקע מיינט דער „פרק“. קנה לך חבר — קויף זיך א חבר, וואָס קאָן בעסער לערנען פון דיר, איר וועט צוזאַמען לערנען, ווי ישׂשכר מיט זבולונען, און איר וועט זיך טיילן: דו וועסט אים געבן פון דיין „קמח“, פון דיין ברויט הייסט עס, און ער דיר — פון זיין „תורה“, וואָס איינס אָן דעם אנדערן קאָנען זיי נישט זיין, ווי סע שטייט אין דער גמרא...“

און נאָך דער דרשה האָט עס אים, יאַנקעווען, נח נאָך בעסער איבערגע־טייטשט און געגעבן צו פאַרשטיין.

* * *

ס'איז געקומען אַ צייט, ווען יאַנקעוו האָט דערזען, אַז זיין נח העלפט אים נישט נאָר אין לערנען, נאָר שאַפט אים אויך כבוד.

נח האָט פאר אים איינגעלייגט אזא ענין:

„ס'וואָלט זיין א יושר, אז זיי ביידע זאָלן אריינגענומען ווערן אין דער באלעבאטישער „חברה־משניות“... ער, נח, האָט שוין מיט עמעצן פון זיי זיך הרבגעשמועסט וועגן דער זאך. נו, וואָס... באלעבאטים, ווי באלעבאטים, שטייען אין גרויסן קעגן דעם באלמעלאָכע... ס'איז שוין א מנהג אזא, און א מנהג ברעכט א דין... אנדערע פון דער „חברה“ געפעלט שטארק נישט דער שידוך... זיי דרייען אוועק מיט די נעז... סע שטעקט מיט משאד פון באלגייטע פרעסאייזגס... נו, וואָס אמת איז דאָך אמת — קיין „חברה־משניות“ פון גאָלע באַלעמעלאָכעס וועסטו דאָהי נישט מאַכן: אהיין בענציע פראָים דעם משכילם, דעם געלן קצב און אפישר נאָך א פאָר אירע, איז מאקע נישטאָ מיט וועמען צום טיש צו גיין... נו, אָבער אינ־גאנצן איז נאָך די זאך נישט אָפגעפרעגט: כסף — געלט, מטהר — איז מטהר, ממזרים — ממזרים... און ערגער פון אַ ממזר האַלטן זיי נישט פונדעסטוועגן דעם באַלעמעלאָכע... זיי פארלאַנגען פון אונדז אַ גרויס איינ־שרייב־געלט, „סע זאָל זיך זיי לוינען“... מיר זאָלן קויפן פאַר דער „חברה“ אַ נייעם זאַץ משניות, און אַ לעדערנעם בונד מיט גאָלד געליישט, און פראַוען אַ סעודת־מצוה אינגאַנצן אויף אונדזער חשבון... מאַ, נאָר וואָס זשע קימט אַרויס? אַז ער, נח, איז דאָך נישט אימשטאַנד אויף זיין חלק אַזאַ שווערע משא אונטערצוהייבן... ווען ער, יאַנקעוו... זאָל זיין ווי אַ גמי־לות־חסד, ביז דער אייבערשטער וועט העלפן...“

יאנקעוום שפיץ באַקן האָבן ראָזלעך געשפילט, אויסהערנדיק די דאָזיקע אַפּעטיטלעכע רייד, אויף די אַפּלען פון זייגע בלויע אייגן איז אויפ־געגאַנגען א פריידיקע פייכטקייט, ווי שוין־טרערן, און ער האָט, א געריר־טער, מסכים געווען צו נעמען אויף זיך  א ל ע  הוצאות... ווייל ער, נח, פון זיין זייט לייגט דאָך שוין אריין דאָס שדכנות... און... הטם... לערנען קאָן ער דאָך... נח!

„יששכר מיט זבולונען" זענען ארייגגענומען געוואָרן אין דער „חברה־משניות". און ס׳איז פאר זיי ביידע געווען א גרויסער יום־טוב און א כבוד, וואָס „ריגט אריבער די ראנדן פון דעם פארסאדזעמן באלמעלאָכישן מאָפּ...".

ער האָט אליין געהאָרכט, יאנקעוו, ווי עמעץ האָט ביים טרינקען לחיים אפילו טיטולירט אים, ווי צום אויפרופן צו דער תורה מיט א „רב" — רב יאנקעוו שניידער!... ווי אין ווען וואָלט ער, א מאנדעטניק, אן עם־הארץ, זיך עס דערלעבט אזא כבוד, אזא דערהייבנקייט אָן דער הילף און אָן דעם זכות פון  ז יי ן  נחן!...

פון נחן אליין איז דאָך שוין אָפּגערעדט. ווען אים האָט איינער פון דער „חברה", מענדל משה יאָסלס, וועלכער האָט אויך געהערט צו דער „חברה־ש"ס", געדרשנט איבער אַ גלעזעלע ספּירעטעס: „נח, — האָט ער געדרשנט — האָט זיך אַריינגעבעטן מיט זיין „פּאָר" אין אונדזער „חברה", ווי אין דער תיבה, ווייל ער האָט געדענקט און געוואָלט מקיים זיין, וואָס ער האָט אווראי געלערנט מיט יאנקעוון אין „פרק": „הוה נח לבריות" — זיי, נח, צווישן לייט, לערן נישט בלויז אינצווייען מיט יאַנ־קעוון, נאָר גיי אריין אין א „חברה", און לערנט בחברותא...

* * *

אין א פּאָר יאָר שפּעטער האָט עס שוין אפילו געהאלטן אויך דערביי, אַז „יששכר און זבולון" זאָלן אַרויפשטייגן אויף נאָך אַ העכערער מדרגה. שוין גאָר א הויכע. נח דאמענשניידער האָט זיך איינגעשטעלט צו קומען מיט א בקשה צו דער יחוסדיקער „חברה־ש"ס" פונעם הויפישן בית־מדרש, מע זאָל אים מיט יאנקעוו מאנדעטניק ארייננעמען אין דער „חברה"... זיי קערן דאָך שוין עטלעכע יאָר צו דער „חברה־משניות"... און קיינער וועט נישט זאָגן, אז זיי האָבן, חלילה, פארשאַפט דער „חברה" בזיון... און

אין דער גמרא, וויפל זיי וועלן פארשטיין, וועלן זיי פארשטיין... לכל־הפחות וועלן זיי דאָך גאָבקריכן אין די משניות פון דער גמרא... און אפשר וועלן זיי זיך מיט גאָטס הילף נאָכראמשקעווען א ביסל אין דער גמרא אויך, דאָרטן וווּ ס'אי גרינגער.

אין דער יחוסדיק־למדנישער „חברה־ש"ס" האָט זיך אויפגעהויבן א קאָך. ס'איז אוועק אן אויפגעזאָטן־מיטלדיקע שקלא־וטריא. למשל, רב אריה לייב, מיטן צונאָמען „צעגטל רבי", האָט מיט גוטיידישער גאוההדיקער הקפּדה זיך געבייזערט:

— א חוצפה פון באלגעס!... מאקע שוין משיחס צייטן!... ווי סע שטייט געשריבן: „בעקבא דמשיחא חוצפה יסגי" — פארן אָנקומען פון משיחן וועט זיך מערן די חוצפה...

— אז מע גיסט צו צו „שמן זית זך" א ביסל נעמיינעס, הייבט דאָס קנייטל אָן צו ריסן און צו שפּריצן...

רב ברוכל, א דארער אין אין מקוה־וואסער אויסגעווייקטער ייד, מיטן צונאָמען „פערטל גאָט", האָט אינטערגעהאָלפן רב אריה לייבן אין מהמת הייליקן צאָרן געשפּריצט מיט מקוה־טריפן פון די גאָכנישט אָפּ־געטריקנטע פּאות און מיט ניכטערנעם שפּייעכץ פון מויל:

— איין פארשיווע שאָף פארפארשיווט די גאַנצע משערעדע, זאָגט א גויאיש ווערטל, וואָס איז ווי, להבדיל, א תורה... זיי וועלן זיצן, דער נקבה־שניידער אין דער מאנדעטניק, די עמי־הארצים, פאר די אָפּענע הייליקע גמרות, ווי די העגער פאר די „בני־אדמס", און די כפּרה וועט ווערן, רחמנא־לצלן, דער כבוד־התורה... אז די כפּרה זאָלן פאר אים ווערן אלע עמי־הארצים!...

האָט זיך אָבער דערין ארייגגעמישט דער חשובער אין שמאָלצער, דער האלב־וועלטלעכער יעקב מאיר, וואָס זיין נגידיש הויז איז גראָד געשטאַנען צווישן הייזער פון פּראָסטע באלמעלאָכעס, און יאנקעוו מאנדעטניק איז געווען זיינער א שכן. יינגלווייז אן עילוי, יונגערמאנווייז א משכיל און א מתנגד, און היינט הווקא גבאי־ראשון ביים טריסקער רבין, — האָט זיין וואָרט אין דער „חברה־ש"ס" געהאט די גרעסטע וואָג און האפט. און זיינע ווערטער וועגן דעם דאָזיקן „שניידערישן" ענין האָט מען זיך אין שטעטל איבערגעגעבן פון מויל צו מויל:

— א צ ע ג ט ל רבי — פעלן דאָך אים נאָך גאַנצע ניין צענטלען, ער זאָל זיין א רבי... איז וואָס איז ער אזוי משה־גרוים ביי זיך, אריה

ליב? וואָס ער טראַגט א פּוּטערן פּריח־ורביה היטעלע סיי זומער, סיי ווינטער? צו קיין רבישן שטריימל מיט די „צוועלעף שבטים"־ווידעלעך קומט עס נאָך אלץ נישט!... און וואָס שייך לומדות, איז ער דאָך, אריה ליב, מער למדן אינעם „זוהר", אין וועלכן קיינער קאָן אים נישט פּאר־הערן... איידער אין א פּראָסטער בלאַט גמרא...

— און פּ ע ר ט ל נאָט... דער יידישער גאָט איז דאָך אן „אחד ומיוחד"... איז ער, ברוכל, אפנים גאָר א פּערטל אָ פּ ג אָ ט, — איז ווער זשע האָט עס אים געגעבן א כח־הרשאה ארויסצוגעבן א גזר־דין אויף פּראָסטע אָרנטלעכע יידן, יגיע־כפּימניקעס, וואָס ווילן זיך מיען אין גאָטס תּורה... די תּורה איז ביי קיינעם נישט אין ארענדע... א י ם שטייט נישט אָן צו לערנען בחברותא מיט די דאָזיקע שניידערס... און מ י ר שטייט יאָ אָן!

האָט עס שוין טאַקע געהאַלטן נאָענט דערביי, אַז „יששכר און זבולון" זאָלן אַרייַנגענומען ווערן אין דער „חברה־ש"ס", און דורך זיי זאָל דער־הייבן ווערן דער גאַנצער באַלעמלאַכישער גראד, נאָר ס'איז זיי אפנים טאַקע פונעם הימל אזא גרויסער כבוד־התּורה נישט אָנגעצייכנט געוואָרן: ס'האָט אויסגעבראָכן די שרפה פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, און זי האָט שוין געמאַכט אַ תכלית פון אַלע „חברות" אין שטעטל.

די ערשטע צייט האָבן זיי נאָך געהאָפט, גלייך ווי אלע אין שטעטל: נאָך א חודש, נאָך א חודש, די מלחמה וועט זיך ענדיקן, ווייל, ווי זאָגט מען עס, א גרויסע שרפה ברענט גיך אויס — די „חברה־ש"ס" וועט צוריק אויפגעשטעלט ווערן, און זיי...

נאָר די צייט קריכט און קריכט, ווי מיט צעבלוטיקטע פיס, און אז מע קוקט זיך ארום, איז זי שוין היפּש פאַרלאָפן, און גאָרנישט... די מלחמה טראכט גאָרנישט אויפצוהערן... ווי די מוריע — צו פליסן... כאָטש דאָ פליסט מענטשלעך בלוט... אָט האָבן זיי שוין מלווה געווען צו זייער אייביקער רו סיי רב אריה ליב „צענטל רבי", סיי רב ברוכל „פּערטל גאָט"... גראָד איצט וואָלט זיי שוין גרינג געווען אָנצוקומען אין דער „חברה"... אָבער —

אין רב יעקב מאיר גבאי האָט זיך אפנים אויפגעכאַפּט אויף דער עלטער דער אמאָליקער יונגער מתנגד, ער האָט נישט געהאָרכט דעם רבין, נישט געוואָלט אַנטלויפן מיט אים קיין ראסיי, און איז געבליבן דאָ הי איבערצוּוואַרטן די וועלט־שרפה... נו, האָט ער זיך — אָן דעם רבינס „וואר־שטאַט" — סוף כל סוף דערוואַרט אויף שווערער נויט, און...

געבעטן אין די פּליצעס, מיט אַראָפּגעלאָזטע, שוואַרצע קעפּ און נע־
שלאָפֿענע ליפּן האָבן זיך „יששכר און זבולון" אומגעקערט פֿונעם הייליקן
אָרט פֿון רב יעקבֿ מאירס לוויה... מיט אים צוזאַמען האָבן זיי פֿאַרשאָטן
זייער פֿליענדיקע האָפֿענונג זוכה צו זײַן צו ווערן חבֿרה־לײַט פֿון דער
„חבֿרה־ש״ס"... איין גאָט אין הימל ווייסט, צי סע וועט שוין בכלל אַמאָל
צוריק איבערגעשטעלט ווערן די „חבֿרה"?... מע מעג שוין אויך נאָך איר
זאָגן אַ רבנן־קדיש...

* * *

די מלחמה האָט אַרײַנגעבראַכט נײַט, הונגער און קראַנקהײַטן, דער
עיקר, אין די באַלמעלאָכישע שטיבער. נח איז אינגאַנצן פֿאַראָרעמט גע־
וואָרן. וועמען איז עס איצט נייטיק געווען אַ דאַמען־שנײַדער? שניט־סחורה
איז געווען אַ יקר־המציאות. און ווער באַנײַט זיך עס היינט מיט אַ לײַטיש
מלבוש?

— איך בין געוואָרן אַ בהמה, — פֿאַרקלאָגט זיך נח פֿאַר יאַנקעווען —
איך מעלה־גרה... גייט איך ניי, גאָר ניי איבער, ניצעווע איבער פֿון אַלטס
אויף נײַס... און דאָס אייך נישט אַזוי אָפֿט. וואָרן איבערנייען קאָן דאָך
אַ ליאַדע וועש־ניימאָרין.

אַז וועמען קריכט עס איצטער אין קאָפּ אַרײַן אײַפּצונייען עפּעס
לויט דער מאָדע? אײַן מאָדע איז פֿאַראַן — זאָרגן פֿאַרן הונגעריקן מאָגן.
מענטשן זענען אין יענער צײַט אָפּטערער געשטאָרבן, האָט מען ניכער
געדאַרפֿט אַ תכריכים־שנײַדער, איידער אַ מאָדע־שנײַדער. און דאָס־אָ
שנײַדערײַ פֿאַר די טויטע גיט נישט קיין פּרנסה. מאַקע יאַנקעוו מאַנדעמ־
ניק פֿלעגט אַלע יאָרן נייען תכריכים לשם־מצווה, אָן קיין שום געצאָלטס,
און ער האָט עס היינט אויך געטאָן.

צו דער שוואַרצער אַרבעט ביי דער באָן איז נח און זײַן ווײַב שוין
שוואַך געווען. געאַרבעט האָט בלויז זייער צוואַנציקיעריקע בת־יחידה,
סאָשע. און זייער בן־יחידל איז געווען אַ פֿאַרשפּעטיקטס — שמוליקל איז
ערשט פֿינף יאָר אַלט געווען. אויף אים מאַקע האָט נח יאָ עפּעס פֿאַרדינגט:
אָנשטאָט צו שיקן אים צו אַ דרדקי־מלמד, האָט ער אַליין מיט אים גע־
לערנט.

אַ סך בעסער האָט איינגעזען די לאַגע בײַ יאַנקעוון. ערשטנס, איז זיין פֿאַרבליבענער מאַגדעט אריין אין די פּעדערן און איז איצט געווען אַן אוצר. זיין געקלייערכץ האָט באַקומען אַן אָפּגאַנג בײַ די יידן, וואָס זענען געגאַנגען אויף שוואַרצער אַרבעט. צווייטנס, האָט ער שוין געהאַט אַן איידעם פֿון לודמיר, אַ געזונטער יונגערמאַן מיט אַ רויט־ברוינלעך פּנים, אַ מעסליער, וועלכער איז גלייך אַוועקגעגאַנגען צו דער באַן אַרבעטן צו־זאַמען מיט די עלטערע שוואָגעריקעס אַלס זיינע געזעלן, כאָטש געווען זענען זיי שניידערס...

אויף וויפֿל יאַנקעוו איז בכח געווען אים צו העלפֿן, נחן, פֿאַרבאָר־גענערהייט, דער עיקר פֿאַרן איידעם, האָט ער עס געטאָן. ער פֿלעגט אים אויך אָפּט פֿאַרבעטן אין שטוב אריין אין אַ וואָכעדיקן טאָג, אים זומער אויף אַ טעפּעלע זויערמילך, אום ווינטער אויף אַ גלעזל טיי־מיט־מילך; אים שבת בייטאָג, צים בחברותאדיקן לערנען, פֿלעגט ער אים ברענגען אין בית־מדרש אַריין אַ פּאָר עפּל, אַ ביסל קאַרשן, עטלעכע געטריקנטע באַרן, „זים ווי פֿייגן", פֿון זיינע „אייגענע ביימלעך" אויפֿן גאָרטן הינטער דער שטוב. נח פֿלעגט פֿרום מאַכן די ברכה „בורא פּרי העץ", און יאַנקעוו האָט פֿרום נאָכגעזאָגט „אמן", ווי בלויז דערין גייט עס, בשיתפֿית אָנצוטאָן אַ נחת דעם ריבונו־של־עולם... נח פֿלעגט טאָן אַ פּאָר ביסן און דאָס איבע־ריקע באַהאַלטן אין קעשענע פֿאַרן בן־יחיד, פֿאַר שמוליקלען.

אין גרוים גוים, אָבער איבערגעלעבט די מלחמה האָט ער פֿונדעסט־וועגן, נח. ער איז אַ ביסל צוריקגעקומען צו זיך און האָט אפֿילו דערלעבט אַ נחת: התונה געמאַכט זיין סאָשען, ווי יאַנקעוו, אויך פֿאַר אַ לודמירער בחור, אַ זייגערמאַכער, נישט קיין עם־הארץ; טאַקע יאַנקעווס איידעם איז געווען דער אומזיסטיקער שדכן. איי, וואָס שייך פּרנסה (משטיינס־געזאָגט וויפֿל זייגערס זענען דאָס אינגאַנצן פֿאַראַן אין שטעטל, און אַז אַ זייגער פֿאַרלירט זיין גוטן גאַנג, איז נאָך אויך נישט הימל עפֿן זיך, מע זאָל מוזן גלייך לויפֿן צום זייגערמאַכער, ווי צים רב מיט אַן עוף, וואָס האָט אַ נאָדל אין פּיפּיק... בפֿרט, אַז צום רב איילט מען זיך אויך נישט אַזוי שטאַרק היינטיקע צייטן...) — יאָ, וואָס שייך פּרנסה, איז גאָט אַ פֿאָטער... אַז מע האָט געקאָנט איבערלעבן אַזאַ מלחמה....

יאַנקעוו האָט אים אפֿילו שטילערהייט מקנא געווען, נחן: קאָן מען דען נאָר פֿאַרגלייכן זייערע איידעמס!... שוין אויפֿן ערשטן קוק זעט מען: זיינער איז רויט אויפֿן פּנים, און זיינע אויגן זענען ברוינע אין הייסע, און נחס — אַ בלייכלעך פּנים מיט אַ בלאָנדלעך בערדל, מיט אויגן בלייעכע,

קילבלעבע אין שטילע... אַזוי איז עס: געלט, זאָגט מען, גייט צו געלט... אוודאי איז זיין איידעם, מאנציע־איוואַנציע, אַ פאַרדינער, און יענער — „אַן איידעם אויף נחם מאָגערע קעסט“... אָבער פאָרט — תורה גייט צו תורה... נחם איידעם קאָן, ווי זיין שווער, אַריינקוקן אין אַ פּרק משניות...

* * *

די וועלט און די יאָרן שטייען נישט אויף איין אָרט. די וועלט ענדערט זיך. אָפּגעלעבטע יאָרן גייען אַוועק, און נייע צום לעבן קומען אָן. זיי ברענגען מיט זיך נײַטס אין שלעבטס, ווי עמעצער פאַרדינט זיך עס. נח און יאַנקעוו זענען שיין זיידעס און האָבן נחת פון אייניקלעך. איז ווער זאָל זיך עס ריכטן, אַז סע וועט זיי באַשערט זיין אַזעלכע צרות פון די קינדער גאָר?!

לויט נחם עצה און זיין פאַרשטיין־געבן זענען זייערע קינדער פון איינע יאָרן — נחם בן־יחיד, שמוליק, און יאַנקעווס בן־זקונים, מאָטיע, אָנגעקומען צו בענציע פראָים דעם משכילס, צו בענציע מעבלמאַכער אויף דער לער: ראשית, איז בענציע אַליין אַן איידעלער באַלמעלאָכע, אַ מאַטנב אַ זון, שנית, איז דער פאַך אַן איידעלער פאַך, און לעצטנס — אַ פאַך, ביי וועלכן מען פאַרדינט נאָרגיישט שלעכט, די באַלעבאַטים הייסט עס. די קאָוולער און לודמירער גרויסע מעבל־געשעפטן האָבן אָנגעהויבן מאַכן באַשטעלונגען ביי די היגע באַלמעלאָכעס.

שמוליק מיט מאָטיען זענען ביי דער אַרבעט געוואָרן גוטע חברים. ווי זיי וואָלטן זיך פאַרקוקט אויף זייערע טאַטעס. די טאַטעס האָבן דערפון געקאָנט בלויז נחת האָבן. וואָלטן זיי נאָר, די קינדער, אַזוי באַגערט אַמאָל אום שבת זיך אַוועקצוזעצן ביים טיש און צוזאַמען מעביר זיין די סדרה!... מאָטיע, וועלכער האָט געהאַט אַ שוואַכערן קאָפּ פון שמוליקן, איז איבּ אין אַלץ נאָכגעגאַנגען, ווי זיין טאַטע נחן. גיי זיי אַ נביא און וויס פאָר־ רויס, אַז סיי זייער אָנקומען צו בענציען אויף דער לער, סיי זייער חבר־ שאַפט וועט צו קיין גוטס נישט דערפירן!

בענציע פראָים דעם משכילס האָט באַנייט צו לייענען ביכלעך פון דער ביבליאָטעק, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן נאָך דער מלחמה. מ׳האָט זיך שוין איצט נישט געדאַרפט היטן דערמיט — אַנדערע צייטן. ער פלעגט זיך קוויקן מיט די ביכלעך און טיילמאָל איבערדערציילן פון זיי מעשׂיות די געזעלן דווקאָ בעת דער אַרבעט, ווי אַ סגולה צו זייער פלייסי־ קייט. זיינע רייטע, ווי אָפּגעפּאָלירטע, וויעס פלעגן דערביי אַזש גלאַנצן.

האָט עס מאַקע געהאַט א פּעולה אויף די געזעלן — זיי האָבן באַקומען חשק אליין צו לייענען די ביכלעך. זיי האָבן זיך פאַרשריבן אין דער ביבליאָטעק. און שבת בייטאָג, ווען די טאַטעס, „יששכר מיט זבולונען", אָדער, ווי זייער באַלעבאָס האָט זיי שוין לאַנג גערופן, „בנימין מיט סענדערלען", פלעגן זיצן אין בית-מדרש איבערן „פרק" אָדער משניות, פלעגן זייערע יינגלעך, שמואליק און מאָטיע, זיצן ערגעץ אונטער אַ בוים, אָדער אין שטוב הינטערן טיש און לייענען א ביכל.

— מילא. ס'איז א באַקאַנטע זאך, — האָט נח געגעבן צו פאַרשטיין יאנקעוון — אז אפילו א ביכל מאַכט איידעלער דעם מענטשנס קאָפּ. און אפשר אויך דאָס האַרץ. נישט מער, צו יידישקייט, שמועסן באַלעבאַטים, איז עס גאָרנישט קיין מעלה. נאָר א ברירה האָבן מיר? פאַרפאַלן — הייניקע צייטן קאָן מען מיט קינדער נישט איינרייסן... די תורה איז ביי דעם עלטערן דור, די חכמה — ביי דעם יינגערן... זאָלן זיי לייענען נאָכן עסן אַ ביכל, איידער אַרומגיין פּוסטע-פּאַסטע אויף די וועגן שפּאַצירן מיט מיידן... אז חתונה האָבן כדת-משה-וישראל איילן זיך נישט די הייניקע בחורים, און אונדזערע בתוכם...

איז מיט דער צייט געשען, אז די ביבליאָטעק האָט זיך „געביבליאָטעקלט", ס'הייסט, געבוירן אַ צווייט קליין ביבליאָטעקל, וואָס אירע טאַטעס האָבן זי געגעבן עפּעס א מאָדנע נאָמען — „פּראָלעטאַרישע ביבליאָטעק", ווייל אין איר זענען דאָ „פּראָלעטאַרישע ביכלעך" — ווי עפּעס אַ ניי פּאָלק וואָלט זיך באַוויזן אויף דער וועלט מיט אַ ניי לשון... און שמואליק מיט מאָטיען זענען דאָרט איינגייערס, גאַנצע בני-בית... אָט אַפּנים, אַז דאָ מאַקע זענען זיי אויסגעוואָקסן צו גאָר וואַזשנע קהלשע קאָכלעפל אַזעלכע!

שמוליק נחס און מאָטיע יאנקעווס, אָדער, ווי די פּראָלעטאַרישע יוגנט האָט זיי גערופן, שמואל ריכטער און מאָטיע פעלדמאַן, האָבן זיך אָנגעשלאָסן צום פּאַראיין פון דער האָלצבראַנזשע אין קאָוולע, אָנגעפירט מיטן שטרייק דאָ הי ביי אַלע מעבלמאַכערס און מאַקע אויסגעשפּילט, אָדער, ווי זיי אַליין האָבן עס אָנגערופן — אויסגעקעמפט סיי אן אַכט-שעהעדיקן ארבעטסטאָג, סיי א לוינהעכערונג.

ביי זייער באַלעבאָס, ביי בענציע פּראָים דעם משכילס, האָבן אָנגעהויבן שטאַרקער גליען די רויטע וויעס, זיינע אויגן האָבן דורך זיי געקוקט אויף דער וועלט ממש ווי מיט רציחה, און פאַר כעס האָט ער אויפגעהערט צו לייענען ביכלעך:

— ווייל, — האָט ער געשלעגלט מיט די ליפּן אונטער די סיוועלבע וואָנצעס און געפּינטלט מיט די גליענדיקע יויעס, ווי זיי וואָלטן אים געבריט — ב'האָב גאָרנישט געוויסט, צו וואָס בינבלער קאָנען דערפירן א געזעל... פון „בנימינען מיט סענדערלען“ זענען ארויסגעקומען „רויטע יידעלער“...

נח מיט יאַנקעלען האָבן טאַקע גאָרנישט געוויסט, ווו די אויגן צו פאַרשטעקן, ווען זיי פלעגן זיך אין בית-מדרש אָנטרעפן פּנים-אל-פּנים מיט בענציע פּראָם דעם משכילם... ער האָט זיי דאָך דערמאַנט, ווען ער האָט זייערע בענאָקעס אויף דער לער גענומען, נישט קיין ליאַדע מיצה געטאָן!

— זיי האָבן מיר מיט שטיינער פאַר גאָלד באַצאָלט, — האָט ער זיי איינמאָל א זאָג געטאָן, און זיינע יויעס האָבן געפייערט, ווי ער וואָלט וועלן זיי די אויגן אויסברענען.

* * *

נאָך, ווי-ווי! דאָס איז גאָרנישט געווען דאָס ערגסטע. פאַר זייערע חברה-לייט איז ווי עפּעס ענג געוואָרן דער פּלאַץ אין שטעטל. זיי האָבן געזאָגט, אַז די היגע פּאָליציי האָט זיי אויפן אויג צוליבן שטרייק... זיי קאָנען נאָך אַריינפאַלן אין צרות... און זיי זענען אַוועקגעפאָרן קיין ליטמיר דאָרטן צו אַרבעטן אין זייער פאַך. מילא, ליטמיר איז נישט איף יענער זייט ים. איף א יום-טוב וועלן זיי זיך אַראָפּכאַפּן אַהיים.

נאָך איינמאָל — דאָס איז געווען אים ווינטער אין יאָר 1933 — האָט מען ביי נחן און יאַנקעלען אין די שטיבער, צו חצות, דורכגעפירט רעוויזיעס. ווי מע וואָלט געזוכט ביי זיי געגנבעטע שניט-סחורה. מ'האָט פאַרשטייט זיך, גאָרנישט נישט געפונען, ווייל... זיי האָבן זיך דאָך זייער גאַנץ לעבן אפילו פאַר ייתיר געהיט, און זיי האָבן אָפּגעאָטעמט פון דער שרעק. אָבער שוין אויפן צווייטן טאָג האָבן זיי באַקומען א ווילדע ידיעה פון די ליטמירער מחותנים, אַז שמואל מיט מאָטיען זענען מיט צוויי טעג פריער געוואָרן אַרעסטירט און געקאָוועטע אין קייטן אָפּגעפירט אין תפיסה אַריין.

ערשט איצט פאַרשטייען זיי, די טאַטעס, אַז די קינדער זענען געווען שוין פאַרטיקע „רויטע“, נאָך דערמיט, ווען זיי האָבן דאָ הי אָנגעפירט מיטן שטרייק ביי די מעבלמאַכערס. בענציע פּראָם דעם משכילם האָט דערלעבט און זיי א נקמה.

יאנקעווס ווייב, די טויבע פראדיע, האָט דעמלט געגומען שעלטן נחן, איר יאנקעווס נחן:

— אז דער גאַנצער בראָך איז דאָך געקומען פון זיין שמואלן... ער, שמואל, איז דאָך געווען דער גאַנצער קאָפּסטעגמש... ער האָט דאָך אראָפּגעפירט אונדזער טאַטען, מיר זאָל זיין פאַר מיין מיזיניקס ביינער, פונעם גלייכן וועג... וואָרן אונדזער טאַטע — וואָס איז ער געבעך? א יינגל א תם, אזויווי די, דער טאַטע זיינער... און יענער האָט דאָך זיין טאַטנס קאָפּ, דעם דאַמסקי שניידערס קאָפּ אויף די פּלייצעס... כיי וואָלט זיי זיך אים אראָפּגעזעצט, איידער ער האָט מיך, די אומגליקלעכע טאַטע, אראָפּגעזעצט אין דער שאול־תחתיה אריין!...

יאנקעוו פלעגט זי איינגעמען מיט א שטיל נאָר היים שושקעניש איז די קאַלטע טויבע אויערן אריין:

— שטילער, פראדיע, שטילער... ביסט טויב, שרייסטו צו הויך... זיין בן־יחיד זיצט דאָך אויך אין תפיסה... אפשר זיצן זיי צוזאמען... וועט ער אונדזער טאַטען פארגרינגערן די דאָליע... שטילער, פראדיע, שטילער...

און די חברשאפט פון די אומגליקלעכע און פארשעמטע צוויי טאַטעס איז ווי נאָך שטאַרקער געוואָרן. זיי פלעגן אָפט איבעררייםן אינמיטן לערנען און זיך פארדעדן וועגן די קינדער:

— נו, וואָס? — טענהט נח. — וואָס איז א יינגל פון פיר און צוואַנציק יאָר, אויב ער האָט נישט התונה געהאַט? וואָס מיינסטו, יאנקעוו, נישט קיין קינד?... דער שאַרבן איז ביי אים ווי אן איי, וואָס האָט זיך נאָכנישט אנגעגומען מיט קיין שאָלעכץ אויף זיך... די געהירן — גרין, און דער פארשטאַנד — טערפּקע... לאָמיר האָפן, אז ווען זיי וועלן מיטן אייבערשטנס הילף פון דאָרט ארויס, וועלן זיי זיין פאָלגע מענטשן... וועלן זיך שוין מער נישט באַנאַרישן... מירן זיי חתונה מאַכן און...

נאָר א יאָר איז אוועק נאָך א יאָר, און גאָטס הילף האָט זיך נישט געאיילט צו קומען. די טאַטעס מיט די טאַטעס האָבן זיך די אויגן אין גרויס בענקשאַפט אויסגעקוקט. און נחם ווייב, שמואלס מאַמע, איז פריער אין קבר געגאַנגען.

* * *

אין יאָר 1939 בין איך צוזאמען מיט מיזגמער ייִדן אַנטלאָפן פון ווארשע. איך האָב זיך געציינן קיין וואָלין און, אָנגעקומען, אראָפּגעכאַפּט

זיך אין מיין היימשטעטל, צו זעען, וואָס פאַר אַ פּנים סע האָט באַקומען פאַר די סאָוויעטן.

איינמאָל אינדערפרי בין איך געשטאַנען מיט עטלעכע היימישע יידן און אויסגעהערט גייעסן. פון דער בית־מדרש־גאַס זענען אָנגעקומען צוויי יידן מיט טליתים אונטער די אָרעמס. איך האָב זיי גלייך נאָך פונדערווייטנס דערקענט — „בנימין מיט סענדערלען". זיי זענען געגאַנגען פּאַמעלעך, אַקסל ביי אַקסל, שווייגנדיקע, ווי פאַרטראַכטע. זיי האָבן זיך דערנענטערט. פון צייט צו צייט האָט נח ווי געמאַכט מיט די ליפּן, און יאַנקעוו ווי צו־געשאָקלט מיטן קאָפּ. מיין בליק האָט זיך פאַרטשעפּעט אין נחס קאַרגן מעליקן בערדל, אַ געקרייזלטס אין זיך אַריין, ווי ס'וואָלט זיך צוטוליען צו זיינע באַקן; זיין אָנבליק — ערנסט, ווי בייזלעך אַ ביסל, מיטן רוגז פון אַ מענטשן, וואָס וואַכט אויף פון שלאָף, און וועלכן ער האָט אָבער נישט איינגאַנצן אויסגערוט די ביינער און דאָס געמיט. פון זיין בערדל איז מיין בליק אַריבער צו יאַנקעווס היפּשערער באָרד, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ מיט גלאַטע האָר־פּעדעם און צוויי קליינע שפּיצן. ביידע, געבוינן שוין אין די פּלייצעס, האָבן אויסגעזען ווי נידעריקער געוואָרן, לויט איך האָב זיי פאַר־געדענקט פון אַמאָל.

אייבגעגלייכט זיך מיט אונדז, זענען זיי שטיינגעבליבן. צוויי זקנים. זיי האָבן אַ קוק געטאָן אויף מיר פאַרשנדיק, מיך דערקאָנט, און פון זייערע ביידנס מיילער איז מיטאַמאָל ארויסגעקומען אזא מין פאַרוונדערט־צופרי־דענער: „אַ־אַ!" ...זיי האָבן מיר — נח דער ערשטער און יאַנקעוו דער צווייטער, דערלאַנגט זייערע אויסגעהאָרעוועטע, ראַציקע, שוואַכע דלאָניעס אויף „שלום". נח האָט כלאחר־יד אַ שאַרין אַרויף געטאָן דאָס קאַשקעטל, און ס'האָט זיך אָפּגעדעקט זיין הויכער שטערן, וואָס גייט אַוועק נאָך העכער מיט זיינע ווינקלען... אַ דאַמענישנײידער מיט אַ שטערן פון אַ תלמיד־חכם... דער שטערן האָט זיך אַ רונצל געטאָן, ווי וועלנדיק אַרויסגעפלען אַ מחשבה:

— נו? אַ?... — האָט ער אַ פרעג געטאָן מיט אַ טאָן פון נצחון — פון דער אייגענער היים קאָן אַפּנים אַ מענטש נישט אַנטלויפן... האָט דיך ה י מ ל ע ר צוריקגעיאָגט קיין מריסק... המם...

יאַנקעוו האָט געקוקט אויף אים מיט אַ בלאַס נחתדיק בלישטשל אין די בלויע פאַרוועלקטע אויגן און זיי אַריבערגעפירט אויף מיר: וואָס וועסטו ענטפערן? הייסט עס.

— גערעכט, רב נה. — האָב איך געענטפערט זיי ביידן. — נאָר פון

דער היים אַנטלויפט מען סיידי נישט... א לייטישער מענטש טראָגט תמיד די היים אין האַרצן...

— המם... יאָ, — האָט נח ווייטער געצויגן פֿאַמעלעך און באַדענקט — ביסט געוואָרן, זאָגט מען, א שרייבער... המם... רעדסטו ווי פֿון א ביכל ארויס... נאָר עפּעס אזעלכעס האָט מיר געזאָגט אויך מיין שמואל... ער איז ארויס פֿון תפיסה פֿון לעבן לעמבעריק און געקומען אהיים זיך זעען מיטן אלטן טאַטן... אויף א טאָג־צוויי בלויז... המם... „טאַטע, זאָגט ער, מע זיצט אין אן ענגער קאַמער... אָבער דאָס האַרץ וועדט צעשפּאַרט פֿונעם גאַנצן ברייטן לאַנד דערין...". המם... נאָר אין בית־מדרש אריין גיין דאַוונען האָט ער פֿונדעסטוועגן נישט געוואָלט... ווי דו... וואָס זשע, דו קריגסט זיך נאָך אַלץ מיט גאָט?...

— און וואָס איז מיט אייער טאָכטער, רב יאַנקעוו? — האָב איך גע־וואָלט אויסמיידן צו ענטפֿערן אויף זיין חברס פֿראַגע. און עמעץ פֿון די שטייענדיקע האָט אויסגעכאַפּט יאַנקעווס ענטפֿער מיט הייטערקייט:

— שמואל ריכטער און מאַטיע פֿעלדמאַן זענען, ווי זייערע טאַטעס — אמתע חברים... צוזאמען זענען זיי אין תפיסה געגאַנגען, און צוזאמען האָבן זיי ־אָרט, ווען אונדזערע זענען אריין, די טירן פֿון די קאַמערן אויס־געבראָכן און ארויס... זיי זענען אין לודמיר...

— וואָס קומט ארויס, — איז דער אַלטער יאַנקעוו געקומען צום וואָרט, און זיינע בלויע פֿארוועלקטע אויגן זענען געוואָרן טאַט און טונקל, ווי כמאַרעלעך — אז אין דער היים זענען זיי געווען טאַקע נישט מיין פֿון צוויי טעג... איצט זענען זיי דאָרטן גאַנצע נאַטשאַלניקעס... די אייגענע נאַ־טשאַלניקעס וואָלטן זיי דאָך געקאָנט זיין דאָ הי, נאָר... מע שעמט זיך מיט די טאַטעס... מילא, מיינער... נאָר נחם...

ווען נח מיט יאַנקעוון זענען פֿאַמעלעך אוועקגעגאַנגען, האָט מען נאָך ווייטער פֿריילעך־גוטמוטיק געשמועסט וועגן זיי:

— „יששכר מיט זבולונען"...

— ווי אן אַלט פּאָר פֿאָלק... איינער טרעט נישט אָפּ פֿונעם אנדערן.

— ווי יעדער איינער פֿון זיי וואָלט מורא האָבן, טאָמער וועט דער מלאך־המות טרעפֿן זיין חבר אליין און אים אויסכאַפּן...

— זיי ווילן אויך אין קבר אריין גיין צוזאמען...

* * *

אין איצט זאָל מיין פֿעדער אויספֿליסן איציק פּריסיקס רייד, אויף וויפֿל זיי זענען מיר פֿארבליבן אין זכרון:

— ס'איז געווען אין די ערשטע טעג, ווען די געסטאַפּאָ האָט זיך ביי אונדז באַוויזן. איך בין געווען דער איינציקער ייִדישער קאָמוניסט, וואָס איז פאַרבליבן. אָנצובינדן א קאָנטאַקט מיט די אוקראַינישע חברים האָט זיך מיר אויך נישט איינגעגעבן. אין דער היים האָב איך, פאַרשטייט זיך, נישט געטאָגט, נישט גענעכטיקט. מ'האָט געשמועסט, אז די געסטאַפּאָ האָט א רשימה פון אלע היגע קאָמוניסטן. איך האָב זיך אויסבאַהאַלטן אויפֿן בוידעם ביי בוועדקע שוסטער אין דער באָדגאַס. ברענגען ידיעות פֿלעגט מיר אונדזער נפֿתלי... ער קומט כלומרשט פאַרריכטן די שיך. פון אים האָב איך זיך דערוויסט, אז די געסטאַפּאָ זוכט אויך שמואל ריכטער און מאָטיע פעלדמאַן, וועלכע זענען מסתּם פון לודמיר אַנטלאָפן...

— איינמאָל באַנאַכט, דער דויבן איז נאָך געשלאָפן, האָט מיר נפֿתלי געבראַכט די ידיעה, אז נעכטן פאַרנאַכט האָט מען זיך געפרעגט אויף מיר ביי אונדז אין שטוב און ביי מיין ראָזען. דער פעטער זרח האָט געזאָגט: — ס'איז שלעכט... זאָל ער אַנטרינען...

— כ'האָב נישט געמאַכט קיין שהיות, פאַרטיישט זיך מיט בוועד־קען מיטן אָנטיעבין, גענומען א זעקל מיטן ברייטל, וואָס נפֿתלי האָט מיר געבראַכט, אַריינגעלייגט דערין א פֿלאַש וואַסער, פאַרשטעקט אין קעשענע בוועדקעס א שפּיציק שוסטער־מעסער (דאָס האָט געזאָלט זיין מיין גע־ווער), און זיך אויסגעלאָזט מיט די פעלדער. כ'האָב געטראַכט אויסצו־באַהאַלטן זיך דעם טאָג אויפֿן נייעם היליקן אָרט, און ביינאַכט זיך אוועק־לאָזן קיין קאָוועל... אפשר וועל איך דאָרט טרעפן עמעצן פון „אונדזערע"... אפשר זאָלן מיר זיך דערשלאָגן צו די פּאָליעסער זומפּיקע און געדיכטע וועלדער... אפשר וועל איך אליין זיך באַקומען קיין ראַטנע צום ברודער...

— ווען כ'בין שוין געווען נאָענט צום בית־עולם... איר ווייסט דאָך, דער נייער בית־עולם איז א נאַקעטער, אינגאַנצן אָן ביימער... האָט מיר אָנ־געהויבן באַנק צו טאָן, פאַרוואָס כ'האָב זיך בעסער נישט אַריינגעכאַפּט אויפֿן אַלטן בית־עולם, אזא באַוואַקסענער מיט ביימער און געדיכטן גראָז, כאָטש ער האָט דעם חסרון, וואָס ער ליגט במיטן אין שטעטל... נאָר פאַר־פאַלן — צוריק זיך אומקערן טאָר מען נישט. שלעכט! ווי דאָ דערזע איך די קליינע ביינע. פאַלט מיר איין: אפשר נאָר דאָ?... איך שנייד שנעל אי־בער דעם שאָסיי און גיי צו. דער מייער איז אראָפּגעריסן — וואָס זשע פאַר א באַהעלטעניש איז עס דאָ? פֿונדעסטוועגן גיי איך אריין און קוק זיך ארום. א פּיסטקע... אומריין... סע שמעקט מיט פֿוילנדיקן בלוט... ליידיקע ווענט, א האַלבע סטעליע. צו דער סטעליע איז צוגעשטעלט א דין לייטערל

פון דרענגלעך... א?... אַז איך וועל אַרויף אויבן, אַרויפשלעפּן דאָס לייטערל — וועט עס אפשר זיין גאָרנישט קיין שלעכט באַהעלטעניש? ווער ווערט עס איינפאַלן, אַז דאָ, אין אַ פּוסטקע מיט אַן אָפענעם טויער, באַהאַלט זיך עמעצער? אַ׳ן לאַנג טראַכטן טאָר מען נישט... כ׳בין שוין פון אויבן. דאָס לייטערל אויך.

— דער דאַך איז אַ שינדלענער. און אַלטער. כ׳שנייד אויס מיטן שפּיץ־מעסער אין עטלעכע ערטער שפּעלטלעך, כ׳זאָל קאָנען ארויסקוקן אינ־דרויסן, טאָמער דערהער איך עפּעס...

— ארום האַלבן טאָג, איך כאַפּ אַ קוק דורך אַ שפּעלטל אויפן וועג — פון שטעטל לאָזט זיך אהער אַ גרופּקעלע מענטשן. כ׳זע זיי אַלץ דייטלע־כער. פאַרויס גייען צוויי עלטערע ייִדן מיט ראָדניקעס אין די הענט, ווי מיט שטעקנס: הינטער זיי, אַ ביסל אָפּגערוקט — צוויי יינגערע ייִדן מיט אויפגעהויבענע לייִדיקע הענט, און הינטער זיי אַ באַוואָפנטער... איך קאָן זיי שוין מער דורכן שפּעלטל נישט זען, נאָר דאָס אויג נעם איך נישט אוועק... וווהין פירט ער זיי?... מסתם אויפן בית־עולם צו שיסן... מער האָט מיר טאַקע נישט געפעלט, ווי ליגן איצטער דאָרט צווישן די מצבֿות... איך זוך זיי שוין מיטן אויג דורך אַ צווייט שפּעלטל... זיי פאַרקערעווען, דאַכט זיך, נאָר אהער... כ׳זע זיי שוין ווידער נישט... ער פירט זיי, טו איך אַ טראַכט, צו דער בוינע, ווי „שטיקלעך״ צום שלאַכטן... איך ציִ זיך אויס אויף דער סטעליע, ווי אַ ברעטל, און וואַרט מיט פאַרשטיקטן אָטעם: אָט, אָט־אָט קומען זיי אריין... אָט וועלן אָפּהילכן פיר שאָסן... און מיטאַמאָל — איך הער אַ דייטשיש קול אקוראַט הינטער דער וואַנט לעבן מיר... איך דריי אויס דעם קאָפּ און נעפּין אַ שפּאַלט צווישן ברעטער אונטער דער סטרעכע... איך זע: אַ׳ן עסעסמאַן מיט אַן אויסגעשטרעקטן רעוואָלווער אין דער האַנט... אַ יונגער, אַ פּלייציקער און פעסטער... סע שפּריצט אים דאָס בלוט פון פּנים... אפילו נישט קיין שלעכט פּנים... ווי ס׳וואָלט שמייכ־לען... אפשר ווען כ׳וואָלט זען זיינע אויגן...

— די צוויי עלטערע ייִדן — נח דאַמענשניידער און יאַנקעוו טאַנ־דעטניק... אויפן עסעסמאַנס באַפעל שטעלן זיי זיך איינער אָפּגערוקט פונעם אַנדערן, און איינער קעגן דעם אַנדערן נעמען זיי גראָבן... און ווי זענען יענע צוויי יינגערע ייִדן?... כ׳הייב אויף אַ ביסל דעם קאָפּ און געפין אַ שפּעלטל אין אַ שינדל... פאַרן בליק דורך איין אויג קלעקט עס... אָט־אָ זיצן זיי נישט ווייט פונדאַנען אונטער אַ בוים, מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט און אַראָפּגעלאָזטע קעפּ...

— הייסט עס, טראכט איך מיר: גח מיט יאנקעוון גראָבן קברים פאר יענע ביידע... און איבערגעקערטע וועלט: זקנים זאָלן מקבר זיין יונגע... א?... און אפשר גראָבן זיי די קברים — זיי זענען דאָך טאַטעס פון קאָמו־ניסטן! — טאַקע פאר זיך אליין, און יענע וואַרטן זיי צו פארשיטן?... ווער זענען יענע צוויי?... כ'שטרענג אזוי שטאַרק אָן דאָס אויג, אז אָט ווערט עס מיר פון קאָפּ ארויסקריכן... צוויי יונגעליים, פארוואקסענע, בערדל־דיקע... גאָרנישט קיין היגע, דאַכט זיך... אָבער פאָרט זענען זיי מיר ווי עפּעס קאָנטיק... און פּלוצעם טוט עס מיר א זעץ אין הארצן, און ס'ווערט מיר פינצטער אין קאָפּ: אוי־ווײ!... איז עס נישט שמואל ריכטער און מאָ־טיע פעלדמאַן?... זענען נישט אַנטלאָפן פון לידמיר?... אומגעקערט זיך אהיים?... די פינצטערניש רייכערט זיך אוים פון מיין קאָפּ... יאָ... דאָס זענען זיי... גראָבן עס, הייסט עס, די אַלטע טאַטעס קברים פאר זייערע זין, די קאָמוניסטן...

— ...ניין!... די געסטאַפּאָ ווייסט נאָכנישט ווער זיי זענען... טע וואָלט זיי געפירט, געקאָוועטע איינער צום צווייטן, איינצוהענגען טיט פאָראָד... זיי האָט מען געבראכט אהער טאַקע נאָר צו פארשיטן די קברים פון די אַלטע, טאַטעס פון קאָמוניסטן... פאַרוואָס האָבן זיי נישט געפרואווט, שמואל און מאָטיע, באַפאַלן דעם עסעסמאַן בעתן גיין?... ער האָט כסדר גע־האַלטן אָנגעשטעלט דעם רעוואָלווער אויף זייערע פּלייצעס... פאַרוואָס פרווון זיי נישט אַנטלויפן איצט?... ס'איז אן אָפן פעלד, גלאַט ווי א טיש — די קוילן פון זיין ביקס וואָלט זיי גלייך אָנגעיאָגט...

— ...ווען איך וואָלט קאָנען שמיל־שמיל אזוי זיך אראָפּגלימשן, און שמיל־שמיל אזוי אים פארגיין הינטנארומער, און — א פלעם מיטן שוס־טער־מעסער אין רוקן אריין!...

— ...איך הער דאָס סאָפּען און זיפּצן פון די אַלטע... די בערגלעך ערד ארום די גריבער ווערן אלץ ברייטער און העכער, און די אַלטע, וואָס שטייען אין זיי — אלץ נידעריקער, נידעריקער... זיי באַגראָבן זיך לעבע־דיקערהייט....

— ...אזוי בין איך געלעגן אין מחשבות, ווי אין געהאַקטע וואַגן... עפּעס ווי דאָס הארץ וואָלט אין מיר געשוואָלן געוואָרן... דורכן סאָפּען און זיפּצן פון די אַלטע, דורכן שאָרך פון דער געשאָטענער ערד, הער איך פון צייט צו צייט א רעווע פונעם עסעסמאַן, וואָס טוט מיר א גריזשע די געהירן... פון די אַלטע האָב איך קיין וואָרט נישט געהערט... בלויז איין מאָל האָב איך געהאָט אזא מין אויסדאַכטעניש, ווי איינער פון זיי וואָלט א זיפץ

געטאָן: „שמואל“! און דער צווייטער וואָלט אים צוריק אָפּגעזיפצט: „מאָטיע!“... ווי זיי וואָלטן גערופן די זין צו הילף, וואָס גיבער שוין די קברים פאר זיך אויסצוגראָבן...

— ...מיר האָט אָנגעהויבן אזוי צו זעצן אין די שלייפן, ווי מיין קאָפּ וואָלט געלעגן אויף א קאָוואַדלע... נישט אַנדערש — כ'וועל פון זינען אַראָפּ... אַראָפּשפּרינגען און זיך אַ לאָז טאָן אויפן מערדער מיטן שוסטער־מעסער...

— ...איך האָב פארמאַכט און פארקוועטשט די אויגן, ווי מיט א צוואַנג. און אָט דערהער איך א רעווע: „האאאלט!“... איך דערוואַרט צו דערהערן צוויי שאָסן — אָדער צו די אַנטלויפנדיקע, שמואל און מאָ־טיען, אָדער צו די זקנים אין די קברים... נאָר די שאָסן קומען נישט, און איך עפן די אויגן... דער עסעסמאַן באַפעלט די זקנים ארויסקריכן פון די גריבער און צוריק אריינקריכן — יעדן איינעם אין דעם גרוב, וואָס דער צווייטער האָט אויסגעגראָבן... פאַרוואָס?... גיי פאַרשטיי דאָס רשעות פון אזא מערדער!... ער טוט א וווּנק מיטן רעוואָלווער... קומען באַלד צו שמואל מיט מאָטיען... ער באַפעלט זיי נעמען די רידלען, און — קנאַל, קנאַל צו די גריבער! און — א פארווארף דעם קאָפּ ארויף מיט א געלעכטער...

— אין דעם אויגנבליק טוט שמואלס ראָדניק א פאָך איבער זיין גענוק... זיין געלעכטער טוט מיטאַמאָל אַ שמאַרב אָפּ... ער טוט אַ פאַל אַנידער, ווי א קלאָץ... און מאָטיעס ראָדניק חזרט גלייך איבער דאָס איי־נענע... זיי שטייען אין אויגנבליק, ווי פארכישופטע... ווי זיי וואָלטן נישט ווייסן, וואָס ווייטער צו טאָן... אָבער אין דעם מאָמענט בין איך שוין לעבן זיי:

— שמואל... דיין טאַטן נעמט ארויס און לייגט אים אריין אין קבר צו יאנקעוון... א ברודער־קבר... און ד ע ר קבר זאָל זיין פאר דער נבלה... שנעל!... ס'קאָן נאָך עמעצן אָנטראָגן...

— זיי האָבן גלייך אזוי געטאָן. איך האָב דערווייל אראָפּגעצויגן די שטיוול און די בגדים פון דער נבלה און אָנגעטאָן אויף זיך. אין א פינף־צען מינוט ארום איז שוין לעם די יידן, וואָס ענדיקן פארשיטן א קבר, גע־שטאַנען א באַוואָפנטער עסעסמאַן מיט אן אויסגעשטרעקטן רעוואָלווער אין האַנט... ווי נאָר דער ברודער־קבר איז געווען פארשאָטן און אויסגעגלע־טיקט,, האָט ער אַ באַפעל געטאָן אויף יידיש:

— שנעל אריינוואַרפן די נבלה אין גרוב און פארשיטן!...

— איינגעטאַפּטשעט די נבלה, האָב איך שמואליקן מיט מאָטיען געפירט אינמיטן העלן טאָג אין וואַלד אריין... דאָרט וועלן מיר באַטראַכטן, וואָס מיר האָבן ווייטער צו טאָן... אין וואַלד האָב איך שמיאלן געשענקט א מתּנה — דעם עבּעבּטאַנס רעוואָלווער, און מאָטיען — כוועדקעס שום־טערם שיספּער־מעבער... פאַר מיר איז גענוג געווען זיין ביקס.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נאָך איציקס דערציילן איז פאַר אינדז אייפּן טיש געבליבן שטיין א דריקנדיק שטיל־שווייגעניש, ווי א באַרג נאָך שקיעה. איך האָב איבערגע־פירט א בליק איבער מיינע בני־עיר. יעדער איינער איז ווייט־ווייט פאַר־קוקט ערגעץ אין איין פּינטל אריין. אַלעמענס אויגן האָבן זיכער באַגלייט אין געדאנק די דריי יידישע פּאַרטיזאַנער פון אינדזער היימשטעטל, און זייערע הערצער זענען געווען ביי דעם ברודער־קבר פון די שטענדיקע חברים, נח און יאַנקעלע — פּראָסטע שניידערס, אָבער ערלעכע מענטשן מיט שיינע יידישע מידות, און וואָס זייער לעבן האָבן זיי פאַרענדיקט מיט דער איינציקער טרייסט אין האַרצן, אז זיי שטאַרבן ווי קדושים.

אבּתי אַדלער, איציק פריביקס שוועסטער, וועלכע איז די גאַנצע צייט געשטאַנען און דער רעם פון דער טיר מיטן איינגעדרעמלטן קינד אויף די הענט, האָט זיך קיין באַוועג נישט געטאָן, ווי פאַרגליווערט. ווי אָן איר ווילן, האָבן טרערן געטריפט פון אירע ברעמען, און דורך זיי איז איר בליק געהאָנגען אויף איר ברודער, דעם קאָמיניסט און פּאַרטיזאַן, מיט באַוווּנדערונג און שטאָלץ גלייכצייטיק.

ערשט איר מאַן, דער לערער אדלער, האָט איבּגעוועקט דעם באַרג שטילשווייגעניש:

— ווען מיר וואָלטן זוכה זיין צו שטעלן א מצבה אויף זייער קבר...—
און נאָך א רגע האָט ער מוסיף געווען — אויף דער דאָזיקער מצבה שיקט זיך אויסצוקריצן דעם הערלעכן פּסוק „הנאהבים והנעימים בחייהם ובמותם לא נפרדו“...

— וואָס איז דער טייטש פון דעם פּסוק, לערער? — האָט איציק אַ פרעג געטאָן מיטן טאָן פון אַ מענטשן, וואָס האָט ליב צו וויסן אַלץ גענוי.

— די וואָס האָבן זיך ליב געהאַט, — האָט זיין שוועסטער אויסגע־כאַפּט דעם מאַן — די איידעלע, וואָס פאַר זייער לעבן און בעת זייער טויט האָבן זיי זיך נישט צעשיידט...

— המם... — האָט דערויף איציק א זאָג געטאָן באַדענקט — און איך טראַכט פונדעסטוועגן מער וועגן זייערע לעבנגעבליבענע זין.

— זעסט, וואָס איז טאַקע געוואָרן מיט ריכטערן און פעלדמאַנען?

— איז די שוועסטער צו אים צוגעגאַנגען.

— ביי א געלעגנהייט, — האָט ער איר דין אקעגנגעשמייכלט — וועל איך זיי אהער אריינברענגען. זיי וווינען אין א שטעטל נישט ווייט פון לאָדזש. ריכטער איז דאָרט דער נאַטשאַלניק אין דער געוועזענער תפיסה פאר פאָליטישע פארברעכער, און פעלדמאַן פירט אָן אין דער זעלבער תפיסה מיט דעם מעבל-ארטעל פון די פארברעכער... המם... און זיי זענען גוטע חברים צווישן זיך, ווי... זייערע טאַטעס זענען עס געווען.

סוף

# אינהאַלט

